# הַנֶּאֱהָבִים וְהַנְּעִימִים

אָדֶער

## דֶער שְׁוַואַרְצֶער יוּנְגֶער מַאנְצִיג

וְבוּבֵי מָוֶת יַבְאִישׁ יַבִּיעַ שֶׁמֶן רוֹקֵחַ (קהלת י, א)
וְחוֹטֶא אֶחָד יְאַבֵּד טוֹבָה הַרְבֵּה (שם ט, יח)

ראָמאַן

בארבעה חלקים

מאת

## יעקב דינעזאהן

פִיעְרְטֶע אוֹיפְלַאגֶע

ערשטע טהייל

## ווילנא

בדפוס והוצאות האלמנה והאחים ראם

תרס״ט.

---

ГАНЕЕГОВИМЪ ВЕГАНЕИМИМЪ.

Возлюбленые — Романъ въ 4 частяхъ.

Я. Динезона.

1909.



## כבוד הקורא היקר והנכבד וכו' וכו' ...

Ihr mußt mich nicht durch Widerspruch verwirren!
So bald man spricht beginnt man schon zu irren.
(Göthe)

איך האב געשפראכען אונ האב אויך ויא פילע אנדערע געאירט, איך בין דאס מודה פאר אלע מיינע לעזער, איך וויל גאר ניט פרובין פערענטפערן זיך, עס איז איין מאל גיזאגט אונ גידרוקט, אונ אגעדרוקטער פעהלער הייסט: מעוות לא יוכל לתקן — —

איך וויל דיר נאר דא אדאנק זאגן · בעסטער פריינד לעזער. דיר מיין אינגערליכסטן דאנק זאגען פאר דיין מיט געפיהל צו מיין ווערק, פאר דיינע עטליכע טרעהרן וואס דו האסט מיינע בלעטלעך געשאנקען, אדאנק דיר! דוא ביזט גענען מיר, געגן מיין ווערק, וויל איך זאגען, זעהר יוצא — אונ איך פון מיין זייט פערזיכערע דיר נאר, אז פון היינט אן וועל איך אי"ה מיט אללע מעגליכקייט זעהן דיר צוא געבין אדבר מתוקן, אונ דיא קינפטיגע ווערקע, זא אויך דיא צווייטע אויפלאגע פון די זעלבע וועלן אן פעהלער אונ איבריגענס ווייניגר ליידען — דורך איין אירטהום איז די קאפיע (צארנאוואיע) ארויס אנשטאט דעם ארגינאל — אונ דערפאר בעט איך, שיינק מיר דיין גידולד נאך אמאל אונד לעזע דעם ארגינאל, וויא עס פיללייכט געשעהן וואר, אדער גישעהן זאל — —

דוא ביזט דאך אגוטער, ליבער פריינד לעזער, דוא טראגסט דאך ניט לאנג אשנאה אונ איך האפפע וויא דו פערגעסט באלד אלץ וואס דו לעזט אונ דעם מחבר מיט זיין בוך, וועסט דוא זיינע פעהלער אויך ניט לאנג גידיינקען, דאריבר רעכן איך פאר איבריג, דיר אויס צו צייכענען וואו אימעמנא איך האב געפיהלט וואצו זאל איך דיר אויף דיר ווידריגע שטעלין ווידר ברייננגען אונ אין זיך אלטע וואונדן אויפוועקען? — דוא ביזט מיר געוויס מוחל, איך דאנק דיר פאר דיין מחילה — איך וועל גאט בעטען עס זאל דיר מיינע רייד וואזל בעקומען! —

צווישן אנדערע פעהלר טראגט דר הער פר — וואס איך האב גיגעבן גילעגנהייט צו פערדאכטן שווארצע יונגע לייט, דאס זייא אימענע האב איך געשילדערט — אונ מיר האט שוין געטראפן, אז מען האט מיר בעצייכנט געוויסע הונדערט שווארצע אונשולדיגע נעביך וועלכע איך קען ניט אונ האב זיי אפילו גאר אין זינען ניט געהאט, איך האב איבער הויפט קיינעם אין זינען גיהאט, איך וואר

טר

טֶר גֶעלַייטֶעטֶע פון אַיין — פִּילַייכְט — נַארֶעשֶׁן מִנְהָג הַמְחַבְּרִים , צוּ בֶּעשַׁאפְן זַייעֶרֶע נֶעלִיבְּטֶע הֶעלְדִין מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת מִיט שֵׁיינְקַייט אוּנ נוּטְסַקַייט אוּנ דָאס אוּם גֶעקֶעהְרְטֶע צוּ זַייעֶרֶע פֶּערְהַאסְטֶע — דֶער אִיד אָבֶּער אִיז נִיט גֶעוואָהְנְט מֶען זָאל אִיהְם אַרִיכְטִיגְן בִּילְד פוּן זַיין לֶעבְּן אַרוֹיסְשְׁטֶעלְן , עֶר לַייעֶנְט אַלְץ פוּן פְרֶעמְדֶע לִיטֶערַאטוּרֶען , אוּנ רֶעט זִיךְ אַיין , אַז דָאס מֵיינְט מֶען גָאר נִיט מִיךְ , נִיט מַיין מְחוּתָּן — אוּנ נִיט מַיין קָרוֹב — אָבֶּער אַז עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אֵיינֶער אַאוּנְגֶערְפַארֶענֶער אוּנ חַארַאקְטֶערִיזִירְט אַמָאל דָעם אִידֶען , מֵיינְט אִיטְלִיכֶר , אַז דֶער מְחַבֵּר מֵיינְט דַוְקָא אִים — דֶר מְחַבֵּר מֵיינְט קֵיינֶעם , אוּנ מֵיינְט אַלֶעמֶען , אוּנ וֶוער קֶען פַאר אַוֶועלְט יוֹצֵא זַיין ? אִיבֶּרִיגֶענְס , בֶּעט אִיךְ מְחִילָה אַלֶע שְׁוַוארְצֶע יוּנְגֶע לַייט אַלֶעמֶן וֶועלְכֶע עֶס הַייסְן מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר , אוּנ זַיינֶען אִין זִיךְ פֶער נַארְט גִינוּג צוּא מֵיינֶען אַז זֵייא זַיינֶען וֶוערְט מֶען זָאל שְׁרַייבֶּען זַייעֶר נָאמֶען אוּנ זַייעֶרֶע מַעֲשִׂים אִין סְפָרִים — אוּנ הָאץ זֵייא טוּעֶן עֶטְוָואס , אָבֶּער קֵיילֶע מַאכְן קֶען אַקַאץ אוֹיךְ אִם כֵּן זָאל אִיךְ שְׁרַייבִּין אוֹיף קֶעץ אוֹיךְ ? — זַייט זִיכֶער אַז נִיט אַייךְ מֵיין אִיךְ ! — אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג , אַז אִיר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶערוּקְט גֶעגֶען מַיין פָאטָאגְרַאפִישֶׁע מַאשִׁינֶע אוּנ גָאר נִיט וֶועלֶענְדִיג אִיז אַרוֹיס אַייעֶר בִּילְד רֵיין אוּנ רִיכְטִיג וִויא אִיר זַייט — אָדֶער וִויא אִיר ווִילְט זִיךְ נִיט זֶעהְן — אִיר זַייט טַאקֶע אִיצְט אֶפְשַׁר גָאר נִיט שְׁוַוארְץ , אִיר זַייט נָאר דַאמָאלְס צוּפִיל אִין שָׁאטֶען גֶעשְׁטַאנֶען , אוּנ וֶוער אִיז אַייךְ שׁוּלְדִיג ? — אַייךְ שְׁוַוארְצֶע , גִיבּ אִיךְ אַעֵצָה צוּ זוּכְן אָט דָעם מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרְן דַוְקָא אוּנְטֶר דִיא נֵייסֶע , בְּוַדַּאי אִין זַאנֶען שֵׁיין , אוּנ דַאן וֶועט אִיר שָׁלוֹם מַאכְן מִיט דָעם מְחַבֵּר ׳

---

# א.

# הַאלְבֶּע נַאכְט אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ ·

אַפֶּען נַאס, אִיז שְׁטִיל אוּנ פִינְסְטֶער, עֶס אִיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, אַלֶע קְרַאמֶען זַיינֶען פֶערְמַאכְט, אַלֶע לִיכְט אוּיס גֶעלָאשֶׁען, נָאר וואוּ נִיט וואוּ, זֶעהְט זִיךְ נָאךְ קְלֵיימֶרְסְט אַלִיכְטֶעל שְׁמֶעלְצֶענְדִיג דוּרְךְ אַשְׁפַּאלְט פוּן אַלָאדֶען, אָדֶער דוּרְךְ אַקְלֵיינֶעם דַאךְ פֶענְסְטֶערְל, וואוּ עֶס זִיצְט שְׁפֶּעט, אֵיינֶער וָואס דָער טָאג אִיז אִיהְם קוּרְץ זַיין מְלָאכָה צוּא קָאנְצֶען, אוּם זַיין בִּיטֶערְן בִּיסֶען בְּרוֹיט צוּ גֶעפִינֶען, אָדֶער אֵיינֶער וָואס זִיצְט נֶעבֶּען זַיין טַייעֶרְן קְרַאנְקֶען, וָואס וָואלְט שׁוֹין גֶערְן דָר הַארְן טָאג צוּ דָר לֶעבֶּן! — דִי שׁוֹמְרִים אִין דִי נַאסִין גֵייעֶן אַרוּם, פַארְבּוּנְדֶן אַטוּךְ אִיבֶּר אַטוּךְ, אִיןזִפְלַאשְׁטְצֶען, אַלְטֶע, אוּיסְגֶעדִינְטֶע סָאלְדַאטְסְקֶע שִׁינֶעלִין אוּנ אִין נָאךְ אַזֶעטִיקֶע, אַלְטֶע אָבְּגֶעטְרָאגֶענֶע קְלֵיידֶער, גֵייעֶן אַרוּם אוּנ שְׁרַייעֶן אוּיס צַייטֶענְוַוייז זֵייעֶר: שְׁלוּשַׁיי! אוּנ קְלַאפְּן זֵייעֶר אַדְנָא אָבְּרַאזְנֶעם קְלַאפּ, וִויא לַאנְג זֵייא וַוייסֶען נָאךְ: אַז וֶוער עֶס אִיז פוּן זֵייעֶרֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים — בַּייא וָועלְכֶע זֵיי נֶעמֶען, צוּ דְרַייסִיג, צוּא פִינְף אוּנ דְרַייסִיג קָאפִּיקֶעס אַחֹדֶשׁ פַאר זֵייעֶר צוּא פִיל שְׁוֶוערֶע מִיה — שְׁלָאפֶען נָאךְ נִיט; אַז מִיזָאל אָבֶּער גֵיין מִיט אַשָׁעָה, אָדָער מִיט צְוַוייא שָׁעָה שְׁפֶּעטֶר, וָועט מֶען הֶערְן, אָנְשְׁטָאט דָעם אִיצְטִיגְן: טְרָאךְ, טַאךְ טַאךְ! — אַטִיפֶען אוּנ אַשְׁטַארְקֶען הְרָאפֶּען פוּן זֵייעֶר אַנֶעשְׁמַאקֶען שְׁלָאף · דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, שְׁלָאפֶען גַאנְץ גֶעשְׁמַאק, אֶפְשַׁר נָאךְ פִיל גֶעזִינְטֶער אוּנ גִישְׁמַאקֶער פַר דָעם רַייכֶען אִין זַיינֶע קִיסֶענְס אוּנ פֶערִינֶעס, דָא אוּיפְן נַאנִיק לִיגֶענְדִיג, דִיא קָאפּ אֶנְגֶעשְׁפַּארְט צוּם טְהִיר, אוּנְטֶערֶען בְּלוֹיזֶען הוּילֶען הִימֶעל, אִין קֶעלְט אוּנ אִין שְׁנֵייא. אוּנ אִין אֶמֶתְן, דַארְפְן מִיר זִיךְ נִיט וואוּנְדֶערְן אוּיף זֵייעֶר שְׁלָאף, אַזוֹ וִויא מִיר דַארְפְן זֵיי נִיט פַר דֵיינְקֶען דַארִיבֶּר וָואס זֵייא טוּען נִיט זֵייעֶר שְׁמִירָה וִויא עֶס דַארְף צוּ זַיין · דֶער כְּלַל אִיז: אַמֶענְטְשׁ אִיז קֵיין מַלְאָךְ נִיט, אַז עֶר עֶסְט נִיט, אִיז עֶר הוּנְגֶערִיג. אוּנ אַז עֶר מִיהְט זִיךְ אַגַאנְצְן טָאג, מוּז עֶר שְׁלָאפְן בַּייא נַאכְט! אוּנ וֶוען זַיין שְׁוֶוערֶער מַזָל עֶרְלוֹיבְּט אִיהְם נִיט, וִויא אַמֶענְטְשׁ צוּ שְׁלָאפֶען אוּנְטֶער אַדַאךְ אִין אַבֶּעט, אוּיף בֶּעטְגֶעוואַנְט, הָערְט עֶר פוּן דֶעסְטְוֶועגְין נִיט אוּיף אַמֶענְטְשׁ צוּ זַיין, אוּנ וֶוערְט אַנְטְשְׁלָאפְן אַפֶּען נַאנִיק, אִין גְלוּמֶעדִיגֶען פְרָאסְט אוּיפְן קוּלַאק — אַךְ מֶענְטְשְׁן! פַר וָואס ווילְט אִיהְר, אַז דֶער אַנְדֶערֶער זָאל זַיין אַמַלְאָךְ אוּנ אִיר פֶערְגֶעסְט אַז אִיהְר אַלֵיין קֶענְט אוּיךְ קֵיין מַלְאָכִים נִיט זַיין? נֵיין! נִיט נָאר אַמַלְאָךְ, וִוילְט אִיהְר זָאל דֶער מֶענְטְשׁ זַיין, נָאךְ מֶער וִויא אַ מַלְאָךְ! וָוארֶעם אַ מַלְאָךְ אַלֵיין קֶען אוּיךְ נִיט טָאן מֶער וִויא אֵיין שְׁלִיחוּת · זָאגְט מִיר, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, קֶען אַט דֶער אֵייגֶענֶער שׁוֹמֵר, וָואס אַגַאנְצֶען טָאג הָאט עֶר אַוָועגְל גֶעפִירְט, גֶעטְרָאגִין זֶעקְלַאךְ מֵעַל אַפֶּען פְּלֵייצֶע, עֶרְד גֶעגְרָאבִּין, דִיא נַאסֶען גֶעקֶערְט,

נעזוגעט

נעזעגט בּרעטער, אָדער גערייניגט הויפען; צו קען אָט דער אייגענער אָנגעמיהטער אָנגעהאָרעװעטער מענץ אומגיין אַגאַנצע נאַכט ניט אַזוינג צו טועגדיג און היטען אייערע קראַמען, אייער האָב און גוטץ, פאַר אַזוי איך בעט אייך מחילה, פאַסקודנע אָרעמע געהאַלט? קען דען דער אונגליקליכער אָרעמער שומר דער נעהרען ווייב און קינד מיט צעהן מאָל, אָדער צום העכסטען מיט פופצען מאָהל דרייסיג קאָפּיקעס, אַחודש? זאָל ער דען נאָך אַזוי גראַמאַדנאַ זאַלאַװאַניע שלאָפען דעם גאַנצען טאָג, אום פון אייערטװעגען אויף צו זיין די גאַנצע נאַכט? איז ער דען קיין מענטש ניט? צו איז דען זיין לעבען קיין לעבען ניט אויף דער וועלט? ווען לעבט מען? אונזער לעבען איז כל זמן דיא ליבע ליכטיגע זאָננע שיינט, וויא לאַנג דער הום טלום איז אין די גאַסען; באַלד אָבער ווי די זאָננע גייט אונטער ווערט נאַכט און דאַן שלאָפען מיר, און דאָס איז אַטייל פון טויט, זאָגט אונז דיא גמרא · · · ניין מענטשען! מיר זיינען שרעקליכע עגאָאיסטען (דיא וואָס האָבען נאָר זיך אַליין האַלט), מיר ווילין אַז דער אַנדערער זאָל מקריב זיין, זיין גאַנצען לעבין פון אונזערטװעגען; ער זאָל האָריװען, ווען מיר ווילען רוהען, און ניט רוהען איין מינוט, אַלץ צו ליב אונז, צו ליב אונזערע דרייסיג קאָפּיקעס! אַז מיר בעטען אַמאָל איין טירחה ביי דעם רייכען;, וויא טהייער קאָסט עס אונז, יעדע זעקונדע, איז רובּעלס, זיין זייגער איז אַגילדערנער, און עס קאָסט אַרובּעל איטליכער קלאַפּ! — דער אָרעמאַן אָבער האָט גאָר קיין זייגער ניט, ניטאָ שטאָ, זיינע מינוטן, זיינע שעות, זיינע גאַנצע טעג און יאָרען, זיינען בּלייא, אַלטע שטיקלעך ציגון, וואָס ווערט אין מיסט אַרויס געוואָרפען, אָדער אין ברוך פערקויפט, פאַר זייער אַוואָלוועלען פּרייז, דרום לעבט נעבעך דער אָרעמער אַבּלייענעם שווערן לעבין, און דרום וואונט ער און וואַלגערט זיך זיין וועלטעל אַף מיסט, אָבער אַזוי וויא בלייא און ציגון זיינען די נייטיגסטע זאַכען אין דער וועלט, וואָס דורך: זיי נאָר דאַקאַזען מיר וואָס אונז פעלט, און אַזוי וויא זיי דאַקאַזען און גראָבען פאַר אונז אַרויס, גאָלד, זילבער און דימאַנטען, וועלכע עס פוצען אויס אונזערע הייזער אונזערע קאַבּינעטען און אונז אַליין און לאָזען זיך קויפען פאַר גאַנץ וואָלוועל, אַזוי זיינען דיא אָרעמע לייט אויך דיא נוציגסטע קאָסלאָווויא אין דער וועלט, און ווערן נעבּיך פערקויפט אומזיסט · זייא נאָר זייא ברייננען אונז דיא גאָלד און האָב און גוטץ, מאַכען אונז פאַר גבירים, פאַר קאַפּיטאַליסטען, און בויען מיט זייער שוויים און מיה אונזער גליק אין לעבען, און פאַר דעם דאַנק וואָס זייא קומט פון אונז, שטייען זייא שמאַכטענד ביי אונזערע טהירען ביז מיר גיבען אַף זייא אַגעשרייא "אַרויס!" אַז זייא פאַלט נעבעך איין זייער צוא ביגטעס צובראָכענעם הערץ, די אָרעמע לייט, זיינען דיא נוציגסטע, ווייל זייא האָריװען, און יעדר מענש! וואָס מיהט זיך, האָרעװעט אום צו ברייננען פאַילזע אויף דער וועלט האָט רעכט צו געניסען און יוצא צוא זיין פאַר זיין אייגענעם קאָוועסט, דער ניט אַרבּייטער, דער ליידיג נייער, און דער געלט פערשווענדער בלייבּט אַ בעל הזב אין דער וועלט, ער האָט גינאַסען פון פרעמדע מיה, און ניט גיטאָן די בעשטימונג פון דעם מענטשען, וויא

מיר

מיר זיינען פון גאט בעשטימט , אונ יענע וועלין דאס געוויס אמאהל דארפען אטוועצאיען פאר זייער סאוועסט , וועלכער עס וועט זייא צו פריהער צו שפעטר , פרעגען : אין וואס האט איר אבגעלעבט אייער לעבין ? וועלכע נוצען האט איהר געבראכט דעם אנדערען פאר די נוצען וואס דער אנדערער האט אייך געבראכט · · · אין אזעלכע וואפראסין וועט אייך אייער סאוועסט אויפגעבין , וואס איר קענט זייא גאר איצט ניט פיהלען !! —

אין דער שטילער פינסטערער נאכט , אין דער צייט ווען אלע , אפילו די שומרים אליין האבין זיך צו רעכט גימאכט צום שלאף , איז זיך געזעסען אין בית המדרש פון דער פארשטעטעל , פון דער גרויסר אלטמאדישר , אידישער שטאט מאהיביל , אנייאינקער פרישינקער בטלן , אדער וויא מירופט איהם אן אין אנדערע שטעט : ישיבה בחור ארום בהור , קלויזניק , פטראן , אונ נאך אזעלכע בעליבטע נעמען · דער בית המדרש זייגער וואס שפעטיגט זיך , אדר ער לויפט שטענדיג אין אהאלב שעה , האט שוין געשלאגין צוועלף , אין דאס גאנצע הויז איז שטיל , נאר דיא בעלי המשמר , דאס הייסט , דיא בעלי בתים־סע קינדער , וועלכע עס קומען נאך טאנצענדיג נאך דר מאדע , לערנן אגאנצע נאכט , ווי זייערע עלטערן מיינן , האבן שטארק געהראפעט די פוטערלאך צוא קאפענס , הארט נעבן ליזאנקע זיך צוא טולענדיג · אונפערשטענדליכע ווערטער , פון שלאף ארויסגערעדטע האט זיך גיהערט יעדע מינוט · אויפן בימע שלאפט דער שמש , אקורנאסר איד , מיט לאנגע קאלטעניוואטע פאות · נעבען איהם ליגט אקינד , אפשר פון דרייא יאהר אלט , וואס וויא געוואונטליך פלעגט ער איהם מיט געמען נעכטיגען אין בית המדרש כדי זיין יונגער מוח זאל זיך אנגעמן מיט תורה , אדער מיט פאליטיק , וואס ווערט געשפראכען גאנצע אבענדן אין דעם מקום קדוש , פון דער חברה ״חכמי ליזאנקע״ · דאס קינד ניט צייטענווייז אגישרייא וויא אין וואלד אפיפש פון אפייגלע וואס חלומת אין איר נעסט · דער בטלן , וואס זיצט אזו שפעט , ליגט אונ הארעוועט איבער א מהרש״א , ליגט אונ ברעכט דיא קאפ , איהם איז עפיס ניט רעכט , מהרש״אס קשיא , איז איהם ניט גלאט אראפ · ער זיצט היינט אויך וויא אלע מאל , לערינט מיט התמדה גראבט אונ גריבעלט זיך אונ האט ניט בעמערקט וויא דיא צייט איז אראפ געלאפען · פלוצליך האט ער זיך אויפגעהאפט , ווארעם עס איז אים היים גיווארין אין האנט , די ליכט האט גיהאלטען ביין אויסגיין · ער האט אנגעהויבין צו זוכען זיינע אנגעגרייטע שטיקלעך ליכט אבער עס איז ניט גיוועען , דאס אלץ האט ער פערשוואנדעט אונ האט דאס אליין ניט בעמערקט ער איז אויפגעשטאנען צוא ניגאנגען צום זייגער , אקוק געטאן וויא שפעט עס איז , אונ אנגעהויבין צו זכען אארט צו שלאפען ; אלע ערטער זיינען שוין אבער פערנומען גיוועען ! אצייט נאך איינאנד איז ער גישטאנען , אונ ניט געוואוסט וואס אנצוהייבען צו טאן ·

אפילו וואו אקאפ צוא צולייגן האב איך אויך ניט ! האט ער צו זיך געזאגט — איך האב מיר אזו ניט פארגעשטעלט , איך בין אויך ניט לאנג א גבירס קינד געוועזן · אונ פלעג קומן אפט אין בית המדרש לערנן א־משמר אבער ניט אפ נעמען

תלילה

חָלִילָה דִיא לִיבֶּע פֶערְזִינְדִיגְטֶע עָרְמֶער פוּן דִיא אָרֶעמֶע קִינְדֶר! יָא װער װאלְט מִיר דַאמָאלְס גִיזָאגְט אַז אִיךְ װעל אַ אָרֶעם בָּחוּר זַיין! דַאמָאלְס, אַז מִיר אִיז גוּט גֶעװעזֶען, בְּעֵת מַיין מוּטֶער פְּלֶעגְט מִיךְ, אִין דִי לַאנְגֶע װִינְטֶערְדִיגֶע נֶעכְט קוּים עֶרְװַארְטֶען בַּיי אִיךְ פְּלֶעג פוּן חֵדֶר קוּמֶען — װער װאלְט אִיר גֶעזָאגְט: דַיין לִיבּ קִינְד, דַיין אֵין זִיין גֶעבָּאדֶענֶער יוֹסֵף־קֶע װעט זִיךְ װַאלְגֶערִין אִין דֶער פְרֶעמְד, זִיךְ מוּצֶען, זִיךְ מַאטֶערְן, אוּנ אוֹיף װָאס? ··· דוּא װָאלְסְט גֶעװִיס מִיךְ אִיצְט מִיט דַיינֶע טְרֶעהְרֶען בָּאדֶען, אַז דוּא װָאלְסְט זֶעהֶען װִיא אִיךְ לֶעבּ דָא · אָבֶּער נָאךְ מֶער װָאלְסְט דוּא לַיידֶען אַז דוּא װָאלְסְט פִּילֶען מַיין לַאגֶע — זֶעהֶען מִיךְ אָט אַזוֹ פֶערְבְּרֵיינְגֶענְדִיג מַיין גֶעזוּנְד אוּנ צַייט אוֹיף װָאס? װֶער קֶען עֶס מִיר עֶרְקְלֶערְן? װער קֶען עֶס דִיר בֶּעװַייזֶען, אַז נִיט דָאס װָאס אִיז אַגְלִיק גֶעװֶען אִין דַיינֶע צַייטֶען װֶעט גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אִין מַיינֶע קִינְדְּשִׁיגֶע יָארִין, אַז אִיךְ װעל דַארְפֶען אָנְהֵייבֶּען צוּ פֶערְצֶערְן דָאס אִיךְ זַאמֶעל אִיצְט מִיט שְׁװֵייס אוּנ מִיה? — יָא, אִיךְ בִּין שׁוֹין מֶער קֵיין קִינְד אוּנ קֶען לַיידֶען מִיט פֶערְבִּיסֶענֶע לִיפֶּען אוּנ נִיט גֶעבֶּען דֶעם אַנְדֶערְן צוּ עֶרְקֶענֶען אַז אִיךְ לַייד — אוּנ װָאלְט װִירְקְלִיךְ גַאטָאװ זַיין זִיצֶען אוּנ לֶערְנֶען גְמָרָא, װִיא אִיר מִילְט לִיבֶּע עֶלְטֶערְן, אַז אִיךְ װָאלְט נָאר װִיסֶען, אַז דָאס װֶעט אַייךְ אִין גַאנְצִין גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען, אוּנ מִיךְ זֶעלְבְּסְט, װַיינִיגְסְטֶען, נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען — װַייל אִיךְ לִיבּ אַייךְ טְרַייֶע עֶלְטֶערְן, מֶער װִיא זִיךְ — לַיידֶער, װַיים אִיךְ אָבֶּער, אַז הָאבִּין אַ קִינְד אַבָּהוּר אַצַאצְקֶע, װָאס קֶען טוֹיזִינְד בְּלַאט גְמָרָא אוֹיסְװֵיינִיג װָאס לֵייעֶנְט שׁוֹין מַפְטִיר, אוּנ דִיא מְגִילָה אוּנ נָאךְ פוּן דֶעם מִין הַשְׁלָמָה, אִיז אַפְרֵייד אוּנ פֶערְגֶענִיגֶן פַאר עֶלְטֶערִין אָבֶּער הָאבִּין אַמֶענְטְשׁן אַ־זָאהֶן, װָאס דַארְף שׁוֹין אַלֵיין פִירִין אַװֶעלְטֶעל, אוּנ אַז עֶר פְּרוּבְּט בַּייטִין בְּלֶעטֶער גְמָרָא אוֹיף דֶעם אַלְטֶעגְלְכִין שְׁטִיקֶל בְּרוֹיט, אוֹיף אַ־שׁוּךְ אַ־קְלֵייד, פַר װַייבּ אוּנְד קִינְד — װָאס עֶס אִיז נָאךְ נֵייטְהִיגֶר װִיא פַר זִיךְ אוּנ אַז עֶר דֶר זֶעהְט אַז דֶר קוּרַאנְט פוּן זַיינֶע פַאפִּירְן אִיז גִיפַאלִין, דַאן, לִיבֶּע עֶלְטֶערְן װֶערְט דֶער נַחַת אַ צוּ־לְהַכְעִיס אוּנ נִיט נָאר פַאר זִיךְ אַלֵיין אִיז דָאס אַאוּנְגְלִיק, אֲפִילוּ פַר עֶלְטֶערְן אִיז דָאס אַבִּיטֶערֶר פֶערְגִינִיגֶן, אוּנ עֶס פֶערְדְרִיסְט װָאס מֶען הָאט דַארוֹיף יָארִין אוּנ מִיה פֶערְבְּרַאכְט! ··· · אִיךְ פֶערְדֵיינְק אַייךְ נִיט, אַייעֶרֶע אוֹיגְן זַיינֶען מִיט בִּטָחוֹן פֶערְבּוּנְדִין אוּנ אִיר זֶעהְט דִי נַייֶע צַייט נִיט, מִיר הָאבִּין אָבֶּער נַייֶע סְפָרִים אִידִישֶׁע אוּנ דַייטְשֶׁע הַאלְבּ דִי אוֹיגְן גִיעֶפֶענְט דִיא בִּטָחוֹן פַאצַיילֶקֶע אַרוּנְטֶער גֶערִיסִין אוּנ אִיךְ קֶען זַייא שׁוֹין נִיט מִיר נֶעפִינֶען אוּם װַייטֶער אִין פֶערְבְּלֶענְדֶענֶעס צוּ שְׁפִּילֶען! ···

דֶער בַּטְלָן אִיז צוּ גֶענַאנְגֶען צוּם עָמוּד הָאט גֶענוּמֶען דִיא יָארְצַייט לִיכְט, צוּא גִינַאנְגֶען צוּ זַיין קֶעסְטֶעל אוּנ הָאט אַרוֹיס גִינוּמֶען אַבִּיכֶל, דָאס װַאר אַרוּסִישֶׁער, אוּנ הָאט גֶעלַייעֶנְט — אַךְ, הָאט עֶר װִידֶער צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט, אַז דָאס װָאלְט דֶער זֶעהֶן דֶער גַבַּאי, אַז אִיךְ לַייעֶן רוּסִישֶׁע בִּיכֶער אָדֶער דַייטְשֶׁע, אוּנ נָאךְ פַר דִיא יָארְצַייט לִיכְט? ·· אָבֶּער צוּם גְלִיק שְׁלָאפִין אִיצְט אַלֶע, דֶער גַבַּאי קֶען עֶס מִיר גָאר נִיט חוֹשֵׁד זַיין, אוּנ אוֹיבּ דֶער טוֹיטֶער װַיים װָאס אִיךְ טוּא מִיט דִיא לִיכְט, װָאס עֶס בְּרֶענְט אַנַאנְצִין מֵעֵת לְעֵת פוּן זַיין אָנְדֵיינְקוּנְג װֶעגִין, װֶעט עֶר גֶעװִיס

װויסן

וִיסִין, וָואס פַאר אַ בּוּךְ אִיךְ לֶעז, אוּנ אִים וֶועט נִיט אַרֶען, אָדֶער עֶר וֶועט מִיר בֶּעסֶער דַאנְקֶען, וָואס אִיךְ לֶעזֶע רַאבִּינָאוִויצֶעס שְׁטְרָאפְּנָאִי פַּר זַיין יָארְצַייט לִיכְט, אוּנ פֶערְרֵייכֶער נִיט אַלוּלְקָע אֶן אִיר, וִויא עֶס טוּהֶען אַלֶע פְרוּמֶע אוּנ גוּטֶע חֲסִידִים! — פַאר וָואס רוּפְט מֶען אַזֶעלְכֶע סְפָרִים, „סְפָרִים חִיצוֹנִים“ אָדֶר „בֶּערְלִינֶער בִּיכְלִיךְ“? פַאר וָואס וֵייס נִיט דֶער אִיד וָואס הֵייסְט „אַפִּיקוֹרוֹס“ אוּנ זָאגְט אוֹיף אַלֶץ וָואס עֶס אִיז נִיט גְמָרָא נִיט פוּן אַ־גָאוֹן אָדֶר אַ־קַדְמוֹן עֶס אִיז „אַפִּיקוֹרְסִישֶׁע“? פַאר וָואס פֶערְשְׁטֵייעֶן אִידֶען נִיט וֶוער עֶס וִויל זַייא גוּטְס טָאן אוּנ וֶוער עֶס טוּט זַייא שְׁלֶעכְץ? אוּנ אֲפִילוּ יֶענֶע וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין גִיזָאגְט אַז מֶען זָאל נִיט לֵייעֶנֶען סְפָרִים חִיצוֹנִים צוּ הָאבִּין זַייא גִיוואוּסְט פוּן אַזַא אַרְט בּוּךְ וָואס עֶרְצֵיילְט אוּנְז אוּנְזֶערֶע צָרוֹת וָואס וֶועקְט אוֹיף אִין אוּנְז, זֶעהְר אָפְּט אַ־טְרֵייסְט, וָואס מִיר זַיינֶען אִידֶען, אוּנ זֶעהְר אָפְּט הֵייסֶע טְרֶערִין פַאר אוּנְזֶערֶע אוּמְזִיסְטֶע לֵיידֶענְדֶע בְּרִידֶער? — אָדֶער צוּ זַיינֶען יֶענֶע אוֹיסִין גִיוֶועֶן דִיא טוֹבָה פוּן כְּלַל אִידֶען אִיבֶּער הוֹיפְּט, אָדֶער נָאר זַייעֶר אֵייגֶענֶע טוֹבָה אַלֵיין דֶער מִיט? • • •

דִיא שַׁאֲלָה מִישְׁט זִיךְ מִיר אִין קָאפּ, אוּנ זִיא מוּצֶעט מִיךְ, דֶען אִיךְ מֵיין אַז אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא דִי עִקָרִים פוּן אוּנְזֶער אֱמוּנָה, אוּנ אִיךְ גֶעפִּין נִיט פַאר וָואס זָאל אָסוּר זַיין צוּא זַיין אַ־גֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ וָואס לֶעבְּט אִין דֶער וֶועלְט נִיט בְּלִינְד? אִיךְ דַאנְק דִיר רַאבִּינָאוִויץ, דוּא הֵיילִיגֶער שְׁרַייבֶּער! יֶעדֶער טְרֶער וָואס דַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבִּין אַרוֹיס גֶערוּפֶען פוּן מַיינֶע אוֹיגִין אִיז מִיר בַּאלְזַאם, אוּנ אִיךְ נֶעם זִיךְ פַאר דִיר נָאךְ צוּא טָאן וִויפִיל אִיךְ וֶועל קֶענֶען; פַאר מַיין פָאלְק, פַאר מַיינֶע בְּרִידֶער אִידֶן!“ בַּייא דִיא רֵייד הָאט עֶר גֶעזוּנְגֶען אַלִיד וָואס דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען גִיוֶועֶן:

„אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ אִיד, צוּא מַיין פָאלְק אַזָאהְן,
אוּנ וָואלְט זַייא אוֹיךְ הֶעלְפִין, חִיא וַוייט אִיךְ קָאן •
מִיט מַיין גַאנְצֶן פֶערְמֶעגִין, מִיט מַיין בְּלוּט מִיט מַיין פְלֵייש •
אִיךְ בִּין אָבֶּער קְלֵיין, אָ גָאט, מַאךְ מִיךְ גְרוֹיס! •

דֶער בַּטְלָן הָאט נָאךְ נִיט גֶעֶנְדִיגְט זִינְגֶעְנְדִיג זַיין לִיד אוּנ צוּ אִים אִיז צוּ גִינַאנְגֶען אַבָּחוּרִיל פוּן אַיָאר זֶעכְצֶען, אוּנ הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט:

„אַךְ יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ פוּן שְׁלָאף גִיהֶערְט וִויא דוּ זִינְגְסְט, נָאר מִיר הָאט זִיךְ גִידוּכְט, אַז דוּ שְׁטֵייסְט פַארְן עָמוּד אוּנ דַאוֶוענְסְט, אַלֶע וַויינֶען פוּן דַיין גִיזַאנְג, בִּיז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוּנ דֶער זֶעהֶן, אַז דוּ זִינְגְסְט אוּנ וַויינְסְט אַלֵיין, יוֹסֵף, וָואס אִיז דָאס מִיט דִיר?

שְׁנֵייאֶר, הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט, מִיר אִיז חָלִילָה נִיט אַזוֹ שְׁלֶעכְט, דָאס אִיךְ זָאל וַויינֶן, אָבֶער וַוייסְט דוּא, אַז נִיט אַלֶע מָאל וַויינְט מֶען פוּן אֵייגֶענֶע צָרוֹת, זֶעהֶר אָפְּט פְלִיסִן אוּנְזֶערֶע טְרֶעהְרֶן אַז מִיר הֶערְן לַייטִישֶׁע לַיידְן, אוּנ מִיר פֶערְגֶעסֶען אַז דִיא לַייט זַיינֶן מִיר אַייגֶענְטְלִיךְ אַלֵיין, נַא, הֶער, אִיךְ וֶועל דִיר פָאר לֵייעֶנֶען אוֹיבּ דִיךְ וֶועט נִיט רִירְן?

יוֹסֵף הָאט אִים פָארְגֶעלֵייעֶנְט, אוּנ גֶעבְּרַאכְט שְׁנֵייעֶרְן צוּא טְרֶערְן •

גינגג

גִינוּג ! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט . אַז עֶר הָאט דָר זָעהֶן אַז שְׁנֵייאָרְקֶע וֵויינְט — מֶער חִיל אִיךְ נִיט , אִיךְ הָאבּ נָאר גִיוָואלְט זֶעהֶן צוּ בִּין אִיךְ אַלֵיין נָאר דֶער נַאר צוּא חַיינֶען פוּן אַגִישְׁרִיבֶּענֶע מַעֲשֶׂה . אָדֶר צוּא אִיז נָאךְ וָוער דָא מִיט מִיר , וָואס זָאל עֶס פִילִין בִּיז טְרֶעהְרִן ,

שְׁנֵייעֶר הָאט גִיקוּקְט אוֹיף יוֹסֵפֿן ! פֶּערְוואוּנְדֶערְט , זִיךְ גִיצִילְט עֶפִּיס אַרוֹיס רֵיידְן , אוּנ זִיךְ אָבְּגִיהַאלְטְן וִויא עֶר וָואלְט מוֹרָא גִיהַאט , עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר גְזָאגְט :

יוֹסֵף אִיךְ וִויל בַּיי דִיר עֶפִּיס פְרֶעגְן , נָאר נִיט הָאבּ קֵיין פַּאר אִיבֶּעל . מִיר אוּנ אַלְלֶעמֶן בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ אִיז אַ וואוּנְדֶער וִויא קוּמְסְט דוּ צוּ אַזוֹ אַלַאנֶע , וֶוערִן דָא הִיא אַבַּטְלֶן אָנְקוּמֶן צוּ לַייטִישֶׁע טִישִׁין ? יוֹסֵף אִיךְ מֵיין דִיךְ נִיט אַבִּידְזָען!

וָואס גֶעפִינְסְט דוּא אִין מִיר אַנְדֶערְס , וִויא אִין דֶעם מִינְסְקֶער , אוּנ דֶעם הַארָאדְנֶער , אָדֶער אִין אַלֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִים ? הָאט יוֹסֵף גִיפְרֶעגְט ·

"מֶען עֶרְקֶענְט אַמֶענְצְעֶן נָאךְ דִי קְלֵיידֶער נָאךְ" זָאגְט מֶען'נָאר אִיךְ — יוֹסֵף , עֶרְקֶען דִיךְ נָאךְ דַיין אַיידֶעלֶעס גֶעזִיכְט , נָאךְ דַיינֶע רֵייד . יוֹסֵף , אִיךְ וֵויים נִיט אָן וָואס אִיךְ דֶער קֶען דִיךְ , אִיךְ בִּין צוּא דִיר צוּ גִיקְלֶעבְּט , אוּנ דוּא מוּסְט מִיר וֶוערִן אַבְּרוּדֶר , אִיךְ שְׁוֶוער דִיר אִיךְ בִּין דִיר שֵׁיין אַזוֹי , זֵייט דֶעם עֶרְסְטִן טָאג וָואס אִיךְ קֶען דִיךְ , יוֹסֵף פֶּערְשְׁפְּרֶעךְ עֶס מִיר . הָאט שְׁנֵייאֶרְקֶע גִיבֶּעטְן ·

אַז דוּא וֶועסְט וֶוערְט זַיין , הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט ·

מִיט וָואס קֶען אִיךְ דָאס וֶוערְט זַיין ?

מִיט פְלַייסִיג זַיין , אַז דוּא וֶועסְט נִיט לֵיידִיג אוּמְגֵיין , וִויא אִיךְ זֶעה דִיךְ בִּיז אִיצְט , אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ אָבְּגִיוואוֹנֶען פוּן דַיינֶע קִינְדֶערְשֶׁע תְּנוּעוֹת אוּנ וֶועלִין אַמֶענְטְשׁ וֶוערִין ! —

יוֹסֵף בִּין אִיךְ דֶען אִיצְט נִיט אַמֶענְטְשׁ ?

אַמֶענְטְשׁ בִּיזְט דוּא , דָאס קֶען מֶען נִיט לַייקֶענֶען . אָבֶּער דוּא דַארְפְסְט וִויסֶען — מֶען פֶערְשְׁטֵייט נָאךְ עֶפֶּעס אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען מֶענְטְשׁ — עֶס בָּעדַייטֶעט דָךְ וָוארְט פִיל . זַייעֶר פִיל לִיבֶּר שְׁנֵייאָר , אוּנ אִיךְ אַלֵיין שְׁטֵייא נָאךְ וַוייט , אָ מֶען מוּז טָאן הָארִיוֶוען דֶעם נָאמֶן אַמָאהְל וֶוערְט צוּ זַיין .

יוֹסֵף מִיר אִיז גֶענוּג אַז אִיךְ וֶועל זַיין אַזוֹ וִויא דוּ , זַייא מִיר אַלֶעהְרֶער , עֶרְצֵייל מִיר דַיין גֶעשִׁיכְטֶע וִויא קוּמְסְט דוּא אַהֶערְצוּ ? אִיךְ וִויל דִיךְ אִין גַאנְצִין קֶענֶען דוּ בִּיזְט נִיט קֵיין אָרֶעם בָּחוּר , אִיךְ וֶועל שְׁוֶוערִן .

עֶס אִיז אַלַאנֶגע , זֵייעֶר אַלַאנְגֶע מַעֲשֶׂה מֵיין אִיסְטָארְיֶע דִיר צוּ עֶרְצֵיילֶען , עֶס אִיז שׁוֹין דְרַייא אַזֵייגֶר אוּנ אִיךְ וִויל שְׁלָאפְן ·

גֵייא , לֵייג זִיךְ אוֹיף מֵיין פוּטֶער , הָאט שְׁנֵייאָרְקֶע גֶעזָאגְט , אִיךְ וֶועל שׁוֹין מֶער נִיט שְׁלָאפִין ,

יוֹסֵף הָאט אִיהְם גִיפָאלְגְט , אוּנ זִיךְ גִילֵייגְט נֶעבִּין לִיזַאנְקֶע אוֹיף שְׁנֵייאֶרְקֶעס פוּטֶערִיל , אוּנ בִּיז עֶר אִיז אַנְטְשְׁלָאפִין גֶעוָוארִין , הָאט עֶר אִיהְם עֶרְצֵיילְט זַיין אִיסְטָארְיֶע וִויא אַזוֹ עֶר אִיז אַהֶערְצוּ אָנְגֶעקוּמֶען ,

מֵיינֶע עֶלְטֶערִן זַיינֶען נִיט לַאנְג גַאנְץ רַייךְ גִיוֶועזְן , וִויא אַזוֹי זַייא זַיינֶען אָרֶעם

גיווארן

גִיוָוארִין , קָען אִיךְ דִיר אַזוֹי בְּקִיצוּר נִיט עֶרְצֶעהְלֶן , עֶס הָאט נָאךְ צַייט , אוּנ דוּא וֶועסְט עֶס וִויסֶען , אִיךְ הָאבּ נִיט לַאנְג בֶּעמֶערְקְט וִויא מַיין פָּאטֶר זָארְגְט , עֶר הָאט נִיט מִיט וָואס מַיין רֶבִּין צוּא בֶּעצָאלִין , מִיר אִיז גִיוָוארִין שְׁרֶעקְלִיךְ בִּיטֶער אוֹיפִין הַארְצִן , אוּנ הָאבּ אָן גִיהַייבִּין צוּ זוּכִין אַ מִיטֶעל וִויא זִיךְ וַויינִיגְבֶּטֶן אַרוּנְטֶער צוּא נֶעמֶען פוּן זַיינֶע מִידֶע פְּלַייצֶעס , נוּא צוּ וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִיזָאלְט וֶוענְדֶען ? אִיךְ הָאבּ מַיין פָּאטֶער קַיין נַייֶע צָרוֹת נִיט גִיוָואלְט אָן טָאן , אַגַב בִּין אִיךְ זֶעלְבְּסְט נָאךְ נִיט אַזוֹי קְלוּג גִיוֶוען צוּ פַאר שְׁטַיין וָואס פַאר מִיר אִיז בֶּעסֶער , דֶער פָּאטֶער הָאט גִיוָואלְט אִיךְ זָאל קֶענֶען לֶערְנֶען בִּין אִיךְ גִיפָארִין לֶערְנֶען , וואוּ לֶערְנֶען . מַאכְט נִיט אוֹיס אַבִּי אִין דֶער הַיים נִיט , אוּנ וָואס לֶערְנֶען ? אִיז דָאךְ קַיין פְרַאגֶע נִיט , לֶערְנֶען הַייסְט מִסְתָּמָא גְמָרָא ! . . . מִיר אִיז מַיינֶע הוֹצָאוֹת דָא אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען , אִיךְ הָאבּ וַוייטֶער נִיט גִיקֶענְט פָאהְרֶן , בִּין אִיךְ דָא גִיבְּלִיבְּן , אָבֶּער אִיךְ ווַייס נִיט צוּ זָאל אִיךְ גָאט דַאנְקֶען דֶערְפַאר וָואס אִיךְ בִּין אַהֶערְצוּ אַרַיינְגֶעפַאלֶען , אוּנ הָאבּ דָא אַבִּיסֶעל צַייט גִיהַאט צוּ בֶּעקְלֶערִין וואוּ אִיךְ הַאלְט , אָדֶר אִיךְ זָאל שִׁילְטֶען דִי סְלוּצַיי דַארִיבֶּער , דֶען אִיךְ קֶען זִיךְ פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט צוּ פְרִידֶען שְׁטֶעלִין אִיבֶּער מַיינֶע טֶעג עֶסֶען , אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט צוּ גֶעווֹאוֶנֶען צוּ דֶעם לֶעבְּן , צוּא דִיא אִיבֶּערִיגֶע בַּטְלָנִים , אָאַז אִיךְ וָואלְט קְרִיגֶען אַתַּלְמִיד פַאר קֶעסְט אוּנ קְוַואטִיר , אוּנ נָאךְ פִּיל וִוינְצִיג גֶעלְט , אִיךְ זָאל הָאבִּין נָאךְ אַיָאהְר צַייט מִיט וָואס דֶעם עֶרְסְטֶען טְרִיט צוּ מַיין צְוֶועק צוּ שְׁטֶעלִין דַאן וָואלְט אִיךְ זִיךְ אִיצְט גְלִיקְלִיךְ שַׁאטְצֶן !

אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר אַתַּלְמִיד . הָאט שְׁנֵייאָר גֶעזָאגְט , מַיין מוּטֶער הָאט שוֹין לַאנְג גִיהַייסֶען דָאס בַּייא דִיר פְרֶעגִין , נָאר מַיין שְׁוָואגֶער הָאט אָפּ גִישְׁלָאגִין , אוּנ גִיזָאגְט עֶס לוֹינְט נִיט , אִיצְט וֶועט עֶר נִיט אוֹיסְפִיהְרֶן , דוּ וֶועסְט זֶעהֶן ! — אִין דִי רֵייד הָאט דֶער זֵייגֶער גִישְׁלָאגִין פִיר , אָנְדֶערְהַאלְבִּין שָׁעָה הָאט יוֹסֵף גִישְׁלָאפֶען בַּאלְד אָבֶּער זֵיינֶען גִיקוּמֶען דִי וָתִיקִין לַייט אוּנ אַרוֹיף גִיקְרָאבְּן אִיבֶּר יוֹסְפִין אוֹיפִין לֵיזַאנְקֶע , זָאגֶען זֵייעֶרֶע תְּהִלִּים אָדֶער מַעֲמָדוֹת , תַּנְיָא , אָדֶער לֶערְנֶען אַ שְׁטִיקֶעל נוֹעַם אֱלִימֶלֶךְ , וִויא וָוער אִין וָואס עֶר הָאט אַ וְוקוּם . . . נִיט אַיין מָאל הָאט יוֹסֵף גֶעפִּילְט וִויא עֶס הָאבִּן זִיךְ צוּ נֶערִירְט צוּא זַיין קוֹים בֶּעדֶעקְטֶען קֶערְפֶּער . נַאסֶע שְׁטִיוֶועל עֶר הָאט אָבֶּער זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אוֹיפְחַאפֶּען :

שְׁטֵייא אוֹיף ! הָאט אַגִשְׁרֵייא גִיטָאן אַהוֹיכֶער אַדַארֶער יוּנְגֶער מַאן וִוי אַבָארְט , מִיט עֶכְט אוֹיסְגֶעוַוייקְטֶע נַאסֶע פֵּייקִילֶעךְ , שְׁטֵיי . אוֹיף זָאגְט מֶען דִיר ! וואוּ זַיינֶען דִי יָאהְרֶען ? אַמָאל פְלֶעגְט קְלִינְגֶען אַנַאנְצֶע נַאכְט אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , אִיצְט שְׁלָאפִן דִי בַּטְלָנִים וִויא דִי פְּרִיצִים , וָואס פֶעלְט זֵיי . עֶסְן אוּנ טְרִינְקֶען הָאבִּין זֵייא , קַיין דַאֲגוֹת נִיט , לֶערְנֶן נִיט אַ שִׁמִיר , הֶלֶעבְּן אִיךְ וָואלְט שוֹין אוֹיךְ וֶועלְן וֶוערְן אַזוֹ אַבַּטְלָן :

יוֹסֵף הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיפְגֶעהַאפְּט אוּנ שְׁנֵייאָרְקֶע אִיז צוּ גִיגַאנְגֶען אוּנ גִיבֶּעטְן עֶר זָאל גֵיין מִיט אִיהְם טֵיי טְרִינְקֶען , יוֹסֵף הָאט אָבֶּער נִיט גִיוָואלְט גֵיין , יוֹסֵף , דִי מוּטֶער קֶען דִיךְ שוֹין , דִיא וַוייבֶּער אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , דֶער צֵיילֶען אַיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע אַלְץ אִין דֶעם פָארִיגֶען שַׁבָּת הָאט דֶער צֵיילְט אוּנְזֶערֶע אַשְׁכֵנָה , אַז זִיא אִיז גִיוֶוען בַּיין רַב אַשְׁאֵלָה פְרֶעגִין הָאט עֶר דִיר גִיהַייסְן פַּקְקֶענֶן , דוּ ווַייסְט , אַז

מען

מֶען בֶּענְצְט זִיךְ מִיט דִיר, אוּנ מַיין מוּטֶער זָאגְט עֶס אִיז אַמִצְוָה דִיךְ מְקָרֵב צוּ זַיין . .

אַ דַאנְק דִיר פַאר דִיא נַייֶעס, הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיר זָאלְסְט מִיר וַוייטֶער אַזֶעלְכֶע נַייֶעס נִיט עֶרְצֶעהְלֶן . אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט קֵיינֶעס נִיט זָאגֶען זַיין לִיבּ אִין דִי אוֹיגֶען, וָוארוּם אַקְלֵיינֶער שְׁטֵיינְדֶעל אַז עֶס פַאלְט אַרַיין אִין רוּהִיגֶע וַואסֶער, הֵייבְּט אוֹיךְ אוֹיף וֶועלְן אוּנ פֶערְלִירְט דִיא גְלַייכְגֶעוִויכְט . אוּנ פִיל מֶעהְר אַמֶענְשִׁינְס הַארְץ וָואס עֶס אִיז נִיט אַזוֹא טִיף אוּנ וֶוערְט נִיט אַזוֹי גִיךְ צוּרִיק רוּהִיג וִויא וַואסֶער . . שְׁנֵייאֶר, דוּ זָאלְסְט עֶס וִויסֶען אוּנ אִין זִינֶען הָאבִּין . פוּן אַנְדֶערְן אוֹיף זִיךְ זָעלְבְּסְט אוֹיךְ נִיט צוּ הֶערְן . אוּנ פִיל מֶער דֶעם אַנְדֶרְן נִיט צוּ זָאגְן :

יוֹסֵף, אוֹיבּ עֶס אִיז אֶמֶת, וָואס דוּ הָאסְט מִיר אַמָאל גִיזָאגְט, אַז אִין בִּיכֶר גִיפִינְט זִיךְ אַז מֶענְצֶען הָאבִּין אוֹיךְ מַאגְנֶעט, בִּיזְט דוּא מַיין מַאגְנֶעט, וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ צוּ גֶעצוֹיגֶען אִין גַאנְצֶען . אִיךְ הָאבּ דִיךְ הָאלְט . אִיךְ וַוייס פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ הָאלְט, אָבֶּער אִיךְ וַוייס נִיט וֶוער עֶס הֵייסְט מִיר דָאס ! —

אוּנ וִוירְקְלִיךְ גֶעפִינֶען מִיר דֶעם מַאגְנֶעט אִין מַאנְכֶע דַיינְקֶענְדֶע מֶענְטְשְׁן אוּנ דִי וָואס זַיינֶען פוּן שְׁטַארְקֶערְן חַארַאקְטֶער, דָאס זַייא צִיהֶען צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע פוּן גִיזֶעלְשַׁאפְט . אוּנ יֶענֶע קֶענֶען זִיךְ אֵיינֶענְטְלֶעךְ קֵיין רֶעכֶענוּנְג גֶעבִּין פַאר וָואס זַייא וֶוערְן אַזוֹא אָנְגֶעהַאנְגֶען צוּ יֶענֶעם ? אוּנ דָאס אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא גֶעהֵיימֶע לַייסְטוּנְגֶען פוּן דֶער הַשְׁגָחָה דוּרְךְ דֶעם אוּם צוּ פִיהְרֶן אִיהְרֶע מַעֲשִׂים — וָוארֶעם אָהְנֶע דֶעם, וָואלְטֶען קֵיינֶע גֶענֶיעֶן אִין דֶער וֶועלְט גִיוֶועז . אוּנ דִי מֶענְטְשְׁן וָואלְטֶן גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶעם זֶעלְבִּין שְׁטַאנְד וָואס זַייא זַיינֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארִין . —

אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיהֶערְט דֶר בְּרֵייטֶער נִיגוּן פוּן הוֹדוּ, וָוארוּם דָא הָאבִּין גִידַאוֶוענְט חֲסִידִים, אוּנ עֶס אִיז זַייעֶר אִינְטֶערֶעסַאנְט גִיוֶועז צוּ זֶעהְן וִויא פִיל נַאשֶׁע פוּן מִקְוֶה אוֹיסְגֶעוַוייקְטֶע פֵּאֶתְן אוּנ פֶערְפְּרָארֶענֶע בֶּערְד, מִיט פִּיפְּקֶעס אִין מוֹיל אוּנ גָארְגֶעצִיקֶעס הָאבִּין אוּמְגֶעטַאנְצְט אִיבֶּערְן בֵּית הַמִדְרָשׁ קְנַאקֶענְדִיג מִיט דִי פִינְגֶער אוּנ בַּאמֶקֶענְדִיג אוּנ פַאר דְבֵקוּן זִיךְ דִיק, אַז עֶס הָאט אוּנְזֶער יוֹסֵפִין פָּשׁוּט גֶעהַאדְזֶעט דָאס זֶעהֶענְדִיג אוּנ הֶערֶענְדִיג, עֶר אִיז זִיךְ גִישְׁטַאנֶען שְׁטִיל אוּנ הָאט גִידַאוֶוענְט, שְׁנֵייאֶרֶקֶע, נִיט אַרָאפּ לָאזִינְדִיג אֵיין אוֹיג פוּן אִים, הָאט אוֹיךְ גִיוָואלְט דַאוֶונֶען אַזוֹ וִויא עֶר, אָן קְנֵייצֶען אוּנ אָן שְׁיקְלֶען זִיךְ, אָבֶּער זֵייעֶר אָפְּט הָאט עֶר זִיךְ אַ בַּאמֶקֶע גִיטָאן, אָדֶער אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן אַ טַאטוּנַא ! הַארְצֶעדִיגֶער ! אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע עֶס קוּמֶען נִיט אַזוֹא פוּן הַארְצֶען וִויא פוּן פְּרִיוִוינְצְקֶע . יוֹסֵף הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּנ הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען אִים צוּ עֶרְקְלֶערְן וָואס הַייסְט דַאוְונֶען, אוּנ פוּן וַואנֶען עֶס קוּמְט דֶר בַּאמֶקֶען זִיךְ אַהֶערְצוּ, עֶר הָאט אִיבֶּער הוֹיפְּט זִיךְ גִירֶעכֶענְט אִים אָבּ צוּ גֶעוואוֹנֶען פוּן דִיא פֶערְגְרָאבְּקֵייט וָואס עֶר אִיז פֶערְגְרֶעבְּט גֶעוָוארִין דוּרְךְ זַייא בִּיז אִיצְטִיגֶע מְלַמְדִים אוּנ חֲבֵרִים :

נָאכֶען דַאוְונֶען הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעצְט צְוֵויי יוּנְגֶע לַייט לֶערְנֶען . אֵיינֶער פוּן זַייא אִיז גִיוֶועז שְׁנֵייאֶרְס אַ שְׁוָואגֶער מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר אוּנ דִי וָואס הָאבִּן אִיהְם גִיקָאנְט הָאבִּין גִיוואוּסְט אַז עֶר מֵיינְט נִיט דִי הַגָדָה . זָאנְדֶערְן דִי קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֵיינְט נָאר אוֹיס צוּ נַארֶען מִיט זַיין "יוֹשֵׁב בָּאֳהָלִים" זַיין שְׁוֶוער דִיא בְּכוֹרָה . .

---

## ב׳

## דֶער בְּרִיף

אִין עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אַרוּם זֶעהֶן מִיר אוּנְזֶער יוֹסֵפִין וִוידֶר זִיצֶענְדִיג שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, אוּנ פֶערְטִיפְט לַייֶענֶענְדִיג אַגֶעשְׁרִיבֶּענֶעם פַּאפִּיר פוּן אַלֶע פִיר זַייטֶן, דָאס אִיז גִיוָועזֶען זַיין בְּרִיף צוּ זַיינֶע עֶלְטֶערְן. בַּאלְד וִויא עֶר הָאט גִיקָאנְצֶעט אִיהְם, הָאט עֶר אִים אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ לֶעזֶען פוּן דָאס נַייא:

לִיבֶּע אוּנ טְהַייֶערְסְטֶע מוּטֶער

אִיךְ וַויים אַז אִיךְ הָאבּ אוּנְגֶערֶעכְט גֶעגִין דִיר. וָואס אִיךְ הָאבּ צוּא דִיר נִיט גִישְׁרִיבִּין בִּיז הַיינְט? אָבֶּער אִיךְ דַארְף דִיר נָאר אוּם פֶערְצַייהוּנְג נִיט פִיל בֶּעטֶען. וָוארֶעם דוּ הָאסְט חָלִילָה אוֹיף מִיר קַיין בֵּייזֶעס גֶעטְרַאכְט, דוּ וַוייסְט וִויא דוּא לִיבְּסְט מִיךְ, אוּנ נִיט וַוייניגֶער לִיבְּט דִיךְ דַיין יוֹסֵף, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר לַייד אוּנ זָארְג גֶעמַאכְט בִּין אִיךְ נִיט שׁוּלְדִיג, עֶס הָאט זִיךְ שׁוֹין אַזוֹ גִימַאכְט אוּנ אִיךְ הָאבּ דִיר נִיט גִיוָואלְט מְצַעֵר זַיין. אוּנ זִיךְ אַיין כּחַ אָנְגֶעטָאן אִיבֶּער צוּ וַוארְטֶען דִי שְׁלֶעכְטֶע צַייט אוּנ דִיךְ דָר צַיילֶען נָאר גוּטְשׁ. נָאר גוּטְשׁ וִויל אִיךְ דִיר עֶרְצֵיילֶען, וָוארֶעם אַזוֹ אַמוּטֶער וִוי דוּ, אִיז דָאךְ דָאס וֶוערְט! זֶעה נָאר, וִויא גָאט פַאר לָאזְט נִיט, אוּנ וִויא זַיין חֶסֶד אִיז אוּמֶעטוּם, עֶלֶענְד בִּין אִיךְ דָא גִיוָועזֶען, אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ הָאבּ אִיךְ קַיין אָרְט נִיט גִיהַאט? אִיךְ הָאבּ זִיךְ גָאר נִיט גִיקֶענְט צוּ גֶעווֹאוֹנֶען צוּ דָר הַארְטֶע בַּאנְק, צוּ דִיא קֶעלְט. אָ, צוּא דֶעם נָאמֶען בַּטְלֶן ... אִיךְ וִויל עֶס נִיט פֶערְהוֹילֶען פוּן דִיר. אִיךְ הָאבּ שִׁיר נִיט חֲרָטָה גִיהַאט אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען עֵסֶק, אָבֶּער דַיין צַעַר וָואס דוּא וָואלְסְט דֶער פוּן גִיהַאט הָאט מִיר נִיט דֶער לָאזֶען טָאן וָואס מִיר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט? אִיךְ בִּין זִיךְ מוֹדֶה אַז אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט קוּמֶן צוּרִיק אַהֵיים, אִיךְ וַויים, דוּ וָואלְסְט מִיךְ פַאר אַנַאסְט צוּ גֶענוּמֶען, אָבֶּער דַיין הַארְץ וָואלְט פוּן דֶעסְטְוֶועגִין גֶעווַיינְט קוּקֶענְדִיג אוֹיף מִיר, אַז אִיךְ זִיץ אָן אַיין תַּכְלִית דֶער גִידַאנְקֶן הָאט מִיךְ גִיפְּלָאגְט אָבֶּער צוּ מַיין — אִיךְ וַויים אַלֵיין נִיט וִויא דָאס אָן צוּ רוּפֶען — גְלִיק אָדֶער וֶוער וַויים נָאךְ צוּ וָואס — הָאט מִיר גָאט צוּ גֶעשִׁיקְט אַבְּרוּדֶער אִיךְ רוּף אִים אַזוֹא אָן, אָבֶּער אִין אֶמֶתֶן אִיז עֶר מִיר נָאךְ בֶּעסֶער וִויא אַבְּרוּדֶער, עֶר הָאט מִיךְ אִין זַייעֶר שְׁטוּבּ אַרַיין גֶעבְּרַאכְט. אוּנ דָא הָאבְּן זִיךְ פַאר מִיר גִיפוּנֶען נַייעֶ עֶלְטֶערְן · אַ נַייעֶ מוּטֶער, — לִיבֶּע מוּטֶער! דוּ וֶועסְט דָאס פַר קַיין עַוְלָה רֶעכֶענֶען, אַז אִיךְ אַסְמֶעלֶע זִיךְ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וָואס אִיז נָאר פַאר יֶעדֶען מֶענְטְשֶׁען אֵיינֶער, זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען דֶעם טְרַייֶען נָאמֶען: „מוּטֶער" אוֹיף אַפְרֶעמְדֶע אִידֶענֶע צוּ לֵייגֶען, דוּא בִּיזְט מִיר טְרַייא, וַוייל אִיךְ בִּין דַיין בְּלוּט אוּנ פְלֵייש, דוּ קֶענְסְט אַייגֶענְטְלִיךְ גָאר זִיךְ נִיט פָארְשְׁטֶעלֶען, וִויא קֶענְסְטוּ מִיר נִיט טְרַייא זַיין, וִויא גוּט אוּנ וִויא רֶעכְטְשַׁאפֶען דוּא בִּיזְט וַוייסְטוּ גַאנְץ גֶעווִיס אַז דָאס פְרֶעמְד קִינְד לִיגְט דִיר נִיט אַזוֹ אִין הַארְצֶען אַיינְגֶעבַּאקֶען וִויא אִיךְ, דוּא פִיהֶלְסְט אַז אִיךְ בִּין דִיר טַייעֶרֶער פַאר אַלֶע אַנְדֶערֶע, וָואס אָבֶּער וָואלְסְטוּ אַלֵיין זָאגִין אַז דוּ וָואלְסְט זֶעהֶן, וִויא גָאר פוּן דַיין קִינְד אַ וִוילְד פְרֶעמְדֶע אִיז מִיר אַזוֹא

נעטרייא

גֶעטְרַייא, אַזוֹ גוּט. אָ, שְׁטְרָאף מִיךְ נִיט גָאט אוֹיבּ דָאס אִיז אַזִינְד! אַזוֹ אֶפְּשַׁר לִיבּ וִויא דוּ?.. טָאג אוּנ נַאכְט הַאלְט אָט דִי פוּן גָאט מִיר צוּ גֶעשִׁיקְטֶע — אַאָפֶּענֶע אוֹיג אוֹיף מִיר, אִיךְ שֶׁעם זִיךְ זָא וַוייט אַרוֹיס צוּ רֵיידֶען וָואס זִיא טְהוּט פַאר מִיר, אִין מִיטֶען נַאכְט אִיז זִיא נִיט פוֹיל מִיךְ צוּ גַיין צוּ דֶעקֶען, מַיינֶע זָאקֶען צוּ נֵיינֶען דַייא נַאס אָדֶער צוּ רִיסִין, אִיךְ נֶעמִין זַייא אִיצְט אִין דֶר פְרִיא גַאנְץ אוּנ רַיין, אִיךְ הָאבּ בֶּעמֶערְקְט אַז זִיא לָאזְט קַיין אַנְדֶערֶען נִיט מִיר מַיין בֶּעט אוֹיס בֶּעטֶען, נֶעכְטֶען הָאט זִיא מִיר אִין מִיטֶען נַאכְט מַיין קִישֶׁען אוּנְטֶער גִיהוֹיבִּין, וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ אַרָאפּ גִירוּקְט. אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט, וִויא זִיא הָאט מִיר דֶעם קָאפּ אוּנְטֶער גִיהוֹיבִּין מִיט אִיהְרֶע וַוארֶעמֶע מוּטֶערְלִיכֶע הֶענְט; אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אִירֶע הֵייסֶע טְרַייעֶ לִיפֶּען, וִויא זַייא הָאבִּין זִיךְ צוּא גֶערִיהְרְט צוּא מַיין שְׁטֶערֶען. אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא זִיא הָאט גִיזָאגְט: „וִויא קֶען אַמוּטֶער אַזוֹא אַקִינְד פוּן זִיךְ אַוֶועק לָאזֶען אוּנְטֶער דִי אוֹיגִין? דוּ הָאסְט דָא קַיין מוּטֶער, אִיךְ וִויל אוֹיף אִיר אָרְט זַיין! בֶּענְטְשׁ מִיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם מִיט אַזוֹ אַקִינְד!" — אִיךְ הָאבּ דָאס אַלְץ גֶעפִיהְלְט, גִיהֶערְט אוּנ זִיךְ גִימַאכְט שְׁוַוייגֶענְדִיג, דָאס הַארְץ הָאט מִיר גִיקְלַאפְּט אִיךְ הָאבּ דֶעם אָטְהֶעם פוּן אִינֶערְלִיכֶע גֶעפִּיהְלֶען, תָּאס הָאבִּין זִיךְ אִין מִיר בְּעֵת מַעֲשֶׂה דֶערְוָועקְט — קוֹים גִיקֶענְט אָפְּהַאפֶּען, עֶס הָאט זִיךְ אַשְׁרֶעקְלִיכֶער זִיפְץ אַרוֹיס גִירִיסֶען פוּן מַיין הַארְצֶען, אוּנ אַזוֹ, וִויא אַווידֶערְקְלַאנְג אוֹיף מַיין שְׁוֶוערֶען זִיפְץ הָאבּ אִיךְ בַּאלְד דֶער הֶערְט אִיהְר זִיפְץ אַוֶועק גֵייעֶנְדִיג אוֹיף דִיא שְׁפִּיצֶען פִינְגֶער, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן גְרוֹיס בֶּעוֶועגוּנְג נִיט מֶער גִיקֶענְט אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען, טוֹיזִינְדֶער גִידַאנְקֶען הָאבִּין זִיךְ אִין מִיר אוֹיפְגֶעהַאפְּט, מַיין גַאנְצֶע קִינְדְהַייט הָאט זִיךְ מִיר פָארְגִישְׁטֶעלְט וִויא אִיךְ בִּין אַקִינְד גִיוֶועזֶען אוּנ דוּא פְלֶעגְסְט מִיר עֶרְצֵייהְלֶען דַיינֶע מִיר זֵייעֶר לִיבֶּע גִישִׁיכְטֶעלֶעךְ בַּייא מִיר אוֹיס פְרֶעגֶען אַלֶע מַיינֶע סוֹדוֹת, אִיךְ שְׁוֶוער דִיר, אַז נִיט אֵיין זַאךְ פְלֶעג אִיךְ פוּן דִיר בֶּעהַאלְטֶען, אִיךְ הָאבּ דִיר קֵיין מָאל קַיין לִיגֶען גִיזָאגְט, אוּנ נִיט בֶּעדַארְפְט לִיגֶען זָאגְן, וַוייל דוּא הָאסְט מִיךְ פָאר אַהֵייזִק אָדֶער פַאר אַפֶּעהְלֶער קֵיין מָאל נִיט בֶּעשְׁטְרָאפְט, דוּא הָאסְט מִיר נָאר עֶרְצֵיילְט וִויא מֶען הָאט דִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפְט קִינְדְוַויים פַאר אַזוֹא אַפֶּעהְלֶער, דוּא הָאסְט מִיר בֶּעווִיזֶען וִויא דָאס פֶערְבֶּעסֶערֶען, אוּנ פְלֶעגְסְט פַאר מִיר דַיין גַאנְצֶע הַארְץ אוֹיס דֶער צֵיילֶען, אִיךְ גִידֵיינְק וִויא אִיךְ פְלֶעג זִיךְ פָאר גֶעמֶען דַאמָאלְס דִיךְ פוּן דַיינֶע אַלֶע זָארְג צוּא בֶּעפְרַייעֶן אוּנ זִיךְ סְטַארַאיֶען מִיט אַלֶע מַיינֶע קִינְדֶערְשֶׁע כּוֹחוֹת נִיט צוּא טָאן וָואס דִיר גֶעפֶעלְט נִיט, דוּא בִּיזְט (מִיר נִיט (וִויא) אַמוּטֶער מִיט אִיר קִינְד בֶּעגַאנְגֶען, נָאר וִויא אַטְרַייעֶ מֶער עֶרְפַארֶענֶע אוּנ קְלִיגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער מִיט מִיר גֶעלֶעבְּט, אָדֶער טַאקִי וִויא אַמוּטֶער אַרֶעכְטֶע קְלוּגֶע מוּטֶער וָואס וֵויים אִירֶע קִינְדֶר צוּ עֶרְצִיהֶען. מִיר הָאבִּן זִיךְ דַיינֶע טְרֶערֶען, בַּייא) מַיין אַוֶועק פָארִין פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְץ, אַלְץ וָואס אִיךְ גִידֵיינְק אוּנ וָואס אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְגֶעסֶן הָאבִּין מִיר זִיךְ פָאר גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ נָאךְ דָאס אַלְץ מִיט וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר בֶּעדַאנְקְט? אִיךְ גֶעפִין אִין מַיין גַאנְצֶע אָבְּגֶעלֶעבְּטֶע צַייט נָאךְ נִיט אַהָאר, נִיט אֵיין זַאךְ מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר

בעצאלט

גוּפָא — וָאס עֶר זֶעהְט נִיט דֶעם נָאכְגֶעהֶענְדֶען אוּנְגְלִיק — אִיז נִיט דֶער גְרֶעסְטֶער גְלִיק ? וָוארוּם, וֶוען מִיר וָואלְטֶען זֶעהֶן אִין אוּנְזֶר פְרֵייד, דֶעם טְרוֹיעֶר וָואס לִיגְט אִין אִים, אָדֶער וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן אִים, וָואלְטִין מִיר זִיךְ נִיט פְרֵייעֶן, אוּנ קֵיינֶער וָואלְט דַארִיבֶּער נִיט גְלִיקְלִיךְ זַיין ! וֶוען אוּנְזֶער יוֹסֵף וָואלְט גִיעֶפֶענְט דִיא אוֹיגֶען אוּנ אַקוּק גֶעטָאן . וָואס עֶס פְלֶעכְט זִיךְ אוּנ וֶועבְּט זִיךְ פַאר אִים אִין דֶער אַנְדֶערֶער שְׁטוּבּ, וָואלְט עֶר גֶעוִויס אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס עֶר הָאט אִין דֶער פְרִיא גָאט גֶעדַאנְקְט פַאר וָואס עֶר טוּט מִיט אִים חֶסֶד . וָואס עֶר הָאט אִים אַרֵיין גֶעפִיהְרְט אִין אַזוֹ מֶענְטְשֶׁען פְרֵיינְדְלִיכֶע פַאמִילְיֶע, בֶּעסֶר גִיבֶּעטִין, מִיט טְרֶערִין גִיבֶּעטִין גָאט, עֶר זָאל אִים אַרוֹיס פִירְן פוּן דַאגֶען, וִויא לַאנְג עֶס אִיז נָאךְ צַייט, עֶר אָבֶּער גִישְׁט חוֹשֵׁד צוּ זַיין וָואס דָא קֶען זִיךְ גָאר טָאן מִיט אִים אִיז זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גִיוֶועזֶען, אוּנ אַשֶׁבַח אָבְּגֶעגֶעבִּין צוּא זַיין לִיבֶּען נָאמֶען פַאר דָאס גוּטְס וָואס עֶר צַייגְט אִים, מִיר דַארְפִין אוֹיךְ קֵיינֶע אַכְזָרִים זַיין אִים אוֹיפְצוּרֵייסִין דִי אוֹיגֶן פַר דֶער צַייט, לָאמִיר אִים לָאזֶן גְלִיקְלִיךְ זַיין וִויא לַאנְג עֶר אִיז דָאס נָאךְ ! • • •

שְׁנֵייאֶרְס שְׁוָואגֶער, פַאר וֶועלְכִין יוֹסֵף הָאט זִיךְ אָנְפַאנְגְס כִּמְעַט גִישְׁרָאקֶן, הָאט זִיךְ גֶעגֶין אִים גִישְׁטֶעלְט זַייעֶר פְרֵיינְדְלִיךְ אַז עֶר אִיז מִיט אִים אִין אַיין שְׁטוּבּ גִיוֶועזֶען, עֶר פְלֶעגְט מִיט אִים זַייעֶר אָפְט רֵיידִין פוּן בִּילְדוּנְג נִיט וִויא מִיט אַיין יְשִׁיבָה בָּחוּר, וָוארוּם עֶר הָאט דֶער קֶענְט אִים, אַז עֶר הָאט אַיין יְדִיעָה אִין אִיסְטָארְיֶע, אִיבֶּר הוֹיפְּט, אִין דֶער אִידֶעשֶׁר אִיסְטָארְיֶע וָואס עֶר . דֶער שְׁוַוארְצֶער הָאט קֵיין אָנְהוֹיבּ דַארִין גִיוואוּסְט, דָאס יוֹסֵף הָאט אַגְרוֹיסֶע יְדִיעָה אִין תנ"ךְ אוּנ שְׁרַייבְּט שִׁירִים אִין לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ וָואס מֶען דַארְף נִיט בֶּעסֶר; דָאס עֶר וֵויס אַוֶועלְם . וֵויס יְדִיעוֹת פוּן דֶער נַאטוּר . וָואס פוּן דֶעם אַלְץ הָאט עֶר בִּיז אִיצְט נִיט גִיהֶערְט אוּנ נִיט גִיוואוּסְט, עֶר הָאט אַקוּק גִיטָאן עֶר קֶען זִיךְ פוּן אִים עֶפֶּעס לֶערְנֶען, וֶוערִין אַמְשֻׁלָּם, וִויא עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער מִיט לַאנְג בֶּערִימְט, חָאטְשֶׁע עֶר הָאט גָאר נִיט גִיקֶענְט, הָאט עֶר אִים אָנְגֶעהוֹיבֶּן צוּ נֶעמֶען צוּא זִיךְ אִין חֶדֶר אוּנ אָבְּזִיצֶען מִיט אִים גַאנְצֶע אָוֶוענְדֶען, אִים אָבּ גֶעבִּין כָּבוֹד פַאר זַיינֶע יְדִיעוֹת אִין דֶער צַייט וָואס עֶר אִיז בַּייא אִים גִיוֶועזֶען, וָואס דָאס אִיז יוֹסֵפִין אִיבֶּרִיגְס נִיט גֶעפֶעלִין; אוּנְטֶער דִי אוֹיגֶן הָאט עֶר אִים קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען גִירוּפִין וִויא "בַּטְלָן", אָט דֶער "אָרֶעם בָּחוּר" עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אַזוֹ עֶר פְלֶעגְט אִים דַארְפִין אַרוּף טָאן, פְלֶעגְט עֶר אוֹיךְ אַגִישְׁרֵייא טָאן "בַּטְלָן, זַייא מוֹחֵל ! " אוּנ פְלֶעגְט אִים בַּאלְד אוּם עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג בֶּעטִין, פַאר וָואס עֶר הָאט אִים גִירוּפִין אַזוֹ — "אִיךְ בִּין חָלִילָה נִיט אוֹיסִין דִיךְ צוּ אַבִּידְזֵייעֶן דֶער מִיט" . פְלֶעגְט עֶר זָאגִין, "אִיךְ הָאבּ נָאר אַזוֹ דַיין נָאמֶען פֶערְגֶעסִין" — זָאגְט מִיר לִיבֶּר פְרֵיינְט, נִיט נֶעמְט נָאר פַאר אוּנְגוּט—הָאט אַמָאל יוֹסֵף אִים גִיעֶנְטְפֶערְט . אַז אִים אִיז שׁוֹין מְאוּס אוּנ מָאוּס גִיוָוארִין זַיין שְׁטֶענְדִיגֶע מְחִילָה בֶּעטִין . "זָאגְט מִיר, וָואס אִיז אַייגֶענְטְלִיךְ דֶער טַייטְשׁ פוּן בַּטְלָן ? פַאר וָואס וִילְט אִיר אַז אִיךְ זָאל זִיךְ דֶער מִיט שֶׁעמֶען ? אִיז אַחַרְפָּה, אַז אֵייטֶר פָארְט אַוֶועק אִין דֶער פְרֶעמְד לֶערְנֶען ? בַּייא אוּנְז אִיז אַיין בְּזָיוֹן אַקְרֶעצִיגֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר . אָבֶּער אַיין יְשִׁיבָה בָּחוּר נִיט אַקְרֶעצִיגֶער אַמֶענְטְשׁ מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט פִיל

מִיטְצִיג, הָאט זִיךְ נִיט וָואס צוּ שֶׁעמֶן, אַז עֶר אִיז נִיט רַייךְ אוּנ קֶען קַיין קְוָואטִיר דִינְגֶען אוּנ מוּז זִיךְ נֶעבִּיךְ אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוֹיפְהַאלְטִין, זָאגְט מִיר, וָואס דֶען זָאל טָאן אַאָרֶעם קִינְד, וָואס זַיינֶע עֶלְטֶרִין וִוילִין דוּרְךְ אוֹיס עֶר זָאל זַיין אַלַמְדָן? הָאט עֶר עֶפֶּעס בַּייא אוּנְז אִידִין אַנְדֶערֶע תַּכְלִיתִים? גְלוֹיבְּט מִיר, בַּייא מִיר קוּמְט אוֹיס אַסַךְ אַנְדֶערֶע זַאכִין וָואס נִיט אִיצְט אִיז דִי צַייט צוּ רֵיידִין וֶוענִין זַייא, אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין נָאר אֵיינְפַּאךְ, בַּייא מִיר קוּמְט בֶּעסֶער אוֹיס, אַז אִיךְ וָואלְט הָאבִּין הַיינְט אַקִינְד, אַזוֹ וִויא מַיינֶע עֶלְטֶרְן הָאבִּן וּמִיךְ אִין זַייעֶר בְּיֶעדְנֶע אַבְּסְטֶעיַאטֶעלְסְטְוָוא (אָרֶמֶע לַאגֶע) וָואלְט אִיךְ אִים בֶּעסֶר צוּ אַיין בַּעַל מְלָאכָה אַוֶועק גֶעבִּין, אֵיידָער צוּ דַיין אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר, אָבֶּר וָואס הֶעלְפְט עֶס. נִיט אַלֶע הָאבִּין אַיין שֵׂכֶל, זָאל אִיךְ מַיינֶע עֶלְטֶערִין לְעֶבֶּעדִיגֶערְהֵייט אִין דֶער עֶרְד אַרַיין לֵייגִין, אוּנ זִיךְ טָאן וָואס אִיךְ וִויל, וָואס בַּייא מִיר קוּמְט אוֹיס? אִיךְ קֶען עֶס נִיט, גָאט אִיז מַיין עֵדוּת! אוּנ וִויא מֶען זָאגְט: „אִיז מֶען אַסָאלְדַאט דַארְף מֶען קֶענֶען פּוּלְוֶוער שְׁמֶעקֶען„, הָאבּ אִיךְ זִיךְ סַאגְלַאסֶעט צוּ זַיין אַבַּטְלָן, מוּז מִיר אוֹיךְ לִיבּ זַיין דֶער נָאמֶען, אִיךְ בֶּעט אַייךְ. רוּפְט מִיךְ אָן וִויא אַייךְ אִיז בֶּעסֶער. ווִידֶער אַנָאמֶען מַאכְט נָאר נִיט אוֹיס מֶען דַארְף זוּכֶען אַמֶענְטְשֶׁען, אִין מֶענְטְשֶׁען, אָבֶּער נִיט אִין נָאמֶען:

אַזוֹ מֵיינְסְט דוּא, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶר שְׁוַוארְצֶער מִיט אַבֶּעהַאלְטֶענֶע כַּוָונָה אִים אַרָאפּ צוּ וַוארְפֶען, אִיהְם גְלַאט אָן צוּ טָאן שְׁמֶערְצִן גָאר אָן אַפְּרִיצִינֶע (אַאוֹרְזַאבֶע) אַזוֹ מֵיינְסְט דוּא, פְרֶעג אָבֶּער וָואס זָאגִין הַיינְטִיגֶע מֵיידְלֶעךְ: „אַבַּטְלָן פַאר קַיין גֶעלְט נִיט, בֶּעסֶער אִיךְ וַויים וֶועמֶען אֵיידֶער אַבַּטְלָן!„ בַּייא אוּנְז אִיז אַגוּזְמָא אַז אַיין שׁוּסְטֶר נֶעמְט אַבַּטְלָן, גֶעוואוֹנְטְלִיךְ נֶעמְט אַמְלַמֵד פַר זַיין פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהְרִיגֶע טָאכְטֶער אַבַּטְלָן אַמַאן, אוּנ עֶר וֶוערְט אוֹיךְ אַמְלַמֵד וִויא זַיין שְׁוֶוער, וָואס קְרִיגְט מֶען אַזוֹינֶע, וֶועלְכֶעס זוּכִן מֶענְטְשִׁין אִין אַמֶענְטְשִׁין? פְּרוּב זִיךְ אַדְרַבָּה, זָאג אַז דוּ ווִילְסְט אַשִׁידוּךְ טָאן, מִיט וֶועמֶן וֶועט מֶען דִיךְ רֵיידֶען מִיט אַקַצָב, אַשְׁנַיידֶער, אָדֶער אַמְלַמֵד, אוּנ אַז גוּט, וֶועסְט דוּא נֶעמֶען הוּנְדֶערְט רוּבִּיל נְדָן, אוּנ וָואס טוֹיג דָא קֶענְטְשַׁאפְט.

אִיר דַארְפְט וִויסִין זַיין, לִיבֶּר פְּרַיינְט, אַז עֶרְסְטֶענְס הַאלְט אִיךְ פוּן אַשִׁידוּךְ גַאנְץ וַוייט, וָוארוּם מִיר אִיז אִיצְט סַךְ הַכֹּל דִי זִיבֶּעצֶענְטֶע יָאר, ווִידָר בִּין אִיךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ גָאר קַיין בַּטְלָן, אִיךְ פַארְדִין בַּייא אַייעֶר שְׁוֶוער מַיין בְּרוֹיט, אִיךְ לֶעהְרְן בַּייא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ, צוּ דֶען ווַייל אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטִין אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, בִּין אִיךְ דֶער פַאר אַבַּטְלָן גִיוָוארִין? אָבֶּער עֶס מָאג זִיךְ זַיין וִויא עֶס אִיז, אִיךְ שֶׁעם מִיךְ דֶער מִיט נִיט. אוּנ אִיר קֶענְט מִיךְ אָנְרוּפִין בַּטְלָן הָאץ פַאר הוּנְדֶערְט מְנִיָנִים מֶענְטְשִׁין, מִיר מַאכְט דָאס גָאר נִיט אוֹיס

פַאר הוּנְדֶערְט מְנִיָנִים, אָבֶּער נִיט פַאר אַיין מֵיידִיל... הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מִיט אַ מַיין.

יוֹסֵף הָאט דֶעם מַיין רִיכְטִיג נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, עֶר הָאט נָאר גֶעפִיהְלְט אַז דָא לִיגְט גִיפְט, אִים הָאט פֶערְדְרָאסִן בֶּעזָאנְדֶערְס, וָואס רָאזֶע הָאט דָאס גִיהֶערְט, עֶר הָאט זִיךְ גִיסְטַארַאיֶעט פֶערְטֵהיידִיגֶן דִי בַּטְלָנִים, הָאץ עֶר הָאט זַייא אַלַיין פַיינְט

ניהאט

גִיהַאט , וַוייל עֶר הָאט זַייא גִיקֶענְט — אוּנ וַוייל עֶר הָאט גִיקֶענְט זַייעֶר לַאגֶע . אַז זַייא קֶענְן , בַּייא אַזֶעלְכֶע אוּמְשְׁטֶענְדֶע ,נִיט בֶּעסֶר זַיין וִויא זַייא זַייֶען , הָאט עֶר אוֹיף זַייא רַחֲמָנוּת גִיהַאט , אוּנ אִים פְלֶעגְט רֶעכְט קְרַיינְקֶען , אַז עֶר פְלֶעגְט הֶערִין מֶען זִידֶעלְט זַייא — „אִידְעֶן" ! פְלֶעגְט עֶר זָאגְן , דָאס אִיז אַייעֶר צִירוּנְג , דֶער מִיט רִימְט אִיר זִיךְ , אוּנ דַאן פֶערְאַכְט אִיר דָאס אַזוֹ — דָאס זַייֶען דַיינֶע קָרְבָּנוֹת , קַאלְעצְטֶע מֶענְטְשְׁן , חַאראַקְטֶערְלָאזֶע מֶענְטְשְׁן , שְׁנָארֶער , אוּנ חֲנֵפִים , נָאר וֶוער אִיז דַארִין שׁוּלְדִיג אוֹיבּ נִיט דוּא אַלֵיין , דוּא אַלֵיין מַיין לִיבּ פָאלְק מַאכְסְט זִיךְ דִיא וואוּנְדְן אוּנ זוּכְסְט אֲפִילוּ קֵיין פְלַאסְטֶער נִיט — דוּא אַלֵיין שְׁמִירְסְט אַיין דַיין פָּנִים אִין רוּס , אִין קוֹיט , אוּנ לַאכְסְט דֶער נָאךְ פוּן זִיךְ אַלֵיין .

אָ , אַז מֶען וָואלְט דִיר אַשְׁפִּיגֶעל פָארְשְׁטֶעלִין , אוּנ וָואלְסְט זֶעהֶן דַיין רִיכְטִיגִין פָּנִים , וָואלְסְט דוּא זִיךְ אֶפְשַׁר נִיט עֶרְקֶענֶען ! —

יוֹסֵף הָאט אַטַאגֶע בּוּךְ גִישְׁרִיבְּן . אַלֶע גִידַאנְקֶען וָואס זַיינֶען אִים טֶעגְלִיךְ פָארְגִיקוּמֶען , אַלְץ נָאר וָואס הָאט אוֹיף אִים אַיין אָנְדֵייקוּנְג גִימַאכְט , אִיז בַּייא אִים פֶערְשְׁרִיבֶּען גִיוֶוען , אוּנ וִויא הָאט עֶר זִיךְ גִיוואוּנְדֶערְט , אַז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶן , אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער , אָדֶר דֶער שְׁוָואגֶער שְׁנֵייאֶרְס , הָאט אִים אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ פֶערְפָאלְגֶען — „עֶס אִיז נִיט אוּמְזִיסְט , הָאט עֶר זִיךְ גִיזָאגְט" — וָואס קֶען עֶר מוֹרָא הָאבִּין אָדֶער מִיר חוֹשֵׁד זַיין ? דֶער פַאר ? . . .

אָ אַטָעוּת מַיין פְרַיינְד , אִיךְ קֶען זִיךְ אוּנ בִּין גִינוּג אָבְגִיהִיט , נָאר טָאמֶער וַוייס עֶר מֶעהְר פַאר מִיר , טָא וָואס בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג . אוּנ וָואס שַׁאדֶעט דָאס אִים ?

דֶער שְׁוַוארְצֶר , וִויא מִיר רוּפְן אִים אָן . הָאט אַייגֶענְטְלִיךְ גְהֵייסְן משֶׁה שְׁנֵייאֶר , צְוֵייא נֶעמֶן , זַיין שְׁוַוארְצֶע וִויא אַמוּרִין גִיזִיכְט , הָאט גִימַאכְט אַז יֶעדֶער נַייעֶר מֶענְטְשׁ וָואס הָאט אִים נָאךְ מִיט זַיינֶע צְוֵייא נֶעמֶן נִיט גִיקָאנְט , וָואס בַּייא זַייא אִין אַיינְפָאר הוֹיז הָאט דָאס אָפְט גִיטְרָאפְן , הָאט אִים גִירוּפְן „שְׁוַוארְצֶער" „אָט דֶער שְׁוַוארְצֶער יוּנְגֶער מַאנְצִיג" אוּנ פוּן גִיוואוֹנְהַייט ,נֶענֶען' מִיר אִים אוֹיךְ אַזוֹי . —

דֶער שְׁוֶוער זַיינֶער הָאט אִים גִינוּמֶען אַהוֹילֶען אִינְגֶעל מֶער נִיט וַוייל מֶען הָאט גִיזָאגְט „עֶר קֶען לֶערְנֶען" , מֶען הָאט אִים בֶּעקְלֵייט אוּנ בֶּענֵייט פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִּיס , גֶעשָׁאטֶען פַאר אִיטְלִיכֶען בְּרִיבֶעלֶע זַיינֶעם , —וָואס הָאט אִים אֵייגֶענְטְלִיךְ אַלֶעהֶרֶער דִי צָארְנָאוָואיֶע (פָארְשְׁרִיפְט) אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען — מִיט גָאלְד , דִיא כַּלָּה זַיינֶע , אַמֵיידֶעל מִיט זַייעֶר אַשְׁטִילֶען הַאראַקְטֶער , אוּנ נָאךְ אַבִּיסִיל נִיט קְלוּג אָדֶער אַלְט מָאדִישׁ , הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט גָאר אַרוֹיס צוּ זָאגֶען , אִיהְר אִינְגִיגְסְטֶען גֶעפִּיל , אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְקוֹיפְט פַאר אַשַׁאנְד אִין פָּנִים . אִיבְּרִיגֶענְס הָאבִּין מִיר אִיר הַארְץ נִיט גֶעמָאסְטֶען , וִויא זִיא אִיז מִיט אִים אִיצְט וַוייס זִיא , אוּנ אִיהְרֶע וואוּנְדֶען טְרָאגְט זִיא אַלֵיין ! — שׁוֹין דְרַייא יָאהְר נָאךְ זַייעֶר מַזְלְדִיגֶע חֲתוּנָה , דֶער שְׁוַוארְצֶער הָאט זִיךְ אַרַיין גֶעמַאכְט אִין שְׁטוּב אוּנ הָאט וִויא אַפּוּקְס , גֶעוואוּקְסְט וִויא גֶעפֶעלֶען צוּ וָוערֶען שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִויגֶער , דֶער שְׁוֶוער אָדֶער פְרִידְמַאן , אַזוֹ אִיז עֶר מִיט דֶעם נָאמֶן אוּמֶעטוּם בֶּעקַאנְט גִיוֶועזֶען , אִיז שׁוֹין גִיוֶועזֶען אַיין עֶלְטֶערֶער אִיד , אוּנ אִים זַייֶען זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטִין אוּנ נָאךְ דִי בִּיזֶער פִיהְרֶע צוּ שְׁוֶוער גִיוֶוען

אויך וִויא שַׁבָּת, אוּנ מִיר! אָפִּילוּ אוּם שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב מוּז אִיךְ זִיצִין אוּנ הִיטִין
דִיא שֵׁיינְקֶערִין, וָואס מֶען נֶעמְט כְּלוֹמֶרְשְׁט פוּן לַייטֶענְס וֶועגִין, פַאר אִיטְלִיכִין
קֶעלֶעסִיקֶעל (גְלֶעזֶעל) בְּרַאנְפִין וָואס דִיא מַאמֶע פַארְקוֹיפְט אַלַיין זָאל מִיר, רִבּוֹנוֹ
שֶׁל עוֹלָם, גָאט אַזוֹא פִיל גִיזוּנְטֶע מַזָלְדִיגֶע יָארִין גֶעבִּין, דָאס אִיז בַּייא אִיר קַיין
עֲבֵרָה, אוּנ אַז מֶען כְּרֶענֶעלְט דִי פִישְׁלֶעךְ אוּם שַׁבָּת גֵייט זִיא נִיט אִיבֶּערְקֶערִין?
גֶעמְט זִיא אַלַיין נִיט מִיטִין הַאנְט אַרוּנְטֶער פוּן פַייעֶר? דָאס מָאג מֶען אַלְץ! נָאר גַיין
שְׁפַּאצִירִין, אָדֶער עֶס זָאל דִיא בַּייזֶע שָׁעָה וֶורַנֶע נִיט זַיין אוֹיס רֵיידִין אַוָואקְט מִיט
אַבָּחוּר, אִיז דִי גְרֶעסְטֶע עֲבֵרָה! רַאכְט זִיךְ אַרוֹיס נֶעמֶען פוּן אַיין אָרֶעמֶען אוֹיס
גִידִינְטִין סָאלְדַאטְס קֶעסֶענֶע זַיין בַּייטֶעלֶע מִיט גֶעלְט, מִיט זַיינֶע פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג
בְּלוּטִיגֶע רוּבֶּעלְס, וָואס עֶר הָאט צוּא זַאמֶען נִיקְלִיבִּין, וַוייא אִיז צוּ מִיר, אַז פוּן
אַזֶעלְכֶע גִירוֹיבְּטֶע נֶעגַזָלְטֶע גֶעלְט, לַייגְט מֶען מִיר מַיין נַדָן!

גֵיין מַאמִינְקֶע! אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט פוּן וֶועמֶען צוּא לֶערְנֶען, אָבֶּער וָואס זָאל
אִיךְ טָאן, דֶער וַוייל‏ֶע הַאלְסְט דוּא דִיא וָואסְקֶעס מִיטִין בַּייטְשׁ אִין הַאנְט אוּנ
קִירֶעוֶועסְט אוּנ טְרַייבְּסְט מִיךְ אוּנ אַלֶע דַיינֶע קִינְדֶער וואוּ דַיין הַארְץ גִילוּסְט.
אִיךְ הָאבּ אָבֶּער מוֹרָא דָאס וֶועט נִיט לַאנְג גִיוֶוערִין. עֶפֶּעס דִי לֶעצְטֶע צַייט, הָאט
זִיא אַזוֹ פִיל אֶנְגִיצוֹינְדִין דִיא סְטְרוּנֶע, אַז עֶס מוּז בַּאלְד לָאפְּנֶען (פְּלַאצֶען), אִיךְ
בַּייא נָאךְ הַיינְט אִין שְׁטָאט אוּנ לָאז זִיךְ מַאכִין אַפַּאסְטֶערֶקֶע אוּנ קוֹיף זִיךְ הַאנְד
שׁוּה אוּנ אַזָאנְטִיק, אוּנ אוֹיךְ וֶוערִין אַמֶענְץ מִיט מֶענְטְצִין גְלַייךְ, אַי וָואס, בַּאלְד
דִי חֲתוּנָה מַיינֶע? נָאךְ נִיט אַזוֹ גִיךְ נֶעמְטזֶער מִיךְ, וַוארְט אַקָארְכְט אַוַוייל‏ֶע! נָאךְ
נִיט אַיין וַואסֶער וֶועט אַרִיבֶּער, בִּיז וַואנֶען אִיךְ וֶועל נֶעמֶען אַזוֹ אַגְרָאבִּין יוּנְג, אַזוֹ
אַבּוּר, הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גִיהֶערְט וִויא עֶר הָאט דִי בְּרָכָה נִיט גִיקֶענְט, אַז מֶען
הָאט אִים אוֹיפְגֶערוּפִין פֶּסַח בַּייא נָאלְדֶען אִין מִנְיָן? אָבֶּער יוֹסַפְּקֶע, וִויא שֵׁיין הָאט
עֶר גִילַייעֶנְט מַפְטִיר, אַז עֶס אִיז טַאקֶע גִיוֶוען אַחִיוּת צוּא הֶערִין, רָאזֶע הָאט
גִיקְוָואלִין אוּנ רוּחָמֶקֶע — דָאס אִיז עֶפֶּעס אַקְלוּג קִינְד וִויא נִיט נָאךְ אִירֶע יָארֶען
נָאךְ — זִיא הָאט פוּן מִיר אַיין אוֹיג נִיט אַרָאפּ גִינוּמֶען, אַזוֹ וִויא זִיא וָואלְט גִיוֶועלְט
זָאגִין: זֶעסְט דַיין חָתָן קֶען אֲפִילוּ דִי בְּרָכָה אוֹיךְ נִיט מַאכִין, אוּנ אוּנְזֶער יוֹסַפְּקֶע
לֵייעֶנְט אַזוֹ שֵׁיין מַפְטִיר אַז אַלֶע הִדוּשִׁין זִיךְ, אִיךְ וַוייס טַאקִי, אַז אַיין גָאט הָאט
מִיר גִימָאנְט עֶנְטְפֶערִין דַאמָאלְס, אִין מַיינֶע לַיידִין! — וִויא גְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ
גִיוֶוען פֶּסַח, אַז אִיךְ פְלֶעג אַמָאל קֶענֶען זִיךְ אָפּ רַייסִין פוּן שֵׁיינְק, אוּנ קוּמֶען הֶערִין
יוֹסַפְּס רֵייד, וָואס פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג רֵיידִין וֶועגִין טוֹיזֶענְט רָאזֶנֶע זַאכִין, אַז עֶס
אִיז אַפֶּערְגֶעניגֶען צוּ הֶערִין, זִיא אָבֶּער הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט אַקֶער טָאן אוּנ אָנְפִירִין
אַנַאנְצִין רְכִילוּת, וָואס נִיט גִישְׁטוֹיגֶען אוּנ נִיפְלוֹיגִין, אוּנ מִיר אִיבֶּער גִיוַואלְד בְּרוֹגֶז
גִימַאכְט מִיט אַזוֹ אַטַייעֶרֶע גִיזִינְד, וָואס הָאט זִיא צוּ זַייא? זָאל אִיךְ קַיין בַּייז נִיט
וִויסִין וִויא אִיךְ וַוייס נִיט וָואס טְרַאכְט זִיא זִיךְ פָארְט? נֵיין, אִיךְ מוּז זַייא שְׁרַייבִּין
אַבְּרִיבֶעלֶע, אַז אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג אוּנ וַוייס נִיט פוּן וָואס צוּא זָאגֶען, פוּן דֶעם
גַאנְצֶען קְרִיג וואס דִיא מַאמֶע הָאט אָנְגֶעמַאכְט. אוּנ זַייא בֶּעוַוייזֶען אַז אִיךְ אוּנ
דִיא מַאמֶע, זַיינֶען נָאר צְוַוייא בֶּעזוּנְדֶערֶע נַאטוּרֶען, אִיךְ וַוייס אֲפִילוּ נִיט וִויא
ווֶעל

ווערל אִיךְ דָאס שְׁרַייבֶּען , בַּייא וָועמֶען בֶּעט מֶען אַ אוֹפִּיר אוֹיף שְׁרַייבֶּען ? אִיךְ וַוייס אַז עֶס וִועט זַיין אִין מַיין בְּרִיף מֶער גְרַייזֶען וִויא וֶוערְטֶער , אָפֶּער נִישְׁקְשָׁה זַייא ווֶעלֶען דָר פוּן נִיט לַאכֶען , זַייא זַיינֶען נִיט אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשֶׁען אָפּ צוּ מַאכֶן חוֹזֶק פוּן דֶעם אַנְדֶערְן · אוּנ יוֹסֵף פַארְשְׁטֵייט אַז אִיךְ קֶען נִיט בֶּעסֶער קֶענֶען , וֶוער וַוייס עֶר הַאלְט מִיר אֶפְשַׁר גָאר פַאר אַקוּכַארְקֶע ? פִּינְצְטֶער אִיז מִיר מַיינֶע טָעג אוּנ יָארְן ! אָט וָואס אַמַאמֶע קֶען מַאכֶען פוּן אִיהְרֶע אַקִינְד !! פַאר דִיר גָאר רָאזֶע טְהַייעֶרֶע , וָואלְט אִיךְ וֶועלֶען אוֹיסְגִיסֶען מַיין הַארְץ , בֶּעוַוייזֶען דִיר אַלֶע מַיינֶע וואוּנְדֶען , וָואס אִיךְ טְרָאג פוּן מַיין אַייגֶענֶער מַאמֶען , וָואס הָאט מִיךְ גִיטְרָאגִין אוּנ גִיזוֹיגֶען , מִיךְ אוֹיס צוּ הָאדֶעוֶוען פַאר אִיר אַדִינְסְט , אָט אוֹיף וָואס מַאמֶעס הָאבֶּען קִינְדֶער !!

פַייגֶע אִיז נָאךְ אַלְץ גִישְׁטַאנֶען בַּיין פֶענְסְטֶער אוּנ גִיקְלֶערְט אוּנ גִיטְרַאכְט , אַזֶעלְכֶע אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע פֶערְשַׁיידֶענֶע גִידַאנְקֶען , אוּנ צוּם סוֹף זִיךְ אַזוֹ פֶערְטְרַאכְט , אַז זִיא הָאט אַלֵיין נִיט גוּט גִיפִילְט וָואס זִיא הָאט גִיטְרַאכְט , בִּיז דֶער עֶרְסְטֶער בְּלִיטְץ הָאט זִיא אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן אִיר חָלוֹמֶען אוּנ זִיא הָאט נָאךְ אוֹסְפֶּעיֶעט צוּ צוּ לוֹיפִין צוּם פְּרִילַאוָואק אֵיידֶער דִי מוּטֶער אִיז אַרַיין צוּרִיק אִין שְׁטוּבּ · —

שְׁטֶערְנֶע גוּטֶע , הָאט פַארְקַאסֶערְט דִיא קְלֵייד אִיבֶּערְן קָאפּ אוּנ זִיךְ גִילָאזְט לוֹיפִין , עֶס זָאל אִיר נִיט חַאפִּין דֶער רֶעגֶען , אָבֶּער אִיר נִיט גִישִׁיקְלִיכְקֵייט צוּם לוֹיפִין , אוּנ אִיר כַּוָונָה אֶפְשַׁר , הָאט אִיר גְרַאד מִיד גִימַאכְט , וִויא זִיא אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּא גָאלְדֶעס שְׁטוּבּ , דִי סְטְרַאפְּצִיכֶע הָאט אַרוּנְטֶער גִימַאכְט דִיא קְלֵייד פוּן קָאפּ אוּנ אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּ גָאלְדִין אִין שְׁטוּבּ , אוּנ הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן אַפִּין פִּישְׁטִיךְ :

גוּט מָארְגִין אַייךְ ! גָאלְדִינְקֶע , וָואס זָאגְט אִיר צוּא אַזוֹ אַשְׁלַאקְס רֶעגִין ? אַיי הְלֶעבִּין , גָאט אִיז אוֹיךְ אַ צוּ לְהַכְעִיסְנִיק , אָט גְרָאד אִיצְט וֶוען מֶען הָאט קֵיין צֵייט נִיט , וֶוען מֶען דַארְף לוֹיפִין אִין אַפְּטֵייק פַאר אַחוֹלֶה מְסוּכָּן , מַאכְט עֶר אַרֶעגִין , אוּנ טוּא זִיךְ עֶפֶּעס וָואס , דָארְטִין לִיגְט אַטוֹיטֶע לָמוּתֶע , אוֹיפִּין בֶּעט , וָואס יֶעדֶער מִינוּט אִיז בַּייא אִיר אַיָאר , אוּנ הֶעלְף זִיךְ ! אַפַייֶער אִיז מִיר , אִיז גָאר מֶעגְלִיךְ צוּ גֵיין אִין אַזוֹ אַשְׁטְרָאם רֶעגִין ? עֶס גִיסְט דָאךְ וִויא מִיט עֶמֶער , אוּנ וָואסֶערֶע דוּנֶערְן אוּנ בְּלִיטְצֶען , עֶס פַאלְט אַיין דָאס הַארְץ פַאר שְׁרֶעק ! אוֹיף פוּסְטֶע פֶעלְדֶער אוֹיף וִויסְטֶע וֶועלְדֶר , הֵיילִיגֶר פָאטֶר ! הָאט שְׁטֶערְנֶע גוּטֶע אַגִישְׁרַייא גִיטָאן אַז עֶס הָאט גִיטָאן פְּלוּצְלִיךְ אַדוּנֶער אַז עֶס הָאבִּין דִי פֶענְצְטֶער גִיצִיטֶערְט :

מַיינֶע קִינְדֶער ! מַיינֶע קִינְדֶער ! הָאט גִישְׁרִיעֶן גָאלְדֶע , מִיט שְׁמֶערְצִין , גָאט וַוייס וואוּ זַייא זַיינֶען אִיצְט , רַבֵּינוּ שֶׁל עוֹלָם טוּא חֶסֶד מִיט זַייא , בֶּעהִיט זַייא פוּן אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע בַּאגֶעגֶענֶעס , פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין · פוּן בַּייזֶע הִינְט , פוּן שְׁטוּרִים וִוינְטִין , אוּנ פוּן רֶעגִין !

דָאס זַיינֶען אַייעֶרֶע קִינְדֶר גִיוָוען ! גָאלְדִינְקֶע · אָט וָואס אִיךְ הָאבּ דָא נִיט לַאנְג בַּאגֶעגֶענְט ! אִיךְ הָאבּ אַייעֶר רָאזֶקֶען אוּנ רוּחָמֶקֶען שִׁיר נִיט דֶער קֶענְט , זַייא לוֹיכְטִין וִויא דִיא לִיכְטִיגֶע זוּן אִין הִימִיל , אָן אַעַיִן הָרָע , אָן אַבַּייז אוֹיג · אִין אַגוּטֶע שָׁעָה צוּ רֵיידֶען , אִין אַבַּייזֶע שָׁעָה צוּ שְׁוַוייגִין , אִיךְ הָאבּ שוֹין - אָר זִיךְ אַלֵיין

איבר

איבֶּר נִירָעט ; אָט זַיינֶען בְּרִילְיַאנְטָען , וִויא שֵׁיין וִויא גוּט , אַכְּלַל אִין אַלְץ , טַאקִי אִין אַלְץ גִירָאטִין , גִיפִינְט מֶען נָאר אִין דָער גַאנְצֶער מְדִינָה אַזוֹ בִּילְד שֵׁיינֶע וִויא אַייעֶר רָאזְקֶע אִיז ? זָאל אִיר קֵיין בֵּייז אוֹיג נִיט שַׁאטֶען , וָואס דָאס אִיז פַאר אַטַייעָרֶע קִינְד , מֶען דַארְף נָאר אוֹיף אִיר אַיין מֵבִין זַיין , הָלֶעבִּין אִיר וָועט דָאךְ קֵיין פַארְאִיבֶּעל הָאבִּין , דָאס אִיז אֲפִילוּ נִיט מַיין זַאךְ , אָבֶּער פָּארְט זַיינֶען מִיר דָאךְ אַייגֶענֶע אוּנ בְּלוּט אִיז פָּארְט קֵיין וַואסֶער נִיט , אִיר וַוייסְט , אַז אַייעֶר פָאטֶערְס שְׁווִיגֶערְס שְׁוֶועסְטֶערְס בְּרוּדֶער , אִיז גִיוֶוען מִיט מַיין עֶלְטֶער זֵיידָעס מְחוּתָּנְס אַשְׁוֶועסְטֶער , לַייבְּלִיכֶע שֵׁיינָע בַּאשֵׁיינְס1) נָאךְ דֶעם רֶעכֶענוּנְג קוּמְט אוֹיס אַז מִיר זַיינֶען גָאר נָאהֶענְטֶע קְרוֹבִים , אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט זָאגִין צוּ שְׁוֶועסְטֶער קִינְדֶער צוּ גְלִיד שְׁוֶועסְטֶער קִינְדֶר , מַיין יִשְׂרָאֵל וַוייס אָט אַזֶעלְכֶע קְרוֹבִים צוּ זַאמֶען צוּ רֶעכֶענֶען אִין אַמִינוּט קֶערֶעפַאיָען2) , אַז אִיךְ זָאג אַייךְ , זַיין קָאפּ אִיז אַיין גְאוֹנֶעסֶע קָאפּ , עֶר אִיז נָאךְ מֶער לַייט פַר דֶעם גְרֶעסְטִין עִלוּי , אִיךְ שֶׁעם זִיךְ גָאר אוֹיס צוּ זָאגִין , אָבֶּער אַחֲרָפָּה אָן אַזַייט וַוייסְט אִיר , עֶר קֶען מַיין אַלְטִין אַפְרֶעג טָאן אַיין קַשְׁיָא אַז עֶר בְּלַייבְּט שְׁטֵיין , אוּנ וַוייס אַנְטְקֶעגִין אִים נִיט וָוער עֶס הָאט אִים בֶּעטֶערְכֶעט , אָט וֶועמֶען גָאט בֶּענְשְׁט מִיט גְדוּלָה אוּנ וָועמֶן מִיט תּוֹרָה . אוּנ אַז דוּרְךְ זַיין רָצוֹן טוּט עֶר דָאס אַלֶעס , פַאר וָואס טַאקִי , זָאל עֶר דָאס נִיט צוּ זַאמֶן פִירִין אִין אֵיינֶעם ? נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גִיוָואלְט זָאגִין , וָועט אִיר מִיר גְלוֹיבִּין מֶען וָוערְט גָאר אוֹיף דָר עֶלְטֶער אוֹיסְגִיוֶועבְּט . דֶער זִכָּרוֹן וֶוערְט שְׁוַואכֶער , אוּנ מֶען וַוייס צַייטֶענְוַוייס אַלַיין נִיט וָואס מֶען רֶעט , יַא הָלֶעבִּין אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָר מָאנְט , וַוייסְט אִיר , אַז עֶס אִיז מִיר אַוואוּנְדֶר אוֹיף אַייךְ , אַז אִיר וִוילְט טָאן פַר אַייעָר רָאזְקֶען מִיט אַדָאקְטֶערְס אַזוּן דֶער פָאטֶער אִיז אֲפִילוּ זַייעֶר אַיין עֶרְלִיכֶער אִיד , אָבֶּער וַוייסְט אִיר וָואס מַיין אַלְטֶער הָאט גִיזָאגְט , אַז עֶר הָאט דֶער הֶערְט אַז מֶען רָעט אַייךְ מִיט שְׁלֹמֹה דֶעם דָאקְטֶערְס זוּן , דָאךְ מִיט דֶעם אַלֶמֶען דַאכְט זִיךְ ? אַז דִיא גְמָרָא זָאגְט : אַז טָאף שֶׁעבַּארָאפִּים לְגֵיהִנָם3) דָאס מֵיינְט מֶען אַז דֶער בֶּעסְטֶער אֲפִילוּ פוּן דִיא דָאקְטוֹרִים וֶועלִין אוֹיךְ פֶערְפַאלִין וֶוערִין אִין גֵיהִנָם , אוּנ קֵיין אוֹיסְלַייטֶערֶעס נִיט הָאבִּין , אָט גְרָאד הַיינְט בִּין אִיךְ בַּייא אִים גִיוֶוען , אִיךְ הָאבּ אִים בֶּעדַארְפְט רוּפִין צוּ שָׂרָה דִי אַלְמָנָה , וָואס לִיגְט קְרַאנְק נִיט דָא גִידַאכְט , נִיט אִין קֵיין אִידִישֶׁע שְׁטוּבּ גִידַאכְט שׁוֹין דִי דְרִיטֶע וָואךְ , נִיט פַאר גָאט אוֹיסְגֶערֶעט וָואס אִיךְ הָאבּ צוּא טָאן פַר אִיר , קְלַייבּ צוּ זַאמֶען עֶטְלִיכֶע קָאפִּיקֶעס אוּנ בְּרֵיינְג אִיר אִין שְׁטוּבּ , אַבִּיסֶעלֶע הִינֶרְשֶׁע יוּיךְ , לוֹיף פוּן אִירְטְוֶועגִין אִין אַפְּטֵייק , אִין רֶעגִין אוּנ אִין דוּנֶערִין , אִיךְ מְעֶנֶע נָאר וִויא קֶען אַזוֹא אַגְבִירָה , וָואס אִיז אָנְגֶעשְׁלָאגִין מִיט גֶעלְט , אַרוֹיס גֶעמֶען אַצוּבְּרָאכֶענֶעם צְוַוייעָרֶעל . אוּנ גֶעבִּין אוֹיף אַזוֹ אַגְרוֹיסֶע זַאךְ ? גְוַואלְד פְּרֶעג בַּייא גָאט קַשְׁיוֹת , וָואס גִיט עֶר דִיא גֶעלְט אָט אַזֶעלְכֶע וָואס וַוייסִין זִיךְ גָאר נִיט וִויא צוּ בַּאגֵיין מִיט זַיין הָאבּ אוּנ גוּטְשׁ ? וָואס פֶערְגֶעסֶען גָאר , אַז זַייא זַיינֶען בַּייא גָאט נִיט מֶער וִויא נִבְאִים ? אָט אִיר דַארְפְט גָאר נִיט וַוייט זוּכִין , דְבוֹרָה בַּאסֶע ,

איך

---

1) שְׁנִי בְשֵׁנִי. 2) Двуюродны 3) כהרף עין(אוֹיגֶענְבְּלִיק)'3) טוב שברופאים לגיהנם :

אִיךְ קוּם צוּ אִיר אַ נְדָבָה בֶּעטִין נֶעבִּיךְ , פַאר אִירֶע אַקְרוֹבָה , וָואס לִיגְט אַף
אַטוּיט קְרַאנְקֶע בֶּעט אוּנ פָאבֶּעט שׁוֹין מִיט דֶער נְשָׁמָה , וִויא הָאט מֶען דָאס גָאר
קֵיין גָאט אִין הַארְצִין אוּנ מֶען רוּקְט מִיר אִין הַאנְט אַרֵיין אַצוּבְּרָאכֶענֶעם גְרָאשִׁין ,
אִיךְ בִּין אַייךְ שׁוֹין מוֹחֵל אוֹיף מַיין כָּבוֹד ; וִויא שֶׁעמְט מֶען זִיךְ דָאס גָאר נִיט פַאר
לַייטִין ? וִויא הֵייסְט , אַז אַבְּרֶעמְקֶע דֶער-קַבְּצָן וָואלְט קוּמֶען צוּ אִיר בֶּעטִין אַנְדָבָה ,
הָאט זִיא זִיךְ דָאךְ אוֹיךְ בַּאדַארְפְט שֶׁעמֶען אִים אַזוֹ אַנְדָבָה צוּ גֶעבִּין , אוּנ בִּפְרַט
מִיר , שְׁטֵייטְשׁ מִיר רְאוּבֵן דֶעם הָארִישְׁקֶערְס וַוייבּ , זָאגְט גָאלְדִינְקֶע , אִיר שְׁטַאמְט
דָאךְ אוֹיךְ עֶפֶּעס נִיט פוּן פְּרָאסְטַאקֶעס , גִיפִינְט מֶען גָאר אַזוֹ אַיין אִידִין אִין הַיינְטִיגֶע
דוֹרוֹת , וִויא מַיין מַאן אִיז , אָדֶער וִויא זַיין שְׁוָוער אִיז ? זָאל עֶר הָאבִּין אַלִיכְטִיגִין
גַן עֵדֶן צוּ לַאנְגֶע יָאר אוּנְז , אָט גִינָאסִין בַּייא דֶעם אֱמֶת , זֶעט אִיר אִיךְ זָאג קֵיין
לִיגִין , לַייבְּקֶע קוּם אַהֶער אִיךְ וֶועל דִיר אָבְּצִיהֶען פַארִין אוֹיעֶרְל . מֶען הָאט דָאךְ
גִירֶעט פוּן אַשָׁאבְנָאפֶּער*) נָאר צְוִוישִׁין אוּנְז רֵיידֶענְדִיג , אִיךְ וַוייס דָאךְ , אַז אִיר
וֶועט נִיט דֶער צֵיילִין קֵיינֶעם , עֶס אִיז אַלְץ רֶעכְט , גְוַואלְד , אַיין עוֹלָם אִיז נִיט-קֵיין
גוֹלֶם , מֶען וֵוייס גַאנְץ גוּט פוּן וַואנֶען דְבוֹרָה בַּאסְיע אִיז אוֹיפְגֶעקוּמֶען , עֶס זָאל דָאס
נָאר צְוִוישִׁין אוּנְז בְּלַייבִּין , מֶען זָאגְט אַז נָאךְ עַד הַיוֹם הָאט זִיא צוּ טָאן מִיט דִיא
וַוארִינָאקֶעס , אוּנ זַייא שְׁלֶעפִּין אִיר אִיבֶּער אַלְס , וָואס עֶס מַאכְט זִיךְ זַייא נָאר צוּ
גַנְבֶענֶען , אָט אִיז אַייךְ גַבַּאִיטֶעס אִין בָּתֵי מִדְרָשִׁים , אַיין אֱמֶת מֶעג מֶען דָאךְ זָאגִין
הָאצְבֶּע אוֹיף אַיין אֵייגֶענֶעם טַאטֶען , אִיךְ זָאג אַייךְ אַז אִיךְ הָאבּ אִיר עֶרְסְט אַוֶועק
גִיגֶעבִּין אִיר נָאבּ , אַז זִיא הָאט פַאר מִיר אַייעֶרֶע קִינְדֶר בַּארֶעט , אַזוֹ לַאנְג קְרֵיינְקְט
זִיא וִויא לַאנְג אִיר הָתָן אִיז נָאךְ אַייעֶר שְׁנֵייאֶרְקֶעס אוּנ זַיין רֶבִּינְס פָּאדְמַיָאטִיק נִיט
וֶוערְט ! וָואס זָאל אִיךְ זִיךְ לַייקֶענֶען , מַיין רְאוּבֵן הָאט גִיזָאגְט : אַז מֶען וָואלְט
אָפְּגֶענוּמֶען שְׁנֵייאֶרְקֶן בַּייא אִים אוּנ אַוֶועק גִיגֶעבִּין אַיין אַנְדֶערִין וָואס קֶען נִיט וָואלְט
אִים פַאר דְרִיסֶען , אָבֶּער אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען מַאן אִיז עֶר אוֹיךְ מַסְכִּים , עֶר זָאגְט אַז
עֶר הָאט אַצַאצְקֶעדִיגֶע קֶעפִּיל , אוּנ עֶס וָואלְט נִיט אַרֶען אַז עֶר זָאל לֶערְנֶען אִין
אֵיינֶעם מִיט מַיין יִשְׂרָאֵלִיקֶען , עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס וָואס אַבִּיסִיל אַיין עֶרְגֶערֶער חַבֶר .
דֶער וַוייל וֶוערְט עֶר דָאךְ קְלֶערֶער אִין דֶער גְמָרָא . מַיין יִשְׂרָאֵלְן וָואלְט נִיט אַרֶען
אַז עֶר וָואלְט מִיט אִים דַארְפִּין אַבִּיסִיל צוּא הָארִינָוען , אִין מִיטִין אִיז דָאךְ דָאס
אַגְמִילוּת חֶסֶד אוֹיךְ , נָאר וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ זָאגִין , עֶפִּיס מִיר גִיפֶעלְט נִיט זַיינֶע
גַאנְגֶען , אָט דִי וַוייסֶע הַארְץ , זַיין קוּרְצֶער סוּרְדוּקֶעל , אוּנ וָואס מֵיינְט אִיר לַייטִישֶׁע
צִינְגֶער זָאל זַיי אָבּ גִידַארְט וֶוערִין מֵיינְט אִיר מֶען וֶועט נִיט בַּארֵיידִין , וָואס עֶר גֵייט
שְׁפַּאצִירִין אִין אֵיינֶעם מִיט אַייעֶר רָאזְקֶען ? לַייט הָאבִּין דָאךְ נִיט וָואס צוּ טָאן , אָט
גָאר דִי שֶׁכֵנְטֶע אַייעֶרֶע , אִיךְ מֵיין דְבוֹרָה בַּאסְיען , זִיא הָאט שׁוֹין גִיזָאגְט אַז עֶס
וָואלְט גִיוֶוען אוֹיף אִיר קִינְד , וָואלְט זִיא אִיר דִי פִּיס אוּנְטֶער גִיבְּרָאכִין , אִיךְ כְּדוֹמֶה
לְמָשָׁל , וַוייס גַאנְץ גוּט , אַז אַייעֶרֶע קִינְדֶר זַיינֶען עֶרְלִיכֶע , אָבֶּר פוּן דֶעסְטְוֶועגְן זָאגְט
מֶען אַז מֶען דַארְף זַיין אָפְּגֶעהִיט פוּן גָאט אוּנ פוּן לַייטִין , אָט גָאר שְׁלֹמֹהס זוּן , אִיךְ
מֵיין רָאזְעֶס חָתָן וָואס מֶען רֶעט אִיר , עֶר אִיז דֶער אֶמְתָן דָאךְ אַזֵיידִינְס , פוּן
דעסט

*) שׁוּבֵן עֶפֶּר (זָעלִיגֶער) .

דֶעסְטְ וֶוענְן וָואלְט אִיךְ אִים מַיין קִינְד פַר אַנוִייבּ נִיט גֶעבִּין, וָוארום אַדָאקְטָער, וָוער וַויים וָואס עָר אִיז, הַגַם דֶער רֶבֶּע אַלַיין זָאגְט מֶען הָאט אִים גִיהֵייסִין וֶוערִין אַדָאקְטָר אוּנ זַיין בְּרָכָה אִיז אִים נָאךְ מֶער מַצְלִיחַ פַּאר דִיא גִישְׁטוּטִירְטֶע גִיצִירְטֶע, פוּן דֶעסְטְוֶועגִין, אִיז פָּארְט בֶּעסֶער אַאִינְגֶעל וָואס זִיצְט אוּנ לֶערֶנְט, נִישְׁקָשֶׁה, גָאט הָאט אַייךְ גִיהָאלְפִין, נִיט זַאלֶעוֶועט נָאךְ עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבָּל אוּנ נֶעמְט טַאקֶע פַאר אִיר אַחָתָן אַלַייט, פַר וָואס נִיט, זִיא אִיז דָאס נִיט וֶוערְט ?

מַיינֶע קִינֶדר ! מַיינֶע קִינְדֶער ! הָאט גִישְׁרִיֶען דִיא טְרַייעֶ מוּטֶער, וֶועלְכֶע זִיא הָאט כִּמְעַט אַוָוארְט נִיט גִיהֶערְט פוּן דֶעם גַאנְצִין לַאנֶגֶען רַאזְגַאוָואר, וָואס דִיא קְהִלְסֶע מוּמֶע הָאט אִיר דָא גִידוּרֶעט, בֶּעהִיט זַייא גָאט, אִין דַיין הֵיילִיגִין הִימֶל, גִיט נֶעם דַיין חֶסֶד אַרוּנְטֶער פוּן מַיינֶע רֵיינֶע פְרוּמֶע קִינְדֶער !

דִיא שְׁטְרַאפְּצִיכֶע הָאט נָאךְ וַוייטֶער גִיוָואלְט רֵיידְן, אוּנ אָנְפִירִין אַרַאזְגַאוָואר פוּן דָאס נַייא, אָבֶּר גָאלְדֶע הָאט שׁוֹין נִיט גִיקֶענְט אַיינְזִיצִין אוּנ אִיז אַרוּים גִילָאפִּי צוּם טִיר טָאטֶר וֶועט זִיא זַייא דֶער זֶעהֶן, אִירֶע הֶערְצְלִיכֶע לִיבֶּע קִינְדֶר, זִיא אִיז צוּרִיק אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אוּנ אָנְגֶעגְרֵייט קְלֵיידֶר טָאטֶר וֶועלְן זַייא קוּמֶען פֶּערְנֶעצְטֶי אַהֵיים אוּנ הָאט מַמָּשׁ נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּ טָאן, דִיא שְׁטְרַאפְּצִיכֶע הָאט דָע־ וַויילֶע גִינוּמֶען לֵייבְּקֶען אַפִּין הַאנְט אוּנ גִיפְרֶעגְט :

לֵייבִּיצְקֶע, דִיא מַאמֶע הָאט עֶפֶּעס הָאלְט דֶעם טַאטֶען ?

יָא, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דָאס קִינְד

זִיא שִׁילְט אִים עֶפֶּעס ?

יָא, הָאט עֶר אִיר וִוידֶער גִיעֶנְטְפֶערְט

אוּנ יוֹסֵף קוּסְט עֶפֶּעס רָאזֶען ?

יָא, הָאט וִוידַער גִיעֶנְטְפֶערְט דָאס קִינְד, אָפְּלֶעקֶענְדִיג דִיא שְׁמֶעטֶענֶע פוּן זַיין בֵּייגֶעל

מִיךְ הָאסְטוּ הַאלְט ?

יָא, הָאט עֶר וִוידֶער אַלְס־אַזוֹ־קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט ·

דֶער טַאטֶע הָאט עֶפֶּעס הָאלְט רָאזֶען ?

יַא, הָאט עֶר אַלְס וִוידֶער גִיעֶנְטְפֶערְט ·

אוּנ אַזֶעלְכֶע שַׁאֲלוֹת הָאט דִיא אִידִינֶע בַּייא אִים אִיבֶּער גִיפְרֶעגְט אַז עָס וַואר אַשְׁרֶעק צוּ הֶערִין וָואס דָאס אוּנְוִויסֶענְדֶע קִינְד הָאט אוֹיף אַלְס גִיעֶנְטְפֶערְט זַיין אוּנְבֶּעוואוּסְטֶען „יָא“, אִיר אָבֶּער אִיז דָאס צוּ גִיקוּמֶען שְׁטָאף אוּנ מַאטְרַיָאל גִינוּג צוּ רֵיידִין וָואכִין לַאנְג, מִיר ווִילִין אַייךְ נִיט מִיד מַאכִין, אוּנְזֶערֶע טַייעֶרֶע גֶעפִּיר פָאלֶע לֶעזֶער, וָואס זַייא אִיז שׁוֹין גִיוִויס אִיבֶּער דְרִיסִיג גִיוָוארִין אוּנְזֶר נָאטִיץ גֶעבִּי פוּן אִיר רַאזְגַאוָואר, אוּנ דֶער פַּאר זִיךְ בֶּעסֶר אוּמְקֶערִן צוּ אוּנְזֶער גִישִׁיכְטֶע, אוּי נָאר אִין קִירְצִין דֶער צֵיילִין אַז סְטֶערְנֶע גִיטֶע הָאט אַרוּים גִיטְרָאגִין פוּן רַאנֶעי אַהִיפְּשֶׁע מַטְבֵּעַ, וואס אִיטְלִיכֶער פוּן שְׁטוּבּ הָאט אִיר גִיגֶעבִּין פַאר אִיהְר נוֹטֵחַ לְמוּת־דִיגֶע אַלְמָנָה — מִיר בֶּעטִין אוּנְזֶער גוּטִין לֶעזֶער אוּם פֶערְצַייהוּנְג, וָואס מִיר הָאבִּין אִים פִילַייכְט פוּן גֶעדוּלְד אַרוּים גִיפִירְט מִיט דֶעם לַאנְגֶען רַאזְגַאוָואר, וואס

ענטהאלט

עֶנְטְהַאלְט פַאר אִים , פִילַייכְט , נִיט מֶער וִויא אַ יֶענְטִישֶׁעס גִישְׁפְּרֶעךְ , יַא פְרַיינְד שְׁטֶערְנֶע גוּטֶע אִיז נִיט אַהֶעלְדִין אִין דֶעם רָאמַאן אוּנ נָאךְ אַקְלֶענֶערֶע רָאלֶע פַאר אִיר שְׁפִּילְט דְבוֹרָה בַּאסֶע , מִיר קֶענֶען זַייא אָבֶער נִיט אוֹיסִין לָאזִין , וַוייל אַרוּם אוּנְזֶערֶע גִילִיבְּטֶע רָאשֵׁי הַמְדַבְּרִים דְרֵייעֶן זַייא זִיךְ אוֹיךְ , אוּנ וֶוען אַלֶע מָאל וַוייסְן אַזֶעלְכֶע נִיט צוּ פֶערְרִיכְטִין , הָאפִין מִיר דֶערְנָאךְ , וֶועלִין זַייא דֶעם צְוֶועק פוּן אוּנְזֶר שְׁרַייבִּין נִיט קַיילֶע מַאכִין . דֶען לֵיידֶער , זַיינֶען שְׁטֶערְנֶע גוּטֶעס אוּמֶעטוּם אוּנ וָואדְיֶען זִיךְ אָפְט אָפִילוּ אִין דִיא הוֹיכֶע וּפֶענְסְטֶער . פִילַייכְט וֶועלִין זַייא זִיךְ עֶרְקֶענֶען אוּנ זִיךְ בַּפַאר שֶׁעמֶען פַאר זַייעֶר אֵייגֶענֶע צוּרָה — פִילֵייכְט .

פִילַייכְט . . . נָאר גִינוּג , צוּרִיק צוּם סִפּוּר !

## ו

### יוֹסֵף אוּנ מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר .

חָאץ יוֹסֵף הָאט זִיךְ מִיה גִיגֶעבְּן אַרוֹיס צוּ טְרַייבִּין אַלֶע בִּיטֶערֶע גִידַאנְקֶען אוּנ אַיינְדְרוּק , וָואס מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר הָאט אוֹיף אִים גִימַאכְט , הָאט עֶר פוּן דֶעסְטְוֶועגִין זִיךְ גִישְׁרָאקִין פַאר אִים , זִיךְ זַייעָר בֶּעאוּנְרוּהִיגְט — דֶען עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז יֶענֶער גְרָאבְּט עֶפֶּעס , אַזוֹ פְלֶעגְט עֶר אִים רוּפִין בַּטְלָן אוּנ יוֹסֵף פְלֶעגְט זִיךְ קוֹים דֶער פוּן בַּלֵיידִיגִין , הַיינְט רוּפְט עֶר אִים „יוֹסֵף־קָע” .

„מַיין יוֹסֵף־קָע” אוּנ יוֹסֵף פִילְט מֶער גִיפְט אִין דֶעם נָאמֶען , וִויא זָאנְקְט —

„אָ” , אִיךְ וָואלְט וֶועלִין , אִיךְ וָואלְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ שֶׁעטְצִין , אַז אִיךְ וָואלְט קֶענֶען אִיצְט צוּרִיק קֶערִין זִיךְ צוּ מַיין פְרִיהִירִינֶען שְׁטַאנְד , רוּהִיגְקַייט אוּנ גְלַייךְ גִילְטִיגְקַייט צוּ דֶעם , צוּ יֶענֶ . . . אוּנ חָאץ וֶוערִין צוּרִיק אַבַּטְלָן ! „הָאט יוֹסֵף צוּ זִיךְ גִיזָאגְט

צְוַואר , בִּין אִיךְ דַאמָאלְס אוֹיךְ נִיט רוּהִיג גִיוֶוען . אִין מִיר הָאבִּין גִישְׁטְרִיטֶען פֶערְשִׁידֶענֶע גִידַאנְקֶען , מִיר הָאט פֶערְדְרָאסִין , פַאר וָואס זָאל אִיךְ זֶעהֶן וִויא מַיינֶע יוּנְגֶע יָארִין גֶעהֶן אִין נִיוֶועטְס , וִויא אִיךְ וֶוערוּפֶערְזוּנְקֶען אִין גְמָרָא , אוּנ קֶען זִיךְ קַיין עֵצָה גֶעבִּין , וִויא זִיךְ אַרוֹיס צוּ הַאפִּין פוּן דֶער לַאגֶע , וִויא צוּ בֶּעפְרִידִיגֶען מַיינֶע עֶלְטֶערִין וָואס וִוילִין דוּרְךְ אוֹיס אִיךְ זָאל זַיין אַ־רָב ? — מִיר הָאבִּין נָאךְ גִידַאנְקֶען גִיפְּלָאגְט אוּנ בֶּעאוּנְרוּהִיגְט . אִיךְ הָאבּ גִיוַויינְט פַאר אִידִ־ין , פַאר וָואס פֶערְשְׁטֵייט דֶער אַנְדֶערֶער נִיט דָאס וָואס רֶעכְט אִיז , וָואס גוּט אוּנ פְרוּם אִיז זָא וִויא אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא , אוּנ פַאר וָואס מוּז אִיךְ נָאךְ מִיט דִי פֶערְשְׁטֶענְדֶענִים זִיךְ בֶּעהַאלְטִין אוּנ קֶען נִיט טָאן וָואס בַּייא מִיר קוּמְט אוֹיס ? אוּנ מוּז זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוּנ לַייטִין נַארִין אוּנ גֶעהֶן מִיט זַייא אִין אַיין וֶועג , חָאץ עֶס אִיז פַאר מִיר פִינְסְטֶער אוּנ גְלִיצִיג , צְווא אֵיינְג אוּנ קְרוּם — אִיךְ לֶעבּ וִויא אִין קַייטִין אַיין גִישְׁמִיט , הַאנְדִיל אוּנְטֶער אַ מַאסְקֶע , אוּנ בִּין פֶערְקוֹיפְט בַּייא לַייטִין , בַּייא דֶעם : „וָואס וֶועלִין לַייט דְרוֹיף זָאגִין” — יַא , דָאס הָאט גִידְרִיקְט מַיין הַאֶרֶץ , אוּנ דְרִיקְט נָאךְ אִיצְט מֶעהְר אֶפְשַׁר וִויא זָאנְסְט . דֶען , וֶוען נִיט דִיא פֶּעסְסֶעלֶן , וָואס עֶס לִיגִין אוֹיף מִיר וָואלְט אִיךְ אִיצְט . אָ נָאט — אִיךְ וָואלְט וִויסִין וִויא אָנְצוּנֶעמֶען דַיין מַתָּנָה , וָואס דוּ וִוינְקְסְט מִיר אָנְצוּנֶעהְמֶען , אִיךְ וָואלְט קֶענֶען זַיין גְלִיקְלִיךְ .

דאפעלט

דאפּעלט גליקליך . ! — יא דער מענטש מוז זיך פֿיגן לאזין — צו מיטן ווילן , צו ווייל ער האט קיין ברירה— , אונטער דעם יאך , וואס עס ליגט אויף דיא עמפּליכע מענטשהייט . דעם מענטשינס נאטור איז צו געהן אנטקעגן דיא נאטור, אונ אים איז בעסער צו גיין אין שטיוועל מיט קלאסין אונ זיין אויסגישטעלט פֿאר יעדע גיפֿאהר פֿון פֿערקעלטין זיך אונ דערגלייכין — איידער צוא געהן בארפֿוס וויא דיא נאטור האט אים בעשאפֿין אונ זיין בעפֿרייט פֿון אזעלכע גיפֿאהרן — אונ איך בין אויך איינער פֿון דיא וואס ווערין גיטריבין — האך ניט פֿון איינגענעם ווילן — צו האנדלין געגין דיא נאטור — דאס איז אוועלט זאכע , אונ איך טראג נאר דיא שווערקייט דער פֿון אקליינע טהייל — דאס האט מיר גיטרייסט אאבער איצט ! איצט טראג איך אוואונד וואס דאס איז נאר מיין וואונד אליין — איך לייד,איך האב קיין רוהע, איך שלאף ניט ביי נאכט , מיינע גידאנקען מיסין זיך אין מיר — איך קען ניט וואך זיין ביא טאג — איין זאך איז מיין גידאנק — אונ וואס? ניין ! — איך קען זיך דאס אליין ניט ערקלערן , דען איך בין עהרליך מיט זיך אונ ווייס וואו איך האלט — וואו זיינען מיינע ביכער ? צוריק , צוריק צו דער התמדה איך האב נאך מיט וואס זיך צו היילין , היינט איז נאך צייט ! . . .

נאך דיא רייד איז יוסף גיוואָרין אנדערש, מען האט אין איהם גיפּיהלט אהשתנות , ער האט זייער פֿיל אונ מיט ערענסט גילערינט , אונ האט זיך מיט דאס גיזינד נור גיזעהן צום עסין , אדר ווען ניט ווען ארוים געהן אין סאד וואס איז גיווען פֿרידמאנס א איינענער , אונ האך ניט שיין בעפּוצט אבער גינוג גרויס אונ גידיכט , פֿון הויכע צווייגהאפּטע בוימער דארט פֿלעגט ער פּארלעזין עטוואס — כדי זיין בעפֿרעמדארטיגען זיך זאל ניט אויפֿפאלענד זיין אין שטוב , אבער דאס איז אויך גיווען , קאלט אונ ווייניג , צו מען האט עס שוין בעמערקט צו ניט , אים איז דאס אבער ארפֿואה גיוועזן , — משה שנייאר האט דאס גאנץ גוט בעמערקט , אונ וויא ער האט יוסף'ן רעכט גיקענט , האט ער אלץ פֿערשטאנען, וואס מיט אים טוט זיך , ער האט בעזאנדערס גיזעהן דאס יוסף נעהענט זיך צו אים צו טרויליכער וויא פֿריהער , אונ מיהעט זיך צוא ערוועריבין זיינע ערסטע פֿריינדשאפֿט , ער האט איבערהויפּט , רחמנות גיהאט אויף אים , אונ האט אים אנגיהייבין גוט צוא ווערין .

יוסף איז אמאל גיזעסין אונ גילערינט אין זיין חדר , אונ וויא האט ער זיך דערשראקען , אז ער האט אין גמרא גיפֿונען א צעטעלע אויפֿגישריבען מיט דיא ווערטער : „דוא ווייסט ניט , אז ווענט האבין אויערין אונ היטעל אונ ערד האבן אויגין , דוא מיינסט , אז קיינער ווייס ניט , עס ווייסין אלע, איך שרייב דיר דאס אין שווערס נאמען , ער האט גיוואלט דיך מיט בזיונות ארוים טרייבין , נאר איין גאט ווייס מיין אמת אונ טרייהייט צו דיר צוא מיין שוועסטער קינד, אונ איך האב ניט דערלאזין צו לייטישע רייד , מיין עצה איז יוסף , דוא גידיינק נאר דיא רייד , מאך זיך וויא ניט וויסענדיג , זייא אבגעהיט , דאס מען זאל אין דיר קיין השתנות בעמערקין , אונ זעה ביסליך ווייס ארוים צו קלייבין זיך פֿון

שווערס

שוועֶרס שטיב, אזו אמענטש וויא דו קען האבין אשטעלע אין שטאט, און וואס דארפסט דוא זיך וואלגערן אין פארשטעטל, וואס דארפסט דו זיצין אין אשטוב וואו דוא ביזט איבעריג, שווער און ניט פאסיג, און ווארטין ביז מען וועט דיר חייסין ארויס?.. זייא זיינען פאן דער אלטער וועלט און האלטין דאס געפיהל פאר הולטייסטווע און פאר אגרויסע בעליידיגונג, איך דארף דיר ווייטער ניט שרייבין, יוסף דו בלאנזעסט — גאט איז מיין עדות אין מיינע טרייהייט — משה שנייאר —

אויב דוא ווילסט, קענסטו ארייננקומען צו מיר היינט אוועגד. איך וועל דיר אלץ ערקלערין.

ד' ז'.

יוספין איז פינסטער געווארין אין די אויגין, אז ער האט דאס איבער געלעזין ער האט געמיינט צו חלעשין אויפן ארט — "ווער איז שולדיג דארין? איך"? יא, איך אליין! "נון גוט איך אנטלויף היינט, היינט וואו מיינע אויגן וועלן מיך פירין"!

א לאנגע צייט איז ער געזעסין דעם קאפף אויפן האנט געליינקט, געטראכט, געבארעט זיך מיט שווערע געדאנקען, און געווען אין איינע פערצווייפלונג, ניט געוואוסט צו וואס זיך צוא ענטשליסען — ער האט געוואלט שוין גיין צוא זאמען נעמן זיין ביסעל זאכין, און אוועק גיין, אבער דא האט אים אבלימץ געטאן אין קאפ דער סקאנדאל, — גאט, וואו וועל איך קענען מיינע אויגן ווייזין? מען וועט דאך רעכט האבין צו מיינען, וואס מען וועט זיך נאר פארשטעלן, דארף איך דאס איר טאן? דעם אונשולדיגען מלאך, דעם ריינסטין און שענסטין נאמען אירין בעפלעקן? איז זיא שולדיג, אז איך האב מיין מאסקע שלעכט אנגיטאן, און מיינע אינערליכע ליידין האבין דורך געקוקט דורך מיינע אויגין? דארף איך דאס דיא גוטע מענטשין טאן? א גאט, אויף וועלכע אבענטייער האסט דוא מיך דא ארויף געשטויסן? — מיר הייבט זיך מיין מוח', אז די טרייע פרויא וואס איז מיר אזו טריי, אזו גוט, זאל רעכענן, אז איך האב איהר בעליידיגט, איר מיט שאנד און אונערהערע בעצאלט פאר איר נוטסקייט.

עס איז שפעט געווארין, גאלדע האט אים אריינגעטראגין אגלאז טייא, וויא זיא וואר געוואוינט ביז איצט און האט אים גיפונען פערטראכט.

יוסף, דינגמרא וועט ניט ענטלויפין, טרינק, דיין טיי ווערט קאלט — האט גאלדע גיזאגט און איז ארויס גיגאנגען.

און זיא איז מיר נאך אלץ גוט וויא געווען, וועלכע טרייהייט קלינגט אין איר שטימע — און איר דארף איך אזו אונדאנקבאר זיין? גאט, גאט, לאז חאין דיא טרייע פרויא וויסין מיין אמת! ער האט דעם טייא ניט געטרונקען, ער האט אבער געטרונקען זיינע טרערין, וועלכע עס זיינען אים אן גילאפין פולע אויגין —

עס איז שוין רעכט דונקיל געווען, און יוסף איז נאך אלץ געזעסין וויא א צוגעשמיטער, און זיך גיפלאגט מיט זיינע גידאנקען. ער האט ניט בעמערקט וויא ראזע איז אריין אין חדר, און בלייבין שטייענדיג ביין טהיר, האט זיא אים בעטראכט מיט ליבע מיט א פרייהליכען קוק.

יוסף

יוסף, האט ראזע זאנפט ארויס גירעט — וואס זייט איהר אזוי פערטראכט נאר זארגט, איערע שיפין גייען ניט אונטער!

ראזע, ענטשולדיגט, איך האב אייך ניט בעמערקט,

אימער קומט מיר אויס אייך צו פרעגין וואס איר טראכט — ענטשולדיגט יוסף, איך וועל פון איצט אן זיך לערנען ניט אזוי נייגעריג צוא זיין — אדער אליין צוא טרעפין וואס איר טראכט, אהנע עס ביי אייך צו פרעגין —

ראזע, ראזע, האט יוסף גיזאגט, איך האב אייך עפים וואס צו זאגין —

יוסף, ניט איצט, איך בין איצט איינגעלאדין אויף א חתונה, עס שטייט שוין א דראנשקע נעבן מיר, מען האט מיר אבריף דערלאנגט איך זאל אייך איינגעהענטיג אבגעבין — נאט יוסף, ניט נעמט פאר אונגוט, אדיע! —

זיא האט יוסיפן איר האנד גינעבין אונ ארויס — יוסף האט גיזעהן, וויא זיא האט זיך גיזעצט אויפן דראנשקע, אונ אוועק גיפארן צו זאמען מיט דר מוטער.

אונ דיר, געטליכעס וועזען, דארף איך דאס אזוי אונדאנקבאר זיין! פון דיר אונשולדיגער מלאך, ליכטיגעס קינד, דארף איך ענטלויפין?... ענטלויפין וואהין ענטלויפין? וואו וועלן מיך דיינע ליכטיגע שטראלין ניט דערגרייכין? וואו וועלין מיך ניט בעגעגינען דיינע ליבע זיסע שמייכעלעך, דיין אנגינעהמער קול, א ראזע! אין מיין הארצין בייזט דו, אונ איך וועל ענטלויפין, וויא אגעשאסענער הירש מיט דעם פייל אין זיך!....

דוא ווילסט זיך לערנען זעלבסט צוא טרעפין, וואס איך טראכט, נו, טרעף איצט ערראטהע, אונ ווייס וואס אין מיר איצט פארגעהט, אונ קום אונ זאג מיר דיין ראטה. —

יוסף האט זיך כמעט פערגעסין, אז ראזע האט אים אבריף דערלאנגט, אונ האט אים ניט גילעזין ביז רעכט פינסטער, ער האט אנגיצונדין א ליכט, אונ דער זעהן דעם בריף, איבר גילעזין דעם קאנווערט עס איז צו אים, ניט אפאסט בריף — ער האט גיעפינט דעם קאנווערט, אונ גינומען לייענען:

בעסטער פריינד יוסף!

„אלס פערשטענדיגער מענש וועט איר אריין אין מיין לאגע, אונ פיהלן מיט וואס פאר א הארץ איך שרייב דאס אייך, מען איז אבער ניט אין איינגענם ווילין, אונ ניט אלץ וואס עס פעלט איין פאר רעכט אויף אקליינע צייט גיפינט זיך פאר נוטס אויף אימער...

גלויבט מיר, איך האב צוא אייך דיא גרעסטע צוטרויליכקייט, אונ זאג אייך אפין, אז דעם גרעסטן טהייל אין מיין הארצין פילט איר אויס, דיא מייסטע גידאנקען מיינע זיינען וועגין אייך. אונ זייא עס אין מיין האנט אונ ווילין, איך וואלט זיך קיין עצה דארפין האלטין וויא עס צו ענטשיידען. יוסף, דען איך האב אויך אהארץ אונ גיפיל אונ קען די ליבע...

איך בין אבער אין דעם ווילין פון מיינע עלטערן, וועלכע עס האבין קלערערע אויגין צו אונטערשיידין אונ אויס צו וועהלין פאר מיר, פאר מיין צוקינפטיגען לעבי״

לֶעבִּין , אונ אִיךְ מוּז אונ וִויל זַייא גִיהָארְזַאם זַיין ! **איר** , **זַייט** גֶעטְרֵייסְט מִיט אַייֶער אָרֶענְטְלִיכְקַייט ׳ דִיא טְרַייהַייט פוּן מַיינֶע עֶלְטָערְן הָאט אִיר נִיט פֶערְלָארְן , אונ מַיינֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ אַייךְ בְּלַייבְּט וִויא גִיוֶועןֹ ! . . .

וָואס אִיךְ וִויל , אונ אִיז אַייגֶענְטְלִיךְ מִיר זַייעֶר שְׁוֶוער צוּ בֶּעטִין פוּן אַייךְ , אִיז דָאס : אוֹיבּ אִיר גִיפִינְט פַאר זִיךְ אַ שְׁטֶעלֶע עֶרְגֶעץ , אָדֶער זָאנְסְט וָואס פַאר אַמִיטִיל , דָאס אִיר זָאלְט זִיךְ נִיט עֶנְטְבֶּערְן דַארְפִין בֶּעט אִיךְ זַייעֶר , אוּנְזֶער הוֹיז אַסְטַאוֶוען אונ פֶערְשְׁפָּארְן אוּנְז בֵּיידִין פִיל פֶערְדְרוּס אונ שְׁמֶערְצִין , פֶערְהִיטִין אוּנְזֶער נָאמֶען — פַאר וֶועלְכִין , אוֹיךְ בֶּעזָאנְדֶערְס דַארְף אַלְץ אָפְּפֶערְן . פוּן שְׁלֶעכְטֶע מַיילֶער —

יוֹסֵף , דַארְף אִיךְ אַייךְ דֶר מָאנֶען , אַז מִיר גִיפֶעלְט אִיבֶּער הוֹיפְּט נִיט אַייֶער צְוֶועק צוּ וֶועלְכִין אִיר קֶענְט קוּמֶען פוּן דֶעם לֶערְנֶען בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ ? ? —

אִיר זַייט יוּנְג אוּנְד פֶעהִיג , גִינוּג ! עֶנְטְלַייפְט , וֶוערְט אַ מֶענְשׁ , אִיר זֶעט , אַז מֶען קֶען זִיךְ בֶּעמַייסְטֶערִין אִז מֶען וִויל נָאר — אונ אִיךְ אַפָארְשְׁטֶעטֶלְדִיגֶע מַיידִיל וַוייז אַייךְ דֶעם פְרִימֶער :

זַייט גִיזוּנְט , אונ גְלִיקְלִיךְ , אִיךְ בֶּעט אַייךְ פָאן מִיר אַייעֶרֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט נִיט צוּ עֶנְטְצִיהֶען , אונ צוּ וָואס אִיר וֶועט זִיךְ עֶנְטְשְׁלִיסִין , זָאל עֶס זַיין גִילַאסִין נִיט אִיבֶּר אַיילִיג , עֶס זָאל צוּ קַיין לַייטִישֶׁע רֵייד בְּרַיינְגֶען , פֶערְהִיט מַיין טְהַייעֶרְן נָאמֶען „ רָאזֶע ״

וָואס אִיז דָאס פַאר אַטָאג ! הָאט יוֹסֵף צוּ זִיךְ גִיזָאגְט , בְּרֶעכְט זִיךְ דֶר וָואלְקִן מִיט זַיין גַאנְצִין אוּנְגֶעוִויטֶער וָואס עֶר טְרָאגְט אִין זִיךְ אונ הֵיינְגְט שְׁוֶוער אִיבֶּער מִיר — אוֹיף אַיינְמָאל מִיךְ אִין גַאנְצִין צוּ צֶערְשְׁטֶערְן ? אִיז דָאס שֵׁיין גָאר , אָדֶר אִיךְ הָאבּ נָאךְ וָואס צוּ עֶרְוַוארְטֶען ?

זִיא אִיז נִיט קְלוּג רָאזֶע , זִיא הָאט מִיר נִיט בֶּעדַארְפְט שְׁרַייבִּין אַזַא מְגִלָה . אונ נִיט בֶּעדַארְפְט וַוייזִין מִיר אַז זִיא הָאט מִיךְ גִילִיבְּט אִין דֶר מִינוּט , וָואס זִיא עֶנְטְזַאגְט זִיךְ פָאן מִיר , אִיךְ הָאבּ אִירֶע גִידַאנְקֶען נִיט גִיזוּכְט , אִיךְ הָאבּ נָאר מִיט זִיךְ אַלֵיין גִיהַאט וָואס צוּ טָאן ! וֶוער הָאט אִיר דָאס גִיבֶּעטִין דִיזֶע עֶנְדֶעקוּנְג , אִין דֶער מִינוּט ? פֶערְצַייהֶע אִיר , גָאט , פַאר דִיא נַארֶעשְׁקַייט , פַאר מַיינֶע אוּמְזִיסְטֶע וואוּנְדֶען ! — גוּט , גוּט ! אִיךְ בִּין אִיבֶּרִיגֶענְס צוּ פְרִידֶען דֶער מִיט עֶס מַאכְט מִיךְ שְׁטַארְק , אִיצְט פֶערְשְׁטֵייא אִיךְ אִיהְרֶע רֵייד : „ אִיךְ וֶועל זִיךְ לֶערְנֶען נִיט נַייגֶערִיג צוּ זַיין , אונ טְרֶעפִין אַלֵיין וָואס אִיר טְרַאכְט ״ — אִיךְ פֶערְשְׁטָהֶע , וָואס זִיא הָאט גִיאַיילְט , זִיא הָאט גִיזָאגְט : נִיט אִיצְט וִויל זַייא הָערְן , וָואס אִיךְ הָאבּ אִיר צוּא זָאגִין גִיהַאט . —

דִיא קַאלְטְקַייט , דִיא טְרוּקֶענְהַייט וָואס ווַייהֶעט פוּן אִיר בְּרִיף מַאכְט מִיךְ שׁוֹידֶערִין , זִיא וִויל אִיךְ זָאל בִּיסְלִיכְוַוייס אוֹיס רַייסִין מַיין הֶערְץ , זִיךְ מוּצֶען אַלַאנְגֶע צַייט בִּיז אִיךְ וֶועל אוֹיסְגֶעלַייזְט וֶוערְן , נַיין ! אִיךְ קֶען עֶס נִיט — מִיט אַיינְמָאל קֶען אָבְּטָאן אונ אוֹיס ! מִיט דִי וֶוערְטָער הָאט עֶר זִיךְ אַהַייבּ גִיטָאן אונ מִיט הַאסְט אַרַיין צוּא מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרְן , זַיינֶע בַּאקִין הָאבִּין אִים גִיבְּרֶענְט זַיינֶע

אויגִין פוּל גִיוָועְנְצְאוּנ  נָאךְ פוּלֶער זַיין הַארְץ ,

לַייקְע , רָאזָעס שְׁוָועסְטֶער , הָאט אִים מִיט פְרַיינְטְשַׁאפְט אוּנ לִיבְּקַייט צוּ גִינוּמֶען·

אַךְ יוֹסֵף , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג דִי עֶהְרֶע נִיט גֶעהַאט אַייךְ צוּ זֶעהֶען בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ , גְלוֹיבְּט מִיר , אִיךְ בִּין הֶעכְסְט צוּ פְרִידְן וָואס אִיךְ בִּין אוֹיף דֶר חֲתוּנָה נִיט גִיפָארְן , ווא אִיךְ בִּין גֶעלַאדְן , וִויא דָאס הַארְץ הָאט מִיר גִיזָאגְט אַז אִיךְ וָועל הָאבְּן אַגוּטְן גַאסְט . אִיר מוּזְט מִיר גִיוִויס זַיין אַאֶמֶתָר גוּטֶר פְרַיינְד , דֶען דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר אַזוֹ , חָאטְשׁ מַיין מַאן וַוייס נִיט וִויא אַייךְ צוּ שֶׁעצְן·

אִיךְ דַאנְק אַייךְ טוֹיזִינְט מָאל , הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט , אַהַארְץ אִיז אַזַייגֶער , אוּנ זָאגְט פְרִיעֶר עֶפִּיס אָן פִילְט אִיר אַז אִיךְ בִּין אַייךְ אַפְרַיינְט , סֶעגְט אִיר זַיין אִיבֶּער צַייגְט דֶערִין , דֶען אִיךְ פִיל דָאס זֶעלְבֶּע צוּ אַייךְ — אַייעֶר מַאן אָבֶּר אִיז מִיר אוֹיךְ אַאֶמֶתֶר פְרַיינְד , נָאר אִיךְ פֶערְשְׁטֵיי נִיט אַלֶע מָאל וִויא זַיינֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט אָן צוּ נֶעמֶן — וִויא דָאס אִיז , קֵיין פַיינְט אִיז עֶר מִיר גִיוִויס נִיט ;

יוֹסֵף , זַייט אִיר קְרַאנְק , אַייעֶר קוֹל צִיטֶערְט עֶפֶּעס , אוּנ אִיר רֶעט עֶפֶּעס וִויא פוּן שְׁמֶערְצְן — .

אִיךְ בִּין עֶס גִיוֶועְן בִּיז אִיצְט , הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיצְט הֵייבּ אִיךְ שׁוֹין אָן צוּ זִיךְ צוּא קוּמֶען .

אִין דֶעם הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר , וָועלְכֶער עֶס הָאט גִיהַאלְטְן אִין וֶועטְשֶׁערֶע עֶסְן דֶר הֶערְט יוֹסֵפְס רֵייד, הָאט עֶר גִיעֶפִינְט דִי טִיר אוּנ הָאט אִים אַרַיין גִירוּפְן צוּ זִיךְ—

זֶעטְץ זִיךְ יוֹסֵף, הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט, אִין דֶעם הָאט עֶר פַר אִים אַשְׁטוּל צוּ גִישְׁטֶעלְט נֶעבְּן זִיךְ בַּיין טִישׁ,אַלַאנְגֶע צַייט יוֹסֵף , הָאבּ אִיךְ דִיר בַּייא מִיר אִין שְׁטוּבּ נִיט גִיזֶעהֶן , אָן שְׁטָאט , וָואס אַמָאל פְלֶעגְסְטוּ טָאג אוּנ נַאכְט בַּיי מִיר זַיין !.

עֶס אִיז שׁוֹין אַזוֹ , לִיבֶּר פְּרַיינְד , הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט , פוּן גוּטְס פַר גֶעסְט סֶען אַלְטֶע פְרַיינְד , אוּנ פוּן שְׁלֶעכְטְס דֶר מָאנְט סֶען זֵיי , מִיר אִיז צוּ גוּט גִיוֶועְן , אַדַאנְק גָאט . אַז אִיךְ הָאבּ צַייט צוּרִיק צוּ לוֹיפְן צוּ מַיינֶע אַלְטֶע פְרַיינְט אַייְדֶער מִיר אִיז נָאךְ שְׁלֶעכְט גִיוָוארְן !·

אַדַאנְק דִיר , לִיבֶּער יוֹסֵף , אַז דוּ הַאלְסְט מִיךְ נָאךְ פַאר אַפְרַיינְד , אוּנ דוּא הָאסְט זִיךְ חָאטְשׁ אִיצְט דֶר מָאנְט צוּ קוּמֶען צוּ מִיר — אָבֶּר זָאג דֶעם אֶמֶת , הַאלְסְט דוּ מִיךְ וִוירְקְלִיךְ פַאר אַפְרַיינְד אוּנ דוּא גְלוֹיבְּסְט מִיר אָדֶער דוּא רֶעטְסְט דָאס גְלַאט פוּן פְּרִילִיצְיָע אַזוֹ ? — ·

לַייקְע, הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט מִיט אַקוֹל וִויא אַבַּעַל הַבַּיִת אוֹיף זַיין דִינְסְט - גֵייא אַרוֹיס אַוֶועלֶע , אִיךְ דַארְף מִיט יוֹסֵפְן רֵיידְן עֶפִּיס ,

יוֹסֵף אִיז מַיין גַאסְט אַזוֹ וִויא דַייגֶער , הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט, וָואס פַר אַסוּדוֹת הָאסְטוּ מִיט אִים ? ·

גֵייא אַרוֹיס זָאג אִיךְ דִיר ! הָאט עֶר אַנִישְׁרֵיי גִיטָאן אוּנ אָנְגִישְׁטֶעלְט זַיינֶע אוֹיגְן .

לַייקְע , הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען , אַז זִיא וָועט נִיט אוֹיס פִירְן אוּנ אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען ,

משֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט פַאר שְׁלָאסְן דִי טִיר אוּנ אִיז גִיבְּלִיבְּן מִיט יוֹסֵפְן אַלֵיין

אִיךְ פְרֶעג דִיר יוֹסֵף , הַאלְסְט דוּ מִיךְ פַאר אַפְרַיינְד אָדֶער נִיט ?

מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , אִיךְ בִּין אַאָפְּגֶענֶער מֶענְטְשׁ , אוּנ זָאג אַייךְ וָואס אוֹיפְן לוּנג : אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט ! זָאגְט אִיר מִיר , אִיךְ גְלוֹיבּ אַייךְ , זָאגְט אִיר מִיר , וָואס זַייט אִיר מִיר ? וָואס טוּט זִיךְ מִיט מִיר ? אַז אִיךְ שְׁרֶעק זִיךְ פַר אַייךְ , מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , נִיט גֶעמְט פַר אוּנְגוּט , אִיךְ וַוייס עֶס אַלֵיין נִיט פַאר וָואס , הָאט רַחֲמָנוּת אִיךְ בִּין דָא עֶלֶענְד , אִיךְ זֶעה דָא טוּט זִיךְ עֶטְוַואס אַרוּם מִיר , וָועגְן מִיר — אוּנ אִיךְ וַוייס נִיט , אִיךְ גִיפִין זִיךְ אִין קַיין זַאךְ נִיט שׁוּלְדִיג — גָאט אִיז מַיין עֵדוּת !

דָער גַנָב שְׁרָעקְט זִיךְ וָוען עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג אוֹיךְ , אוּנ נִיט אַגִינִיטֶער גַנָב שְׁרַעקְט זִיךְ פַר דָער מַחֲשָׁבָה גְנֵיבָה אַלֵיין , — וָועלְכֶער פוּן דִי צְוֵויי בִּיזְט דוּ יוֹסֵף ? קַיינֶער נִיט פוּן דִי בֵּיידִין ! הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט,אִיךְ הָאבּ וֶועדֶער גִיטְרַאכְט נָאךְ גִיטָאן עֶטְוַואס אוּנְרֶעכְטְס — וָואס וִויל כֶּען פָאן מִיר ? , פַאר וָואס הַאלְט מֶען מִיךְ דָא ? !

יוֹסֵף גְלוֹיבּ מִיר , אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּיי מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְד , בַּיי אַלְץ וָואס מִיר אִיז טַייעֶר , אַז אִיךְ בִּין דִיר טְרַייא וִויא אַ בְּרוּדָער — מֶען הַאלְט דִיךְ דָא חָלִילָה נִיט פַארְאוּנֶעהְרְלִיךְ , אִיךְ וָועל נִיט זָאגִין אוֹיף אַלֶעמֶען . אִיךְ הַאלְט דָאס גִיוִויס נִיט פַאר אַ עַוְלָה , אִיךְ הָאבּ אִין מַיין לֶעבִּין אַייךְ גִילִיבְּט . אוּנ וַוייס , אַז עֶס אִיז גַאנְץ לַייכְט אוּנ נַאטִירְלִיךְ זִיךְ אִין רָאזָען צוּא פֶערְלִיבֶּען . . . וִויא וַוייט הַאלְסְט דוּא מִיט אִיר ? דָעם אֶמֶת זָאג , הָאסְט דוּ אִיר נִיט גִיפַאנְגֶן , אִין פְּלֶען גִינוּמֶען ?

מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , אִיךְ זָאג אַייךְ דִי וָוארְהַייט , אִיךְ הָאבּ רָאזִין גַאנְץ לִיבּ , אָבֶּער נִיט אִיז מִיר אַרוֹיף גִיקוּמֶען אוֹיפְן זִינֶען עֶפֶּעס וָואס . . .

דוּא זָאגְסְט לִיגִין , רָאזָע הָאט מִיט דִיר קַיינְמָאהְל נִיט גֶערֶעט , אוּנ דוּא הָאסְט אִיר נִיט בֶּעקָענְט אַז דוּא לִיבְּסְט זִיא ? יוֹסֵף , וִויא אַגוּטֶער פְרַיינְט בִּין אִיךְ דִיר נָאךְ גִינַאנְגֶן טְרִיט אִין טְרִיט , אוּנ וַוייס גַאנְץ גוּט וואוּ דוּא הַאלְסְט , אִיר זַייט בֵּיידֶע פֶערְלִיבְּט , דוּא וַוייסְט דָאס , אוּנ זִיא וַוייס דָאס , פַאר מִיר דַארְפְּסְט דוּא זִיךְ נִיט פֶערְשְׁטֶעלְן אִיךְ וַוייס פוּן אַלְץ ! אוּנ דָאס הָאט אָנְגֶעמַאכְט דֶעם גַאנְצִין שְׁטוּרָם . דָאס הָאט מִיךְ גִיבְּרַאכְט שְׁרַייבִּין צוּ דִיר דָעם צֶעטְל , וִויא אַבְּרוּדָער דִיךְ אַרוֹיס פִירִין פַארִין הַאנְט פוּן דָעם אוּנְגְלִיק וָואס דִיר אוּנְרַאזַאיֶעט :

מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , אִיר גְלוֹיבְּט , אַז עֶס אִיז דָא אַ גָאט אִין דָער וָועלְט ? בַּייא אִים שְׁוֶוער אִיךְ , אַז אִיךְ בִּין רַיין פוּן דָעם גַאנְצִין פֶערְדַאכְט , אוּנ בִּין וַוייט דָער פוּן , אִיךְ הָאבּ פוּן רָאזָען קַיין הַאלְבֶּע זִילְבֶּע גִיהֶערְט וֶועגִין לִיבֶּע , אָדָער גָאט וַוייס , וָואס אִיר זַייט מִיר חוֹשֵׁד , אוּנ נָאךְ וַוייניגֶער הָאבּ אִיךְ מִיט רָאזֶען גֶערֶעט , אָדֶר חָלִילָה מֶערְקֶען גֶעלָאזְט !

אִיךְ וַוייס פוּן! אַלְץ ! אִיךְ וַוייס פוּן אַלְץ ! הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר גִיזָאגְט :

אִיךְ וַוייס נִיט !

אוּנ דִיא בְּרִיוֶועלֶעךְ וָואס אִיר שְׁרַייבְּט זִיךְ אַיינָע דִי אַנְדֶערֶע ? קֶענְסְט דוּא מִיר דָאס פֶערְלַייקֶענֶען ?

מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר . אִיךְ זֶעה אִיר מֵיינְט מִיךְ אוֹיס צוּ פְּרֶעגִין , אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹ רוּם , נָאר וַוייל עֶס קֶענֶן זַיין אַז אַייעֶר שְׁוֶוער אוּנ שְׁווִיגֶער , זַיינֶען פוּן אַייךְ אָדֶר

פון

פֿוּן אַיין אַנְדֶערִין אוֹיף אִירְגֶענְד אַיין פֶּערְדַאכְט אוֹיף מִיר – גִילַייטָעט – אִיךְ חַיִי אַיךְ נָאר זָאגִין אַז אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג — אוּנ קֵיין זַאךְ פֶּערְדְרִיסְט מִיר מֶער נִיט, וְוִיא דָאס, וָואס אִיךְ רֶעכֶען, אַז אִיךְ וַוייז אוֹיס בַּייא זַייא פַר אַיין אוּנְדַאנְקְבַּארְן ׳

וָואס טוֹיג דִי קוּנְצִין, הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט, דוּא דֶערְקֶענְסְט דִיא הַאנְט ? וֶוער הָאט דָאס גִישְׁרִיבִּין ? אִיז דָאס נִיט רָאזֶעס אַבְּרִיף צוּ דִיר וֶועלְכִין מֶען הָאט פֿוּן דַיין קֶעסֶענֶע אַרוֹיס גִינוּמֶען וַוייל אִיר זַייט שׁוֹין גִיוָוארְן צוּ לַייטִישֶׁע רַייד — ׳ גְלוֹיבּ מִיר, אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיבּ, אִיךְ אַיינֶר אִיךְ וִויל דִיר נָאךְ עֶרְצֵיילִין !

יוֹסֵף הָאט גִינוּמֶען לַייעֶנֶען דֶעם בְּרִיף, דָאס אִיז גִוֶועז אַצוּרִיסֶענֶע בְּלַאט פַּאפִּיר וָואס מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט צוּ זַאמֶען גִישְׁטוּקֶעוֶועט אוּנ גִיגֶעבִּין יוֹסֵפִן לֶעזֶען :

לִיבֶּער יוֹסֵף !

״נֶעם דָאךְ לִיבֶּער יוֹסֵף דִיזֶען בְּרִיף, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מַיין הַארְץ גִינוּמֶען—׳ יוֹסֵף, אִיךְ קֶען נִיט שְׁרַייבִּן, אִיךְ שֶׁעם זִיךְ פַר זִיךְ אַלֵיין אַז אִיךְ שְׁרַייבּ דִיר דָאס- אָבֶּער אִיךְ קֶען נִיט רוּהֶען, אִיךְ מוּז דִיר זָאגְן אִיךְ לִיבּ דִיךְ, דַיינֶע רַייד, דַיינֶע לִיבֶּע זִיסֶע פָּארְלֶעזוּנְגֶען, זַיינֶען מִיר לִיכְטִיגֶע שְׁטֶערִין אִין מַיין רַיינֶעם הִימְל, יוֹסֵף דוּא אַלֵיין בִּיזְט מַיין זָאנֶע — אָ, גְוַואלְד, וָואס דַארְף אִיךְ דִיא מְלִיצָה ? וָואס שְׁרַייבּ אִיךְ דִיר פְּרֶעמְדֶע וֶוערְטֶער ? יוֹסֵף דוּא בִּיזְט מַיין גַאנְצֶער גֶעדַאנְק — אִיךְ לִיבּ דִיךְ ! — — — צֶעהֶן מָאל הָאבּ אִיךְ דִיר שׁוֹין אַזֶעלְכֶע בְּרִיוֶועלֶעךְ גִישְׁרִיבִּין, אוּנ צֶעהֶן מָאל הָאבּ אִיךְ זַיי צוּרִיסֶען — אִיךְ שְׁרַייבּ. גָאט וַויים וָואס פַאר אַ מְשׁוּגָענֶע וֶוערְטֶער., אִיךְ בִּין נִיט בַּייא זִיךְ וֶוען אִיךְ שְׁרַייבּ, אִיךְ בִּין אַ ווִילְדֶע, אוּנ קֶען נִיט רֵיידֶען וָואס אִיךְ וִויל — אִיךְ וָואלְט וֶועלִין קְרִיגֶען אַזַא וָוארְט דִיר דֶער מִיט מַיין גַאנְצֶעס גֶעפִיהְל אִיבֶּערְגֶעבִּן ׳ יוֹסֵף, אִיךְ בִּין נַייא גִיבָּארְן צַייט אִיךְ קֶען דִיךְ — יוֹסֵף נֶעם מַיין בְּרִיף וִויא דוּא הָאסְט מַיין הַארְץ גֶענוּמֶען ! —

אִיךְ פִילֶע, דֶער בְּרִיף בֶּעפְרִידִיגְט מִיךְ אוֹיךְ נִיט ! אִיךְ וִוינְץ זִיךְ אַז אַ ווִינְט זָאל דֶעם בְּרִיף פֿוּן מַיין הַאנְט אַרוֹיס הַאפֶּען אוּנ אִים בְּרֵיינְגֶען צוּא דִיר אוּנ דוּא זָאלְסְט אִים צוּא נֶעמֶען אוּנ אִים לֶעזֶען, אוּנ מִיר פֶערְשְׁפָּארְן דִיא עֶרְסְטֶע שְׁוֶוערֶע בֶּעקֶענְטֶנִיס וֶוערְטֶער — פַר וָואס טוּעֶן זִיךְ הַיינְט קֵיין נִסִים נִיט ? וואוּ נֶעמְט מֶען אֵיינֶעם, וָואס זָאל מִיט גְוַואלְד פֿוּן מַיין הַאנְט אַרוֹיס הַאפִּין דֶעם בְּרִיף, דֶען אַיין מִינוּט אַז אִיךְ קֶער זִיךְ אָפּ, וֶוערְט עֶר מִיר קַאלְט, אוּנ אִין הַארְצְן קְוֶועלְן אוּנ שְׁטוּיסֶען זִיךְ נַייעֶ וֶוערְטֶר וִויא דִיר מַיינֶע לִיבֶּע צוּ בֶּעקֶענֶען. —

גְוַואלְד, וָואס פַאר אַמְשׁוּגֶענֶע בִּין אִיךְ, וָואס הָאבּ אִיךְ דָא אָן גֶערֶעט ? ״

מֶער הָאט יוֹסֵף נִיט גֶעקֶענְט לֶעזֶען, דִיא פַּאפִּיר אִיז גֶעוֶועזֶן אִין שְׁטִיקְלֶעךְ צוּא רִיסֶן, אוּנ הָאט נָאר גֶעקֶענְט בֶּעמֶערְקֶען אַז דָארְטִין הָאט זִיךְ גִירֶעט וֶועגִן מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרְן׳ אִים זַיינֶע טְרֶערְן אַרוֹיס פֿוּן דִיא אוֹיגִן — עֶר הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרְן פֶערְוואוּנְדֶערְט אָן גִיקוּקְט :

מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, הָאט עֶר גִיזָאגְט מִיט אַצִיטֶערֶענְדֶע שְׁטִימֶע, זַייט אִיר דָאס נִיט אֶפְשַׁר, דֶער ווִינְט וָואס רָאזֶע ווִינְשְׁט זִיךְ מִיט אִים אִיר בְּרִיף צוּ מִיר אִיבֶּער צוּ שִׁיקֶען — דָאס הָאט זִיא גֶעשְׁרִיבֶּן, זִיא אִיז דָא מִיט אִיר הַארַאקְטֶער,

אָבֶּער אִיךְ ווייס נִיט דֶער פוּן — גָאט אִיז מַיין עֵדוּת — יָא
דֶער בְּרִיף לִיגְט שׁוֹין פִיר וָואכֶן בַּייא מִיר, עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ, אַז זִיא הָאט פוּן יֶענֶער צַייט נִיט גִישְׁרִיבֶּן, שְׁוָוער, זִיךְ הָאכְט דוּ גָאר נִיט עֶרְהַאלְטִין פוּן אִיר קַיין בְּרִיף? נִיט נֶעכְטֶען נִיט הַיינְט?

הַיינְט הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטִין, אָבֶּער אַגַאנְץ אַנְדֶער אִינְהַאלְט — נִיט אִירֶע וֶוערְטֶער אוּנ נִיט אַיין מִינֶע פוּן אִיר — יוֹסֵף הָאט אִים דֶעם בְּרִיף גִיוִויזֶען, משֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט זִיךְ פַר נַאנְדֶער גִילַאכְט — אָט נַא דִיר; הָאט עֶר גִיזָאגְט, פַר אַקִייטֶעל, פַאר אַ זַייגֶערְל אַשַׁיינֶעם וואָלְטִין זַיי זִיךְ אוֹיף הַיינֶגען — עֶס אִיז רֶעכְט, דֶעם בְּרִיף פֶערְשְׁטֵייא אִיךְ, דוּא מֵיינְסְט זִיא אִיז גִיפָארְן מִיט דֶער שְׁוִויגֶער אוֹיף חֲתוּנָה, דָאס אִיז מֶען גְעפָארְן זִיךְ זָעהֶן מִיט אַחְתָן, מֶען רֶעט אִיר מִיט אַפָּשׁוּטֶען יוּנְג, עֶר הָאט אָבֶּער דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל.

הֶער, אוּנ פֶערְשְׁטֵיי, וָואס דָא טוּט זִיךְ, הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט אִים אָנְגֶעמֶענְדִיג פַארְן הַאנְט.

רָאזֶע אִיז אַהַאלְבֶּע אַמְשׁוּגֶענֶע דוּא קֶענְסְט זִיא עֶטְלִיכֶע וָואכִין, אוּנ אִיךְ קֶען זִיא שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם בַּאלְד פִיר יָאר, דוּא ווייסְט, אַז מֶען רֶעט אִיר שִׁדוּכִים אוּנ עֶס וֶוערְט נִיט אוֹיס גִיפִירְט, דִי שְׁוִויגֶער הָאט אִיר נִיפְרֶעגְט, הָאט זִיא נִיעֶנְטְפֶערְט: זִיא דַארְף קַיין שַׁדְכָנִים זִיא הָאט שׁוֹין אַחָתָן, אוּנ הָאט זִיךְ פַרְנַאנְדֶער גִיוַויינְט, דִי שְׁוִויגֶער הָאט דָאס מִיר עֶרְצֵייהְלְט, אוּנ פְרֶעגְט מַיין עֵצָה, אִיךְ הָאבּ — זָאל מִיר אַזוֹ גָאט עֶנְטְפֶרְן וֶוען אִיךְ וָועל רוּפִין צוּ אִים — וִויא אִיךְ הָאבּ גִיעֶנְטְפֶערְט אַז דָאס אִיז זַייעֶר אַגְלַייכֶער שִׁדוּךְ, אוּנ הָאבּ צוּ גִירֶעט, אַז דִיא זַאךְ זָאל אוֹיס גֶעפִיהְרְט וֶוערְן. מִיט רָאזֶען הָאבּ אִיךְ צוּ טָאן גִיהַאט זִיא זָאל זִיךְ הַאלְטִין אוּנ עֶס מָאג זַיין וָואס עֶס וִויל, אִיךְ מִיט דֶער שְׁוִויגֶער הָאבִּן דָאס עֶרְצֵיילְט דֶעם שְׁוָוער, מִיר הָאבִּן נִיט גִיזָאגְט אַז רָאזֶע לִיבְּט דִיךְ, מִיר הָאבִּין גְלַאט גִיזָאגְט וָואס דַארְפִין מִיר זוּכִין וַוייטֶע שִׁדוּכִים, אַז מִיר הָאבִּין נָאהֶענְט דֶעם בֶּעסְטֶען' — עֶר אִיז מְשׁוּגָע גִיוָוארְן, אוּנ הָאט גִישְׁרִיעֶן, וִויא קֶען מֶען אִיהְם דָאס גָאר זָאגִין. דוּא קֶענְסְט דָאךְ דֶעם שְׁוָוער, אַז עֶר קוּמְט אַרַיין אִין כַּעַס. „גִיכֶער וָועט הִימֶל צוּא עֶרְד קוּמֶען אֵיידֶער דָאס וָועט אוֹיס גִיפִיהְרְט וֶוערְן!„ הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן' עֶס הָאבִּן שׁוֹין צוּ טָאן גִיהַאט מִיט אִיהְם אַסַךְ מֶענְצִין' אַלֶע אוֹרְחִים, אוּנ דִי גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע דֶעם שְׁוָוערְס אִיךְ מוּז דִיר אִין דִי אוֹיגֶען זָאגִן דוּא הָאסְט אָן אַעַין הָרָע, מַזָל נוֹשֵׂא חֵן צוּ זַיין בַּייא אַלֶעמֶען. עֶר הָאט אָבֶּער גִישְׁוָוארְן, אַז אַזוֹ לַאנְג וִויא עֶר לֶעבְּט אוּנ הָאט נָאךְ אַדֵעָה צוּא זָאגִין אוֹיף זַיין קִינְד וָועט דָאס נִיט זַיין — הָאט מֶען אוֹיפְגִיהֶערְט, אִיצְט הָאט מֶען פָארְגֶעשְׁלָאגֶען אַשִׁדוּךְ מִיט בָּרוּךְ בַּלְשָׁנְס אַזוֹן, דוּא מוּסְט אִים קֶענֶען, וָואס פַאר אַנָארְנִישְׁט דָאס אִיז, עֶר הָאט דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל, אוּנ אִיז דֶער צוּ אַ פּוּסְטֶער פְרַאנְט, רָאזֶע קֶען אִים אוּנ אִיז גָאר אוֹיסֶער זִיךְ פוּן שִׁדוּךְ. דוּא וָועסְט מִיר גְלוֹיבִּין, אַז זִיא שֶׁעמְט זִיךְ שׁוֹין אַז מֶען דֶער מָאנְט אִיר אִירֶע עֶרְקְסְטֶע רֵייד, זִיא אִיז אַפּוּסְטֶע אַ אָבְּגֶעפָּאלִירְטֶע ווינְט מִיל, עֶנְטְהַאלְט אִין זִיךְ קַיין הָאר עֶרֶענְסְט נִיט, דַאנְק גָאט דֶער פַאר יוֹסֵף, וָואס עֶר הָאט דִיךְ אִיזְבַּאוָועט

פֿון דֶער צָרָה, מַיין עֵצָה אִיז דוּא זָאלְסְט מָארְגִ'ין גֶעבִּין מַשְׁקֶה אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אוּנ מַאכִין אַבְּרָכָה: בָּרוּךְ שֶׁפְּטָרַנִי — אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶס אַלְץ נִיט גִיוואוּסְט? וָואס עֶס פַּאסִירְט אִין אַ גַאנְצֶער וָועלְט, וָוען אִין דֶער שְׁטוּבּ, וואוּ מִיר הָאבִּן גִיגֶעסְן, גִיטְרוּנְקֶען אִין אֵיינֶעם, זָאל אַזוֹ פִיל פָארְגֵיין אוּנ אִיךְ זָאל דִי קְלֶענְסְטֶע מֶערְקוּנְג דֶער פוּן נִיט הָאבִּין, הַיינְט וָואס וֵייסֶען מִיר פוּן דִיא אִינְטְרִיגֶען וָואס עֶס טוּט זִיךְ אִין דֶער בְּרֵייטֶער גְרוֹיסֶר וָועלְט, אִיצְט אִיז בַּייא מִיר דֶער מִסְתְּרֵי פַּארִיז, מָאנְטֶע קְרִיסְטָא, אוּנ נָאךְ פוּן דֶעם מִין רָאמַאנֶען — אוֹיךְ גְלוֹיבְּלִיךְ אוּנ נִיט אִיבֶּערְטְרִיבְּן, אַז רָאזֶע, אַז אַזַא שְׁטִילֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס וֶועזִין וִויא זִיא שַׁיינְט מִיר צוּ זַיין, זָאל קֶענֶן אוּנְטֶער אִירֶע וִויא זַיידֶען פַיינֶע מַאסְקֶען קֶענֶן אַזוֹ הַאנְדְלֶען, מִיר קֶענֶן וַוייזֶען פְרֵיינְדְלִיכֶע מִינֶען, אוּנְשׁוּלְדִיגֶע טְרַייהַייט גֶעגֶען מִיר, מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ דָאס נִיט! —

אַ אוּדָאסְטָאוָועֶרֶעניֶע הָאסְט דוּ אִיר הַיינְטִיגֶען בְּרִיף. זִיא אִיז יֶעדֶען טָאג אַאַנְדֶערֶע, דוּא בִּיזְט גְלִיקְלִיךְ אוּנ אִיךְ דַאנְק גָאט, וָואס עֶר הָאט דֶעם שְׁוֶוער אַזַא דֵעָה נִיגֶעבִּין נִיט צוּ פָאלְגִין מַיין עֵצָה. אִיךְ וָואלְט פַאר מַיין סָאוֶועסְט נִיט יוֹצֵא זַיין, אַז אִיךְ וָואלְט זֶעהֶן וִויא דוּא וֶוערְסְט אוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן אִיר, אִיךְ חָאף נָאךְ אי"ה אָן דִיר נַחַת צוּא זֶעהֶן אוּנ דֶערְמָאנֶען אָן הַיינְטִיגֶען טָאג מִיט פְרֵיידִין, אִיצְט אִיז מַיין עֵצָה: דוּ זָאלְסְט אַרָאפּ שְׁלִינְגֶען אַלְץ וָואס דוּא וֵייסְט, דִי שְׁוִוינֶער לִיבְּט דִיךְ וִויא אַ אֵייגִין קִינְד, דוּא דֶערְצֵייל אִיר גָאר נִיט. זִיא הָאט מִיךְ פֶערְשְׁוָואִרְן דִיר דֶער פוּן נִישְׁט צוּ עֶרְצֶעהְלֶן, דוּ זֶעה זִיךְ אָן אַשְׁטֶעלֶע עֶרְגֶץ אִין שְׁטָאט, אוּנ פֶערְגֶעס רָאזֶען, זִיא אִיז נִיט וֶוערְט דוּ זָאלְסְט זִיא דֶערְמָאנֶען. —

אִיךְ הָאבּ דִיר אִין צֶעטְל מִיט אַ כִּוָון גֶעשְׁרִיבֶּן דֶער שְׁוֶוער אִיז אוֹיף דִיר אִין כַּעַס, וַוייל אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט דוּא וֶועסְט מִיךְ הַאלְטִין פַאר דַיין עֶרְנְסְטִין שׂוֹנֵא אוּנ נִיט וֶועלְן קוּמֶן צוּ מִיר אִיךְ זָאל דִיר דָאס קֶענֶן עֶרְקְלֶערְן — אִיצְט וֵייס, אַז דֶער שְׁוֶוער וֵייס פוּן דֶעם בְּרִיף נִיט, אִיךְ הָאבּ אַלְץ בֶּעהַאלְטֶען בַּיי זִיךְ, מֶען הָאט בַּיי דִיר נִיט גִיזוּכְט, דֶעם בְּרִיף הָאט מֶען גִיפוּנֶען אוּנ מֶען הָאט אִים פַאר גֶעלְט מִיר אַוֶועקְגִיגֶעבִּן, פָאלְג מִיר יוֹסֵף, צוּ קֵיין תַּכְלִית וֶועט דִיךְ דֶר רָאמַאנְשִׁירֶן בְּרֵיינְגֶען, זוּךְ אַ אָרְט אוּנ אַרְבַּייט אוּיס פָאן זִיךְ אַ טְהָעטִיגֶען מֶענְשִׁין —

נוּארְט, שְׁטֵייא! הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט, נָאךְ אַהִיפְּשֶׁע וַוייִלֶע שְׁטִיל שְׁוַוייגִין — וַוארְט! מִיר אִיז עֶרְסְט אַיינְגִיפַאלֶען פַאר דִיר אַ אָרְט, אִיז נִיט מַיין נָאמֶען משֶׁה שְׁנֵייאֶר, אוֹיבּ דָאס וֶועט נִיט אוֹיסְגִיפִירְט זַיין, מָארְגִין נֵייא אִיךְ אִין שְׁטָאט — — נִיט בֶּעאוּנְרוּהִיגֶע זִיךְ יוֹסֵף, נִיט זַייא קֵיין קִינְד.

אוּנְטֶערִן פֶענְסְטֶער הָאט זִיךְ גִיהֶערְט צוּ פָאהְרֶענְדִיג.

דִיא שְׁוִוינֶער אִיז גִיקוּמֶען — צַייט אַהֵיים, לָאזִין זַייא נִיט וִויסֶען אַז דוּ בִּיזְט גִיוֶוען בַּיי מִיר —

אַגוּטֶע נַאכְט, אִיךְ דַאנְק אַייךְ פַאר אַייעֶרֶע נַייעֶס, פֶערְצַייהֶעט. אִיךְ וֵייס אַיךְ אִיצְט נִיט וִויא צוּ דַאנְקֶען, אַגוּטֶע נַאכְט. בֶּעסְטֶער פְרַיינְד!

דלח    יוסף

יוֹסֵף הָאט מִיט שְׁנֵייאֶרְקֶען גִירֶעט — שְׁנֵייאֶר הָאט אִים שְׁפַּאצִירִין גִירוּפְן, נָאר יוֹסֵף הָאט אִים גִיזָאגְט: הַיינְט בְּלַייבְּן מִיר אִין דֶער הֵיים אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר נֵייטִיגֶעס זֵייעֶר נֵייטִיגֶעס צוּ רֵיידִין.

שְׁנֵייאֶרְקֶע הָאט זִיךְ נִיט גִישְׁפַּארְט אוּנ אַרַיין מִיט יוֹסֵפִין אִין זַיין חֶדֶר.

יוֹסֵף, הָאט שְׁנֵייאֶר אָנְגִיהוֹיבְּן, אֵיידֶער דוּא ווִילְסְט מִיר זָאגִין עֶטְווָאס, בֶּעט אִיךְ דִיר, עֶרְקְלֶער מִיר צְווֵייא זַאכְן. דָאס עֶרְשְׁטֶע: אִיךְ זֶעה דִיר דִיא לֶעצְטֶע עֶטְלִיכֶע וָואכִין דוּא צִיהְסְט זִיךְ צוּרִיק פוּן אוּנְזֶר גִיזִינְט, דוּא בִּיזְט אָפְּט פֶערְזָארְגְט פֶערְטְרַאכְט, ווָאס אִיךְ הָאבּ אִין דַיין הַארַאקְטֶער פְרִיעֶר קֵיין מָאל נִיט בֶּעמֶערְקְט — יוֹסֵף הָאסְט דוּא חֲרָטָה ווָאס דוּ בִּיזְט בַּייא אוּנְז? הָאט דִיר פִילַייכְט ווֶער עֶס אִיז גִיזָאגְט ווָאס אוֹיף אוּנְז? ווִילְסְט דוּא מִיךְ אוֹיךְ פַאר גֶעסִין? רָאזֶען, רוּהָאמֶען, דִיא מוּטֶער? אִיךְ ווִיל אַייךְ קֵיינֶעם נִיט פַאר גֶעסִין, אוּנ ווָעל נִיט פַאר גֶעסִין, הָאט יוֹסֵף קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט.

דוּ ווִילְסְט דָאס מִיר נִיט עֶרְקְלֶערְן. אִיךְ ווָעל דִיר דָאס אַלֵיין זָאגִין, דוּ קֶענְסְט מִיךְ, אַז אִיךְ מֵיין דִיךְ נִיט צוּ סְקַאנְפוּזֶען, יוֹסֵף דוּא עֶנְטְלוֹיפְסְט פוּן רָאזֶען, פוּן דֶער דִיא ווָאס לִיבְּט דִיךְ, צוּ דַיין שׂוֹנֵא ווָאס גְרָאבְּט דִיר אַגְרוּבּ — אָ יוֹסֵף, דָאס פֶערְשְׁטֵיי אִיךְ נִיט אוּנ דָאס אִיז אוֹיךְ מַיין צְווֵייטֶע פְרַאגֶע, אִיךְ ווֵייס אַז דִי בֵּיידֶע גִיהֶערִין אֵיינֶע אָן דֶער אַנְדֶערֶע, דֶער פַאר הָאבּ אִיךְ זֵייא אַרַיינְגִיצוֹיגְן אִין אֵיינֶעם אוּנ עֶס קֶען זַיין, אַז אִיךְ הָאבּ אַ טְעוּת, עֶס קֶען זַיין דוּ ווַייסְט פְרִיהֶער פַאר מִיר אַז רָאזֶע אִיז אִין דִיר פֶערְלִיבְּט, אוּנ דוּא הַאלְסְט זִיא אִיז דִיךְ נִיט ווֶערְט, דוּא גִיפִינְסְט נִיט פַאר רֶעכְט זִיא צוּרִיק צוּ לִיבֶּען. זִיא אִיז נִיט אַזוֹ גֶעבִּילְדֶעט ווִיא דוּ ווִילְסְט. ווָאס עֶס אִיז — עֶס דֶער גֵייט נִיט ווִיא דוּ מֵיינְסְט — מוּז אִיךְ דִיר זָאגִין, אַז אַזַא גִיבִּילְדִיטֶע ווִיא רָאזֶע קְרִיגְט מֶען אָפְּט, אַזַא שֵׁיינֶע אֶפְשַׁר אוֹיךְ, יוֹסֵף אַזַא רֵיינֶע עֶהְרְלִיכֶע זֵיילֶע, אִיךְ בִּין אִיהְרֶער אַבְּרוּדֶער יוֹסֵף, אוּנ אַז אִיךְ רֵייד אִירֶע מַעֲלוֹת, אִירֶע גִיפִילֶען — קֶען דֶר אַנְדֶערֶר מֵיינֶען אִיךְ רֵייד פוּן מַיין גִילִיבְּטֶע, אִיךְ זָאג דִיר קוּרְץ אַזַא רָאזֶע ווֶעסְט דוּא נִיט קְרִיגִין, אַזַא רָאזִין בִּיזְט דוּ ווֶערְט — אוּנ זִיא אִיז ווֶערְט אַזַא יוֹסֵפִין לָאז מִיךְ אוֹיס רֵיידִין אִין גַאנְצִין — יוֹסֵף. פִילַייכְט בִּין אִיךְ אוֹיךְ ווֶערְט דִיךְ פַאר אַ שְׁווָאגֶר צוּ הָאבִּין — מַיין מוּטֶער. מֵיין אִיךְ, אִיז ווֶערְט דִיךְ פַאר אַזוּן צוּ הָאבִּין. יוֹסֵף, לִיגְט דִיר פַאר דַיינֶע אוֹיגֶען נִיט אַ אַנְדָער פְּרָאיֶעקְט הָאסְט דוּא נִיט אִין דַיין קָאפּ אַזֶעלְכֶע גִידַאנְקֶען אוּנ הָאפְנוּנְגֶען, ווֶעלְכֶע אִיךְ בֶּעגְרַייף נִיט, זָאג אִיךְ דִיר אַלְס פְרַיינְט, הָאץ עֶס קֶען זַיין דוּא בִּיזְט פוּן אַגְרֶעסֶערֶע פַאמִילְיֶע, הָאץ דוּא ווֶעסְט אֶפְשַׁר אִין דַיין אֵייגֶענֶער שְׁטָאט מִיט אַרַייכֶערִין אַ שִׁדוּךְ טָאן, אַזַא רָאזִין ווֶעסְט דוּא עֶרְגֶעץ נִיט קְרִיגִין — אוּנ דֶער פַאר דַארְפְסְט דוּא נִיט לַיידִין אוּנ לוֹיפִין פוּן אוּנְז —

שְׁנֵייאֶר, אָבֶּער אַז דִיא קֶען אִיךְ אוֹיךְ נִיט קְרִיגֶען, לָאמִיר אָנְנֶעמֶען, אִיךְ פַאנְלַאסֶע זִיךְ שׁוֹין — ווֶענְט זִיךְ שׁוֹין דָאס נָאר אָן מִיר אוּנ דִיר, מֶער אָן קֵיינֶעם? דַארִיבֶּער, לִיבֶּער פְרַיינְט, בֶּעט אִיךְ פוּן דֶעם נִיט מֶער צוּ רֵיידִין, גְלוֹיבּ מִיר, אַז מִיט דֶר צַייט ווֶעל אִיךְ דִיר דָאס דֶער צֵיילִין — אִיבֶּרִיגֶענְס, אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר ווִיא

ייך

זִיךְ אַלֵיין — דוּא וֶועסְט דָאס נִיט אִיבֶּער רֵיידִין, קֵיין אִיסְפְּרַאוְוקֶעס מַאכִין, דֶען אִיךְ וִויל נִיט דִיא זַאךְ צוּרִיק צוּ רֵייד בְּרֵיינְגֶען, רָאזֶע אַלֵיין, הָאט מִיר דֶר לַאנְגְט אַ בְּרִיף, אִין וֶועלְכִין זִיא דֶער צֵיילְט מִיר, לֵיידֶער, דָאס זִיא הָאט מִיךְ גִילִיבְּט, נָאר דִיא לִיבֶּע אִיז בַּיי אִיר נִיט וַייט גִיקוּמֶען אִיבֶּער דֶעם וָואס זִיא זֶעהְט, דָאס עֶס וֶועט צוּ נִיכְטְס בְּרֵיינְגֶען, אוּנ בֶּעט דַארִיבֶּער, דָאס אִיךְ זָאל אִיר דִיא טוֹבָה טְאָן אוּנ פוּן אַייעֶר שְׁטוּבּ אַרוֹיס בִּיסְלִיכְוַוייז. שְׁנֵייאֶר, דֶער בְּרִיף הָאט מִיךְ אַזוֹי זָאנְדֶערְבַּאר גִימַאכְט, אִיךְ לֵייד אִיצְט, אָבֶּער אִיךְ בִּין פֶעסְט עֶנְטְשְׁלָאסִין אִיר בִּיטֶע צוּ עֶרְפִילֶן אוּנ צוּ גֵיין — וְואהִין? דָאס וִויל אִיךְ אִיצְט מִיט דִיר רֵיידִין! —

הֶער אִיךְ דָאס פוּן דַיין מוֹיל, יוֹסֵף? הָאט שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט, מִיט פֶערְווָאוּנְדֶערוּנְג — קֶען אִיךְ דִיךְ נִיט מַיין בְּרוּדֶער? אָדֶער קֶען אִיךְ נִיט מַיין שְׁוֶועסְטֶער רָאזֶען? גָאט, אִין וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ דֶעם טָעוּת גִיהַאט?

עֶס קֶען זַיין אִין בֵּיידִין! הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט גִילַאסִין — אִין מִיר הָאסְט דוּ גִיאִירְט, דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ פַאר רֶעכֶענְט, אֶפְשַׁר פַאר אַזוֹ וָואס הַאלְט זִיךְ גְרוֹיס מִיט זַיין יִחוּס, אוּנ רָאזִין וָואס אַכְטֶעט נִיט אַז זִיא אִיז אַ טָאכְטֶער פוּן רַייכֶע עֶלְטֶערֶען, אִיצוּנְד זֶעהְסְט דוּא פַארְקֶעהְרְט, רָאזֶע לִיבְּט מִיךְ. נָאר דִיא אָבְּסְטֶעיַאטֶעלְסְטְוָוא, דִיא פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע צְווִישִׁין אוּנְז זַיינֶען נִיט גְלַייךְ. אִיךְ הָאבּ בַּיי אִיר וֶועדֶער גִיפְרֶעגְט צוּא זִיא לִיבְּט מִיךְ נָאךְ אִיר עֶרְצֵיילְט, דָאס אִיךְ לִיבּ זִיא — זִיא הָאט עֶס גִיטָאן, אִין דֶער מִינוּט וָואס וָואלְט פִיל קְלִינְגֶער גִיוֶוען פוּן אִיר זַייטֶע מִיךְ אַיין וַויינִיג צוּא שׁוֹינֶען, אוּנ עֶס אַלְץ צוּ פֶערְדֶעקִין, אַלְזָא, אִיךְ הָאבּ צוּ אִיר נִיכְטְס, גְלוֹיבּ מִיר שְׁנֵייאֶר, דָאס אוּם אִיר גְלִיק בִּין אִיךְ נָאךְ בֶּערֵייט צוּ טְאָן — אִיךְ וִוינְשׁ אִיר גְלִיק!

אוּנ דָאס וֵוייסִינְפִדִי עֶלְטֶערְן? הָאט שְׁנֵייאֶרֶקֶע גִיפְרֶעגְט —

אִיךְ קֶען עֶס דִיר נִיט זָאגִין, אִיךְ בֶּעט דִיר אָבֶּער, דָאס אִין דֶעם פַאל, וֶוען זֵייא וֵוייסִין נִיט זָאלְסְט דוּא זֵייא דָאס נִיט עֶרְצֵייהְלֶן, זֵייא קֶענֶען מֵיינֶען אוֹיף מִיר גָאט וֵויים וָואס! —

אִיז שׁוֹין אַזוֹ וַוייט גִיקוּמֶען, דָאס אַבְּרוּדֶער, וִויא אִיךְ, וָואס אִיךְ לִיבּ זִיא מֶער וִויא אַבְּרוּדֶער קֶען נָאר לִיבֶּען אַשְׁוֶועסְטֶער, אָ גָאט. אַז דִי שְׁוֶועסְטֶער זָאל אוֹיךְ פַאלְשׁ זַיין דֶעם בְּרוּדֶער! הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גִיוואוּסְט וָואס אוּנ וֶוען זִיא טוּט אוּנ. טְרַאכְט? נַיין, יוֹסֵף, רָאזֶע אִיז אַ עֶהְרְלִיךְ קִינְד, רָאזֶע וֶועט אַזַא זַאךְ נִיט טָאן, — דוּ הָאסְט דֶעם בְּרִיף פוּן אִיר הַאנְט נִיט עֶרְהַאלְטִין!

פוּן אִיר הַאנְט, שְׁנֵייאֶר, וָואס וַוייסְט דוּא, וָואס בַּייא דֶעם אַנְדֶערְן אִין הַארְצִין אִיז? אִין יֶענֶער נַאכְט אִיז זִיא גִיפָאהְרְן זֶעהֶען אַ־חָתָן, גִיזָאגְט הָאט מֶען זִיא פָארְט אוֹיף חֲתוּנָה — זִיא הָאט מִיר אַלֵיין עֶרְצֵייהְלְט, וִויא שֵׁיין וִויא קְלוּג דֶער חָתָן אִיז, וִויא אִיר גִיפֶעלִין אַלֶע מְחוּתָּנִים, וִויא זַיא הָאט אוֹיסְגֶענוּמֶען בַּייא זַייא — שְׁנֵייאֶר, עֶס אִיז וֶועגִין דֶעם נִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין, אִיךְ בֶּעט דִיר, לָאמִיר רֵיידֶען עֶפִּיס וִויכְטִיגֶערֶעס!

אָ רָאזֶע, דוּא בְּלָאנְזֶעסְט, דוּא בִּיזְט פַאוּ פִירְט גָאט וַויים דִיר פוּן וֶועסֶען —

אוֹיס

אוים ! יוסף אבער דוא מוסט מיר ערקלערן : וואס ביזט דוא ווידער צו זאמען גיקומען מיט משה שנייארן , ווייסט דוא דען ניט אז ער איז דיר א שונא ?

איך מיין ווייניגסטען אזו, אבער צייטענווייס טוט דער שונא מער טובה מיט אם וואס ער שלעכט מיינט וויא דער גוטר פריינד מיט דעם וואס ער גוט מיינט , משה שנייאר האט מיר פון איצט , ניט פאר וואס צו זיין אשלעכטער פריינד , ער האט מיר אטובה ; גיטאן ער האט מיך אויפגיוועקט פון מיין חלום , אונ איך האב איצט אויגין זיך ארום צו קוקען וואו איך האלט , מיינסט דוא . איך וועל אונ וויל בלייבין בייא דער גמרא ? מיינסט דוא , אז מיר איז אפילו אמאל אויפין זינען ארויף גיקומען זיך בעגעניגן מיט דעם גליק , זיין דא בייא איינעם א־איידעם א מושלם א איידעם , מיט אלע זיבין השלמות , די גאנצע כבוד פון בית המדרש זאל מיר גיהערין ? — ניין שנייאר , דאס איז ווייט פון מיר , יארין לאנג גראבט דער זיינגעמזיערטר ארעסטאנט , אונטער זיין אסטראג , אמאל דיא ניפערליכע פראבע צו מאכין צו אנטלויפין , זיך אליין צו באפרייען פון זיין לאגע , איך בין לידער דער זעלבע ארעסטאנט ! מיינע הענט זיינען ליידיג . זיינען מיינע פים גיבונדין . . אויף דעם רעכנונג בין איך נאר אנגעקומען צוא אייך אין שטוב לערנען מיט דיר , איך האב ניהאפט פיל וויניג אן צוא קלייבין , אונ צוא קומען צוא מיין פלאן :

אבער מיינע אייטעלקייט , האב איך דאס גאנצע פאר דינטע אויס גיגעבן אויף קליידער , ראזען וואלט ניט אן גישטאנען מיט מיר שפאצירן צוא גיין , — נון איז איצט אבער דר ענטשלוס אין מיר רייפער אונ איך מוז אים צו וועגין ברייננגן.

איצט וואס איך וויל דיר זאגין , אלס פריינט , אלס מענש , אלס דער וואס ליבט דיך וויא אברודער אטרייע ליבע . זאג איך דיר דוא זאלסט אליין אויך זיך ארום קוקען וואו דוא האלסט ! —

יוסף , איך ווייס ניט וואס דוא מיינסט דער מיט ? וואס פעלט מיר , ברוך השם ! ? מיין פאטער איז רייך אונ וועט קענען באשטיין מיך התונה צו מאכין —

א שנייאר , איך מוז מיט דיר אנהייבין פון א׳ ב׳, שאדע , אין אזו אצייט איז מיר דאס ניט איינגעפאלן דיר צוא ערקלערין ! הער נאר מיט קאפ , דוא קענסט לייזער זעליגס זון , דוא ווייסט וויא רייך זיין פאטער איז , ער האט צו דער התונה ניהאט פופצען טויזענד רובל , אים האבין מקנא גיוועזן אלע וואס האבין זיין לאגע גיוואוסט , הער וואס פון אים איז גיווארין , ער איז אראפ פון קעסט , איז ער אומגעגאנגען מיט זיין פאק בילעטן , וויא איינער וואס עס אנטלויפט פון א פאר פלייצונג מיט זיין האב אונ גוץ אונ גיפינט קיין ארט ניט וואו זיך צוא צושלאגין — אהאלב יאר צייט האט ער גיזוכט א עסק , מען האט אים טויזינד עסקים פארגעליינט , ער האט מורא גיהאט אן איינעם זיך צוא צורירן , ענדליך איז בייא אים שוין מיט טויזינד רובל ווייניגער גיווארין , אונ ער האט גיזעהען עס ווערט ווייניגער אונ ווייניגער , האט ער זיך גירעשעט צוא פארלייען אויף פראצענט , דרייא יאר האט ער זיך נימוצעט , גימשפט , מיט דעם מיט יענעם ,

גאנצע

גַאנְצֶע טֶעג פְלֶעגְט עֶר לַיידִיג אוּמְגֵיין, אִים אִיז דָער לֶעבִּין מִיאוּס גִיוָואָרִין. עֶר הָאט גִיקְרִיגִין אַ שְׁלֶעכְטִין נָאמֶען בַּייא לַייטִין, וָוארוּם וָואס הַאלְט מֶען פוּן אַמֶענְצִין וָואס זִיצְט אָפּ אַשָׁעָה בַּייא דָער קְרָאם, אַשָׁעָה בַּייא אַיין אַנְדֶער קְרָאם — עֶר פְלֶעגְט אִין דָער הֵיים קֵיין רוּא נִיט גִיפִינֶען, וַוייל עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אִין אִיר צוּ פִיל גִיפִינֶען, דִיא הוֹצָאָה חָאט עֶר גִימוּזְט פִירִין קַארְג, דָער לֶעבִּין אִיז אִים פַאר בִּיטֶערְט גִיוָוארִין, וַיְהִי הַיּוֹם, אוּנ מֶען הָאט אִים אָנְגֶעזָעצְט זַיינֶע גֶעלְט, אוּנ וָואס אִיז עֶר אִיצְט לֶעבְּט פוּן קִצְבָה, וָואס לַייט שִׁיקִין אִים אַרַיין, טוֹיג נִיט צוּא גִישֶׁעפְט צוּ אַרְבַּייט, בֶּעפַאלֶען מִיט פִינְף קְלֵיינֶע קִינְדֶער, עֶר קֶען זַייא נִיט עֶרְצִיהֶען, עֶר הָאט נִיט מִיט וָואס אוּנ וַוייס נִיט וִויא — זָאג, אִיז עֶר נִיט דָער אוּנְגְלִיקְלִיכְסְטֶער מֶענְטְשׁ?—

אִיךְ וַוייס עֶס לִיבֶּער יוֹסֵף!

דוּא קֶענְסְט זַאלַאמָאן, דעם מֶעחַאנִיק?

אִיךְ קֶען אִים!

וַוייסְט דוּא אַז עֶר הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט אָן אַיין קָאפֵּייקֶע גֶעלְט, זַאלַאמָאן הָאט מִיר עֶרְצֵיילְט, עֶר אִיז אַזוּן פוּן גַאנְץ רַייכֶע עֶלְטֶערְן, זַיין פָאטֶר הָאט אִים אַוֶועק גִיגֶעבִּין לֶערְנֶען, עֶר אִיז דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען דְרַיי קְלַאסֶען, אוּנ עֶר הָאט אַלֵיין אַבְּיַאוֶועט דֶעם פָאטֶער, עֶר ווִיל נִיט אוּנ קֶען נִיט שְׁטוּדִירְן, דֶער פָאטֶר הָאט אִים אַוֶועק גִיגֶעבִּין צוּ אַמַאשִׁינֶענְבּוֹיֶער, עֶר אִיז פִינְף יָאר אַרְבַּייטְס יוּנְגֶע בַּייא אִים גִיוֶוען, עֶר הָאט אָבֶּער זַיין פַאךְ דָער גַאנְגֶען, אוּנְד פֶערְדִינְט הַיינְט גוּט, עֶר הָאט גִיהֵיירַאטֶט אוּנ לֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ, וִויא רֵיין וִויא שַׁיין, וִויא אַפֶּעקְטֶנֶע אוּנ לֶעבּהַאפְּט אִיז אִיטְלִיכֶע זַאךְ בַּייא אִים, וֶוער פוּן דִי רַייכֶע בַּייא אוּנְז דָא לֶעבְּט אַזוֹ צוּ פְרִידִין, אַזוֹ בַּאווַאוּסְט פוּן לֶעבִּין וִויא עֶר? אִיךְ ווִיל דִיר דֶעם בִּילְד אִיצְט נִיט פָארְשְׁטֶעלִין, אִיךְ וֶועל דִיר צוּ אִים אַרַיין פִירִין אוּנ אוֹיבּ דוּא הָאסְט אוֹיגְן, אוֹיבּ דוּא הָאסְט זִינֶען צוּ פַאר שְׁטֵיין, וָואס אַ אֶרֶענְטְלִיכֶעס לֶעבִּין אִיז וֶועסְט דוּא פִילִין וָואס אִיךְ — זָאג מִיר לִיבֶּער שְׁנֵייאֶר וָואלְט נִיט בֶּעסֶער גִיטָאן לַייזֶער זֶעלִיג אָנְשְׁטָאט צוּ גֶעבִּין זַיינֶעם זוּן פוּפְצֶעהֶן טוֹיזִינְד רוּבִּיל, אַז עֶר וָואלְט גִיטָאן וִויא זַאלַאמָאנְס פָאטֶער הָאט גִיטָאן? אִיז דֶען דָאס נִיט אַזוֹ אִין זַיין הַאנְט וִויא אִין יֶענֶעמְס?.

הַיינְט לָאמִיר זִיךְ נִיט נַארְן, וָואס וֶועט זַיין פוּן מִיר פוּן דִיר? פוּן מִיר אִיז נִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין, וָואס מְעַדַארְף רֵייד אִיךְ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער וָואס וֶועט מִיט דִיר זַיין? ווִילְסְט דוּ זִיךְ אוֹיף אַ שְׁפֶּעקוּלַאצְיָאנֶען לֶעבִּין זִיךְ לָאזְן צוּ שְׁפֶּעקוּלַאצְיָע מוּז מֶען אוֹיךְ אַ פַאךְ הָאבִּין, דוּא בִּיזְט יוּנְג, הָאסְט אִיצְט אַיינִיגֶער מַאסִין פַאר קֶענְטְנִיסֶע דוּא קֶענְסְט נָאךְ אִין אַ שׁוּהְלֶע אַרַיין אַשְׁטוּדִיוּם דוּרְכְצוּמַאכֶען, הֵייבּ זִיךְ אוֹיף בְּרוּדֶער נִיט וַוארְט בִּיז דָאס שְׁוֶוערֶע לֶעבִּין וֶועט דִיךְ וֶועקִן, הֵייבּ אָן מִיט זִיךְ אַלֵיין רֶעכֶנוּנְגֶען צוּא מַאכִין, אִיךְ לֶעהְרֶען מִיט דִיר, דָאס אוּנ יֶענְס, דָאס אִיז נָאר פְלִיטֶערְלִיךְ, זַייא נֶעמֶען אוּנְז אַרוֹיס נָאר פוּן אוּנְזֶער שְׁוֶוערֶע לַאגֶע, אָבֶּער עֶס בְּרֵיינְגְט אוּנְז נִיט צוּ אַיין אַנְדֶער לַאגֶע, עֶס לָאזְט אוּנְז צְווִישִׁין הִימִיל אוּנ עֶרְד — אוּנ בְּלַייבִּין אָהְנֶע בֶּעשְׁטַאנְד — דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט וָואס מִיר

ה ג־ ].

לֶערְנֶען , הַיינְט אִיסְטָארְיָע , מָארְגֶען גִיאָגְרַאפְיֶע , אַלֶע זִיבִּין חָכְמוֹת אִין אַלֶע שִׁבְעָה יְמֵי שַׁבַּתָּא , אִיז פַאר זוּכְט פוּן עֵץ הַדַעַת אָבֶּער פוּן עֵץ הַחַיִים נִיט אָנְגֶערִיהְרְט , שְׁנֵייאָר , וֵוייסְט דוּא , וָואס הַייסְט גִיגֶעסִין פוּן עֵץ הַדַעַת אַלֵיין ; דֶעם טוֹיט אוֹיף זִיךְ בְּרֵיינְגֶען !

דִיא בִּיסֶעל וִויסֶענְשַׁאפְט וָואס אִיךְ הָאבּ הָאט מִיר דִיא אוֹיגֶען גִיעֶפֶענְט צוּא זֶעהֶען , אִין וָואס פַאר אָקְרוּג אִיךְ לֶעבֶּע , וֶועלְכֶע צוּקוּנְפְט הָאבּ אִיךְ צוּ הָאפִין , דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט הָאט מִיר גִימַאכְט אוּנְצוּפְרִידֶען פוּן מַיין לֶעבִּין , אִיךְ זֶעה לַייט לֶעבִּין אוּנ זַיינֶען צוּ פְרִידֶען , זֵייא הָאבִּין עֶטְוָואס דַעַת אוֹיךְ נִיט פַאר זוּכְט , דָאס עֶטְוָואס וִויסִין , עֶסִין פוּן עֵץ הַדַעַת אוּנ נִיט עֶסִין וִויפִיל מֶען דַארְף אָט דָאס אִיז דִיא קְלָלָה וָואס פַאר טְרַייבְּט דֶעם מֶענְשִׁין פוּן זַיין גַן עֵדֶן ! עֵץ הַחַיִים , הֵייסְט , אַז מֶען קֶען דֶעם עֵץ הַדַעַת בֶּעאַרְבַּייטִין , דָאס אִיז נָאר אִין דֶעם פַאל , אַז דֶער וִויסֶענְדֶר , וֵוייס וָואס עֶר קֶען , אִיךְ קֶען דָאס אוּנ דָאס , אִיךְ וֵוייס דָאס אוּנ יֶענְס , פְרֶעג מִיר וִויא מַאכְט מֶען נוּצֶען דֶער פוּן , וֵוייס אִיךְ נִיט — שְׁנֵייאָר , אִיךְ בִּין אוּנְגְלִיקְלִיךְ אִיצְט וִויא אָדָם אִין דֶער מִינוּט וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיפוּנֶען נַאקֶעט , אִיךְ שֶׁעם זִיךְ נִיט פַאר דִי פָארְשְׁטֶעטְלְדִיגֶע , פַאר זֵייא אִיז נִיטָא וָואס זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען , אָדָם הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גִישֶׁעמְט פַאר דִי חַיוֹת אוּנ בְּהֵמוֹת פוּן פֶעלְד , עֶר הָאט זִיךְ פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט גִישֶׁעמְט אוּנ אִיךְ שֶׁעם זִיךְ אוֹיךְ פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט , רָאזֶע לִיבְּט מִיךְ , לָאז זַיין זִיא הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט , אִיךְ וָואלְט דָאךְ זִיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט וֶוען אִיךְ וָואלְט מִיט מַיין הַיינְטִיגֶען שְׁטַאנְד אִיר מַאן זַיין ! עֶס אִיז אַלְץ בְּלָאטֶע גֶעגֶען אַשְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט ! שְׁנֵייאָר , אוּנ אַלְץ לָאז אִיךְ פוּן זִינֶען , אֵיין זַאךְ וֶועט זַיין מַיין שְׁטְרֶעבִּין : — „אָ עֶרְלִיכִין פֶערְדִינְטֶען לֶעבִּין ! „בְּרוֹיט וָואס מַיינֶע הֶענְט זָאלִין פֶעהִיג גֶענוּג זַיין אִים צוּ פֶערְדִינֶען ! „ אִיךְ וִויל מַיינֶע כּוֹחוֹת נִיט פֶערְשְׁווֶענְדִן מֶער אוֹיף טוֹיזִינְד זַאכִין , אוֹיף דָאס אַלֵיין , וָואס מִיר וֶועט טְרֶעפִין ; וֶועט מִיר גִילִינְגֶען צוּא שְׁטוּדִירִין , אִיז מַה טוֹב , נִיט וַוייל דֶער גֶעשְׁטוּדִירְטֶער אִיז נָאךְ מַיינֶער אַנְזִיכְט ווִירְדִיגֶער אוּנ הֶעכֶער . זָאנְדֶערְן וַוייל אִיךְ גִיבִּין זִיךְ פֶעהִיגֶער צוּא דֶעם מֶער וִויא צוּא אַיין אַנְדֶער זַאךְ — אוּנ ווִירְדִיג וֶוערְט נָאר יֶענֶער . דֶער וָואס טְרֶעפְט צוּא וָואס עֶר הָאט אַ כִּשְׁרוֹן אוּנ בֶּעאַרְבַּייט זַיינֶע כִּשְׁרוֹנוֹת — אָבֶּער וֶוען דָאס וֶועט מִיר נִיט גֶעלִינְגֶען בִּין אִיךְ גַאטְאוֹו חָאץ אִין אַקָאנְטָאר צוּ דִינֶען , אַפְּרָאפֶעסְיָאן צוּא לֶערְנֶען , אוּנ אוֹיס פַאנְטַאזְיֶע ! אִיצְט שְׁנֵייאָר , אִיז מַיין עֵצָה , זָאלְסְט אָן הַייבִּין צוּ טְרַאכְטִין וֶועגִין זִיךְ וִויא לַאנְג דוּא הָאסְט נָאךְ צַייט , מֶען וֶועט וֶועלִין דִיר בַּאלְד דֶעם קָאפּ פֶערְדְרֵייעֶן , בַּאלְד נָאךְ רָאזֶעס חֲתוּנָה , וֶוערְסְט דוּא אַ חָתָן , שַׁדְכָנִים זַיינֶען בַּייא אִידֶען דָא , אוּנ אַלֶע הוּנְגֶרִיגֶע — עֶס אִיז גִיפֶערְלִיךְ צוּ זַיין אַ בָּחוּר פַאר זֵייעֶרֶע הוּנְגֶרִיגֶע צֵיינֶער חָאץ בַּייא קְלוּגֶע עֶלְטֶערְן , ווִילְכְט דוּא אוּנ אוֹיבּ דוּא גִיפִינְסְט זִיךְ גִינֵייגְט אוּנ פֶעהִיג צוּ שְׁטוּדִירִן גִיבּ זִיךְ עֵצוֹת דָאס צוּ וֶועגִין צוּ בְּרֵיינְגֶען , אוֹיבּ דָאס אִיז דִיר שְׁוֶוער אָדֶער צוּ וַוייט — נֶעם זִיךְ פַאר לֶעבִּידִיגֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען , לֶערְן אַפְּרָאפֶעסְיָאן

לערין

לֶערִין אַ סְפֶּעצְיַאלִנָאסְט , וָואס דוּא זָאלְסְט דוּרְךְ אִיר דַיין כְּרוּים גִיבִּינֶען הִיא דוּא וַועסְט זַיין —

אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא יוֹסֵף , דוּא הָאסְט רֶעכְט , דוּא דַארְפְסְט אָבֶּער נִיט פֶערְגֶעסְן , אַז מַיינֶע עֶלְטֶערְן וֶועלְן מִיר עֶס נִיט לָאזְן —

נִיט אִין אֵיין טָאג אוּנ נִיט אִין צְוֵוייא , שְׁנֵייאֶר , דוּא קֶענְסְט דַיין קְלוּגֶע מוּטֶער אִיבֶּערְגֶעבִּין מַיינֶע רֵייד , אִיךְ וֶועל דִיר פוּן מַיין טַאגֶע בוּךְ עֶטְלִיכֶע אוֹיס צוּגֵיין גֶעבִּין , דוּא זָאלְסְט זִיךְ אִין מַיינֶע רֵייד בֶּעסֶער עֶרְקְלֶערִין דוּא זָאלְסְט זֵייא פַאר זִיךְ אַלֵיין אִיבֶּער דֵיינְקֶען , דוּא זָאלְסְט זִיךְ אַרוּם קוּקֶען צְוִוישִׁין וֶועלְכֶע מֶענְשִׁין דוּא לֶעבְּסְט אוּנ דַארְפְסְט מִיט זֵייא דַיין לֶעבִּין פַאר בְּרֵיינְגֶען , אִיצְט אִיז שְׁפֶּעט אִיךְ גִיבּ דִיר אִיבֶּער דִיא עֶטְלִיכֶע בְּלֶעטְלֶעךְ , לֵייעֶן זֵייא , עֶס הָאט צַייט , דוּא זָאלְסְט מִיר זָאגִין דַיין עֶנְטְשְׁלוּס — אִיךְ וִויל וִויסִין דָאס פַאר מַיין אַוֶועג פָארִין · אִיךְ קֶען דָא לֵיינְגֶער נִיט בְּלַייבִּין , צוּם הֶעכְסְטִין בִּיז נָאךְ שְׁבוּעוֹת , לָאז דָאס זַיין דִי אֵיין טוֹבָה,וָואס אִיךְ קֶען דִיר אָפּ טָאן מַיין בְּרוּדֶער , פִיל גוּטְס הָאסְט דוּ מִיר גִיטָאן אוּנ ווִילְסְט נָאךְ מִיר הַיינְט טָאן , אִיךְ קֶען דִיר דָאס נִיט אוֹיס רֵיידִין שְׁנֵייאֶר , קֵיינֶער לִיגְט מִיר אִיצְט נִיט אַזוֹ נָאהֶענְט אִין הַארְצִין וִויא דוּא ! — אוּנ גְרָאד דִיר אֵיינֶעם קֶען אִיךְ וָואס טָאן , אִיךְ שְׁטֵייא פַאר דִיר בֶּערֵייט , שְׁנֵייאֶר , מַיין הַארְץ אִיז אָפִין פַאר דִיר ! —

יוֹסֵף הָאט אִים אַרוּם גִינוּמֶען , אוּנ זֵייא הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק צוּ קוּסְט — זֵייא הָאבִּין בֵּיידֶע גִיוַוויינְט , אוּנ זִיךְ אַזוֹ צוּ שֵׁיידְט —

ד׳

## דַאס טַאגֶע בוּךְ

שְׁנֵייאֶר אִיז אַוֶועק פוּן יוֹסֵפִן , מִיט אַבֶּעטְרִיבְּטֶע הֶערְץ , מִיט אַשְׁוֶוערְן בִּיטֶערְן גֶעמִיט — אִים זַיינֶען כִּמְעַט זַיינֶע רֵייד אִין קָאפּ נִיט גִיקְרָאכְן , עֶר הָאט צְוַואר גֶעפִילְט , אַז יוֹסֵף רֶעט צוּר זַאכֶע , אוּנ מַיינְט גוּט , זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זַיינֶען אָבֶּער גֶערִיכְטֶעט גִיוֶוען וֶועגֶען רָאזֶען — הָאבּ אִיךְ זִיךְ אִין רָאזֶען אַזוֹ פִיל גִינַארְט ? הָאט עֶר אַלְץ גִיזָאגְט · זָאל אִיךְ אִיר דָאס פְרֶעגִין , זָאל אִיךְ דָאס דֶער מוּטֶער עֶרְצֶעהְלֶן ? זִיא הֵייסְט יוֹסֵפִן אַרוֹיס פוּן אוּנְזֶער שְׁטוּבּ אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אִיצְט נָאךְ אַזוֹ גוּט אָן אוּנ רֶעט מִיט אִים פְרֵיינְדְלִיךְ · אָ דִיזֶע פַאלְשְׁקֵייט בֶּעגְרֵייפֶע אִיךְ נִיט ! וֶועלְכֶע מִינֶען הָאט זִיא בֶּעוִויזֶען הַיינְט פוּן דָאקְטָארְס רֵייד . הָאט זִיא שׁוֹין חֲרָטָה ? דִיא מוּטֶער מוּז דָאךְ וִויסִין עֶפֶּעס , בַּייא אִיר מוּז אִיךְ פְרֶעגְן , רָאזֶע אִיז נִיט וֶוערְט דָאס אִיךְ זָאל רֵיידֶען מִיט אִיר

יוֹסֵף אָרֶעמֶער עֶלֶענְדֶער יוֹסֵף , דוּא הָאסְט זִיךְ הַיינְט אַזוֹ קְלֵיין גִימַאכְט פוּן זִיךְ אוּנ דוּא זָאגְסְט אַלֶע דַיינֶע גִידַאנְקֶען , אַלֶע דַיינֶע וִויסֶענְשַׁאפְט אִיז בְּלָאטֶע גֶעגֶען אַשְׁטִיקֶל בְּרוֹיט — אִיךְ בֶּעגְרֵייפֶע עֶס נִיט , וֶוערְט דֶען דִיא וֶועלְט אַזוֹ גֶעמֵיין דָאס נָאר אוֹיף דִיא בְּרוֹיט אַלֵיין לֶעבְּט דֶער מֶענְטְשׁ ? נֵיין , יוֹסֵף . דַיינֶע אִיבֶּערִינֶע קֶענְטְשַׁאפְט , אוּנ וָואס נָאר דוּ וֵוייסְט , אִיז טַייעֶר , אוּנ עֶס אִיז וֶוערְט דִיא מִיה —

שנייאר

שְׁנֵייאֶר הָאט גִּינוּמֶען לֶעזֶען זַיין טַאגֶע בּוּךְ .

ב' חשון תר"ל

נון זִיצֶע אִיךְ שׁוֹין עֶטְלִיכֶע וָואכֶען , אוּנ פִיל זִיךְ אַלְץ נִיט אוֹיף אַ אָרְט , מֶען רוּפְט מִיךְ בַּטְלָן , וִויא אַיינֶער וִויל , מַאנְכֶע נִיבֶּן מִיר אָפּ כָּבוֹד , אוּנ שֶׁעמֶען זִיךְ פַר מִיר , מֶען לוֹיבְּט מִיךְ פַר מַיין הַתְמָדָה , אוּנ אִיךְ בִּין אִין דֶער אֶמֶתְן אַמַתְמִיד , וַוייל אִיךְ הָאבּ נִיט מִיט וָועמֶען אַוָואָרְט אוֹיס צוּ רֵיידִין — שְׁלָאפִין קֶען אִיךְ נִיט , וָואס דֶען זָאל אִיךְ טָאן אוֹיבּ נִיט לֶערְנֶען פְלֵייסִיג ? .

עֶס אִיז אַגְלִיק וָואס מֶען לֶערִינְט מִיט אַנִיגוּן · דֶער נִיגוּן מַאכְט מִיר אַמָאל דָאס לֶערְנֶען זִיס , אוּנ אִיךְ פִיל אִיךְ הַאבֶּע אַהֲנָאָה פוּן לֶערְנֶען , אוּנ בֶּעמֶערְק נִיט דִיא צַייט · עֶס אִיז אַגְלִיק וָואס דִיא צַייט לוֹיפְט מִיר אִיצְט , וִויא וָואלְט חָלִילָה זַיין אַז מֶען וָואלְט דַארְפִין גְמָרָא לֶערְנֶען וִויא חֲסִידוּת , אוּנ אַז דִיא צַייט וָואלְט זִיךְ מִיר דֶעבַּייא צִיהֶען לַאנְג ? אִיךְ וָואלְט דָאךְ פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיס , אוּנ נִיט לַאנְג זִיךְ הַאלְטֶען דָא .

---

מַיין קָרוֹב וָואס גִיט מִיר בִּיכֶער , הָאט גִיפְרֶעגְט , וָואס הָאבּ אִיךְ פוּן דָאס בּוּךְ אַרוֹיס גִינוּמֶען , וָואס וִויל דֶער מְחַבֵּר , אוּנ וָואס בְּלַייבְּט פוּן אִים פַארְן לֶעזֶער ? דִיא פְרַאגִין , זַיינֶען מִיר צְוַואר פְרֶעמְד , אָבֶּער זַייא זַאסְטַאוֶוען מִיךְ דַיינְקֶען , אוּנ זִיךְ אַיינְדְרִינְגֶען אִין דָאס וָואס אִיךְ לַיינֶען מִיט מֶער וְונִימַאנְיֶע · עֶר זָאגְט : קַיינֶער שְׁרַייבְּט נִיט אַמַעֲשֶׂה גְלַאט אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין , עֶס וֶוערְט גֶעשְׁרִיבֶּן אִיבֶּער אַנִיווִיסֶע אוֹרְזַאכֶע וָואס הֵייסְט דֶעם מְחַבֵּר שְׁרַייבִּן בִּכְדֵי אוֹיף צוּ וַוייזִין וִויא דָאס שְׁלֶעכְטְס צוּ בֶּעזַייטִיגֶען אוּנ אָן דָאס גוּטְס צוּ גְרַייפֶען — דָאס מַאכְט מִיר אַז אִיךְ הֵייבּ זִיךְ אָן צוּ מֶעסְטֶען צוּ וֶועמֶען פוּן דִיא בִּיכֶער בִּין אִיךְ גְלַייךְ — אִיךְ גֶעפִין מַאנְכֶעס מָאל , וֶועלְכֶען עֶס אִיז זֶעהְר עֶהְנְלִיךְ צוּא מִיר אִין אַאוֹרְטְהֵייל , אִין גִידַאנְקֶען אָבֶּער נִיט אִין פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע — דֶער אִיז אַגְרַאפְּס אַזָאהְן — דֶער אִיז אַרַייכִין קוֹיפְמַאנְס אַזוּן זֵייעֶר לֶעבִּין אִיז אַנְדֶערְס , אִיךְ קֶען פוּן קַיינֶעם קַיין פְרִימֶער זִיךְ נֶעמֶן , אִיךְ נֶעם אַרוֹיס דִי גַאנְצֶע פוּילֶזֶע פַר זִיךְ , נָאר דָאס וָואס אִיךְ בֶּעקֶענֶע זִיךְ אַבִּיסִיל מִיט דֶעם רוּסִישֶׁען אָדֶר דַייטְשִׁין לֶעבִּין אוּנ זֶעה , אַז אַ הוּץ שְׁמוּאֵל יָאסֶע דֶעם מְלַמֵּד , אַחוּץ נָד הִלֵּל זְבוּלֶנְס , דוּבִּינֶקֶע , גַאסַאנְס אֵיידִימְס הוּץ יוּדֶע דֶעם שַׁמָּשׁ אוּנ פָארְשְׁטֶעטֶלְדִיגֶען מוֹרֶה הוֹרָאָה דֶעם שׁוֹטֶה — זַיינֶען דָא מֶענְטְשִׁין אִין דֶער וֶועלְט , וֶועלְכֶע עֶס לִיבֶּען אַנְדֶערְס , וָועלְכֶע עֶס הָאבִּן אַבֶּעסֶערִן בֶּעגְרִיף — אָבֶּער יֶענֶע מֶענְטְשִׁין זַיינֶען וַוייט , זֵיי זַיינֶען דָאס עֶרְסְטֶע זַאךְ נִיט אִידֶען — אוּנ וֶוער קֶען זַייא נָאךְ טָאן ? צְוַוייטֶענְס , דֶער צֵיילְט מֶען אוּנְז אַלְץ פוּן פַארְטִיגֶע מֶענְטְשִׁין , דֶער גִיבִּילְדִיטֶער אִיז גִיבִּילְדֶעט , דֶר גְלִיקְלִיכֶער — גְלִיקְלִיךְ , וִויא אִיז אָבֶּער דֶער גְלִיקְלִיךְ גִיוָוארִין אוּנ יֶענֶער גִיבִּילְדֶעט ? דָאס עֶרְצֵיילְט מֶען אוּנְז נִיט , וויס דֶען דָאס , אִין דֶער טְהַאט , קֵיינֶער ? .... אָדֶער דָאס אִיז אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט בַּיי זֵיי אַז עֶס אִיז נִיט כְּדַאי וֶועגִין דֶעם צוּ רֵיידִין ?

---

י״ז השון, בערב

עֶרְשְׁט קוּם אִיךְ פוּן מַיין קָרוֹב — אָ הָאט עֶר גִימַיינְט ווירְקְלַאךְ מַיין טוֹבָה מִיט זַיין פֶארְשְׁטֶעלְן מִיר מַיין לֶעבְּן, אָדֶער דֶר מֶענְטְשׁ אִיז אַלַיין אוּנְגְלִיקְלִיךְ אוּנ אִים פַאר דְרִיסְט וָואס אִיךְ זָאג אַז מִיר אִיז נִיט גָאר שְׁלֶעכְט אוּנ ווִיל מִיר בֶּעוַוייזֶען אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ? — וָואס וֶועט פוּן מִיר זַיין? פְרֶעגְט עֶר — ווִיל׳סְט דוּא זַיין דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער ווִיא אִיךְ זֶעלְבְּסְט? — הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ זַיין אִיצְט אוֹיךְ דַיין אָרְט — זָאגְט עֶר — וָואלְט אִיךְ נָאךְ צוּ וָואס קוּמֶען, אִיךְ וָואלְט נִיט דַארְפְן לַיידִין דֶעם עֶלֶענְד פוּן מַיינֶע אָרֶעמֶע נַאקֶעטֶע קִינְדֶר, פוּן מַיין הוּנְגֶרִיגֶע גִיזִינְד — גָאט, נִיט דַארְפְן דִיא גִיווִיסֶענְס בִּיסֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט מַיינֶע פְרוֹיא! —

אָבֶּר אִיצְט — קֶען אִיךְ לָאזְן דִיזֶע מִיר אַזוֹ אָן הֶערְצְן נַייֶע אִין אַצוּבְּרָאכֶענֶר שִׁיפֶעלֶע אִין מִיטִין שְׁטוּרְמֶען דֶעם יַם אוּנ אַלַיין אַרַיינְשְׁפְּרִינְגֶען אִין וַואסֶער זִיךְ צוּ אַבְּרֶעג צוּ רַאטִירְן? . .

דוּא פְרֶעגְסְט מִיר פְרַיינְט, פַאר וָואס שְׁרַייבְּט מֶען נָאר פוּן גְרוֹיסִין לֶעבִּין פוּן פַארְטִיגֶע מֶענְטְשִׁין? — דָאס קֶען אִיךְ דִיר נִיט זָאגִין — פַאר וָואס שְׁרַייבִּין אִידִישֶׁע שְׁרַייבֶּער נִיט פוּן לֶעבִּין, נִיט אַזַא אַרְט סֵפֶר וָואס זָאל גִימַאכְטֶען זַיין נָאךְ דַיינֶע כּוֹחוֹת, נָאךְ דַיין מָאס — פַאר וָואס גִיפִינְט מֶען אָדֶר גִילֶעבְּטֶער אִין זַייעֶרֶע סְפָרִים אָדֶער תּוֹרָה, אַ טַייטְשׁ פוּן אַ פָּסוּק — דָאס קוּמְט דֶער פוּן וַוייל זֵיי וַוייסִין נִיט וָואס זַייא פֶעלְט אוּנ זַיינֶען נַארִין אוּנ ווִילִין נָאךְ טָאן אַנְדֶערֶע שְׁרַייבֶּער — אֲפִילוּ דֶער וָואס שְׁרַייבְּט אִיצְט זַיין בֶּעאָגְרַאפִי — דוּא וַוייסְט וֶועמֶן אִיךְ מֵיין עֶר הָאט גִינוּמֶען אַזַא גַאנְג וָואס שְׁפְּרִינְגְט נָאר אוֹיף דִיא בְּרֶעגִין — אַ ווַאוּנְדֶער וֶועג — אַוֶועג מִיט אַלוּפְט בַּאלָאן צוּא פְלִיעֶן — מִיט רִיצַארְסְקֶע אַבֶּענְטַייעֶר אוּנ אִיבֶּער טְרִיבֶּענֶע פַאנְטַאזִיעֶן — גוּזְמָאוֹת, וָואס בְּלַייבְּט נָאר פַאר אִים אַלַיין פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ — וַוייל עֶר הָאט בַּייא אַ בַּעַל שֵׁם גֶעשְׁטוּדִירְט — אוּנ אֶפְשַׁר מִיט שֵׁדוֹת אִיז עֶר גִיקוּמֶען צוּ זַיין פוּשְׁטִין סוֹף ווִיא עֶר אִיז גִיבְּלִיבֶּען — נַא, אִיךְ ווִיל דִיר נָאר זָאגִין, דֶער אִיד הוֹיבְּט אַלֶע מָאל אָן פוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער שְׁטוּפֶע, אוּנ פַאלְט דֶר פַר אַרָאפּ אוּנ צוּ קַאלֶעצְט זִיךְ, אוּנ וָואס אִיז דֶר אִידִישֶׁער שְׁרַייבֶּער, מֶער ווִיא אַאִיד?? עֶר הֵייבְּט אוֹיךְ אָן צוּ רֵיידִין וֶועגִין דִי לֶעצְטֶע פְרַאגֶען וֶועגֶען אוּנְזֶער רֶעלִיגְיָאן, וֶועגִין נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואס וָואלְטִין זִיךְ פוּן זֶעלְבְּסְט רַאזְרֶעשֶׁען אַז מֶען וָואלְט קוּמֶען צוּ זַייא שְׁטוּפִין וַוייז — אוּנ וַועגִין אַ שְׁטִיקֶל בְּרוֹיט, פַאר דֶעם הוּנְגֶרִיגֶען, וֶועגִין דִיא עֶרְסְטֶע טְרִיט פַאר דִי יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין הָאט נָאךְ בִּיז הַיינְט קֵיינֶער נִיט גִירֶעט — אוּנ וָואס גִיט זֵיי דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט, דִי אוֹיף גִירִיסֶענֶע אוֹיגִין, אוֹיבּ נִיט פֶערְדְרוּס אוּנ צָרוֹת, וֶוען גִיט עֵץ הַדַעַת אָן עֵץ הַחַיִים, אוּנ סוֹף אִין זַייעֶר לֶעבְּן זֶעהְן אַז זַייא זַיינֶען טוֹיטֶע גִיקוֹילֶעטֶע מֶענְטְשִׁין בִּיזֶען גְרוּבּ! —

פַאר דִי בְּנֵי עֲנִיִּים וָואס מֵהֶם תֵּצֵא תּוֹרָה, טוּט קֵיינֶער נִיט — אִין מַיין צַייט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גִיהַאט בִּיכֶער צוּ פֶערְשְׁטַיין אַז אַהוּץ דִי גְמָרָא אִיז אוֹיךְ דָא אַוֶועלְט אִיךְ הָאבּ דַאמָאלְס גִיזוּכְט עֶפִּיס פַאהְזֶע וָואס דוּ זוּכְסְט הַיינְט, אוּנ גִיוֶוען אִין בֵּיגֶם

אויף די אַלֶע אידישע מְחַבְּרִים וָאס ווייסֶן ניט וָואס ווייטֶער איז — הַיינְט בִּין איך אַליין גֶיוָוארִין אַ בּוּךְ, איך שֵׁיינְק זִיךְ דִיר אַוָועק, לֶעז וִויפִיל דוּא ווִילְסְט — קוּק מַיינֶע צָרוֹת. אוּנ ווייס, אַז גְלִיקְלִיךְ הָאט מִיךְ דִיא וָועלְט גֶיהַאלְטִין אִין מַיין צֵייט פַר מַיין הַשְׁלָמָה, אוּנ הַיינְט בִּין איך אַ אִידִישֶער מְלַמֵּד — נַא יוֹסֵף, נַא דִיר מַיינֶע פַּאפִּירִן, דָאס וָועל איך מִיט גָאטֶעס הילְף אַרוֹיס גֶעבִּין, איך הָאף דָאס וָואל זַיין גִימַאסְטִין נָאךְ דִי כּחוֹת פוּן דָעם אָרֶעמֶן אידין, איך הָאבּ עֶס נִיט עֲרִדִיכְטֶעט, דָאס קָאסְט מִיר בְּלוּט אוּנ צָרוֹת — דוּא וָועסְט הַיין גַאנְצִין דוֹר דָא גִיפִינֶען אוּנ וָועה צוּ וָואס מֶען קֶען קוּמֶען. —

---

איך לֶעז אִיצְט דָאס בּוּךְ *), איך דֶר קֶען דָא מַיין פְרֵיינְט אוּנ זִיךְ זֶעלְבְּסְט — עֶר הָאט רֶעדְט וָואס עֶר זָאגְט. אַז בִּיכֶער זַיינֶען דִי מֶענְטְשִׁין זֶעלְבְּסְט אוּנ פוּילְזֶע הָאט יֶענֶער לֶעזֶער, דֶר וָואס טְרֶעפְט דֶעם אָרְגִינַאל צוּ לֶעזִין, לֶעזִין דֶעם מֶענְטְשִׁין — נָאר ווייל דֶער מֶענְטְשׁ קֶען נִיט סְלֶעדְעוָוען אוּנ נָאךְ קוּקִין דֶעם אַנְדֶערִין, דֶער פַאר דַארְף עֶס ווייניגְסְטִין דֶער מְחַבֵּר טָאן, אוּנ אִים גֶעבִּין אַרִיכְטִינֶען פָּארְטְרֶעט — אוּנ דֶעם פָּארְטְרֶעט גִיט מִיר מַיין פְרֵיינְט, אַ שְׁפִּיגֶעל אַרִיכְטִינֶען, דָאס יֶעדֶער זִיךְ עֶרְקֶענְט — עֶר שְׁטֶעלְט פָאר דֶעם מֶענְטְשִׁין אַלְס מֶענְטְשׁ נִיט אַלְס הֶעלְד פוּן אַרָאמַאן — איך בִּין אַנְדֶערְס אוּנ בֶּעשְׁלִיסֶע זִיךְ צוּ אֵיין צְוֶועק צוּ קוּמֶען —

---

שְׁנֵייאָר הָאט גִילֶעזִין עֶטְלִיכֶע אוֹיסְצוּגֶען פוּן יֶענֶעמְס בּוּךְ, אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִיזֶעהֶן — מִיר קֶענֶען אוּנְזֶער לֶעזֶער נִיט מִיד מַאכִין מִיט זַייטִינֶע רֵייד, אוּנ מוּזִין פֶּערְקִירְצִין אוּם צוּא קוּמֶען בַּאלְד צוּא אוּנְזֶער סִפּוּר אוּנ נָאר גֶעבִּין לֶעזִין יוֹסֵפְס לֶעצְטֶע בְּלֶעטְלֶעךְ וָואס זַיינֶען נֶעהֶענְטֶער צוּ אוּנְז —

---

הָאט עֶס אוֹיף מִיר ר... גֶיווירְקְט, אָדֶער צוּ זַיינֶען פוּן מַיינֶע אִיבֶּער צֵייגוּנְג דִי אוֹיגִין אָפִּין צוּא זֶעהְן מַיין קְרוּג אִין וָועלְכִין איך דְרֵייא זִיךְ, אַ עֶס וָוערְט מִיר שְׁלֶעכְט צוּם מוּטְה. אַז איך בֶּעטְרַאכְט, וויא מַיינֶע יָארִין גֵייעֶן מִיר פַאר בַּייא — וויא אַ מַאשִׁינֶע אַ אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע שְׁטֵייא איך אוֹיף פוּן בֶּעט, אוּנ לוֹיף אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, דַאוְונֶען. גִיפִין איך דָען דָעם גָאט נִיט אִין מִיר זֶעלְבְּסְט? — אָדֶער זַיינֶען מַיינֶע גִידַאנְקֶען דָען נִיט דִיא בֶּעסְטֶע תְּפִלָּה? — מִיר איז שְׁוָוער מֶענְטְשִׁין צוּ הַנְפֶענֶען, אוּנ וויפִיל מֶער גָאט צוּ נַארִין מִיט צוּקֶר זִיסֶע רֵיידֶעלֶעךְ — מַיין תְּפִלָּה הֶערְשְׁט דוּא גָאט אוּנ מַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת, צוּא אִיטְלִיכֶער צֵייט אוּנ מַיין דַאוְונֶען איז נָאר צוּא לִיבּ לַייטִין, איך גֵייא אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ נִיט דִיךְ צוּא זוּכִין, איך גֵיי נָאר צוּ זֶעהְן וויא מֶענְטְשִׁין קֶענֶען דִיךְ נִיט, וויא מֶענְטְשִׁן טוּעֶן אַלֶע עֲוֹלוֹת אַלֶע אַבֵירוֹת אִין דַיין נָאמֶען, אוּנ דַאן בּוּיא איך דִיר אַטֶעמְפֶּעל אִין מַיין הֶערְצִין!

---

נעכטן

*) דָאס בּוּךְ הַאלְט איך פַאר זֵייעֶר נוּצִיג אוּנ וויכְטִיג, אוּנ הָאפֶע אִים אִין קוּרְצִין אַרוֹיס צוּא גֶעבִּין —

נֶעכְטִין הָאט מֶען בַּייא מִיר דֶעם "שֶׁל רֹאשׁ" צוא גִינוּמֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, תֶּעֶרֶעגְד אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶעם שֶׁל יַד גִיהַאט גֶעלַיינְט, אוּנ מֶען הָאט נִיט אַוֶועק גִינֶעבִּין בִּיז אִיךְ הָאבּ גִימוּסְט גֶעבִּין אוֹיף מַשְׁקֶה — אַ אָרֶעמַאן אֲפִילוּ סוז אוֹיךְ גֶעבִּין, וֶוער זַיינֶען דִי הַייסֶער ,רַבִּי גָד, רַבִּי שְׁמוּאֵל יָאסֶע דֶער מְלַמֵד, רַבִּי פִּנְחָס דֶער גְלֶעזֶר, רַבִּי יָעקִיל דֶער פָּרוּשׁ אוּנ נָאךְ פוּן דֶער חֶבְרָה — דָאס קוּמְט מֶען נָאט בֶּעטִין —

---

הַיינְט הָאט גָד גִיהַייסִין אַרוּנְטֶער וַוארְפִין דֶעם גַבַּאי רַבִּי מֹשֶׁה הֶעשֶׁעל, דֶעם אַלְטִין וָואס אַפָּאר מָאל אִין יָאר הָאט עֶר פַארְפֶעלְט צוּא גֶעבִּין מַשְׁקֶה — צוּם עֶרְכְטִין מָגֶן הָאט מֶען אִים אַרָאפּ גִיוָוארְפִין, אוּנ מֶען הָאט גִיטְרוּנְקֶען פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ גֶעלְט, וַוייל דָאס אִיז דָאךְ עֶפִּיס אַ צָרְכֵי הַצִבּוּר — צוּם אַנְדֶערִין מָגֶן הָאט מֹשֶׁה הֶעשֶׁעל דֶער שׁוֹטֶה גִינֶעבִּין מַשְׁקֶה מֶען זָאל אִים מַאכִין צוּרִיק, אוּנ צוּם דְרִיטִין מָגֶן הָאט מֶען אִים גִימַאכְט וִוידֶער פַאר אַגַבַּאי אוּנ מֶען הָאט וִוידֶער גִיטְרוּנְקֶען פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ גֶעלְט — וַוייל דָאס אִיז דָאךְ וִוידֶער אַצָרְכֵי הַצִבּוּר —

---

בָּרוּךְ דֶער שְׁמִיד, הָאט יָארְצַייט, וִויא אִיךְ וַוייס הָאט מֶען גֶעכְטִין בַּיי בָּרוּךְ דֶעם שְׁמִיד קַיין וֶועטְצֶערֶע נִיט גִיקָאכְט, וַוייל עֶר דַארְף דִיא 25 קָאפֵּייקֶעס אוֹיף מַשְׁקֶה, עֶר הָאט הַיינְט גִיבְּרַאכְט אַ פָּאל שְׁטָאף. אוּנ מֶען הָאט נָאךְ בַּייא אִים צוּ גִינוּמֶען זַיין טַלִית — עֶר הָאט גִימוּסְט גֶעבִּין נָאךְ אַשְׁטָאף אוּנ דֶערְפַאר פַארְרִיכְטִין בַּייא פַארְכְיוֶועצְקֶע דֶעם שֵׁיינְקְך, זַיין הַאק, זַיין גְרָאבּ אַייזִין אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיגְקֵייט אוֹיף אַנַאגְצִין טָאג אַרְבֵּייט — אִידֶען הָאבִּן אַבְּרָכָה גִימַאכְט אוֹיף דִיא מַשְׁקֶה אוּנ מַעֲלֶה גִיוֶוען דִיא נְשָׁמָה !....

---

מֶען הָאט הַיינְט גִיפוּנֶען בַּייא אַאָרֶעמֶען בַּטְלָן אַאַרִיפְמֶעטִיקֶע אִין קֶעכֶטֶעל, מֶען הָאט דָאס דֶעם רָב בֶּעוִויזֶען, דֶער רָב הָאט אִים טַאקֶע אָנְגֶעפַּאצְט אוּנ אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ — אָבֶּער דִי אַרִיפְמֶעטִיקֶע הָאט מֶען פֶערְקֵייפְט פַאר 20 קָאפֵּייקֶעס אוּנ דֶער רָב אוּנ רַבִּי גָד הָאבִּין גִיהַאט אַ בְּרָכָה צוּא מַאכִין נָאךְ אַשְׁרֵי וּבָא לְצִיוֹן —

---

לֵייבֶּקֶע גֶרְשׁוֹנְס הָאט אוּנְגֶערִן אַרוֹיס גִיוָוארְפִין אַצֶעטֶעלֶע פוּן קֶעסֶענֶע, דָאס אִיז גִיוֶועזֶן אַ בְּרִיוֶועלֶע פוּן פֵייגֶע דְבוֹרָה בַּאסֶעס — מֶען הָאט אוֹיף צוּא פְלֵיישִׁין דֶעם בָּחוּר אוֹיף גִירוּפִין אוּנ אִים פַארְגִילֵייעֶנְט דֶעם בְּרִיוֶועלֶע אוֹיפִין בִּימָה, פַארִין גַאנְצִין בֵּית הַמִדְרָשׁ מֶענְטְשִׁין, יַא דְבוֹרָה בַּאסֶע הָאט טַאקֶע גִימוּסֶרְט דֶעם בַּעַל קוֹרֵא, אוּנ עֶר זִיצְט אִיצְט. לֵייבֶּקֶע אִיז טַאקֶע קְרַאנְק פוּן בְּזְיוֹנוֹת אוּנ גִיוָואלְט גַיין טְרִינְקֶען זִיךְ, אָבֶּר מֶען הָאט בְּעֵת מַעֲשֶׂה אַרוֹיס גִירִיסִין אַ רוּבִּיל אוֹיף מַשְׁקֶה אוּנ מֶען הָאט אִים אַוֶועק גִילָאזִין אָן שְׁמִיץ — אוּנ גָד הָאט גִיטְרוּנְקֶען אוּנ נָאךְ גִילָאזִין אַבִּיסִיל אוֹיף מָארְגִין —

---

יְקוּתִיאֵל דֶער שְׁנַיידֶער הָאט אַרוֹיס גִינוּמֶען — נָאר פָּשׁוּט דֶעם נִילְדֶרעגֶעם זַייגֶער וָואס דִיא כַּלָּה הָאט גִישִׁיקְט דֶעם חָתָן אַהֲרֹן שָׂרָה דֶער עֶנוּגֶעס אַזוֹן — עֶר הָאט אִים גִיגֶעבְּן זַיין זִילֶעט פַאר רִיכְטִין, אוּנ דֶער זַייגֶער וַואר דַארִין — יְקוּתִיאֵל הָאט אִים אִין צֶעהֶן מִינוּט אַרוּם דֶער לַאנְגְט דִיא זִילֶעט אָן דֶעם זַייגֶער, דֶער חָתָן הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין שְׁרַייעֶן: וואוּ אִיז מַיין זַייגֶער? — יוּנְגַאץ, אַפִּיקוֹרוֹס! הָאט יְקוּתִיאֵל אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, דוּא הָאסְט גִילָאזִין דַיין זַייגֶער אִין דִיא פַיינֶע עֶרְטֶער אוּנ צוּ מִיר קוּמְסְט דוּא זִיךְ בִּינְדֶען! עֶר הָאט אִים נָאךְ אָנְגִיפַּאצְט. אוֹיף מָארְגְן הָאט יְקוּתִיאֵל פוּן הֶעלֶער הוֹיט גִיגֶעבִּין מַשְׁקֶה — מֶען הָאט גִירֶעט וֶועגִין דֶעם בָּחוּר אוּמֶעטוּם, דִיא כַּלָּה הָאט גִיקֶענְט דֶעם חָתָן, אַז עֶר אִיז אַאָרֶעמְטלִיכֶער מֶענְטְשׁ — אוּנ הָאט אִים גִילִיבְּט, דֶער פְּאטֶער אִירֶער הָאט נִיט גִיוָואלְט לַייטִישֶׁע רַייד אוּנ הָאט אָב גִישִׁיקְט דִיא תְּנָאִים, הַיינְט הָאט זִיךְ דֶער גַאנְצֶען דֶער אֱמֶת, יְקוּתִיאֵל הָאט דֶעם זַייגֶער פַאר קוֹיפְט, אוּנ מֶען וַוייס אַקוּרַאט, יְקוּתִיאֵל אִיז שׁוֹין אָבֶּר לַאנְג אַחָסִיד — בַּייא חֲסִידִים אִיז, בָּרוּךְ הַשֵּׁם, אַחְדוּת, אוּנ מֶען הָאט גִישְׁוָוארִין אַז יְקוּתִיאֵל אִיז נָאר אִין יֶענֶער צַייט נִיט הִיא גִיוֶועזֶען, — דֶער רַב הָאט אֲפִילוּ גִיזָאגְט אַז דָאס וֶועט זַיין „בּוֹצֵעַ בֵּרֵךְ“ — אָבֶּער אַכְצִיג גְרַאדָאוֶוער פַּסֶחְדִיגֶער שְׁפִּירֶעט מִיט אַיינְגִימַאכְטִין אִיז דוּחָה זִיבְּעצֶעהֶן בּוֹצֵעַ בֵּרֵךְ אוּנ מֶען הָאט דֶעם רַב אוּנְטֶער דִיא הֶענְט אַוֶועק גִיפִירְט אַהֵיים —

---

אַ אוּנְגְלִיקְלִיכֶער חוֹדֶשׁ אִיז גִיוֶועזֶען פַאר אַ יָארִיגֶער שְׁבַט, נִיט אַיין יָארְצַייט אִיז דָא בַּייא אוּנְז אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, גָד גַייט אַרוּם מִיט פֶערְטְרִיקֶענְטֶע לִיפֶּען. כְּאַיָּל תַּעֲרוֹג עַל אֲפִיקֵי מָיִם — „וָואס אִיז דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת מְשׁוּגַע גִיוָועזֶען פַאר אַ יָארִין“? פְרֶעגְט גָד — נָאט אָבֶּער פֶערְלָאזְט נִיט, אוּנ אִין נוֹיט קְרִיגְט מֶען שֵׂכֶל — רַבִּי גָד הָאט אַרוֹיף גִישִׁיקְט יוּדֶע דֶעם שַׁמָּשׁ, עֶר זָאל אַרַיין וַוארְפִין צִיגִיל אִין קוֹימֶען, יוּדֶע הָאט גִיפָאלְגְט אוּנ מֶען הָאט צוּ בְּרָאכִין דֶעם אוֹיבִין, אוּנ אִיצְט אִיז מַשְׁקֶה לָרוֹב, מַשְׁקֶה בַּיים רֵייסְטֶער אוֹיף אַנַייעֶם אוֹיבִין, מַשְׁקֶה בַּייא צִיגִיל קוֹיפִין, מַשְׁקֶה בַּייא אָנְהוֹיבּ מַאכִין, מַשְׁקֶה דִיא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, מַשְׁקֶה לָרוֹב, אוּנ פוּן אַלֶע מַשְׁקָאוֹת הָאט רַבִּי גָד, רַבִּי דִיבִּינְקֶע, רַבִּי שְׁמוּאֵל יוֹסֵף, רַבִּי לֵייזֶער מָאשֶׁעס אוּנ נָאךְ — דֶעם עֶרְשְׁטִין אוּנ בֶּעסְטִין טְרוּנְק — פַאר דִיא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת דֶער גִיבְּט מֶען מִיט וַואסֶער — אִיךְ וָואלְט דִיא מַעֲשֶׂה נִיט גִיוואוּסְט, נָאר רַבִּי יוֹסֵף מֹשֶׁה אַלְטְשׁוּלֶער, אַיין עֶרְלִיכֶער אֶמֶתֶר אוּנ אוֹיפְרִיכְטִיגֶער אִיד אִין גַאנְצִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, עֶר לִיבְּט מִיךְ אוּנ רֶעט זִיךְ אוֹיס זַיין הַארְץ אָפְט פַאר מִיר, עֶר הָאט מִיט שֵׂכֶל דֶעם אֱמֶת אַרוֹיס גִיקְרִיגִין, יוּדֶע דֶער שַׁמָּשׁ הָאט פַאר אִים זִיךְ מוֹדֶה גִיוֶועזֶען וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז גִיוָועזֶען — אוּנ עֶר הָאט גִיזָאגְט עֶר וֶועט דֶער פַאר רַבִּי גָדִין נִיט לָאזִין דַאוְוֶענֶען מוּסָפִים, עֶר הָאט דֶעם אוֹיבִין אַלַיין גִיהַייסִין פַאר רִיכְטִין, אוּנ דֶער קְוַואל פוּן מַשְׁקֶה הָאט אוֹיף גִיהֶערְט אִין רֶעכְטִין מִיטִין —

בַּייא דֶעם עֶרְלִיכֶען מֶענְטְשִׁין זַיינֶען דְרַייא לוֹיכְטִיגֶע קִינְדֶער אִין אַקוּרְצֶע צַייט גִישְׁטָארְבִּין — וָועלְכֶע קִינְדֶער, וָועלְכֶע פְרוּמֶע אוּנ גוּטֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶע רַיינֶע

אוּנשוּלדִינע

אוּנְשׁוּלְדִיגֶע, נוּא, גָאט הָאט אַזוֹ גִיוָואלְט , דֶער מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ נִיט וָואס פָאר צוּ וַוארְפִין פַאר וָואס הָאט אִים גָאט גִישְׁטְרָאפְט — דִיא אָרֶעמֶע מוּטֶער אִיז פַאר צְוַוייפֶעלְט גִיוֶוען , זִיא אִיז דִיא אַנְדֶרֶע גָאלְדֶע , אִין שְׁטֶעטִיל — אִיךְ הָאבּ גִיוַויינְט . אַז אִיךְ הָאבּ דֶער הֶערְט דָאס אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ , גָד , אוּנ דֶער פֶּתִי דֶער רָב הָאבְּן גִיזָאגְט : דָאס שְׁטְרָאפְט אִים גָאט פַאר דִיא מַשְׁקֶה וָואס עֶר הָאט בַּייא זַייא אַוֶועק גִינוּמֶען — אוּנ זַיינֶען אוֹיף אִים מַצְדִיק אֶת הַדִין . אָ גָאט , קֶענְסְט דוּא דָאס הֶערְן וָואס אַרָב , וָואס אַבַּעַל תְּפִלָּה, אוּנ אַ בַּעַל קוֹרֵא זָאגִין אוֹיף דִיר ? !

---

פוּן אֲדָר! בִּיז סוֹף נִיסָן , אִיז מַשְׁקֶה לָרוֹב , אוֹיף הָמָנְס מַפָּלָה טְרִינְקֶען אִידִין אוּנ אַמִצְוָה אַרָאפּ צוּ נֶעמֶען פוּן טוּיטֶע חָאץ דִיא תַּכְרִיכִים אוֹיף מַשְׁקֶה — נִיסָן זַיינֶען דִיא נְשִׂיאֵי יִשְׂרָאֵל , נֶעכְטִין הָאט דֶער רָב גִיוִויזִין אַז עֶס אִיז מְרוּמָז אַז נַחְשׁוֹן בֶּן עַמִינָדָב הָאט הָאלְט גִיהַאט אַקַאפֶּעצְקֶע , נוּא , מִי לָנוּ גָדוֹל — אִיז טַאקֶע אַמִצְוָה אַז מֶען זָאל טְרִינְקֶען עַד דְלֹא יָדְעֵי —

---

מִכַּח גַמְלִיאֵל בֶּן פְּדָהְצוּר אִיז דָאךְ נִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין , אוֹיף אִים אִיז יָדוּעַ אַז עֶר פְלֶעגְט זִיךְ בָּאדֶען אִין מַשְׁקֶה, אוּנ אוּנְזֶער רָב זָאגְט אַז עֶר וָואלְט זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהֶען גַמְלִיאֵל בֶּן פְּדָהְצוּר , וָואלְט עֶר טְרִינְקֶען. דִיא וַואסֶער וָואס עֶר וַואשְׁט דִיא פִיס , אַזַא אַהֲבָה הָאט עֶר צוּא אִים . גָד זָאגְט גָאר פָּשׁוּט : אַגוּטֶע שְׁפִּירֶעט פְלַאשׁ עֶנְטְהַאלְט אִין זִיךְ דֶעם רֵיחַ פוּן שְׁפִּירֶעט יָארְן לַאנְג , דֶער פַאר ווִינְשְׁט עֶר זִיךְ צוּא הָאבֶּען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט דִיא וַואנֶע הָאץ פוּן גַמְלִיאֵל בֶּן פְּדָהְצוּר אוֹיף אַכּוֹס שֶׁל בְּרָכָה פוּן דֶעם יַין הַמְשֻׁמָר — אוּנ בֵּינוֹ לְבֵינוֹ אִיז גִיוֶוען מַשְׁקֶה , מֶען הָאט גִיטְרוּנְקֶען אוּנ צְוַוייא הָאבְּן זִיךְ צוּ פַּאצְט — אוּנ גִישְׁוָוארְן זַיי וֶועלִין זוֹכֶה זַיין נְקָמָה ! .

. . . . . . . . .

---

מֶער וִוי אַלְץ פַר דְרִיסְט מִיר אוֹיף דָר אָרֶעמֶע פְרוֹי , אַיוּנְגֶע וַוייבִּיל , בַּייא אִיר אִיז דֶער מַאן גִישְׁטָארְבְּן , זִיא אִיז דָא עֶלֶענְד אוּנ הָאט גִידִינְט , זִיא אִיז נִיט מֶער ווִיא אַמֶענְטְשׁ , זִיא הָאט גִידִינְט בַּייא דָוִד דֶעם מִילְנֶער. ווִיא זִיא זָאגְט , אִיז אִיר קֵיין אַנְדֶער בְּרֵירָה נִיט גֶעבְּלִיבִּין אוּנ זִיא אִיז מְעוּבֶּרֶת גִיוָוארִין , דָוִדְס וַוייבּ הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט הָאט זִיא אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען דִיא עֶלֶענְדֶע וַוייבִּיל נָאךְ מִיט גִישְׁלֶעג , זִיא הָאט זִיךְ גִישֶׁעמְט אוּנ הָאט אַוָוארְט נִיט אִיבֶּר גֶערֶעט , אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ פַאר דִינֶען אִיר בִּיסְן בְּרוֹיט אוּם טְרָאגְן הִינֶער , בָּאבּ , וָואס אִיר פְּלֶעגְט זִיךְ טְרֶעפִין , קֵיינֶער הָאט פוּן אִיר אוּנְגְלִיק נִיט גִיווּאוּסְט, מִיט אַמָאל , הָאט מֶען אִיר גִיפוּנֶן אִין אַקֶעלֶר אִין אַפּוּשְׁטְקֶע מִיט אִיר קִינְד . זִיא אִיז אַלֵיין הַאלְבּ פַאר פְרָארְן , אִיר קִינְד טוֹלֶעט זִיא בַּייא זִיךְ — מֶען הָאט זִיא אַוֶועק גִיפִירְט אִין הֶקְדֵשׁ , אוּנ וַוייבֶּער זַיינֶען נָאךְ גִילָאפִין ווִיא מְשׁוּגָעִים , אוּנ אִיר גִישָׁאלְטִין אוּנ גִיזִידֶעלְט — אָ מֶענְשִׁין אוּנ אִיר וַוייבֶּער , פַאר וָואס פִילְט אִיר נִיט יֶענֶעמְס שְׁמֶערְץ ? אִיר זִידֶעלְט זִיא נָאךְ ? — הָאט זִיא אַעֲבֵרָה גִיטָאן , אִיז אִיר וַוייניג אִיר קִינְד גִיבָּארִין אִין אַקֶעלֶער אוּנ

ליגן

לִיגִין אַזוֹ דְרַייא טָעג, אַלַיין — דָער מִיט קוּמְט זִיא נָאךְ נִיט אָפּ, זָאגְט אִיר, נָאס וָועט נָאךְ אִיר שְׁטְרָאפִין — זִיא קָען שׁוֹין קֵיין הַארְטֶערָע שְׁטְרָאף נִיט הָאבִּין וִויא אִין אַייעֶרָע הֶענְט צוּא זַיין — .

---

גָאלְדֶע וַוייס פוּן דָער מַעֲשֶׂה, אוּנ וִויל דָער וַוייבִּיל עֶפִּיס הָעלְפִין, זִיא אִיז דוּכְט מִיר צוּ פִּיל אָבְּגֶעהִיט, זִיא הָאט מוֹרָא, זָאגְט זִיא, מֶען וָועט בָּערַיידִין, זִיא הָאט קִינְדֶער. אוּנ מוּז זַייעֶר כָּבוֹד פַּאר הִיטִין —

---

מֶען הָאט הַיינְט דִיא וַוייבִּיל גִיפִירְט אִיבֶּער אַלֶע גַאסִין שְׁמוּאֵל דֶער טְרֶעגֶר מִיט אַבְרֶעמֶעל דֶעם שׁוֹמֵר. בֵּיידֶע הָאבִּין גִיפִירְט דֶעם פֶערְד אוּנ גִישְׁרִיעֶן: צְדָקָה תַּצִּיל מִמָּוֶת! זִיא אִיז גִיזֶעסִין אוֹיפִין וָואגֶען מִיט דָאס קִינְד אוֹיף דִיא הֶענְט, אַטוֹיטֶער קָען נִיט עֶרְגֶער אוֹיס זַייזִין — וָוער עֶס הָאט נָאר פִּיס גִיהַאט אִיז נָאךְ גִילָאפִין, מֶען הָאט אִיר אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַרַיין גִיפִירְט אוּנ דָארְט אִיז דֶער בְּרִית גִיוָועזֶען, דָער בֵּית הַמִּדְרָשׁ אִיז פוּל גִיוֶועזֶען וִויא בְּעֵת דָער קֶעלְמֶער מַגִיד זָאגְט — אוּנ דֶער רָב אִיז גִיוֶועזֶען מוֹהֵל, דָער גַבַּאי פוּן חֶבְרָה קַדִּישָׁא סַנְדָקִי אוּנ גָד אִיז גִיוֶועזֶען מְצִיצָה, אָ אִיר עַלוּקוֹת, וָואס פַאר אַטַעם הָאט דִיא בְּלוּט וָואס אִיר הָאט אוֹיס גִיזוֹיגֶען בַּייא דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, אַז אִיר זַייט זִיךְ אַזוֹ מְחַיֶּה, אַז פוּן אַייעֶר צוּרָה פִינְקֶעלְט פְרֵייד אוּנ פַארְגִינִיגֶען הַיינְט? אִיז דָען דֶעם אַנְדֶערֶנְס אוּנְגְלִיק וִוירְקְלִיךְ אַזוֹא עֶרְקְוִויקֶענְד פַאר אַייךְ? —

---

דֶער גוּטֶער אִיד וָואס זָא אִיז דוּרְךְ גִיפָארִין, הָאט דָאס קִינְד גִיהֵייסִין אַנָאמֶען גֶעבִּין: "יָקְשָׁן" — פַאר וָואס יָקְשָׁן הָאבּ אִיךְ גִיפְרֶעגְט דֶעם רָב — הָאט עֶר מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט וַוייל עֶר אִיז אַבֶּן הַפִּלֶגֶשׁ, בִּכְדֵי אִידֶען זָאלִין וִויסִין אַז עֶר אִיז נִיט אַכָּשֵׁר קִינְד — וואוּ עֶר וָועט קוּמֶען אַז עֶר וֶועט זָאגִין עֶר הֵייסְט יָקְשָׁן וָועט מֶען אִים שׁוֹין קֵיין אִידִישֶׁע טָאכְטֶער נִיט גֶעבִּין — אוּנ דֶער פוּן זֶעט מֶען וָואס פַאר אַלַייט דָער גוּטֶער אִיד אִיז, אַז הוּא יוֹשֵׁב בְּדוֹר הַזֶּה וּמְצוּדָתוֹ פְּרוּשָׂה לְדוֹר יָבֹא —

רַבִּי דָאס קִינְד אִיז דָאךְ חָלִילָה קֵיין מַמְזֵר, עֶר אִיז דָאךְ אַכָּשֵׁר קִינְד נָאךְ דֶעם דִין — מִסְתָּמָא וַוייס דָאךְ דָער רָבִּי אַז עֶר אִיז יָא אַמַמְזֵר הָאט דָער רָב מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, מֶען טָאר נִיט מְהַרְהֵר זַיין נָאךְ דִיא מִדָּה פוּן אַצַדִיק! —

אָ אִידֶען, אַז דָאס קִינְד וָועט אוֹיס וַואקְסִין אוּנ אַז זַיין נָאמֶען וֶועט אִיבּ זַיין לְחֶרְפָּה וְלִשְׁנִינָה, אוּנ אַז עֶר וָועט צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען צוּא פַאר שְׁטֵיין דֶעם מִשְׁפָּט וָואס אִיר הָאט אִים אוּנ זַיין מוּטֶער גִימִשְׁפָּט פַאר וָואס זִיא אִיז גִיוֶועזֶען אַעֶרְלִיכֶע אִידֶנֶע, אוּנ הָאט נִיט גִיוָואלְט אוּנְטֶער וַוארְפִין אִיר קִינְד אִין פִינְדֶעל הוֹיז וִויא עֶס טוּעֶן פִיל גוּטֶע אוּנ פְרוּמֶע אוּנ אַפִּילוּ בְּרַייכֶע אוֹיךְ — זָאגֶערְן, גִיוָואלְט לַיידִין דִיא אַלֶע בִּזְיוֹנוֹת לַיידִין אַלֶע צָרוֹת, נָאר אִיר קִינְד זָאל בְּלַייבִּין אַאִיד אוּנ בְּלַייבִּין בַּייא אִיר, אַז עֶר וָועט דָאס פִילִין אוּנ זֶעהֶען דִיא קְלִימַא

(פֶּעצאט) וָואס אִיר הָאט אִים גִיקְלִימַאוֶועט — אונ אַז פוּן בַּעם אונ פַאר צְווייפְלוּנְג וָועט עֶר וֶוערִין אַייךְ אִין זַיין פָאלְק אַבְּלִינְדֶער שׂוֹנֵא, אָ, דַאן זָאלְט אִיר אַטְוֶועצִייֶען פַאר גָאט, פַאר דִיא פַאר אוּנְגְלִיקְטֶע אונ פַאר אִים אַלַיין! —

---

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַצַייט נִיט גִישְׁרִיבְּן, אונ אִיךְ הָאבּ גָאר גִיוָואלְט אוֹיף הָערִן שְׁרַייבִּין. אִיךְ מַאךְ נָאר פוּל מַיין בּוּךְ מִיט בִּיטֶערְקַייט, מִיט שַׁאנְד פַאר זִיךְ אַלַיין, אָ אִין וָועלְכִין קְרוּג אִיךְ לֶעבּ אונ וָואס מִיר בְּלַייבְּט פוּן דֶעם פַאר גַאנְגֶענֶעם טָאג צוּ פַאר שְׁרַייבִּין — גְלַייכֶער וָואלְט אִיךְ אַזֶעלְכֶע זַאכִין נִיט זֶעהֶען אונ נִיט הֶערִין, אָבֶּער וואו אִיךְ קוּם בֶּעגֶעגְנֶען אִיךְ לֵיידֶער קַיינֶע בֶּעסֶערֶע אַיינְדְרוּק אוֹיף מִיר, אוּנ אִיךְ מוּז זִיךְ זָאגִין: „וֶוען דָאס וָואס אִיךְ זֶעה אונ הֶער, אִיז אַזוֹ פִיל, אַזוֹ טְרוֹיעֶרִיג — וִויא טְרוֹיעֶרִיג מוּז זַיין וָואס אִיךְ וֵויס נִיט, וָואס עֶס טוּט זִיךְ אִין דֶער פִינְסְטֶער! —“ נָאר הַנִסְתָּרוֹת לַה׳ וְהַנִגְלוֹת לָנוּ — אונ וָואס אִיךְ זֶעה מוּז אִיךְ פַאר שְׁרַייבִּין. אִיךְ וַויס נִיט וֶוער עֶס טְרַייבְּט מִיךְ דַאצוּ, אָבֶּער אִיךְ מוּז, אִיךְ הֶער אִיךְ בִּין גִיטְרִיבֶּען דֶער צוּא —

---

אִין שְׁטָאט אִיז נִיט שְׁטִיל — הָאט הַיינְט גַאסַאנְס אֵיידִים גִיזָאגְט, דֶער רָב הָאט דֶער הֶערְט עֶס אִיז נִיט שְׁטִיל הָאט עֶר גִיהַייסִין זוּכִין חֲטָאִים — וָואס גִיפִינְט מֶען נִיט אַז מֶען זוּכְט?

מֶען אִיז גִיקוּמֶען צוּם רָב אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אִיךְ בִּין אוֹיךְ גִיוֶוען דֶער בַּייא, אונ מֶען הָאט אִים גִיזָאגְט מֶען הָאט נֶעכְטִין בַּאגֶעגֶענְט אַווַייבִּיל גֵייֶענְדִיג שְׁפֶּעט אַלַיין פוּן דִיא לַאגֶערִין, אונ זִיא אִיז בְּוַדַאי אַ אֵשֶׁת אִישׁ — דֶער רָב הָאט זִיא גִיהֵייסֶען בְּרֵיינְגֶען, עֶס זַיינֶען אַוֶועק נָאךְ אִיר טֶעוֶועלֶע בִּיר גִיסֶער, דוּבִּינְקִי שְׁמוּאֵל יוֹסֵף מִיט יוּדֶע דֶעם שַׁמָשׁ, מֶען הָאט זִיא גִיבְּרַאכְט אַהַאלְבּ נַאקֶעטֶע, זִיא הָאט גִישְׁרִיעֶן אונ גִיקְלָאגְט מֶען זָאל אִיר נַאקֶעטַקַייט חָאץ לָאזִין צוּ דֶעקֶען פַאר דִיא תּוֹרוֹת, מֶען הָאט אִיר נִיט גִיהֶערְט — זִיא הָאט גִישְׁרִיעֶן: וָואס הָאט מֶען צוּא מִיר — מֶען הָאט נִיט גִיהֶערְט אונ אִיר אַרוֹיף גִיצְווִינְגֶען אוֹיפִין טִישׁ אונ גִישְׁמִיסִין אִין אַמָקוֹם קָדוֹשׁ, שְׁמוּאֵל יָאסֶע, מִיט יוּדֶע דֶעם שַׁמָשׁ הָאבִּין נָאךְ צוּא גִינוּמֶען אִירֶע לַייבְּטֶער אונ מֶען הָאט אוֹיף זַייא גִינוּמֶען בַּייא פַארְהֵיוֶועצְקֶע דֶעם שַׁיינְקֶער אַ טָאפּ בְּרוֹינְפִין מִיט פַאר בַּייסִין, אונ מֶען הָאט אִיר כִּמְעַט אַטוֹיטֶע אַוֶועק גִיפִירְט אַהֵיים — אונ דָא הָאט מֶען גִינֶעסִין אונ גִיטְרוּנְקֶען עַד שֶׁעָלָה עַמוּד הַשַׁחַר! —

---

עָלָה עַמוּד הַשַׁחַר, אונ עֶס אִיז אַרוֹיס דֶער אֶמֶת, דִי שְׁכֵנִים אַרוּם, זַיינֶען גִיקוּמֶען אונ שְׁרַייעֶן גְוַואלְד: זִיא אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג, בַּייא אִיר אִיז אִיר בְּהֵמָה פַאר פַאלִין אונ זִיא אִיז גִיגַאנְגֶען זוּכִין, זִיא הָאט גָאר קַיין מַאן נִיט אונ אִיז אַעֶרְלִיךְ קִינְד — זַייא הָאבִּין נָאךְ עֶפִּיס נִיט שַׁיינֶעס דֶער צַיילְט אוֹיף גַאסַאנְס זִלְטֶערִין אֵיידִים וָואס פוּן אִים וַואקְסְט דָאס, דֶער רָב הָאט אִיר מְחִילָה גִיבֶּעטִין — אונ

אונ איז יוצא, איר איז דער ווײלע גיבליבּין אפּלעק לדורות אונ קען דיא אויגן ניט ווייזין — — זיא הייסט: ידיא ווייבּיל! וואס מען האט גיבּראכט צום רב • איך וואלט געהען אין שטאט דער צײלין דיא מעשׂה, לאזין וויסין ווער עס איז זייער טעגליכער דין, אונ אונזער געבטליכר רב, נאר ווער וועט מיך הערין?.

מיין קרוב האט מיר דער צײלט, אז אין שטאט איז נאך ערגער,דארטן איז דא איינער דער וואס האט גיהאלטין דיא חבֿירה, אגוטין אידינס אאיינקעל — ער הייסט, שלמה, ברוך, אדער בערל, לייבּיל, ווייס אים דער רוח וויא ער הייסט, ער טוט כל הנבלות, כל עבֿרות הכתובֿות וּבלתי כתובֿות — עס זיינען אויף אלץ דא עדות, ער אליין ווייזט זיך ארוים פאר אחסיד, וואס זאגט הסידות ער האט פון ארעמע לייטישע געלט, פון זייער פלייש אונ בּיינער אן גיקליבּין אקאפּיטאל — אונ גיוואָרין אפּראצענטניק, איצט האט מען דיא טאקסע ביי אים ארוים גינומען, אונ ער ראבּירט על ימין ועל שמאול, בּייא אונז אין פאר שטעטל זיינן העלפט הייזער זיינע וואס בּלייבּין בּייא אים פאר פּראצעט ווארום דעם קרן האט ער זיבען מאל איבּער גינומען, איינער אלעהרער אין שטאט האט גישריבּין אבּריף צוא זיינעם אפּרײנד, וועגין ארב, וועגין קהלסע הינט, וואס פרעסין דיא געלט פון ארעמע תּלמוד תּורה קינדער — זיך אוים גירעט זיין הארין אפּיסיל, דער פּראצענטניק, דער צבֿוע האט פון פּעטערסבּורג דעם בּריף צוריק אהערצו אבּגעשיקט, אונ מען האט דעם אונגליקליכין מענשין פערפאלגט עד לחרמה, דער גבֿיר דער אכֿזר דער פאלשער וויא דער שד אליין האט גיזאגט עס איז אמצוה אים צו טאן וואס מעקען נאר — אונ האץ עס האט זיך דער גאנגען אז עס איז אין בּריף גאר ניט גיווען, פון דעסט וועגין האט מען אים אלע שטונדין אבּגעזאגט, אונ ווער עס איז אים שולדיג גיוועֹן געלט האט זיך מורה היתּר גיווען אים ניט אוועק צו געבּין — יא, איך האבּ אין שטאט זיך ניט צוא וועמען צוא וועגדען — דא זיינען ווילדע מענטשין אונ דארטין יעזואיטען צבֿועים, אינקוויזיטארן! . . . —

טרייסט מיך דוא האץ, א ארעמע פעדער — מיט ראזען פלעג איך אמאהל ריידין, אונ אין, אירע פּראגען פלעג איך טרייסט גיפינען, אין אירע מיטלייד — מוטה, גאט, אונ היינט בּין איך צוריק אליין — אליין פאר שלאסין אין זיך, זאל איך עס ריידין מיט שנייארקען? איך קען אים דיא אויגין ניט אויף רייסין צוא זעהען דיא טרויעריגע שצענען פאר דער צייט, ער איז נאך צוא יונג — איך האבּ אין דיר אפּרײנט פאר לארין טייערע ראזע! אונ בּין אליין אונ לייד אליין!.

עס איז האץ דאס אגליק, אז אמת בּעווייזט זיך, היינט האט מען ארוים פון וואנען איז עפּים מיט אמאל ניט שטיל גיווארין אין שטאט — יוסף גאסאנס האט זיך צוא קריגט מיט רבּי גד, אונ עס איז ארוים לאור, אז דאס האט גאסאנס איידים אליין אויסגעטראכט, בּכדי עס זאלין שטיין שפּירעט אין בּית המדרש אונ מען זאל האבּין צוא טרינקען — דיא עולה, אזעלכע ליגין, אונ שמואל יאסע איז שוין דער ערקטער חולה גיווען וואס אים האט דאס אויף

גיהאפט

גִיהַאפְּט — — וִויפִיל שְׁרֶעק וִויפִיל בְּלוּטִיגֶע קָאפֵּייקֶעס לִיגְט אִין זֵייעֶר טְרוּנְק בְּרַאנְפִּין , אוּנ זֵייא פִילֶען קֵיין ווִידְרִיגֶען טַעם אִין דֶער מַשְׁקֶה , אָ גָאט וָואס זַיינֶען דִיא מֶענְטְשִׁין — אָדֶער בִּין אִיךְ אַלֵיין דֶער צוּדַאק ? (דֶער זָאנְדֶערְלִינְג) ? .

שְׁנֵייאֶר הָאט נָאךְ בִּיז טָאג גֶעלֶעזִין אָן גִיפִירְטֶע פַאקְטִין וָואס יוֹסֵף הָאט פַאר שְׁרִיבִּין , עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר גִיקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטֶעלֶע וָואס יוֹסֵף רֶעט וֶועגִין זִיךְ :

אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גִישְׁרִיבִּין פַאר דֶעם צְווייטִין , פַאר זִיךְ זִיךְ צוּ שְׁפִּיגְלֶען מִיט דֶער גִיזֶעלְשַׁאפְט וָואס אִיךְ הָאבּ דָא , אוּנ וָואס עֶס קֶען זַיין אִיךְ זָאל דַארְפִין מִיט זֵייא מַיין לֶעבִּין פַאר בְּרֵיינְגֶען — אָ גָאט , וָואס וֶועט אַמָאל , דֶער לֶעזֶער זָאגִין , אַז עֶר וֶועט אַזַא בּוּךְ מִיט צָרוֹת גִיפִינֶען ? וָואס אִיךְ הָאבּ נֶעכְטִין גִישְׁרִיבִּין ווִידֶערְהָאלְט זִיךְ מִיר הַיינְט ווִידֶער , נוּא וָואס וֶועט שׁוֹין זַיין ? דֶער לֶעבִּין אִיז מִיר אֵיינְג , אִיךְ קֶען אֵיין אַנְדֶער אַרְט , עֶס לֶעבִּין מֶענְטְשִׁין אִין אַיין אַנְדֶער וֶועלְט — אִיךְ וֶועל אַנְטְלוֹיפִין , אִיךְ קֶען דָא לֵיינְגֶער נִיט בְּלַייבִּין , דִיא אֵיינֶע וָואס הָאט מִיךְ ווִיא מַאגְנֶעט גִיהַאלְטִין , שְׁטוֹיסְט מִיךְ אָפּ אִיצְט ווִיא מַאגְנֶעט צוּרִיק , אִיךְ אַנְטְלוֹיף אוּנ פִיר מִיט אִיר בִּילְד אִין מַיין הַארְצִין אִיר מוּטֶערְס לִיבֶּע אוּנ טְרֵייהַייט אִין מַיין גַאנְצֶער זֶעלֶע , אוּנ זָאל אִיךְ שְׁנֵייאֶרְקֶען אַזוֹא לָאזִין ? אָ שְׁנֵייאֶר זָאג מִיר וָואס זָאל אִיךְ מִיט דִיר טָאן ? אוּנ דוּא לִיבֶּע רוּחָמְקֶע דוּא אֵיינֶע הַאלְסְט מִיךְ נָאךְ פַאר אַפְּרֵיינְט , אָ לִיכְטִיגֶעס קִינְד , דִיךְ אוֹיךְ אֵיינֶע , לִיבֶּע אִיךְ הַיינְט אָהֶנֶע פַאר דְרוּס אוּנ אָהֶנֶע כָּאר ווִירְפֶּע ! — גֶענוּג ! אִיךְ ווִיל אוּנ זָאל דָא נִיט בְּלַייבִּין אַיין אַנְדֶער לֶעבִּין ווִינְקְט מִיךְ צוּא צוּא זִיךְ ! — מִיט מִיר שְׁנֵייאָרְקֶע , אִיךְ ווִיל דִיר אַבְּרוּדֶער זַיין ! אַלֶערֶער !

מִיט דִיר יוֹסֵף ! הָאט שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט , מִיט דִיר לִיבֶּער יוֹסֵף , מִיר וֶוערְט אוֹיךְ אַזַא לֶעבִּין אִיבֶּער דְרִיסִיג !

יוֹסֵף מִיט רָאזֶען .

עֶס זַיינֶען נָאךְ פוּן דֶעסְט וֶועגִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרִיבֶּער אֵיידֶער שְׁנֵייאֶר הָאט דִיא רֵייד גִיזָאגְט יוֹסֵפְן , עֶר אִיז פַאר נוּמֶען גִיוֶועזִין מִיט אַנְדֶערֶע גִידַאנְקֶען — בַּייא אִיךְ הָאט נִיט גִיקָאנְט רֶעכְט וֶוערִין רָאזֶעס פָּאסְטוּפַאק מִיט דֶעם בְּרִיף , עֶר הָאט מִיט דֶער מוּטֶער גִירֶעט , פַאר שְׁטֶעלְט , אוּנ הָאט לֵיידֶער פוּן אִירֶע רֵייד פַאר שְׁטַאנֶען אַז זִיא אִיז רָאזֶען חוֹשֵׁד , אַז זִיא אִיז פַאר לִיבְּט אִין אַיין אַנְדֶערִין — עֶר אִיז גִיוָוארִין ווִיטְהֶענְד , אוּנ אִין כַּעַס אוֹיף רָאזֶען , עֶר הָאט זִיךְ קֵיין רֶעכְנוּנְג גִיגֶעבִּין פַאר וָואס פַאר וֶוען אִיז עֶר אִין כַּעַס , אוּנ וָואס פַאר אַזִינְד אִיז אוֹיבּ זִיא לִיבְּט זִיךְ עֶרְלִיךְ אִין אַיין אַנְדֶערִין ? עֶר הָאט דִיא גִידַאנְקֶען נִיט גֶעקֶענְט אִיצְט גָאר צוּא לָאזִין צוּא זִיךְ אוּנ הָאט צַייטֶען וַוייז גִיוֵויינְט פוּן לִיבֶּע אוּנ כַּעַס צוּא רָאזֶען — עֶר הָאט אוֹיף גִיהֶערְט מִיט אִיר צוּא רֵיידִין , יוֹסֵף הָאט אוֹיךְ אוֹיף גִיהֶערְט אִיר צוּא בַּאזוּכִין אוּנ אָן גִיהוֹיבִּין זִיצִין גַאנְצֶע אָבֶענְדִין בַּייא מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרְן — שְׁנֵייאֶרְקֶע צוּ לִיבּ אִים פְּלֶעגְט אוֹיךְ זַיין מִיט אִים , אוּנ רוּחָמְקֶע

און

אן יוסעפן האט ניט גיגעסין אונ גיטרונקען — ראזע איז גיזונט גיוואָרין , אונ זיך גיפונין אליין , מען האט איר אויפין גאס ניט גיהייסין גיין אונ זיא האט מער יוסעפן ניט גיקענט קרינין אים צוא ערקלערין , זיא האט אים גישריבין עטליכע ווערטער : אונ האט אים אליין איבער געבין — יוסף האט גילייענט : —

בעקסטער יוסף !

איר האט מיר אמאל גיזאגט , איר האט מיר וואס צוא זאגין , איך האב אנארעשקייט גיטאן אונ ניט גיוואלט הערין , איך בעט אייך , שיינקט מיר אקליינע צייט , אונ הערט אויס וואס איך וויל אייך זאגין — מיין הארץ איז שוואך איך קען מער ניט שווייגין — יוסף , איך ווייס ניט וואס , אונ מוז אייך זאגין מיר גיסין זיך טרערין פון מיינע אויגין ווערנד איך שרייב — ראזע —

יוסף האט דעם בריוועל גילייענט , אונ איר גיענטפערט קאלט , ער אנטלויפט נאך ניט , איר גיבעטין אטובה טאן אונ אים ווייטער ניט שרייבין אונ ניט ריידין וואס ער וויל ניט הערין —

דער שווארצער , פלעגט אויף ראזען קוקין מיט אאויג וואס האט אויס גערדריקט זיין גרויסקייט . אז ער האט אויס גיפירט וואס ער האט גיוואלט , ראזע האט זיך גיפונען פאר לאזין פון אלעמען — אונ האט גיוויינט פאר זיך אליין ! יוסף האט איר פאלעזעניע גיפילט , אבר ער האט ניט גיוואוסט וויא ווייט ראזען איז שלעכט— ער האט גימיינט , אז זיא איז דער פאר טרויעריג אונ עלענד , ווייל יענער שדוך , וואס דער שווארצער האט אים גיזאגט — ציט זיך אזו דויערנד . דר שווארצער האט אים נאך זאבין ער קלערט , אונ האט פאר יוסעפן גיטאן וואס ער האט גיקענט , אים גילויבט פאר שווער אונ שוויגער , פאר ראזין אויף להבעים — .
וואס איז פון מיר גיוואָרין ? וואס האט ער מיר אנגעמאכט מיין שוואגער , אז אלע לויפין פון מיר ? היינט מוז ווערין אענד ! „ האט ראזע גיזאגט — איין מאל שבת נאכין עסין , אז זיא האט גיזעהען אז משה שנייאר מיט רוחמקען מיט שנייארקען זיינען אוועק גיגאנגען שפאצירען — „יוסף מוז דא זיין , איך מוז אים גיפינען „ האט זיא גיזאגט , אונ איז ארויס אין האד , יוסף איז גיזעסין טיף פאר טראכט , דיא הענט אונטער גישפארט אונטערין קאפ :

„מארגין , אדער איבער מארגין , איך וויל דא אפילו יום טוב ניט בלייבין , משה שנייאר לייט מיר דיא ערסטע הוצאה , א וויא שווער ווערט מיר , אז איך דער מאן זיך , אז איך וועל דא באלד ניט זיין , איז מיר דען ניט היילינ איטליכער בלעטעלע , איטליכער ביימעלע ? א גאט , דוא אליין פילסט מיין הארץ איצט , מיינע קוועלין ! — וויא שווער איז מיר ראזעס בילד פון הארצין ארויס צוא רייסין , עס פילין ניט ארום מיר מיינע שמערצין דיא פייגליך אויף דיא בוימער , זייא זינגען — אדער וויינען אפשר מיט מיר? זייט אייך גיזונט , לעבט וואויל איר אלע פארגיניגינטע ערטר , איר קענט מיינע זיפצין , איר האט גיזעהען מיינע טרערין , אונ עס וואקסין פילייכט בלומען אויף יענעם ארט וואו איך האב טרערין פאר גאסין , כדי ראזע זאל זיך פארגניגען אן זיי — א ראזע ,

איך

איך פָאר אַוֶועק פון דַאנֶען אונ פִיר מִיט אַ פולֶע הַארְץ מִיט וואונְדְין, אָבֶער אויךְ מִטְרַייהַייט אונ פְרַיינְדְשַאפְט פַאר דִיר אויף אֵייבִּיג, דָען דוּא בִּיזְט נִיט שׁוּלְדִיג, וָוען מַיין שִׁיקְזָאל הָאט דִיךְ גִיבְּרַאכְט אִין מַיין וָועג, זַייט גִיזוּנְט אִיר אַלֶע, אִיךְ בִּין דָא הַיינְט דָעם לֶעצְטִין מָאל!!

יוֹסֵף הָאט צוּ וַויינֶען אָן גִיהֵייבִּין בַּייא דִיא רֵייד, רָאזָע אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען שְׁטִילֶער הֵייט, יוֹסֵף הָאט זִיךְ ווִיא עָרְשְׁרָאקֶען אונ זִיךְ פְלוּצְלִיךְ אַהֵייבּ גִיטָאן — עֶר הָאט זַיין הַאנְט אָבֶער פַאר צֶעפֶּעט אָן אַצְוַוייג, אוּנ הָאט זִיךְ אַרִים גִיטָאן אִין פְלֵייש, רָאזָע הָאט זִיךְ עֶר שְׁרָאקֶען, אַז זִיא הָאט גִיזֶעהֶען אִים גִיסְט בְּלוּט, זִיא הָאט אוֹיס גִיטָאן אִיר טוּךְ אוּנ גִיזָאגְט:

יוֹסֵף עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט גִימֵיינְט אַייךְ צוּ עָרְשְׁרֶעקִין, לָאזְט, אִיךְ וָועל אַייךְ אַייעֶר הַאנְט פַאר בִּינְדִין, רָאזָע הָאט אִים פַאר בּוּנְדִין דִיא הַאנְט מִיט אִיר טוּךְ — אוּנ גִיזָאגְט זִיךְ אִינְגֶערְלִיךְ: אָ לִיבֶּער סָענְשׁ, אַז אִיךְ וָואלְט קָענֶען דַיינֶע אַלֶע וואוּנְדֶען דִיר פַאר בִּינְדֶען, דִיר הֵיילִין אַלֶע דַיינֶע שְׁמֶערְצִין, ווִיא גָערִין מֶעכְטֶע אִיךְ עֶס טָאן הָאץ מִיט מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין!

דַאנְקֶע שֵׁיין! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט אוּנ גִיוָואלְט אַוֶועק גֵיין.

נֵיין יוֹסֵף אִיךְ נֶעם אַייעֶר דַאנְק נִיט צוּא — אִיר מוּסְט מִיךְ דָער פַאר הַיינְט אוֹיס הֶערִין אַלְץ וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ צוּ זָאגִין — רָאזָע טָאמֶער קָענְט אִיהר דָאס לָאזִין אוֹיף אַיין אַנְדֶערְס מָאל? הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט.

נֵיין יוֹסֵף, הַיינְט, אִיךְ קָען קְלֵיינֶער נִיט דוּלְדִין, יוֹסֵף אִיר וַוייסְט ווִיא גִיפֶעהְרְלִיךְ אִיז שְׁפִּילֶען מִיט אַ שְׁלַאנְג, מַאכִין פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט אַשְׁלַאנְג? אִיךְ בֶּעט אַייךְ אוּם אַייעֶר גְלִיק וֶועלְכֶער עֶס אִיז בַּייא מִיר טַייעֶר ווִיא מַיין לֶעבִּין, אוּם דֶעם לֶעבִּין פוּן אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין, וֶועלְכֶע עֶס לֶעבִּין ווִיא לַאנְג זַייא הָאפִין נָאךְ נַחַת פוּן אַייךְ צוּ זֶעהֶן, יוֹסֵף אוּם, מַיין גִיזוּנְט אוֹיבּ עֶס הָאט בַּיי אַייךְ הָאץ אַ קְלֵיינֶע וֶוערְדֶע, בֶּעט אִיךְ אַייךְ — עֶנְטְלוֹיפְט פוּן מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרִין!

יוֹסֵף הָאט גִישְׁווִיגֶען.

אִיךְ בִּין נִיט בְּלִינְד אוּנ זָעה אַז עֶס טוּט זִיךְ עֶפִּיס אַרוּם מִיר, אִיךְ זָעה, אַז, אִיר זַייט צוּ מִיר אַנְדֶערְס, גַאנְץ אַנְדֶערְס גִיוָוארִין — ווִיא גִיוֶועזֶען, אָ יוֹסֵף אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט פֶערְדִינְט! דִיזָע מִיסְפֶערְשְׁטֶענְדְנִיס. מַאכְט מִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ, יוֹסֵף אִיךְ הָאבּ צְוַויא וֶוערְטֶער אַייךְ צוּא זָאגִין — וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִין בִּיכֶער גִיזוּכְט ווִיא אַייךְ זַייא אַרוּיס צוּ גֶעבִּין, אִין צֶעהְן בְּרִיף הָאבּ אִיךְ גִיוָואלְט זַייא צוּ אַייךְ שְׁרַייבִּין, אִיךְ הָאבּ גִישְׁרִיבִּין אוּנ צוּ רִיסִין דִי בְּרִיף, אִיךְ בִּין אַ אִידֶעשֶׁע נִיט נִיבִּילְדֶעטֶעס מֵיידְכֶען, אִיךְ קָען צוּ זִיךְ קֵיין גְלַייכִין גֶעפִינֶען אִין בִּיכֶער, אוּנ בֶּעט אַייךְ הֶערְט דִיא וֶוערְטֶער ווִיא אִיךְ זָאג אַייךְ אוּנ וַוייסְט, אַז אִין מַיין הַארְצִין בְּלַייבְּט הִינְטֶער זַייא נִיכְטְס וָואס אִיךְ קָען אַייךְ וַוייטֶער זָאגִין...

אִיךְ לִיבּ דִיךְ יוֹסֵף! אִיךְ לִיבֶּע דִיךְ אוּנְשׁוּלְדִיג אָ לִיבֶּער יוֹסֵף!... רָאזָע הָאט בַּייא דִיא רֵייד אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען, יוֹסֵף הָאט נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּא טָאן, עֶר הָאט קֵיין וֶוערְטֶער גִיהַאט וָואס אִיהר צוּ עֶנְטְפֶערִין, אִירֶע צִיטֶערֶענְדֶע וֶוערְטֶער, אִירֶע

אִירָע בֶּעטֶענְדָע שְׁטִימְמָע, הָאט אִים בֶּערוּיבְּט אַלֶע זִינֶען, אִין אָן הוֹיף הָאט עֶר גִירֶעכִינְט אִיר צוּא זָאגִין: „שׁוֹין צוּ שְׁפֶּעט“! דִיא טְרֶעהְרִין אָבֶּער הָאבִּין אִים אוֹיךְ צוּא טְרֶערִין גִיבְּרַאכְט אוּנ הָאט נִיט בֶּעמֶערְקְט וְוִיא רָאזֶע הָאט זִיךְ אוֹיף גִיהוֹיבִּין אַוֶועק גֵיין —

זַייא גִיזוּנְט, יוֹסֵף, הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט מִיר בְּלַייבְּט נִיכְטְס אַדְיֶע! —

רָאזֶע, אִיךְ בֶּעט אַייךְ הֶערְט מִיךְ אוֹיס — הָאט עֶר גִיזָאגְט רָאזֶע הָאט זִיךְ צוּרִיק אַנִידֶער גִיזֶעצְט —

עֶרְקְלֶערְט מִיר, וָואס וֶועט אִיצְט זַיין פוּן אַייֶער בְּרִיף?

וֶועלְכֶער בְּרִיף, יוֹסֵף?

גִידֵיינְקְט אִיר נִיט דֶעם בְּרִיף, וָואס אִיר הָאט מִיר אִים אַלֵיין דֶערְלַאנְגְט אִין דֶעם אָוֶוענְט וָואס אִיר זַייט אוֹיף אַחֲתוּנָה גִיפָארִין, וְוִיא אִיר הָאט גִיזָאגְט, אָדֶער אוֹיף אַ סְוִוידַאנְיֶע מִיט אַ חָתָן, וְוִיא אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶער נָאךְ גִיוְואוּסְט —? רָאזֶע, אִיר זַייט לִיבֶּענְסְוִוירְדִיג, אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ, אַז וֶוען פוּן אַייךְ אַלֵיין וָואלְט נִיט זַיין דִיא מְנִיעָה, וָואלְט אִיךְ אַייךְ דַארְפִין פְרֶעגִין מַיין גִיוִויסֶען צוּ דַארְף אִיךְ דָאס טָאן אַייֶערֶע עֶלְטֶערִין, אִיצְט, אַז אַייֶער בְּרִיף וַוייזְט מִיר אַייֶער אוּנְבֶּעשְׁטִימְטֶען חַארַאקְטֶער זָאגְט מִיר וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ עֶנְטְפֶערִין אוֹיף אַייֶערֶע — וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע אִיר הָאט עֶרְסְט גִישְׁפְּרָאכִין? צוּ וָואס קֶען עֶס מִיךְ אוּנ אַייךְ בְּרֵיינְגֶען?

יוֹסֵף הָאט אִיר דֶעם בְּרִיף דֶערְלַאנְגְט, זִיא הָאט אִים גִילֶעזִין מִיט טְרֶערִין אוּנ נִיט אוֹיסְפֶּעיֶעט אִים דוּרְךְ צוּא לֶעזִין, וְוִיא זִיא הָאט אַגִישְׁרֵיי גִיטָאן!

יוֹסֵף, עֶרְבַּארֶעמְט אַייךְ, נֶעמְט צוּא דֶעם שֶׁענְדְלִיכֶען בְּרִיף פוּן מַיין הַאנְט, מִיר אִיז זֵייעֶר נִיט גוּט!...

רָאזֶע אִיז בְּלַאס גִיוָוארִין, אִירָע הֶענְט הָאבִּין גִיצִיטֶערְט, זִיא הָאט זִיךְ אַוָוארְף גִיטָאן אוֹיף יוֹסֵפִין אוּנ גִיוֵויינְט אָן רֵייד, אָן עֶטְוָואס צוּא לָאזִין הֶערִין.

יוֹסֵף הָאט גִיפִילְט, אַז עֶר דַארְף אִיר אִיצְט לָאזִין וֵויינֶען, אוּנ הָאט נָאר אִיר הַאנְט גִיהַאלְטִין אוּנ נִיט גִירֶעט

מִיר וֶוערְט אִיצְט אַלְץ קְלָאר, לִיבֶּער יוֹסֵף, אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג, אִיךְ וֵוייס פוּן בְּרִיף נִיט וָואס צוּא זָאגִין, מֶען הָאט מִיר אִים דֶערְלַאנְגְט אוּנ גִיבֶּעטִין אַייךְ אִיבֶּער גֶעבִּין, אָ משֶׁה שְׁנֵייאָר, וָואס הָאט עֶר צוּא מִיר? מַיינֶע טְרֶערִין, מַיינֶע זִיפְצִין זֶעהְט יוֹסֵף! אִיךְ קֶען אַייֶערֶע לִיבֶּע נִיכְט עֶרְבֶּעטִין, אָ דָאס אַלֵיין בֶּעט אִיךְ נָאךְ, עֶנְטְלוֹיפְט פוּן דֶעם שְׁלַאנְג! —

לִיבֶּע רָאזֶע, הָאט עֶנְדְלִיךְ יוֹסֵף גִיזָאגְט, אוּנְשׁוּלְדִיגֶער עֶנְגֶעל, הָאסְט דוּא אִיבֶּער מַיינֶע אוּנְבֶּעזָאנֶענְהַייט אַזוֹי פִיל גִילִיטֶען, אָ רָאזֶע, אִיךְ וֵוייס, אַז דֶער וָוארְט וֶועט נוּר אַיין וָוארְט בְּלַייבִּין, דֶען דִיא פַאלְשְׁקַייט, דִיא אִינְטְרִיגֶען בְּרֶעכִין אַייזִין אוּנ צוּ רֵייסִין קֵייטִין — אָבֶּער אִיךְ בִּין שׁוֹין דֶער פוּן אַלֵיין גְלִיקְלִיךְ: אִיךְ לִיבֶּע דִיךְ, לִיבֶּע זִיסֶע רָאזֶע, אִיךְ לֵייד אוּנ לִיבֶּע דִיךְ!...

זִיא אִיז אִים אִין זַיינֶע אַרְמֶען גִיפַאלִין אוּנ זַיינֶען וְוִיא צוּ זַאמֶען גִיוַואקְסִין גִיוָוארִין אִין אַיין לַאנְגֶען דוֹיעֶרֶענְדֶען קוּס —

עֶרְסְט רָאזֶע, בִּין אִיךְ דֶער אֶרֶעמְסְטֶער אִין דֶער וֶועלְט גִיוֶוען, מַיין גַאנְצֶע הָאפְֿענוּנְג אִיז גִיוֶוען אוֹיף משֶׁה שְׁנֵייאֶרְן, עֶר הָאט מִיר עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל פֶֿערְשְׁפְּרָאכְן צוּ לַייעֶן, אִיצְט גָאט, מִיט וָואס זָאל אִיךְ דִיר דַאנְקְעֶן? אִיצְט בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ מִיט רָאזֶען, מִיט דִיר, מַיין לִיבֶּע זִיסֶע רָאזֶע!

מַיין יוֹסֵף, מַיין טַייעֶרֶער יוֹסֵף, הָאבְּן גִישְׁטַאמֶעלְט רָאזֶעס לִיפֶּען, מִיט טְרֶערְן מִיט הַיילִיגֶע אַנְדַאכְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ פוּן גָאט עֶרְבֶּעטְן, אִיךְ בִּין דִי רַייכְסְטֶע! — אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן שְׁטֶערְן אוּנְז נִיט, דִי מוּטֶער וֵוייס דַיין גְרָאסֶע וִוירְדֶע, אִיךְ בִּין דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע — מַיין יוֹסֵף! פִיל זַייעֶר פִיל בִּילְדֶער הָאבּ אִיךְ גִיהַאט דִיר פָאר צוּשְׁטֶעלְן פַאר אוּנְזֶער קִינְפְטִיגֶען לֶעבִּין, זַייא זַיינֶען אִיצְט צוּא פְלוֹיגִין, אִיךְ הָאבּ קֵיין וָוארְט דִיר צוּא זָאגִין מֶער נִיט וִויא: „מַיין יוֹסֵף"! „מַיין טַייעֶרֶער לִיבֶּער יוֹסֵף!"

יוֹסֵף הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט, טְרֶערֶען הָאבִּין זִיךְ גִיגָאסִין פוּן זַיינֶע אוֹיגִין — אָ גָאט דַארְף אִיךְ דֶעם שְׁוַוארְצִין וָואלְקִין, וָואס אִיז פוּל מִיט גִיוִויטֶר, זֶעהְן אִיצְט אִין מַיין לִיכְטִיגְסְטִין טָאג? דַארְף מִיר דֶר נָאמֶן „משֶׁה שְׁנֵייאֶר" לִיגִין וִויא אַשְׁטֵיין אַשְׁוֶוערֶער אִין מַיין הַארְצֶען? רָאזֶע, אוּנ משֶׁה שְׁנֵייאֶר וָואס וֶועט זָאגִין?

אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט פֶערְקוֹיפְט בַּייא אִים יוֹסֵף, הָאט רָאזֶע גִיעֶנְטְפֶערְט — נַיין יוֹסֵף, דוּא דַארְפְסְט פַאר אִינְטְרִיגֶען קֵיין מוֹרָא הָאבִּין, אִיךְ בִּין אַ עֶרְלִיכֶע, אַיין זַייעֶר פְרֵיילִיכֶע, אִיךְ הָאבּ נָאר אֵיין הַארְץ, פַאר הַיינְט אוּנ פַאר אַלֶע מָאל, דָאס הַארְץ גִיהֶער גָאר דִיר — אַייזִין אוּנְקֵייטִין קֶענֶן פַאלְשְׁקֵייט אוּנ אִינְטְרִיגֶען בְּרֶעכִין אָבֶּער נִיט מַיינֶע לִיבֶּע אוּנְד טְרֵייהַייט, אִיךְ בִּין דַיינֶע יוֹסֵף, דַיינֶע. אָ גָאט, הָאט מִיךְ פַאר דִיר בַּאשַׁאפִין!

גָאט, הָאסְט דוּ זָעלְבְּסְט דַיין גַן עֵדֶן נִיט גִיוָואלְט בַּאשַׁאפִין אָהְנֶע שְׁלַאנְגֶען? אָ דוּא רָאזֶע, אוּנ דֶער גְלִיק — אוּנ וָואס אִיז מִיר משֶׁה שְׁנֵייאֶר? אִיךְ פֶערְשְׁטֵיי, דוּא הָאסְט אוּנְז שֵׂכֶל גִיגֶעבִּין דֶעם שְׁלַאנְג נִיט צוּ הֶערְן, אִיךְ הָאבּ אִים גִיהֶערְט אוּנ גִיוֶוען פֶערְגִיפְטֶעט, פֶערְבִּיטֶערְט אִין מַיין לֶעבִּין, אוּנ שִׁיר דִיךְ, לִיבֶּער, הֵיילִיגֶער עֶנְגֶעל פֶערְלָארְן, אִיצוּנְד הָאבּ אִיךְ דִיךְ וִוידֶער, אִיךְ בִּין דַיינֶער רָאזֶע מַיין הַארְץ אוּנ לֶעבִּין זַיינֶען דַיינֶע — אִיךְ הָאבּ מֶער קֵיין מוֹרָא פַאר שְׁלַאנְגֶן, אִיךְ וֶועל וִויסִין וָואס דִיא בִּיבֶּעל גִיט אַעֵצָה, מִיט דִיא פִיס וֶועל אִיךְ אִים צוּטְרֶעטִין, רָאזֶע גִיבּ אַהַאנְד, מִיר שְׁוֶוערִין פַאר גָאט, דוּ זֶעהְסְט דִי טְרֶערְן גָאט פוּן אוּנְזֶער הֶערְצִין, אוּנ דוּא קֶענְסְט אוּנְז אוּנ וַוייסְט אוּנְזֶער זִינֶען אוּנ גִידַאנְק, זַיי עֵדוּת! זַייא דוּ אוּנְזֶער הֶעלְפֶער!

דִיא לִיבֶּע קִינְדֶר הָאבִּין זִיךְ נָאךְ אַמָאל צוּ קוּסְט אוּנ אַוֶועק פוּן דֶעם אָרְט — אַרַיין אִין שְׁטוּבּ הָאבִּין זַיי גִיפוּנֶען משֶׁה שְׁנֵייאֶר אוּנ דִיא קִינְדֶער זַיינֶען גִיזֶעסִין אוּנ זַייא גִיטְרוּנְקֶען, פְרִידְמַאן אִיז גִיזֶעסִין אִיבֶּערְן מִדְרָשׁ אוּנ וִויא עֶר הָאט יוֹסֵף דֶער זֶעהְן הָאט עֶר גִיזָאגְט:

אָן דִיר לִיבֶּער יוֹסֵף, בִּין אִיךְ וִויא אָן בְּרִילֶען, קוּם אַקָארְסְט אַהֶערְצוּ זָאג, וָואס מַיינְט דֶער מִדְרָשׁ,? יוֹסֵף אִיז צוּ גִינַאנְגֶען אוּנ הָאט פְרִידְמַאנֶען עֶרְקְלֶערְט,

פְרִידְמַאן וַואר הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען , אַלֶע וָואס הָאבְּען זִיךְ צוּא מִנְחָה גֶעקְלִיבֶּען , וַוארֶעם בַּייא פְרִידְמַאנֶען אִין שְׁטוּבּ אִיז גִיוֶועז פַאר אֵיינֶענֶע לַייט אַמִנְיָן — אַלֶע הָאבְּען זִיךְ אַיינְגִיקוּקְט אִין מְדְרַשׁ , יוֹסֵף אִיז גְלִיקְלִיךְ אַרוֹים עֶר הָאט גִיהַאט כָּבוֹד , פְרִידְמַאן אַלֵיין הָאט אִים אַהֲבָה בֶּעוִויזֶען —

רָאזֶע אִיז אוֹיךְ אַנְדֶערְשׁ גִיוָוארְן , זִיא הָאט אִיצְט מִיט אַלֶעמֶען גִיוָואלְט שָׁלוֹם מַאכִין , שְׁנֵייאֶרְקָע הָאט בֶּעמֶערְקְט יוֹסֵף רֶעט מִיט אִיר — אִיז עֶר נַייא בֶּעלֶעבְּט גִיוָוארִין , מִיט רָאזִין נִיט רֵיידִין אִיז אִים שְׁוֶוערֶער גִיוֶועז , וְויא נִיט טְרִינְקֶען וֶוערֶענְד עֶר אִיז דוּרְסְטִיג —

עֶר הָאט מִיט אִיר גִירֶעט — אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ עֶרְקְלֶערְט : רָאזֶע הָאט אִים עֶרְצֵיילְט וָואס מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט גִיטָאן מִיט דֶעם בְּרִיף , דֶער לַאנְגְט אִיר גִיפְּט זִיא זָאל זִיךְ אַלֵיין פֶּערְנִיפְטֶען , אוּנ הָאץ זִיא הָאט אִים נִיט עֶרְצֵיילְט , דָאס זַייא הָאבִּין זִיךְ אִיצְט לִיבֶּע עֶרְקְלֶערְט , עֶר הָאט אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען , אַז צְווִישְׁן זַייא הָאט עֶפִּיס וָוענִין דֶעם גִימוּזְט דֶערְטָאנְט וֶוערִין , אוּנ עֶר אִיז גִיוֶועז צוּ פְרִידְן — זַיין פְרִיהֶערִיגֶער שְׁמֶערְץ הָאט זִיךְ אָבֶּער אִיצְט אִיבֶּער גִיקֶערְט אוּנ אַ כַּעַס אוּנ שִׂנְאָה אוֹיף דֶעם שְׁוַוארְצִין . אוּנ וָוען נִיט רָאזֶע וָואס הָאט אִים גִיבֶּעטִין אִים פֶערְשְׁוַוייגִין , אוּנ וָוען נִיט יוֹסֵף וָואלְט עֶר אִים גִיטָאן וָואס עֶר וָואלְט גִיקֶענְט נָאר אוּנְבֶּעזָאנֶענֶערְהֵייט , — מֶען הָאט אִים אָבֶּער נִיט גִילָאזֶען , אוּנ עֶר הָאט נָאר דִי צֵיינֶער גִיקְרִיצְט אוּנ זִיךְ אָבְּגִיהַאלְטִין —

בַּיי נַאכְט אַז מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט גִיבֶּעטִין יוֹסֵפִין צוּ זִיךְ, הָאט אִים יוֹסֵף גִיזָאגְט : מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר , אִיר הָאט דָאךְ נִיט פַאר וָואס צוּ זַיין מִיר אַ שׂוֹנֵא , אִיךְ בֶּעט אַייךְ צוּ פִיל גוּטֶר פְרַיינְט זַייט מִיר אוֹיךְ נִיט — אִיךְ בִּין אַייךְ נָאר אַגוּטֶר פְרַיינְט , נִיט זָארְגְט פַאר מִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ — פָאלְגְט מִיר לָאזְט מִיךְ אִין מַיין וֶועג , אִיךְ בִּין אַ גְרַאדֶער עֶהְרְלִיכֶער מַאן , אוּנ אַייךְ לוֹינְט בֶּעסֶער מִיט מִיר גְרַאד צוּ זַיין אוּנ עֶהְרְלִיךְ , אַיידֶער מִיט אַזֶעלְכֶע אִינְטְרִיגֶען . עֶרְקְלֶערְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט , אִיךְ דַארְף אַייךְ קֵיין פֵּרוּשׁ נִיט גֶעבִּין אוֹיף דִיא רֵייד , גִידֵיינְקְט נָאר . אַז אַיין גוּטֶער פְרַיינְט אִיז בֶּעסֶער פַאר צֶעהְן נִיט גוּטֶע פְרַיינְט —

מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט גִיוָואלְט אָנְהֵייבִּין מִיט נַייעֶ פַאלְשְׁקֵייט אוּנ גִיזָאגְט : אָבֶּער דַיין טוֹבָה מֵיין אִיךְ !

אִיךְ וִויל קֵיין טוֹבוֹת , הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִים גִיגֶעבְּן דִי הַאנְט — אַדְיֶע !

שְׁפֶּעט הָאט זִיךְ גָאלְדֶע גִילֵייגְט שְׁלָאפִין דִי נַאכְט , אוֹרְחִים הָאבְּן בֶּעדַארְפְט קוּמֶען , אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶער אוֹרֵחַ דֶער יוֹם טוֹב שָׁבוּעוֹת — יוֹסֵף הָאט אוֹיךְ נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְשְׁלָאפִין וֶוערְן , עֶר הָאט מִיט זִיךְ גִיהַאט וָואס צוּ טָאן , וֶועגְן זַיין פְּלַאן וָואס עֶר הָאט זִיךְ בַּאזְרוּשֶׁעט , מִיט דִיא לִיבֶּע עֶרְקְלֶערוּנְג , בִּיז עֶר אִיז עֶנְדְלִיךְ גִיקוּמֶען דָר צוּ — אַז גְלִיקְלִיךְ זַיין הַייסְט נוּר צוּ פְרִידְן זַיין — אוּנ צוּא פְרִידֶען קֶען עֶר זַיין אַז עֶר וֶועט הָאבִּין זַיין רָאזִין צוּא גֶעבִּין אִירֶע בֶּעדִירְפְנִיסֶע — זִיא פֶערְלַאנְגְט קֵיין לוּקְסוּס . הָאט עֶר גִיזָאגְט , אוּנ דָאס וָואס מֶען דַארְף הָאבִּין פַאר אַגְעוֶואוֹנְלִיכִין לֶעבִּין , הָאפֶע אִיךְ צוּ מִיעֶן זִיךְ אוּנ דָאס עֶרְוֶוערְבִּין — אוּם צוּ זַיין

אגעבילדעטער

אַנגעבּילדעטער דאַרף איך פילייכט דעם אינִיווערזיטעט, אָבּער אום צו זיין אַיין עהרליכער צופרידענר מענטש, וועלכער עס ערנערט זיך פון אייגענער מיה, דאַרף איך ניט שטודירען — דיא וועלט איז פאר מיר, צייט האב איך נאך. איך מוז עטוואס פּראָפעסיאָן מעסיגס דערלערנען — מיט מיין ראַזין וועל איך גליקליך זיין! מיט דיא גידאַנקען איז ער איינגעשלאָפען געוואָרין, אָבּער דער שלאָף איז צוא גיקומען מיט אשוועריז טרוים.

דיא מוטער, וועלכע עס האט גיליבט ראַזין, געליבט מער וויא אַלע קינדער, פּלעגט זיך קיינמאל ניט שלאָפען לייגען איידר זיא פלעגט זעהן וויא שלאָפט ראַזע, אונ בּפרט איצט, אַז זיא וואַר נאָך ניט רעכט גיזונט, זיא האט זיך איצט אויך אַנידער גיזעצט איבּער איר בּעט, אונ זיך פערגניגט קוקענדיג אויף אירע בּליענדע עדעלע פּאַרבּין, אויף איר שיינעס קינד, וועלכע עס וואר וויא אַמלאך שיין, אירע שוואַרצע ניקרויזטע לאָקין זיינען אויף איר צאַרט ווייסע שיינע האלז גילעגן, דעם אָטעם האט זיא לייכט גיצויגין, אויף איר גיזיכט האט גישפּילט אַליבּער זיסער שמייכיל, אונ אירע ליפּין וואָרן פערשלאָסין, אונ האָבּין זיך צייטענווייז בּעוועגט וויא זיא וואָלט אין טרוים גיקוסט וועמען — גאָלדע האט דאָס אַלץ גיזעהן — זיך ניט גיקענט אָפּרייסין, אַזא ליכט, אַזא בּילד—גאט איז זיא נאָר אין סיינע אויגין דיא שענסטע אין דער וועלט, אָדר וואָלטין אַנדערע אויך אַזוי זאָגין!

ראַזע האט פון שלאָף זיך אַקער גיטאָן אונ מיט אַזיסע שמייכעלע גיזאָגט: „יוסף איך ליבּ דיך — איך ליבּ דיך טייערער ליבּער יוסף“! אונ אַליכטיגר שמייכל האט בּעלייכטעט איר גאַנצעס גיזיכט.

איך ווייס דעם שמייכיל ליבּ קינד, האט גאָלדע גיזאָגט שטילערהייט, איך גידיינק נאָך אַליין דיא זיסע חלומות, ווען די ליפען אונזערע בּעריהרען זיך אָן די ליפּען וועמעס אונז איז ליבּ, וויא שיין, וויא זיס איז דאַן די וועלט אונז, א ווען דער גאַנצער לעבּין אונזערער וואָלט נאר אַזא חלום זיין! זיי גליקליך ליבּ קינד האָץ איצט בּייא נאַכט, ווען קינער, מער ניט וויא דיין מוטער פילט וואס דיר טרוימט! — לעב האָץ אין חלום, אין שלאָף, אויב דיר איז דאס נעבּעך ניט פּערגינט פון לייטין בּיי טאָג! אין חלום זיינען מיר פריי, אונ טוען אויס די מאַסקעס. אין חלום ריידין מיר לייכט אַרויס וואס מיר ציטערין בּייא טאָג דאס נאָר צוא טראַכטין! שלאָף מיין האַרץ, עס וואַכט דיין מוטערס טרייא אויג איבּער דיר! דו האָסט שונאים, משה שנייאָרקע, טראַכט אויף דיר אויס, ער פערגינט דיר ניט דיין יוסעפין אונ זאָגט דוא ליבּסט זיך אין איין אַנדערין, דיין מוטער ווייס איצט — אונ רופט גאָט צוא הילף!

די מוטער האט נאָך גיזאָגט דריי מאָל: „הִנֵּה לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל“ איר אַקוס גיטאָן אויפין שטערן, אונ אַוועק פון איר גיוואר וואָרן יוסעפין אים האט זיא גיפונען פיבּערנד, אונ גיהערט וויא ער האט גיזאָגט: משה שנייאר, איך לאָז אייך אַלץ, איך בּעט נאָר טוט ראַזען קיין בּייז ניט, זיא איז אונשולדיג, זיא

אגלאַד

אַמַלְאָךְ — אָ נִיט רַייכְט מִיר אוּים מַיין הַארְץ ! אִיר הָאט נִישְׁט צוּ מִיר , צוּ רָאזִין נָאךְ וַויינִיגֶער :

דֶער טְרַייעֶר מוּטֶער אִיז סְטְרַאשְׁנֶע גִיוָואָרִין דָאס הֶערְצֶענְדִיג , טְרֶערִין זַיינֶען אִיר פוּן דִיא אוֹיגִין גִילָאפִין , זִיא הָאט יוֹסֵפִין אוֹיפְגִיוֶועקְט — עֶר הָאט קוּים דֶעם אָטֶעם אָפְּגִיכַאפְּט .

דִיר הָאט זִיךְ גִיחָלֶמְט גִיווִיס אַשְׁוֶוערִין חָלוֹם , דוּ הָאסְט דִיא הַאנְט גִיהַאלְטִין אוֹיפִין הַארְצִין , אִיךְ דַאנְק אַייךְ טַייעֶרֶע פְרוֹי , נָאר אַייךְ אַלַיין פָּאסְט מִיךְ מַצִיל זַיין בַּייא נַאכְט פוּן אַשְׁוֶוערִין טְרוֹים נָאךְ דָאס גוּטְס אוּנְד פְרַיינְדְשַׁאפְט וָואס אִיר דֶער וַוייזְט מִיר בַּייא טָאג ! — אִיךְ הָאבּ שְׁרֶעקְלֶעךְ גִילִיטֶען אִין חָלוֹם אוּנ אַזוֹא גִיוַויינְט, אַז אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט מַיין גַאנְצֶס הֶערְץ גִיסְט זִיךְ אוּיס אִין מַיינֶע טְרֶערִין, אַ אוּם זִיסְטֶער שׂוֹנֵא מַיינֶער , הָאט מִיךְ גֶעיָאגְט אוּנ פֶערְקְוֶועצְט דָאס הַארְץ , אַז נִיט אִיר וָואלְט מִיךְ אוֹיפְגִיוֶועקְט וָואלְט אִיךְ אָן כֹּחוֹת גִיבְּלִיבִּין .

שְׁפַּייא אוּיס , לַייעֶן אֶפְּ נָאךְ אַמָאל קְרִיאַת שְׁמַע , אַחָלוֹם אִיז גָאר נִישְׁט , דוּא זָאגְסְט אַלַיין אַז אַ חָלוֹם אִיז גָאר נִישְׁט — אַגוּטֶע נַאכְט , זַיי רוּהִיג , דַיינֶע שׂוֹנְאִים וֶועלִין דִיר נָאךְ אי"ה גוּטֶע פְרַיינְט וֶוערְן אוּנ זֶעהֶן אָן דִיר נַחַת אוּנ גְלִיק !

דִיא רֶעכְטְשַׁאפֶענֶע פְרוֹי אִיז אַרוֹיס פוּן צִימֶער , אַקוּם גִיטְאן דִי מְזוּזָה — גָאט וַויים , צוּא זַיינֶען דָא חָלִילָה דִיא מְזוּזוֹת נִיט פְּסוּלֶע , ווִיא קוּמֶען צוּ אִים אַזֶעלְכֶע חֲלוֹמוֹת , מָארְגִין , בְּלִי נֶדֶר , לָאז אִיךְ רוּפִין דֶעם סוֹפֵר עֶר זָאל אִיבֶּער זֶעהֶען אַלֶע מְזוּזוֹת —

דִיא מוּטֶער הָאט נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְשְׁלָאפִין וֶוערְן , אִיר הַארְץ הָאט אִיר גִיזָאגְט אַז אִיר שְׁוַוארְצֶער וֶועלְכִין זִיא הָאט פַיינְט גִיהַאט , אַז עֶר טְרַאכְט עֶטְוָואס בַּייז אוֹיף אִירֶע אִיבֶּערִיגֶע קִינְדֶר — אוּנ הַיינְט הָאט זִיא גִיהֶערְט פוּן יוֹסֵפִין רֵייד , פוּן חָלוֹם אַרוֹיס גִירֶעט , דָאס זִיא הָאט וָואס צוּא פִירְכְטֶען — נֵיין אַמְזוּזָה וֶועט נִיט הֶעלְפִין דֶעם שְׁלַאנְג צוּ פֶערְטְרַייבִּין . מִיט אִים מוּז מֶען אַנְדֶערְס זִיךְ אוּסְפְּרַאוֶוען , גָאט , הֶעלְף דוּא מַיינֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער , בְּעֶהִיט דוּ זֵיי וַואכְעֶנְד אוּנ שְׁלָאפֶענְד , אִיךְ בִּין אַשְׁוַואכֶע , אַקְרַאנְקֶע אִשָּׁה , דִי מוּטֶער הָאט זִיךְ מִיט דִי רֵייד בֶּערוּהִיגְט אוּנ אִיז עֶנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִן .

---

ז׳

גָאט הָאט אִים צוּגִישִׁיקְט

שֵׁיין , הֶעל אוּנ לִיכְטִיג אִיז דִיא זָאנֶע אַרוֹיס אוֹיף מָארְגִין נָאךְ דִי עֶרְקְלֶערוּנְג פוּן דִיא לִיבֶּע קִינְדֶר , דֶער סַאלַאווּיי אִין רָאזֶעס צִימֶער הָאט גִיזוּנְגֶען , אוּנ רָאזֶע הָאט צַייט גִיהַאט צוּא פַאנְטַאזִירְן , אַלֶע אִירֶע וואוּנְדֶען הָאבִּין זִיךְ פֶערְהֵיילְט , אַלֶע אִירֶע לַיידִין פֶערְגֶעסִין — אוּנ אִיז נָאר צוּ פְרִידֶען גִיוָועֶן , זִיא הָאט בֶּעשְׁלָאסִין , דֶער מוּטֶער דָאס אַלְץ צוּ דֶערְצֵיילְן , אוּנ זָאגִין אִיהְר דִיא רֵיינֶע וַוארְהַייט אַז אָן יוֹסֵפִין קֶען זִיא נִיט לֶעבִּין — זִיא הָאט אָבֶער דֶר הֶערְט אַזוֹ פַאנְטַאזִירֶענְדִיג, אַז יוֹסֵף גֵייט שׁוֹין אוּם , אוּנ אִיז אוֹיךְ בַּאלְד אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען —

דִיא

דיא מוטער אַרום אירע קינדער, האָבּין זיך גיזעצט טייא טרינקען, עס וואר גינוג פריילִיך. אונ מען האט גיקענט בעמערקין אין ראָזעס אונ יוסף'ס אויגען אַז זייא זיינען היינט אַנדערס, דער פאטער איז אויך גיזעסין ביין טיש, ער האט אָבּער אין גישפּרעך קיין טייל גינומען, ער איז איצט גיוועזן זייער בעשעפטיגט אונ האט פערריכט צווייא מלאכות מיט אַמאל, אין איינע האט ער גיהאלטין דיא פארפורקע טייא, אין דר אַנדערער זיין חק לישראל, אונ האט גיזאגט זיין טעגליכן פּאַזאַק וואס אָן דעם האט ער ניט גיקענט אָנהויבּין צו טאן זיין גישעפט —

אַהוץ דיא נוצין וואס ער האט גיהאט פון יוסיפין אין גישעפט, אים זיינע חשבונות מאכין, בריף שרייבּין וואס אים איז דאס צוא עלטערע יארין שווער גיפאלין, פלעגט ער נאך קוועלין פון אים, אַז ער פלעגט אים אַין טייטשין גוט אַ פסוק, ערקלערין אים דעם פשט פון ערבי נחל, יערת הדבש, אונ נאך פון דעם מין ספרים, וואס ער פלעגט זיינע גאנצע פרייע שטונדען דארויף פאר ברענגען — יוסף פלעגט זיך אָפט צוא אַנילענער צייט. אַריינלאָזין מיט אים אין חקירה, אונ אים פארזאגין חובות הלבבות, אים ערציילין נייעס פון אַוועלט, פון דער נאַטור, אונ פון דעם כלל אידין איבּער הויפּט, אונ פלעגט עס נאך וויסין וויא סומך צוא זיין אויף אַפּסוק — בכדי זיין שוואכע ידיעה זאל זיך האבּין אויף וואס צו האלטין אונ חלילה ניט אָבּפאלין פון אמונה — אונ ער האט יוסיפין אַזוי האָלט בעקומען, אַז ער פלעגט אים צו אַ עצה אויך ניצין, אונ יוסף איז קלאר גיוואָרין אין זיין גאנצין גישעפט —

אין אָנהייבּ איז ביא אים אפילו סטראַסנא אויסגיוויזען, וואס די קינדר זיינען צו אים אַזוי צוגיקלעבט. ער האט זיך אָבּער אויף זייער אָרענטליכקייט פערלאָזין, אונ פלעגט זאגין, אַז דער מאמען איז ליב דארף דעם טאטין זיין ניחא, — אים האט אַסאַבּענא גיפרייט, וואס רוחמקע איז מיט אים אַזוי נאָהענט אונ וואס יוסף לערינט איר — דער שווארצער, פלעגט אים אפילו אונטערברייגנגען עפּיס ידיעות, אָבּער פרידמאַן האט אים גיקענט פאר אַלינגער, אונ האט אים אַמאל גיזאגט:

דוא פערגינסט דאך ניט וואס דער אַנדערער לעבט, אַזוי גוט אונ ערליך וויא דוא זיינען מיינע קינדער גיווים, אונ צו יוסיפין קומסט דו ניט!

ניט איך זאג, אָבּער עס ריידין שוין לייטין! האט דער שווארצער גיזאגט — פרידמאַן איז אין כעס גיוואָרן, אונ אַגישריי גיטאן:

אַוועק פון מיינע אויגין! דו זאלסט צו מיר נאך אַמאל מיט אַזעלכע פאצטען ניט קומען —

פון דאמאלס אָן האט ער אינטריגען אָנגיהייבּין צו וועבין, אונ דעם בריף האט ער גילאזט אָן שרייבּן ביא אַגיוויסן שרייבּער, וועלכער עס איז בעקענט גיווען, וואס קען נאך מאכין אַפּרעמדע האנט שריפט — אונ האט דאס דורך איינעם גישיקט אַז יענער זאל דווקא דערלאנגען ראזין איבער צו געבין יוסיפין — —

איצט האט פרידמאַן אָבּגיזאגט זיינע תהלים אונ דיא ערסטע גיריכטין פון דאוונען

דאוונען, און האט גיזאגט צו יוספין — היינט יוסף זאלסט דו גיין צו רבי לייזער דעם קרעמער, און זיך נעמען דעם בעסטין קאסטיום אויף יום טוב, דאס איז פאר דיין עצה! איה אז דער פאדראט וועט בלייבן פארגמיר, וועל איך מיט גאטעס הילף אגאנץ אנדער פרייד מאכין, דו ניט זאליוועוע אבער און נעם דעם בעסטין, גאלדע פאר דו היינט מיט אים אין שטאט! ביא די רייד איז אונטער גיפארין אפאצט צום טיר, פון פור איז אראפ גיקראכין אהויכער אדיקער איד, און איז אריין אין שטוב מיט אפרייליכען: „גוט מארגין"!

רבי יצחק הלעבין! האט אגישרייא גיטאן פרידמאן, אט אנאסט, גאר ניט גערירט — נאט אייך אקארסט אוועק מיין שלום עליכם, דער אורח, האט זיך איבער גיטאן אין דעם אים אנגעוויזענעם צימער און צו צום סאמאוואר —

ווארט, האט ער גיזאגט, מען דארף פרובין טרעפין צו דער קען איך נאך וועמען פון אייערע קינדער אקשיא אויף א מעשה, אין עטליכע יאהר וואקסין די חברה, אז מען קען זיי שוין ניט ערקענן! דאס איז רוחמקע, מיין רוחמקע, גאלדע, אן א עין הרע, א מויד, זיא בעט שוין באלד א חתן — קום אקארסט אהער צו, קענסט מיך רוחמה? פא" וואס זאל איך אייך ניט קענן, איר זייט דער אייגענער וואס גיוועזן — די יונגערע ווערין עלטער און קליגער, די עלטערע ווערן יונגער און נארישער, האט רוחמה גיענטפערט — איך גידיינק נאך אייערע אמאליגע שמיץ, און מוז היינט נקמה עמען —

בראוואַ, האט דער אורח אגישריי גיטאן — מיט דיר טאכטער, האב איך ניט זיטראפין — גאט זאל געבין ווייטער בעסער — דאס איז שנייארקע, אמת, אויך נאך גאר אקינד גיוועזן דאמאלס, כא, אבגימאכט, דא אז איך וועל טרעפין זאל מען ניט זאגן אנאר איז א נביא, חכם עדיף מנביא, און אויף אגלייכע זאך פאלט איטליכער מיטן ערסטין בליק — דאס איז ראזע, און דער שיינער בחור איז איר חתן, ווילכין איר האט אבגיאכטעט אויף יום טוב — זעט איר האטש רוחמה זאגט די עלטערע ווערין יונגער און נארישער, פארשטייא איך פון דעקסטוועגין וואס גוט איז, און זאג ארויס פראמע בראוואַ ראזע, דו האסט אויסגיקליבין וויא אמבין, און איר יונגער מענטש בראוואַ, איר האט אויסגיקליבין אכלה, וואס איר וועט צו איר קיין צווייטע גיפינען, מזל טוב חתן! מזל טוב כלה! מזל טוב מחותנים! מזל טוב אונז אלעמען, איצט מיינע לעקעך! —

די ביידע גיליבטע, האבין זיך פערשעמט — אויף זייער ביידענס גיזיכט האט גישיינט א הערליכע קראסקע, דער אורח האט פון זייער פערלעגנהייט בעמערקט, וואס דא איז און גיפילט דעם איניגסטין דאנק פאר זיינע רייד —

מזל, מאכט קיינמאל קילע! האט גאלדע גיזאגט, וועלכע עס האט אויך א הנאה גיהאט פון זיינע רייד. און נאר גיוואלט די קינדער ארויס פירין פון פאר לעגענהייט.

קומען, קומט מיר מזל טוב, אבער גאר וויל מיין לייקע האט אאינגל גיהאט — איר זייט פארט א נא... מיין איך אנביא, האץ ניט אין גאנצין!.

טָא וָוער אִיזְדָער, בָּחוּר דָא?.

אִיר קֶענְט מִיךְ רַבִּי יִצְחָק — הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ אַייךְ בַּאלְד דָער קֶענְט — דָער אוֹרַח אִיז צוּא נֶעהָענְטֶער אוּנ הָאט אִים: גִינוּמֶען אָנְקוּקֶען, יוֹסֵף הָאט אוֹיךְ גִיעֶפֶּענְט שַׁארְף זַיינֶע צְוַוייא שֵׁיינֶע אוֹיגִין, אוּנ מִיט פַּאר קְוֶועצְטֶע לִיפִּין אִים אָן גִיקוּקְט — רָאזֶע אִיז גִיזֶעסִין אַנְטֶקֶעגִין, אוּנ הָאט אַאזֵיג גִיט גִיקֶענְט אַרָאפּ לָאזֶען פוּן יוֹסֵפְן, פוּן עֶרְוַוארְטוּנְגֵם פָאל הָאט אִיר הַארְץ גִיקְלַאפְּט. אוּנ זִיא הָאט שִׁיר נִיט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן: "דָאס אִיז דָאךְ מַיין לִיבֶּער טַייעֶרֶער יוֹסֵף, וָוער קֶען אִים נִיט?!"

יוֹסֵפְּקֶע, וִויא קוּמְסְטוּ אַהֶערְצוּא, אִיךְ צָאל קְנַס וִויפִיל אִיר וָועט בֶּעטִין — וָועלְכֶער גוּטֶער יָאר הָאט דִיךְ דָא גִיבְּרַאכְט? אִיךְ זָאל פַאר גֶעסִין מַיין יוֹסֵפְּקֶען, פֶּע חָלֶעבִּין, אַלְט אִיז פָארְט נִיט יוּנְג — רוּחָמָה דוּא הָאסְט רֶעכְט:

אוּנ בַּייא דִיא רֵייד, אִיז עֶר אִים אַרוֹיף גִיפַאלֶען קוּסִין נָאךְ אַנַאנְד, אִים צוּ גִיפְּרֶעסְט צוּם הַארְצִין, אַז יוֹסֵפִּין הָאט וַוייא גִיטָאן פוּן זַיין צוּא פְּרֶעסִין אִים:

שׁוֹין אַכְט יָאר, אַז אִיךְ הָאבּ דִיר נִיט גִיזֶעהֶען! אַךְ, וִויא אַנְדֶערְס בִּיסְטוּ גִיוָוארִין! שׁוֹין אַמֶענְטְשׁ מִיט מֶענְטְשֶׁען גְלַייךְ, אוּנ אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹ אַשֵׁיינֶער, אַזֶעלְכֶע קְלוּגֶע אוֹיגִין! וַוייסְטוּ, אִיךְ וָואלְט דִיךְ נִיט-דֶער; קֶענְט אוֹיף אֵייבִּיג. אוֹיבּ דוּא וָואלְסְט נִיט גִימַאכְט אִיצְט דִי אֵייגֶענֶע מִינֶע וָואס אַמָאל: פַאר בַּייסִינְדִיג דִי אוֹיבֶּערְסְטֶע לוּפּ, אוּנ אָנְקוּקֶענְדִיג שַׁארְף, וָואס אִיךְ פְלֶעג וָוערִין אוֹיס מֶענְטְשׁ דַאמָאלְס דֶער פוּן. אַךְ! וָואס פַאר אַשֵׁיין בְּרִילְיַאנְטֶענֶעם קִינְד דוּא בִּיסְט גִיוֶוען!! דַיין בִּילְד הַיינְט נָאךְ בַּייא מִיר אִין קַאבִּינֶעט שׁוֹין צֶעהֶען יָאר, מַיין וַוייבּ אִיז רַיין פַאר לִיבְּט אִין דִיר, אוּנ דַאכְט זִיךְ אַגְלִיק וָואס אִיךְ בִּין נִיט אַמֵיידִיל, אִיךְ וָואלְט אִיצְט זִיךְ רַיין פַאר לִיבְּט אִין דִיר!.

אַדַאנְק, פַארְגַאזוֹ אַקָאמְפְּלִימֶענְט! אָבֶּער לוֹיבִּין אִין דִיא אוֹיגִין, זָאגְט מֶען וַויינִיגְסְטֶען. אַז עֶס אִיז נִיט אַזוֹ אַמְעלָה, אַי רַבִּי יִצְחָק! גִידֵיינְקְט אִיר אַז אַמָאל פְלֶעגְט אִיר מִיר אַלְס רוּפִין שְׁוַוארְצֶער פַאסְקוּדְנִיק, אִיךְ פְלֶעג זִיךְ שְׁטֶענְדִיג מִיט אַייךְ אִיבֶּער דֶעם קְרִיגֶען, אָט הַיינְט הָאט אִיר זִיךְ אַרַיין גִיהַאפְּט אוּנ דַארְפְט צָאלֶען שְׁטְרָאף אִין פִּירִין:

אִיז עֶר דֶען נִיט אַפַּאסְקוּדְנִיק? הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דֶער אוֹרַח:

זָאגְט אַדְרַבָּה אַלֶע, אִיז עֶר נִיט אַשְׁוַוארְצֶער מוֹרִין, אַפַּאסְקוּדְנִיק? רָאזֶע! רוּחָמֶקֶע, דוּא הָאסְט דָאךְ אַלֶע מָאל הָאלְט צוּא זָאגֶען אִין דִיא אוֹיגֶען דֶעם אֶמֶת, זָאג אַרוֹיס:

אַז אִיר וִוילְט וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגִין — הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רוּחָמָה, וָואס זִיא הָאט אַאזֵיג נִיט אַרוּנְטֶער גִינוּמֶען פוּן יוֹסֵפְן אוּנ פוּן רָאזֶען בִּיז אִיצְט — אַז אַייךְ וִוילְט זִיךְ וֶועל אִיךְ אַייךְ טָאן דֶעם צוּ לִיבּ, אוּנ זָאגִין אַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין: אַז עֶר אִיז שֶׁענֶער פַאר אַייךְ — אָבֶּער נִיט אֵיין מָאל. טוֹיזִינְד מָאל:

אַךְ דוּא הוּלְטַייקֶע! הָאט עֶר אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן, נוּא דָער פַאר קְרִיגְסְט דוּא שׁוֹין נִיט דַיין מַתָּנָה, נִיט אַשְׁמִיר! — .

איך בין אייך מוחל, האט געענטפערט רוחמה; איר האט דאך אליין געבעטין, האב איך דען געזאלט שווייגען?

דער אורח האט ארויס גענומען צוויא טייערע ווייסע זיידענע טיכער אונ געשיינקט ראזען, אונ רוחמה, פאר גאלדען האט ער געבראכט סערוועטין, אונ נאך זאכין וואס איז שייך צוא האזאייסטווא — פרידמאנען האט ער געבראכט אקעקסטיל ציגארען, אפאר גוטע ברילין, אונ אדוץ פארטוויין:

שנייאר, פאר דיר וועל איך שוין קויפין אין איינעם מיט יוספן, אים מוז איך קנס צאלען, מיר פארן נאך דעם דאווענען אין שטאט ארײן:

דיא טיר האט זיך געעפינט אונ אין שטוב איז ארײן משה שנייאר —

משה שנייאר! האט דער אורח אנשרייא געטאן, נאך זיבן מאל שווארצער. וויא איך בין אאיד

וואס דען מיינט איר? האט רוחמה געזאגט, דיא שיינע ווערין שענער, דיא מאוסע ווערין נאר בעזאבראזנע — דעם שווארצין איז דיא בלוט פאר קאכט געווארין, ער האט געזעהען, וויא ראזע מיט יוספן זיצען אזוי נאהענט אונ זיינען בידע איצט וויא אשיינע יונגע פאר — ער האט נאך פון נעכטין געוואוסט, אז יוסף ווייס פון אלץ אונ האט אקוק געטאן מיט זיין געפטיגע אויג אויף זייא ביידין, אז ראזען האט אשטאך געטאן דער קוק, איר איז ניט גוט געווארין, אונ זיא האט אגעשרייא געטאן: מוטער גיב אהאנט! — א רעטעט! —

דאס זעלבע האט געפילט יוסף, ער האט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט ראזען, געוואלט זיך אוואקף טאן איר העטען — אבער וואס וועלן לייט זאגין האט אים אבליק געטאן — אונ איז אין זיינע שמערצין געבליבען זיצען אויף זיין ארט —

וואס איז דיר ראזע? האט דיא מוטער געפרעגט ערשראקן, זעה וויא בלאס דוא ביזט געווארין!

ענטשולדיגע ליבע מוטער! — ענטשולדיגט איר אויך רבי יצחק, איך האב זיך ערשראקען, מיר איז ארויף אשפין אויפין האלז —

רבי יצחק איז גינוג קלוג געווען צו פאר שטיין, וואס דא איז אונ האט געזאגט:

דאס איז דיא גאנצע זאך? איך האב געמיינט מי יודע וואס, קינדער, וואס קען אייך אשפין טאן? ציטערין פאר אפליג וואס קען זייא ניט טאן, אונ פאר אנדערע מענשין וואס זיינען ערגער פאר שלאנגען, עסט מען מיט זייא פון איין טעלער, אונ מען טרינקט מיט זייא פון איין גלאז!••• וואס האסט דוא זיך אזוא דער שראקען, יוסף?

ווייל איך האב אמאל אזא שפין געפילט קריבענדיג אויף מיין האלז אונ ווייס וויא גוט דאס איז, האט ער געענטפערט קוקענדיג אויף ראזען —

ער איז איין מלאך, איין נביא, אדער מיר האבין איין הארץ אונ געפיל! האט געזאגט ראזעס הערץ, וויא ער פילט דאס, ווער מיין שפין איז! א, יוסף יוסף, דוא ליידעסט דאס זעלבע, וואס איך, פאר וואס זאלין מיר ניט אין גאנצין גליקליך

גְלִיקְלִיךְ זַיין ? גָאט ! הָאבִּין מִיר דָען גִיזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר , אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְז אַרַיין וַואַרְפִין אַיין שְׁפִּין אִין אוּנְזֶערֶע וַויין ? !

אָט אִיז וָואס קֹהֶלֶת הָאט גִיזָאגְט ; הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער אוֹרֵחַ מִיט אַזִיפְּין , (זְבוּבֵי מָוֶת יַבְאִישׁ יַבִּיעַ שֶׁמֶן רוֹקֵחַ !) , אַיין טוֹיטֶע פְלִיג פֶערְדַארְבְּט אוּנ פִירְט אִיבֶּער דָעם בֶּעסְטִין פַּארַאווַאנְז בּוּימֶעל ! " זֶעט נָאר וִויא דֶער פְּרַאקְלַאטֶער שְׁפִּין הָאט אַלֶעמֶען אַזוֹא אוּנְמוּטְהִיג גִימַאכְט , אַיי ! אִיר נַארֶען אוֹיךְ מִיר אַזַאךְ , גֶעמְט דֶעם שְׁפִּין אוּנ צוּ טְרֶעט אִים מִיט דִי פִּיס, אוּנ אִיר בְּלַייבְּט פְרֵיילִיךְ וִויא גִוֶועןְ :

נִיט אַלֶע מָאל טְרֶעפְט דָאס אַזוֹא , אַז מִיר קֶענֶען אִים צוּא טְרֶעטִין , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , זַייעֶר אָפְט אַנְטְלוֹיפְט עֶר אֵיידֶער מִיר הָאבִּן נָאךְ צַייט אַגִישְׁרַייא צוּא טָאן , אוּנ וִויא אָפְט פִירְט עֶר אִיבֶּער דָעם בֶּעסְטִין בּוּימִיל מִיט זַיין אָן כִּירְן זִיךְ נָאר , אוּנ וָואס קֶען אוּנְז שׁוֹין הֶעלְפִין , אַז מִיר נֶעמֶען אִים אַרוֹיס אוּנ צוּא טְרֶעטִין אִים מִיט דִיא פִּיס ? וֶוערְט דֶען דֶער בּוּימִיל דוּרְךְ דֶעם קְלֶערֶער , אָדֶער צוּא קֶען מֶען עֶס שׁוֹין נוּצִין ;

דוּא הָאסְט רֶעכְט לִיבֶּער יוֹסֵף , אָבֶּער פוּן דֶעסְט וֶועגִין נִיט זַייא קֵיין קִינְד , אוּנ דוּא רָאזֶע דִיךְ מַיין אִיךְ , נִיט זַייט קֵיין קִינְדֶר,הָאט־פַר שְׁפִּינֶען גָאר קֵיין מוֹרָא , זַייט פְרֵיילִיךְ לוּסְטִיג לֶעבֶּעדִיג וִויא נִיט גִיוֶועןֶ ! הָאט גִיזָאגְט דֶער אוֹרֵחַ .

שׁוֹין צַייט דַאבְנֶען , הָאט גִיזָאגְט פְרִידְמַאן · וָואס הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין אִיצְט צוּ זֶעהֶען , וָואס עֶר הָאט דָאס גָאר פְרִיעֶר נִיט גִיזֶעהֶען :

אִיךְ בִּין אַאוֹרֵחַ, אִיךְ דַאבֶען הַיינְט אִין דֶער הַיים , הָאט גִיזָאגְט דֶער אוֹרֵחַ , אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ צַייט , נִישְׁקָשֶׁה , גָאט עֶנְטְלוֹיפְט נָאךְ נִיט , אִיךְ וֶועל אִים שְׁפֶּעטֶער אוֹיךְ גִיפִינֶען •

יוֹסֵף, נִיט פֶערְגֶעס נָאר צוּ שִׁיקִין פוּן בֵּית הַמֶּדְרָשׁ דֶעם סוֹפֵר , לָאז עֶר קוּמֶען אִיבֶּער זֶעהֶען דִיא מְזוּזוֹת , הָאט גִיזָאגְט גָאלְדָע :

גוּט , אִיךְ וֶועל נִיט פַאר גֶעסִין , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , קוּם דוּא גֵייסְט שְׁנֵייאֶרְקֶע ? עֶס אִיז וִוירְקְלִיךְ נִיט פְרִיא , יוֹסֵף הָאט נָאךְ אַקוּק גִיטָאן אוֹיף רָאזֶען · רָאזֶע הָאט אִים בַּאגְלַייטֶעט אוֹיךְ מִיט אַזוֹ אַיין קוּק, אוּנ אִיז נָאךְ צוּא גִיגַאנְגֶען צוּם פֶענְסְטֶער אִים נָאךְ גִיקוּקְט בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט זִיךְ פַאר קֶערְט אִין דֶער בֵּית הַמֶּדְרָשׁ גֶעסֶעל :

רָאזֶע , רוּחַמְקֶע אוּנ מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען , פְרִידְמַאן הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט דַאבְנֶען בַּייא זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט , גָאלְדָע אוּנ דֶער אוֹרֵחַ זַיינֶען אַלֵיין גִיבְּלִיבִּין בַּייא דֶעם סַאמָאוַואר :

וִויא קוּמְט עֶר אַהֶערְצוּ ? וָואס גִיפְרֶעגְט דֶער אוֹרֵחַ בַּייא גָאלְדֶען , נָאךְ דֶעם אַז רָאזֶע אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען :

עֶר אִיז גִיקוּמֶען , אָדֶער בֶּעסֶער , גָאט הָאט אִים צוּא גִישִׁיקְט צוּא מִיר אִין שְׁטוּבּ , עֶר אִיז גִיקוּמֶען דָא לֶערְנֶען , מִיר דוּכְט אַז עֶר הָאט דָא קְרוֹבִים, עֶר קוּמְט אָבֶּער אוֹיס אָן זַיי , עֶס אִיז וִויא מֶען זָאגְט : מֶען אִיז קְרוֹבִים וִויא לַאנְג מֶען אִיז רַייךְ , חָלִילָה וְחַס מֶען וֶוערְט אָרֶעם , מֶען דַארְף — זָאל דִיא בַּייזֶע שָׁעָה נִיט

נִיט זַיין — אָנְקוּמֶען צוּא רַייכֶערֶע קְרוֹבִים. דַאן אִיז מֶען אוֹיס קְרוֹבִים., אוּנ וְויא אִיךְ מַיין, אִיז עֶר גַאנְץ גִירָעכְט, אַז עֶר הָאט בֶּעסֶער אוֹיס גִיקְלִיבְּן זִיךְ לֶערְנֶען זַעצְן דָא אִין פָּארְשְׁטֶעטְל, אַיידֶר בַּייא זַיי אִין שְׁטָאט, אוּנ וֶוער וַויים, טָאמֶער אִיז אִים נָאךְ עֶפֶּעס דָא פוּן גָאט בֶּעסֶערְט? אִיךְ קֶען אַייךְ זָאגִין, אַז אִיךְ שַׁאטְץ זִיךְ גְלִיקְלִיךְ. אַז גָאט הָאט מִיר אִים אִין שְׁטוּב צוּ גִישִׁיקְט, אִיר לַאכְט דָאךְ פוּן אַלְט, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין, אַז עֶס אִיז אַזוֹי בֶּעסֶערְט וֶועט דָאךְ בַּייא אַייךְ אוֹיס קוּמֶען, אַז אִיךְ זָאג דָאס וְויא אַ יְענְטֶע, אָבֶּר דִי מַעֲשֶׂה אִיז דָאךְ אַזוֹי. עֶס אִיז פָּארְט בֶּעסֶערְט, אָט דַארְף גָאר מַיין שְׁנֵייאָרְקֶע וֶוערִין צוּא אִים צוּא גִיבּוּנְדִין, אוּנ הָאט אִים כִּמְעַט מִיט גְוואלְד אַרַיין גִיפִירְט צוּא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג גִיזוּכְט פַאר שְׁנֵייאָרְקֶען אַחֵבֶר וָואס זָאל מִיט אִים לֶערְנֶען שְׁרַייבִּין צוּ זָאמֶען, עֶר אִיז מִיר בַּאלְד אַזוֹא גִיפֶעלִין גִיוָוארִין אוּנ הָאבּ אִים שׁוֹין נִיט מֶער גִיקֶענְט אַרוֹיס לָאזִין, עֶס הָאט מִיר מִיה גִיקָאסְט אַיידֶער עֶר הָאט זִיךְ סַאגְלַאסֶעט, עֶר אִיז שׁוֹין בָּ"ה בַּייא מִיר מֶער וְויא אַהַאלְבּ יָאר אִין שְׁטוּבּ, נִיט עֶר, נִיט אִיךְ אוּנ גִיט דִיא קִינְדֶער קֶענֶען לֶעבִּין אַיינֶע אָן דִיא אַנְדֶערֶע, מִיר אִיז עֶר אַיינְגֶעבַּאקֶען אִין הַארְצִין, אִיךְ וואוּנְדֶער מִיר אַלְס, וְויא קֶען אַיין מוּטֶער אַוֶועק לָאזִין אַזוֹי אַלִיבּ קִינְד, אַזוֹי אַטְרַייסְט פוּן זִיךְ? אִיר קֶענְט זַיין מוּטֶער, רַבִּי יִצְחָק?

וְויא אִיךְ קֶען זִיךְ! דְרַייסִיג יָאר, אִיז נִיט אַיין טָאג! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער אוֹרֵחַ; דְרַייסִיג יָאר בִּין אִיךְ בַּייא זַייא אִין שְׁטוּבּ אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען, זַיין פָאטֶער הָאט אַמָאל גִיהַאנְדֶעלְט גַאנְץ גְרוֹיס, גִיהַאט הַייזֶער אוּנ סָאדִין, עֶר אִיז אָבֶּער פוּן אַמְסִירָה אַרוּנְטֶער, אִיךְ וַויים נִיט וְויא אִים גֵייט אִיצְט, אָבֶּער עֶס מוּז שׁוֹין זַיין נִינוּג, אַז מֶען דַארְף אַוֶועק לָאזִין אַזוֹי אַטַייעֶר קִינְד אִין דֶער פְרֶעמְד זִיךְ וַואלְגֶערִין וֶוערִין אַיין אָרוּם בְּחוּר, וואוּ? אִין מָאהִיבִילֶער פָאר שְׁטֶעטֶעל, אַשְׁרֶעק, וְויא אִיךְ בִּין אַאִיד! אַז מֶען נֶעמְט זִיךְ בַּאקְלֶערִין דִיא שִׁנוּיִים וָואס עֶס וֶוערְט אִין אַצַייט פוּן עֶטְלִיכֶע יָאר! וְויא לַאנְג אִיז עֶר אַקִינְד גִיוֶוען? וְויא לַאנְג בִּין אִיךְ אוֹיף זַיין בְּרִית גִיוֶוען? אַז מֶען וָואלְט מִיר דַאמָאלְס גִיזָאגְט, אַז דָאס קִינְד, וָואס מֶען הָאט גִימַיינְט אַז עֶס אִיז אַיין מָשִׁיחַ גִיבָּארִין גִיוָוארִין, וֶועט גָאר דַארְפִין פֶערְוָואגֶעלְט וֶוערִין אִין דֶער פְרֶעמְד! " אִיר וַוייסְט גָאר נִיט טַייעֶרֶע גָאלְדֶע וָואס פַאר אַמוּטֶער עֶר הָאט, וָואס פַאר אַהַייסֶע טְרַייעֶ, וָואס פַאר אַקְלוּגֶע דָאס אִיז! מִיר צוּ נֵייט דָאס הַארְץ, אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ אוֹיף זַיינֶע גְלִיקְלִיכֶע טֶעג, אַז עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען פוּן חֵדֶר, וְויא אִיטְלִיכֶער בַּאזוּנְדֶער פְלֶעגְט אִים הַאלְזִין אוּנ קוּשִׁין, אוּנ אִיצְט? נַאדִיר פֶענְטְשׁ, וַויים אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס גְלִיקְלִיךְ אִיז.

אָבֶּער, אִיז עֶר דֶען דָא הָלִילָה אוּנְגְלִיקְלִיךְ? הָאט גִיפְרֶעגְט גָאלְדֶע, בִּין אִיךְ דֶען אָדֶער קֶען אִיךְ גָאר צוּ מַיינֶע אַייגֶענֶע קִינְדֶער זַיין גֶעטְרַייעֶר, וְויא אִיךְ בִּין צוּא אִים? אוּנ וְויא מִיר דוּכְט שֶׁעצְט עֶר זִיךְ אוֹיךְ אַזוֹא גְלִיקְלִיךְ וְויא בַּייא זַיין מוּטֶער, וֶוער קוּקְט הָלִילָה זַייא נָאךְ? אִיז עֶר דֶען נִיט מִיט מַיינֶע קִינְדֶער וְויא אַבְּרוּדֶער? שְׁנֵייאָרְקֶע אִיז דָאךְ קַיין חִדּוּשׁ נִיט, אַז עֶר קֶען אָן אִים נִיט לֶעבִּין, אֲפִילוּ רוּחָמְקֶע רוּפְט אִים אוֹיךְ מִיט קַיין אַנְדֶער נָאמֶען נִיט, וְויא מַיין יוֹסְפְּקֶע!

און

אונ אִיךְ הָאבּ מוֹרָא צוּ זָאגִין, אַז רָאזָע הָאט שׁוֹין אוֹיף אִים אוֹיךְ אַיין אוֹיג, וָואס זָאגְט אִיר רַבִּי יִצְחָק דֶער צוּ ? אִיז דָא נִיט נִכָּר אַז עֶס מוּז דָא עֶפֶּעס בַּאשֶׁערְט זַיין ? גָאט פִיר וִויא דוּא פַארְשְׁטֵייסְט ! • • •

בַּייא אַייךְ הֵייסְט עֶס, אִיז נָאךְ אַסָפֵק, צוּא הָאט אִים רָאזָקֶע לִיבּ אָדֶער צוּ עֶר אִיר ? דַאכְט זִיךְ אַבְּלִינְדֶער הָאט שׁוֹין אוֹיךְ גִיקֶענְט דֶער זֶעהֶען דִיא סִמָנִים אוֹיף זַייעֶר צוּרָה, וָואס הָאט זִיךְ בַּאוִויזִין אִין דֶער מִינוּט וָואס גָאר נִיט וִויסֶענְדִיג הָאבּ אִיךְ אַזוֹ אַרוֹיס גִירֶעט ! נַאט אַייךְ מַיין הַאנְט אוֹיבּ רָאזֶע וֶועט וֶועלִין גָאר אַקוּק טָאן אוֹיף אַיין אַנְדֶער חָתָן, נוּא וָואס גִיט אִיר מִיר, אַז זִיא וֶועט אַייךְ דָאס זָאגִין אַלֵיין מִיט אִיר אַייגֶענֶעם מוֹיל ? אַהָאפוּנְג, אַז מַיין נְסִיעָה אַהָערְצוּ אִיז נִיט גָאר אוּמְזִיסְט, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דַאכְט זִיךְ הָאבִּין מַיינֶע שַׁדְכָנוּת :

מִיר וֶועלִין זֶעהֶען ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט גָאלְדָע צוּא פְרִידָען :

דֶער יוֹם טוֹב אִיז נָאךְ פַאר אוּנְז, הָאט גִיזָאגְט דֶער אוֹרֵחַ, עֶס מוּז עֶפֶּעס נַייעֶס זַיין פַאר מִיר, אִיךְ הָאבּ גִיטַאנְצְט אוֹיף אַייעֶר זָעלְדֶעס חֲתוּנָה, אוֹיף אַייעֶר לַייקֶעס חֲתוּנָה, אוּנ אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם זַיין אַיין אֶמְתֶּר מְחוּתָּן פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים בַּייא אַייעֶר רָאזֶען מִיט מַיין יוֹסֵפִּין ! אִיר זָאלְט גָאר נִיט זַאלֶעוֶוען צוּ נֶעמֶן פוּן מִיר דִי גְרֶעסְטֶע שֶׁענְסְטֶע דְרָשָׁה גִישַׁאנְק, עֶר הָאט זִיךְ כִּמְעַט אוֹיף מַיינֶע הֶענְט אוֹיס גִיהָאדָעוֶועט, אוּנ אַז גָאט הָאט מִיךְ לֶעבִּין גִילָאזְט אוּנ גִיהָאלְפִין אַז אִיךְ קֶען גוֹמֵל חֶסֶד זַיין מִיט דֶעם קִינְד וָואס זַיין פָאטֶער הָאט מִיךְ אַמָאל פוּן מַיין גְרֶעסְטִין אוּנְגְלִיק אַרוֹיס גִיפִירְט, פַאר וָואס זָאל אִיךְ פַאר גֶעסִין אוּנ שְׁטֵיין פוּן וַייטֶען ? נוּט, מִיר וֶועלֶען נָאךְ רֵיידֶען. מֶען מוּז פַארְט זִיךְ שְׁטֶעלֶען דַאבְנֶען — וָואס מַאכְט אַייעֶר לֵייקֶע ?

נִישְׁקָשֶׁה, אַדַאנְק פַאר אַייעֶר נָאכְפְרֶעגֶען ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט גָאלְדֶע, צוּא קְלַייבֶּענְדִיג פוּן טִישׁ --

דֶער אוֹרֵחַ אִיז זִיךְ אַרַיין אִין חֶדֶר, אוּנ זִיךְ גִישְׁטֶעלְט דַאבְנֶען.

גָאט הָאט אִים דָא גִיבְּרַאכְט, הָאט גִיזָאגְט גָאלְדֶע שְׁטִילֶער הַייט, דָאס וָואס מִיר אִיז שְׁוֶוער גִיוֶוען אַרוֹיס צוּא רֵיידִין הָאט עֶר זִיךְ דָאס אַרוֹיס גֶערֶעט אַזוֹא לֵייכְט — גִיוַואלְד, וָואס וִויל אִיךְ נָאךְ פוּן גָאט ? זָאל עֶר קוּמֶען מִיר פוּן הִימִיל זָאגִין דֶער אִיז דֶער בַּאסֶערְטֶער — אִיךְ בִּין נִיט אַזַא צִדְקָנִיוֹת וִויא אַבְרָהָם, פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר אַלֵיין זִיךְ גִימוּזְט מַאכִין אַסִמָן, צוּא טְרֶעפִין דִיא בֶּעסֶערְטֶע, אוּנ מַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין שׁוֹין הוּנְדֶערְט סִמָנִים גִיזֶעהֶען — גָאט מַאכְט אָרוּם אוּנ רַייךְ אוּנ פוּן קְרוּם גְלַייךְ, אַז יוֹסֵפְּס עֶלְטֶערִין וָואלְטִין נִיט גִיפַאלִין גִיוֶוען. וָואלְט עֶר דָאךְ אוּנְזֶער שְׁטָאדְט גָאר נִיט גִיקֶענְט — אוּנ אַז גָאט וָואלְט אוּנְז נִיט אוֹיף גֶערִיכְט וָואלְט עֶר נִיט גִיוואוּקְסְט אוּנְזֶער טִיר, מִיזֶעהְט, אַז גָאט אַלֵיין אִיז דָא דֶער שַׁדְכָן אוּנ דִיא מְבִינִים זַיינֶען הָתָן כַּלָּה אַלֵיין — מַזָל טוֹב זָאל זַייא גָאט גֶעבִּין מַזָל אָמֵן ! —

# ח

## מַחֲשָׁבוֹת אִין שְׁטִילֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה:

וָוען אִיז נָאךְ דָא אַזוֹ צַייט צוּ קְלֶערִין וָועגִין עֵסֶק, אָדֶער נָאר וָועגִין הַוִיזְלִיכֶע עֲסָקִים, אַזוֹ וִויא אִין דָער צַייט וָואס מָען שְׁטֵייט שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה? אוּנ אִין דָער אֱמֶת'ן, אִיז דִי שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אַגְלִיק פַאר אִיטְלִיכִין צוּ טְרָאגֶענֶעם מֶענְטְשִׁין, וָוארוּם צוּא לִיבּ אִיר דֶער מָאנְט עֶר זִיךְ צוּם וֵוייניגְסְטֶען אָן זִיךְ דְרַייא מָאל טֶעגְלִיךְ, אוּנ נָאט אִין זִיבֶּענְטִין הִימִיל, וָואס הַאלְט אוּנְז מֶענְשִׁין חָלִילָה, נִיט וִויא דִיא שְׁקְלַאפִּין אוּנְטָער זַיין יָאךְ, זָאנְדֶערִין, וִויא לִיבֶּע קִינְדָר, וָואס הֶערִין אוּנ לִיבִּין זַיין נָאמֶען; וֶועט עֶר דָאס אוּנְז גִיוִויס נִיט רֶעכֶענֶען פַּר קֵיין זִינְד אִיבֶּר אוּנְזֶער פַאר טְרַאכְטִין זִיךְ, וֶוען מִיר בֶּעטִין צוּ אִים! — וָוער וֵייס? עֶס אִיז אֶפְשַׁר, דָאס גוּפָא, דָער פַאר טְרַאכְטִין זִיךְ, פִּיל מֶער אָנְגִינוּמֶען בַּייא גָאט — וָוען מֶען טְרַאכְט נָאר נִיט קֵיין בָּאדְלֶע פַאר דָארְבֶּענֶע גִידַאנְקֶען — וִויא דִיא בֶּעסְטֶע תְּפִלָּה! וָואס בֶּעטִין מִיר דָען אִין אוּנְזֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה? מִיר בֶּעטִין, גִיזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה, רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוֹיף אוּנְז אוּנ אוּנְז מַצִיל זַיין פוּן יֶעדֶע שְׁלֶעכְטֶע הַאנְט, בַּאפְרַייעֶן אוּנְז פוּן אִיטְלִיכִין שְׁוֶוערִין יָאךְ. אוּנ אוּנְז שְׁפַּייזִין מִיט אַלֶע אוּנְזֶערֶע בֶּעדֶערְפֶנִיסֶע בְּכָבוֹד! אוּנ וָואס זָנֶע טְרַאכְטִין מִיר אִין דֶער מִינוּט, וָואס פוּן פַאר טְרַאכְטַקֵייט הֶערִין מִיר נִיט וָואס מִיר בֶּעטִין? — מִיר טְרַאכְטִין וָועגִין דִיא' פְרֵייד וָואס מִיר הָאבִּין גִיהַאט, וָואס אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער הָאבִּין פַאר אוּנְז גִימַאכְט, וֶועגִין אוּנְזֶערֶע גִישֶׁעפְטֶען וָואס גֵייעֶן גוּט, אוּנ וֶועגִין טוֹיזִינְדֶער פְרֵיילִיכֶע טְרֶעפוּנְגֶען, אוּנ דָער לִיבֶּער נָאט הֶערְט שׁוֹין פוּן אוּנְזֶער פָאלֶע הַארְץ מִיט פְרֵייד, זַיין הַייסִין דַאנְק, חָאצְבֶּע אוּנְזֶערֶע לִיפִּין זָאגִין דַאמָאלְס גָאר אַנְדֶערֶע וָוערְטֶער! מִיר טְרַאכְטִין, וֶועגִין אוּנְגְלִיקִין חָלִילָה, וֶועגִין הַוִיזְלִיכֶע נִיפְּרַיאטְנָאכְטֶען, וֶועגִין צַעַר פוּן קִינְדֶער, וֶועגִין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע גִישֶׁעפְטֶען. וֶועגִן פַּרְנָסָה אוּנ גִיזוּנְד, וָועגִין יֶעדֶער שְׁוֶוערֶע זַאךְ, וָואס פְּרֶעסְט אוּנְזֶער הַארְץ, אוּנ גָאט מִיט זַיין אַלְוִויסִין אוּנ אַלְמֶעכְטִיגְקַייט הֶערְט אוּנ פִילְט אוּנְזֶער הַארְץ, וֵייס וָואס מִיר פַאר לַאנְגֶען פוּן אִים מִיט אִיטְלִיכִן זִיפְץ וָואס רַייסְט זִיךְ אַרוֹיס פוּן הַארְצִן, בְּעֵת מִיר שְׁטֵייעֶן שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה אוּנ הֶערִן נִיט דוּרךְ אוּנְזֶערֶע גִידַאנְקֶען וָואס מִיר רֵיידִין! גָאט אִיז אֵיין בּוֹחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב, עֶר וֵייס גַאנְץ גוּט וָואס טוּט זִיךְ בַּייא יֶעדֶען אִין הַארְצִין, אוּנ אִיז חָלִילָה נִיט אַזוֹ שְׁלֶעכְט, אָדֶער אַזוֹ עֶהְרֶע גִירִיג צוּא וַוארְטִין בִּיז מִיר וֶועלִין אִים פַאלִין צוּא דִיא פִּיס, אוּנ זִיךְ אוֹיס צִיהֶען קְלָאגֶענְדִיג בַּייא אִים, יֶעדֶען בְּרֶעקֶעל בְּרוֹיט, יֶעדֶען טְרִיט אוּנ מִינוּט לֶעבִּין! אוּנ וָואס פַאר אַיין עֲבֵרָה הָאבִּין יֶענֶע, דִיא וָואס שְׁרַייעֶן צוּא גָאט מִיט אַזֶעלְכֶע קוֹלוֹת, אַז עֶס רַייסְט זִיךְ דָער הִימִיל, וִויא קְלֵיין הַאלְטִין זֵייא אִים, אַז זַייא מֵיינֶען גָאט הָאט אַטָעוֹת. אוּנ קָען חָלִילָה אֵיינֶעם צוּא שִׁיקֶען דֶעם טוֹיט אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס יֶענֶער הָאט גָאר גִימֵיינְט צוּ בֶּעטִין לֶעבִּין. אוּנ הָאט גִיזָאגְט אָנְשְׁטָאט לַחַיִים, לְחַיִים, אוּנ דֶער וַוייל הָאט זִיךְ גָאט פֶערְהֶערְט אוּנ אוֹיף גִישְׁרִיבִּין אוֹיף יֶענֶעמְס בֶּעטֶענְדֶעס קָאנְווֶערְט: „לֹא חַיִים", אָדֶער וִויא זִינְדִיג

זיינען

זיינען יענע וואס דער ציילין איבער זייער נארעשע סקאזקע , וואס שטאמט
אפילו פון אלטע דורות אונ בלי שום ספק פון אגרויסין ארט : אז הושענא רבא
ביינאכט אין דער מינוט וואס עס עפענט זיך דער הימיל , וואס דאמאלס
ווערט מקוים יעדער וואונש וואס אמענטש ווינשט נאר אין דער מינוט — האט
איינער גיווארט אגאנצע נאכט אונ קוים דער הארט וויא דער הימיל האט זיך
אויף גישפאלטין האט ער גיוואלט אגישרייא טאן : ! כל טוב, אבער פון גרוים
מהירות , האט ער זיך אויס גירעט : קאלטעניעס ! אונ אין דער מינוט איז דעם
אונגליקליכען מענטשין אויס גיוואקסין לאנגע קאלטעניעס ביז דיא פיס , אונ אזעלכע
מעשיות ערציילט מען טויזינד , אך וויא קליין איז זייער מחשבה גיוועזן פון גאט !
זייא האבין מיט אים גימוזט אדער אנגיזאגט , אז מען זאל מיט אים ריידין וויא
מען דער ציילט — וויא מען דארף מיט אפראסטין מענשן ריידין , ווייל ער האט
קיין שכל , אונ קען נאר טאן וויא מען הייסט אים , האצבע דיא מחשבה קען
זיין גאר אנדערש, ניין ! גאט איז גוט אונ אלוויסענד , ער ווייס אונזערע פעהלער ,
אונזערע שוואכקייטען , אז מיר מענטשין זיינען פארט קיין מלאכים ניט , אונ
מיר האבין ניט דיא שפה ברורה פון זיינע משרתים , אונ ניט דעם סוד שית שרפי
קדש , אז מיר זאלין אזו ריידין מיט אים וויא מלאכים , דיא שפראכע פון
אונזר מויל האט ער נאר גיגעבין פאר אונז מענטשען , דאס מיר מענטשן וואס
אונזער שכל אונ אונזער חכמה זיינען אזוא קורץ , אז מיר קענען נאר פארשטיין
וואס מען רעט צו אונז , זאלען זיך איינע דיא אנדערע צו פארשטיין געבן וואס
אונז פעלט אדער וואס מיר פילן אונ ווילען ; פארנאט אבער , וואס ער איז איין
נוטע אזן וואס ער האט יעדען מענטשען זיינע אויערן בעשאפען צו הערן , וואס
ער איז אבוחן לב וקרב , וואס פרובט יעדענס הארץ אונ אינגעווייט , דארף אונזר
צונג שפראכע ניט , ער הערט אונ פערשטייט דיא שפראכע פון אונזר הערצען ,
אונ הערט אזו גוט יענעמס גידאנקען וואס הערט איבער זיין טראכטן ניט , וואס
ער דאוועגט , אזו גוט אונ געוויס נאך מער וויא דעם אנדערענס , וואס צו זעצט
דיא הימעל מיט זיינע דבקות אונ באמקען אונ קנאקען מיט דיא פינגער בעת ער
דאוועגט , אונ וואס האט אויך געוויס אמחשבה צוא נארען לייטען אונ זיך
זעלבסט ! — אונ דאריבער דארפן מיר חלילה פאר קיין עבירה אדער ניט פאר
אטאדעל אן נעמען , אז מיר וועלין ערציילען : אז פרידמאן וואס איז גיוועזן
אאמתר פרומער איד אן כוונות , איז גישטאנען איצט דיא שטילע שמונה עשרה
אונ גיטראכט וועגן זיין הויז אונ קינדער , וועלכע ער האט אינערליך הייס גיליבט :
איך האב יוספין אויך אזו האלט וויא מיין קינד , ווארום איז ער דען ניט
ווערט ? אונ ווייס גאנץ גוט אז ראזע וואלט מיט אים ניט ברואקירען , אבער צוא
איצטיגער צייט גראד פאסט מיר אזו אשידוך ניט צו טאן , מיין גישעפט האט זיך
ברוך השם אנגיהויבין צו הויבין , מיין קרעדיט ווערט אלס גרעסער , איך מוז זיך
זעהן אריין צו שלאגין אין יחוס , וועל איך קריגין אהעכערן שטאט , דיא וועלט
איז שוין אזו , איין אנזעצערס אקינד נעמט נאר די נגן , אונ מען קוקט נאר ניט
וואס

וואס זיין פאטער האט איבר גיפירט פרעמדע בלוטיגע געלט, מען גלויבט בעסר דעם נגיד, וואס טראגט אויף זיך איין יחוס בריף, אז ער שטאמט פון דעם אונ פון דעם, וואס קויפט ששי אונ מפטיר פאר דיא גרעסטע נדבה, וואס שטעלט זיך בבייט צוא איטליכער זאך. חאצבע ער טיילט נאר פרעמדע, וויא דעם בעל הבית, וואס לעבט זיך שטיל אונ רוהיג, אונ וואס האט חלילה גאר ניט בדעה אפרעמדין גראשין אויף צו עסין. איך קען די וועלט ניט איבער מאכין, קרעדיט מוז איך האבין, מיין אייגענער אזוא וויא קיינעמס קאפיטאל קען ניט אזוי גרויס זיין וויא דער געשעפט, איצט אבער, וואס וועט מען זאגין? פרידמאן האט איין ארעם בחור גינומען, דאס איז איין סימן, אז אים גייט עפעס ניט אזוי גוט — שרייבין אין דיא תנאים פינף טויזינד איז קיין רפואה, אויף תנאים וועל איך דאך דארפן רופין נאר אייגענע פאמיליע אונ גוטע פריינד, ווארום פון זיין צד איז ער דאך עלענד, אונ וואס וועט בעטרעפין, אז זייא וועלין זאגין, אז זייא האבן אליין גיהערט לייענדיג דעם נדן פינף טויזינד? די ריידער זיינען דאך היינט, אונ היינט מוז מען האבין מיט וואס די מויל צו פערשטאפין, דאס הייכט, אז איך וועל טאן מיט דעם סטארעסטע איז דאך פארט איין מופת הותך, אז לייט זאלין ניט קענן ריידין. אמענטש קען ניט לעבין, וויא ער וויל; האט מען צו טאן מיט לייטין מוז מען לייטין נאך געבין! אונ וואס העלפט, וואס מיר ווילט זיך אגוטין איידעם? פון דעסטוועגין איז נאך קיין ראיה, עס קען זיין וויא גאלדע זאגט: „וואס בעסערט דאס ווערט!“ לאז גאט בעסערין אונ איך וועל זיין זייער גערין!“ ביי מיר קומט אויס אז מען זאל די שדכנים טאקי דער וויל מדהה זיין, אונ זייא הייסין אופציהען אפאר הדשים, טאמער וועט זיך דא מאכין עפיס מיט יוספין, אונ ווייטער וועלין מיר דאך זעהן—!—אין אזעלכע גידאנקען איז פרידמאן אויס גישטאנען דיא גאנצע שמונה עשרה, אב גיזאגט הלל, געלייענט די פרשה אונ גידאבענט מוסף, אין דער אנדערע שמונה עשרה האט ער שוין ניט אזוא פיל גיקענט טראכטין, ווייל ער האט שוין גימוזט האלטין דעם סדור אין האנט אונ דאס שטערט הפנים צו מחשבות. —

## ט

### דער תקון שבועות

יוסף וואר גליקליך, ער האט אין רבי יצחקין א פריינט אונ שטיצונג גיפונען אונ גיהאפט אז דורך אים וועט ער קענן קומען צו א צוועק — גיוואוסט האט ער, אז זיין ליבע צו ראזין וועט פון דיא עלטערין ניט גישטערט זיין — אונ האט דעם ערב שבועות גיהאט ארבייט פאר פרידמאנען צו פערריכטין זייער פיל, דר טאג איז גיוועזן וואלקענדיג אונ רעגענדיג, ער איז ביז פאר נאכט אין שטוב גיזעסין.

דער רעגין האט נאך מיט דיא זון אונטערגאנג שטארקער אנגיהייבין צו גיסען, אין די פארשטעטל גאסין איז שוין גיוועזן קויט אונ בלאטע, אין פיל הייזלאך האט זיך גיזעהען ליכט, אונ גיהערט דער ניגון פון דער קריאה, וואס פיל האבין

גיזאגט

גִיזָאגְט אוּנ גִיזוּנְגֶען הַאלְבּ שְׁלָאפֶענְדִיגֶע, דָעם פֶערְשְׁלֶעפֶּרְנְדִין נִגּוּן פוּן דִי טְרָאפּ׳ דִיא אָרֶעמֶע נֶעבַּאךְ, וָואס אַגַאנְצִין טָאג זַיינֶען זַייא אוּמְגֶעלָאפִין צוּא וַדַאקָאזֶען וָואס זַייא פֶעלְט נָאךְ, אָדֶער דִיא שׁוּסְטֶער, שְׁנַיידֶער, וָואס נָאךְ אַגַאנְצֶע וָואךְ פַארִין עֶרֶב יוֹם טוֹב הָאבִּין זַייא שׁוֹין נִיט פֶערְזוּכְט שְׁלָאף, דַארְפִין זַייא נֶעבַּאךְ אִיצְט נָאךְ דָעם, אַז אִין שְׁטוּבּ אִיז שׁוֹין ב״ה לִיכְטִיג רַיין צִיכְטִיג אוּנ יוֹם טוֹבְדִיג, פֶערְגֶעסִין זִיךְ וִויא דָאס אִיז זֵיי אָנְגִיקוּמֶען, אוּנ מוּזִין אוֹיס קְרֵיינְקֶען זַייעֶר טְרָאפִּין פֶערְגִינִיגֶען אוֹיף אַגַאנְצֶע נַאכְט זָאגֶענְדִיג דָעם תִּקוּן, וָואס דִי רוֹב פוּן דִיא זָאגֶער פַארְשְׁטֵייעָן אַוָוארְט נִיט, דֶער אִיד אָבֶּער הָאט דָער פוּן פֶערְגִינִיגֶען, אוּנ בְּלֶענְד דִי אוֹיגִין, בִּיז עֶר פַאלְט אַפִּין נָאז אוּנ וָוערְט עֶנְשְׁלָאפִין אוּנ שְׁטֵייט דֶער פַר אוֹיף צוּם עֶרְסְטִין מִנְיָן, וָואס וֶוערְט שָׁבוּעוֹת גִידַאוָוענְט גַאנְץ פְרִיא. פְרַייהְלִיכֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער וִויא אִין אַלֶע נִידֶערִיגֶע הַייזְלִיךְ אִיז גִיוֶוען דֶר הוֹיכֶער, כִּמְעַט נָאךְ נַייעֶר בֵּית הַמִּדְרָשׁ, דָא הָאט מֶען שׁוֹין נִיט גִיקָענְט אוּנְטֶערְשֵׁיידִין דִי קוֹלוֹת. וַוייל עֶס וַואר צוּ מִשְׁט לַאבִּין מִיט זָאגְן מִיט רֵיידִין אַלְץ אִין אֵיינֶעם, אַפִּין גַאנִיק אִיז אִיצְט אַרוּף גִיגַאנְגֶען, אַיוּנְגֶער מַאן, הָאט אָבְּגִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ גִישְׁטַאנֶען אוּנ גִיקוּקְט דָעם פוּל אוּנ שְׁטוּיבּ אוּנ גִילֶעכְטֶער, וָואס עֶר הָאט דָא דֶער זֶעהֶען אוּנ גִיהֶערְט, בְּאמְבֶּעם (דָאס הֵייסְט אֵיינְגֶענֶעצְטֶע צוּא זַאמֶענְגֶעדְרֵייטֶע הַאנְטִיכֶער) זַיינֶען גִיפְלוֹיגִין פוּן אַלֶע זַייטִין, אַפִּין אוֹיבִּין אָן, אִיז גִיזֶעסִין גָד הִלֵּל זְבוּלוּנְס, שְׁמוּאֵל יוֹסֵף דָער מְלַמֵּד, דוּבִּינְקֶע, גַאסַאנְס בֵּיידֶע אֵיידֶעמְס, הֶעשֶׁעל דָער פָּאדְוַואלְשְׁטְשִׁיק, יְקוּתִיאֵל דֶער שְׁנַיידֶער, אוּנ עֶטְלִיכֶע אֵיידֶעמְס, דָער בַּיי אִיז גִישְׁטַאנֶען פַייוִויש דֶער מִילְכְטְרֶעגֶר אַ אַיינְגִישְׁמִירְטֶער אִין רוּס (שַׁאזֶע) אוּנ הָאט דֶר צֵיילְט נַייעֶס, דִי אַלֶע אַרוּמִיגֶע הָאבִּין גִילַאכְט אוּנ עֶר נִיט וִויסֶענְדִיג וָואס זֵיי לַאכִין, הָאט אוֹיךְ מִיט זַייא מִיט גִילַאכְט, גָד הָאט גִיהַאלְטִין אַיְשִׁיבָה בָּהוֹרְסֶע קִיסֶעלֶע אִין הַאנְט אָנְשְׁטָאט אַיין צוּ נַייפֶגֶעדְרֵייטִין הַאנְטוּךְ, אוּנ הָאט זִיא פְּרַאמֶע אַוָוארְף גִיטָאן דָעם יוּנְגֶען מַאן, וָואס הָאט נָאר וָואס גִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ נִיט גִיוָואלְט אַרַיין אִינְוֵוינִיג, דִי בָּאמְבָּע הָאט דֶעם יוּנְגֶן מַאן נוּט פֶערְטְרָאפִין, אָבֶּער עֶר הָאט בַּאלְד אַחַאפּ גִיטָאן, אוּנ הָאט אַיינְגֶעדְרֵייט אִין קִיסֶעלֶע אַלַיימֶענֶעם לַייכְטֶערְל אוּנ הָאט אַוָוארְף גִיטָאן צוּרִיק, עֶר וַואר אָבֶּר נִיט אַזַא גוּטֶער שִׁיסֶער, אוּנ הָאט פֶערְטְרָאפִין צְוֵוייעָן אִין דִיא, וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעצִילְט אָנְשְׁטָאט דָעם אֵיינֶעם צוּא וָועמֶן עֶר הָאט זִיךְ גִימָאכְטִין, אוּנ גָאךְ דוּרְךְ דוּרְכִין פֶענְסְטֶער אוּנ אַרוֹיף בַּייא דֶעם גּוֹי אַפִּין בַּארִין בּוֹים, אֵיינֶער פוּן דִי צְוֵוייא פֶערְטְרָאפֶענֶע, אִיז גִיוֶוען שְׁמַעְיָהוּ דָער בַּטְלָן, וֶועלְכֶער עֶס הָאט זִיךְ גָאר אָן אַגְלַייכְוָוארְט אַיינְגֶעשְׁמוּעֶסְט אַז עֶר וֶועט אַרָאפּ בְּרֵיינְגֶען מָשִׁיחַ. דֶער מֶענְטְשׁ פְלֶעגְט זִיךְ זֶעצִין מִיט דֶעם הוֹילִין בְּאֶלֶף מְהִילוֹת אוֹיפִין אַייז אִין רֶעכְטִין פְרָאסְט, אוּנ נִיט אֵיינְמָאל הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגִיהוֹיבִּין מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע יְסוּרִים, וָוארוּם עֶר פְלֶעגְט נָאכְלָאזִין שְׁטִיקֶער הוֹיט אוּנ פְלֵיישׁ אוֹיפְן אַייז, זוּמֶער, אַז קֵיין אַייז אִיז נִיט גִוֶוען, פְלֶעגְט עֶר דִינְגֶען דֶעם פָּאד שַׁמָּשׁ עֶר זָאל אִים אִיטְלִיכֶע נַאכְט שְׁמַייסִין, דָער פָּאד שַׁמָּשׁ וָואס הָאט גִיהַאט אוֹיף אִים אַהַארְץ. פַאר וָואס עֶר פְלֶעגְט אִים נִיט לָאזִין

שלאפין

שלאפין, בעת רבי שמעיהו פלעגט פראווען חצות, איז געוועזען זייער צו פרידן פון דעם געשעפט, אונ בפרט אז מען האט אים נאך צו געצאלט, גאונ פלעגט שוין פון ביי טאג אנגרייטין די בעכטע שפיץ ריטער אויף ביא נאכט, אונ שמייסען אונזר רבי שמעיהון פאר זיינע עטליכע גראשין וויא ער האט פערדינט, שמעיהו אבער פלעגט פערבייסין די ציינער אונ נאר בורצין פאר זיך: "דאס איז נאך אלם כלא אנטקעגין דעם שמייסין פון גיהנום", דער פאד שמש דאס דער הערענדיג, פלעגט אלם געבין שטארקר, אונ איינמאל האט ער אים אזו פערגעבין אז שמעיהון איז נעביך פערגאנגען דאס הארץ, אונ האט שוין אנגעשרייא געטאן: "אוי", דוא ביסט אמלאך חבלה! אונ דיינע ריטער זיינען געוואקסין ביא די ברעגען פון נהר דינור*)! אונ ביא די רייד, איז ער חלש גיבליבין, גאנצע טעג אונ יארין איז דער יונגער מאן אבגעזעסין אויפין ספר עץ חיים אונ האט גיזאגט, אז ער ווייס שוין אלע סודות מיט וואס מען קען משיח אראפ ברייגגען, נאר אים פעלט נאך די וואשער פון גיחון **), ווארום אז ער וואלט קענען זיך טובל זיין אין די וואשר פון דעם טייך, וואלט ער קענען מתקן זיין אונ ארונטער שווינקען דיא זוהמא של נחש הקדמוני, וואס ביא אים שטייט על גחונך תלך, וואס דער ווארט גחונך איז גלייך צו גיחון, אבער ער ווייס נאך דער וויל ניט דעם סוד, אונ איז דאריבער די גאנצע נאכט היינטיגע פארטיג געוועזען צו זיצין אונ צוא דער גיין דעם סוד. מיט אמאל אבר איז אים אריבער די קיסעלע איבערין קאפ, אונ האט אים פערצעפעט, אונ פון אים צו דעם אנטקעגין זיצענדיגן מלמד וואס האט געהייסין מרדכי שמואל יאסע דעם מלמדם אפאטער — ער איז געוועזען זייער אבייזער אלטמאדישער איד, אונ איז גאר איינענטליך געוועזען איין מתנגד אין דעם בית המדרש, ער איז גראד אין דער מיגוט אנטשלאפין געווארין, אונ דער בראזג פון דעם לייכטעריל אין שויב, אונ דיא גאסע אין זאמד איינגעקייקעלטע קיסעלע, וואס איז אים אויפין רעכטין קאפ גיפאלין האט אים אויפגעוועקט, אונ איז געווארין אנגיצונדין פון כעס, אונ האט שוין אנגיהויבין צו זוכין צו וועמען עס איז דעם כעס אויס צוא לאזין, שמעיה קריגענדיג דעם שטיין אין קאפ, האט זיך אויפגיהויבין אונ גיזאגט: "יהי רצון, אז איך זאל דר מיט אפ קומען טאמער בין איך ווערט געוועזען סקילה"!

חברה האבין דער זעהן אז שמעיה וויל פון דאנען אוועק גיין, האבן זייא אים צו געבונדין מיט אהאנדטוך, אונ אז מרדכי האט זיך אויף גיהויבין אונ אפרעג געטאן: ווער האט דאס אוואורף געטאן דיא קיסעלע? האבין אלע אנגעשריי געטאן: שמעיה דער בטלן! מרדכי, וואס האט אויף אים א כעס גיהאט פאר וואס ער לערינט קבלה; וויא קומט איונגער שנעק וואס קען א עמוד גמרא ניט אפלערנען צו קבלה? דער צו האט דער איינער שמעיה זיינע צווייא תלמידים צו גינומען — איז זייער צוא פרידין געוועזען, אז אים האט זיך גימאכט דיא סלוצאיי וואו ער האט געקענט זיך אן אים נוקם זיין, אונ האט ניט געווארט איין רגע אונ איז צו צו דעם

ארעמען

*) אזוי אנגעווישער טייך וועלכער עם שטראמט דורך (וויא קאבאליסטען זאגן) דורך דעם גיהנם:

**) אטייך וועלכער עס פליסט דורך דעם גן עדן:

ארעמן בטלן אונ האט אים צו פאצט די באקן, אונ האט נאך גיתיסין זיין שמואל
יאכען אים ארופציען אויפין טיש אונ אים שינדין די הויט, אבער וויא מען
זאגט אין חסידות לשון „גוט אפקארקעווען", עס האט ניט גידויערט קיין מינוט
אונ שמעיה איז גילעגין אויפין טיש, אונ דער גאנצר בית המדרש מענטשין
האבין גיפאצט אונ גיקניפען אונ גיריסין, דער מיט אבלעכענעם לייכטעריל, דער
מיט אברעטיל אונ דער מיט זיין תיקון שבועות, שמעיה האט זיך ניט שטארק
גישפארעט, אונ איז בדיעבד זייער צו פרידין גיוועזן דר פון ווארום א הנאה האט
ער גיהאט אונ קיין געלט האט אים ניט גיקאסט, ער האט זיך פון דעסטוועגין
קוים אויפגיהויבין, אונ זיינע פערצויגענע ליפין פון זיין פערקלעמטעם הערץ
האבין זיך גישיקעלט, ווארום ער האט גיזאגט זיין גיוואונטליכען יהי רצון: „איך
זאל דער מיט אפקומן מכות מרדות אונ מלקות ארבעים"! — אונ מיט די ווערטער
איז ער צוא גיגאנגען צו דעם אנדערין ברעג טיש וואס דארטין האט ער גיפונען
זיין גלייכין: פיסקלאניק דעם מלמד, די ביידע האבין זיך גיזעצט טאלקויען וועגין
דיא פאליטיק פון דיא עולמות עליונים, אונ דער יונגער מאן, וואס וואר די גאנצע
פריצינע פון דעם עלענדין מענטשינס אומזיסטע קלעפ, איז צו גיגאנגן צו טעוועלע
ביר גיסער, נאסאנס אינגערער איידים, אים אנגינומען פארין האנט אונ גיזאגט:

נוא וואס, דוא גייסט, ברודער?

קודא? האט גיפרעגט טעוועלע:

צו רבי לייבען! האט גיענטפערט דער יונגער מאן:

פאיידו, האט גיענטפערט טעוועלע, וואס וועלין מיר דארטין טאן, עס וועט
זיין אקערטיל? מיין איך אתיקון שבועות, אדער א ש"ס קטן?

עס וועט אלס זיין, איך וועל געבין משקה, אז איר וועט מיר נאר אגוטע
עצה געבין:

תאראשא! האט אגישריא גיטאן טעוועלע, בלאגאדארו פאקארנא, וואס
וא פערגעסט אן מיר ניט!

דיא ביידע האבין זיך אטפראוועט, אונ גילאזין דעם שומעדיגען בית המדרש
מיט דיא באמבעס, אונ מיט דיא קוואס, וואס מען האט גיטיילט, אונ אוועק
גיגאנגען אין רעגין אונ אין קויט, צו רבי לייבען, וואס איז בעקאנט גיוועזן פאר
אביעגלען סאלדאט אונ פאר אפעטערבורגער אונ מאקאריער זוליק. ניט ווייט פון
בית המדרש, איז גישטאנען אנייעס הויז, דא האבין זיך דיא פאר יונגע לייט
אבגישטעלט, אונ אקלאפ גיטאן אין לאדין:

הטא טאם? האט מען גיפרעגט פון שטוב:

איינגענע לייט! האט אגישריא גיטאן טעוועלע:

טעוועלע? וויא איך בין אאיד! אונ ווער נאך? האט גיפרעגט דער קול
פון שטוב:

א רעבטס! וויא איך בין אאיד, ארעבטס! אטוואריטע! באלד האט מען
גיעפינט א טיר, אונ אונזערע לייט זיינען דורך איר אריין אין שטוב:

אָ, בָּרוּךְ הַבָּא, מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר! רַבִּי טֶעוָועל בִּיר גִיסָער! הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן רַבִּי לֵייבּ:

גוּט יוֹם טוֹב שְׂרָקֶע! הָאבְּן אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דִיא בֵּיידֶע אוֹרְחִים צוּ רַבִּי לֵייבְּ'עֶס וַוייבּ, דָאס אִיז אוֹיךְ גְוֶועֶן אֵיינֶע פוּן יֶענֶע פְרוֹיֶען, וָואס קֵיין אָרֶענְטְלִיכֶר מֶענְטְשׁ קֶען אִיר נָאמֶען נִיט דָער מָאנֶען אָן פֶערְאַכְטוּנְג, דָאס אִיז גִיוָועֶן אֵיינֶע וָואס אַזוֹ אַ מַאן וִויא אִירֶער הָאט אִיר אוֹיסְגִיקְלִיבֶּן אוּנְטָער טוֹיזֶענְד. אוּנ נָאר אִיר אַלֵיין גִיפוּנֶען פַאר אַסְפָּאסָאבְּנֶע צוּ זַיין גִישֶׁעפְט; נִכְּר, אַז זִיא אִיז אִים גִיוֶועֶן אַנְגֶעהִילְף, וָוארוּם, וִויא מִיר זֶעהֶן פְלֶעגִין שׁוֹין גַיין צוּ אִיר שְׁטָאטִיגֶע אוֹיסְוואוּרְף אוּנ דִיא פָארְשְׁטֶעטָעלְדִיגֶע פֶער, אִיצְט אִיז זִיא גִיזֶעסִין אִין אַ וַוייסֶער בְּלוּזֶע, מִיט פַאנַאנְדֶער גִיוָוארְפָענֶע הָאר, אוּנ גָערַייכָערְט אַ פַּאפִּירָאס, וִויא אֵיינֶע פוּן אִיהְר כָארְט:

גָאר וִויא בַּייא קְרִיסְטֶען, וִויא אִיךְ בִּין אַאִיד, הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן טֶעבֶעלֶע, וואוּ אִיז אַייעֶרֶע גִיבֶּענְצְטֶע לִיכְט? מַיין צִדְקָנִית! מִיר מוּזִין טַאקֶע אוּנְזֶערֶע תַּייבֶּר לוֹיבִּין, זִיצִין אִיצְט אִין דֶער הַיים וִויא דִיא מִילִינְקֶעס, אוּנ בֶּענְטְשִׁין זִיךְ מִיט אוּנְז, וָואס מִיר זַיינֶען אַזֶעלְכֶע טַייעֶרֶע אִידִין אוּנ זָאגִין אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ תִּיקוּן שָׁבוּעוֹת אַגַאנְצֶע נַאכְט, נִיט אֶמֶת?

אַוַדַאי אַוַדַאי! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, וֶוער נָאךְ אַזוֹ וִויא מִיר זָאגִין תִּיקוּן? נִישְׁקָשֶׁה פוּן דֶעסְטְוֶועגִין בֶּענְצְט מֶען זִיךְ גָאר מִיט אוּנְז, אָט זֶעה, אוֹיף דִיר זָאגְט מֶען; דַאכְט זִיךְ טֶעבֶעלֶע אַבִּיסִיל לוּפְטִיג, אָבָּר פָארְט טוּט עֶר, קְלַייבְּט צוּ זַאמֶען מַצָּה פַאר אָרֶעמֶע, מַאכְט אַחֶבְרָה אוֹיף סְפָרִים אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, מַאכְט שְׁטִיוֶועל אָרוּמֶע תַּלְמוּד תּוֹרָה קִינְדֶער, וּכְדוֹמֶה, וָואלְטִין זַייא אָבֶּער וִויסִין רַבִּי לֵייבּ וָואס מִיר בֵּיידֶע וַוייסִין, אוֹי, דַאכְט זִיךְ וִויא זַייא וָואלְטִין זִיךְ פֶערְשִׁילְטֶען פַאר וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ גִיבֶּענְצְט מִיט דִיר!

יְסוּרִים וַוייסִין זַייא דָאס! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט טֶעבֶעלֶע, בְּהֵמָה, מִיט וָואס דֶען נֶעמְט מֶען אַ עוֹלָם? פַאר שְׁטֵייכְט דוּא מִיךְ, דוּא בֵּיזְט זִיךְ אִין שְׁטוּב בַּייא דֶער שְׁוִוינֶער דֶער גַאנְצֶער מַאבֶער, אוּנ אַז דוּא טוּסְט אֲפִילוּ אַמָאל וָואס מֶען טָאר גִיט זָאגִין זַייא אוֹיךְ: „אַז עֶר טוּט דָאס מִסְתָּמָא אִיז רָעכְט", גָאט הָאט דִיךְ גִיבֶּענְצְט מִיט אַיִרְאַת שָׁמַיִם צוּרֶקֶע, אוּנ מֶען מֵיינְט אַז דוּא לֶעבְּסְט נָאר פוּן תְּהִלִים אוּנ פוּן חֲצוֹת, אִיךְ אָבֶּער, צָארְט וַואזְמִי, הָאבּ צוּם שְׁלִימַזָל אַ שְׁלֶעכְטֶע צוּרָה אוּנ הָאן צוּ רַייס זִיךְ מַאבֶענְדִיג זִיךְ פְרוּם עֶס הֶעלְפְט אַלְס גִיט! דֶער שְׁוֶוער קֶען מִיךְ וָואס אִיךְ בִּין, דוּא וַוייסְט אָבֶּער פַאר וָואס, וַוייל עֶר אִיז אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער פַאר מִיר, אוּנ פַאלְט אוֹיף דִיא אַלֶע הַמְצָאוֹת וָואס אִיךְ בִּין זִיךְ נָאר מַמְצִיא, זַיין קָאפּ אִיז אִים נִיט אוֹיסְגִידַארְט, אוּנ וַוייס אוֹיךְ אַז דִיא שְׁנוּר אִיז בֶּעסֶר וִויא דִיא שְׁוִויגֶער, אַדַאנְק גָאט דֶער פַאר! אִיצְט הַאלְט אִיךְ שׁוֹין אַיין וָואסֶקֶע אִין הַאנְט, אוּנ מִיט אִים וֶועל אִיךְ זִיךְ שׁוֹין אִיסְפְּרַאוֶועןן וֶוען עֶס אִיז! אָבֶּער מִיט לַייטִין מוּז אִיךְ זֶעהֶן צוּ זַיין גוּט, אָט קְלַייבּ אִיךְ אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה, אוּנ אוֹיף נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכִין:

דוּא בִּיזְט גְלִיקְלִיךְ! הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ

אזו

אַזוֹ מַיין שְׁוָוער פָּאפַּאדְזֶעט, אָט וָואלְט אִיךְ גִימַאכְט וָואס אִיךְ ווִיל, אָבָּער צוּם שְׁוַוארְץ יָאר, הָאט עֶר גָאר קַיין שֵׂכֶל נִיט דַארוֹיף אוּנ אִיז זִיךְ אַפְּרוּמֶער אִיד, וָואס קֶען חָלִילָה זִיךְ נִיט אַרַיין מַאכִין אִין מַיינֶע הֶענְט, אָ, אַז אִיךְ וָואלְט הָאץ הָאבִּין דַיין מַזָּל מִיט דַיין בְּרֵייטְקַייט, מִיט ווִיא פִיל אִיךְ וָואלְט בֶּעסֶער גִימַאכְט פַאר דִיר! אָט אִיז אַגְלִיק אַז מֶען קֶען אַשְׁוֶוער אִין פַּאסְטְקֶע אַרַיין קְרִיגִין!

שַׁא! וָואס מַיינְסְט דוּא? הָאט זִיךְ אַחַאפּ גִיטָאן טֶעבֶּלֶע, דוּא ווֵייסְט, וָואס פְלֶעגְט מִיט מִיר זַיין אִינְזָאָנְהֵייב? בַּאלְד ווִיא אִיךְ בִּין דָא אָנְגִיקוּמֶען אוֹיף קֶעסְט הָאט דָאךְ דָער שְׁוָוער מִיךְ מִסְתָּמָא גִינוּמֶען פִּירִין אוֹיף זַיין סְטְרָאי, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַלְס גִילָאזְט. אִיךְ הָאבּ נָאר גִיקוּקְט וָואס דָא וֶועט זַיין, אֵיינְמָאל מִסְתָּמָא דֶער שְׁוָוער הָאט מִיךְ עֶפֶּעס זֵייעֶר אִין נִיט אַלָאוְוקָא פֶּאלֶעזֶענְיֶע גִיטְרָאפִין אוּנ הָאט מִיר אָנְגִיבָּאטִין פוּן דִיא כָּפוּל שְׁמוֹנֶה דִיגֶע פֶּעץ, אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָאס נִיט אוֹיפְגִיהוֹיבִּן אוּנ פַּאדַאוַויי בְּרֶעכִין דִיא גְלֶעזֶער, טֶעלֶער אוּנ דָעם גְרוֹיסִין שְׁפִּיגֶעל וָואס אִיז גִיוֶוען דַאמָאלְס אִין זַאל, אוּנ אַגִישְׁרַייא גִיטָאן: זֶעהֶט אִיר שְׁוֶוער, אָט דָער מִיט ווָעל אִיךְ אַייךְ עֶנְטְפֶערִין אַלֶע מָאל וָוען אִיר וֶועט מִיר נָאר אַוָוארְט אוֹיס רֵיידִין! דָער שְׁוָוער הָאט פַאר קַאסֶערְט דִיא אַרְבִּיל אוּנ גִימֵיינְט מִיר אַרַיין צוּפְּארִין אִין בַּאק; אָבֶּער אִיךְ בִּין אוֹיךְ נִיט פוֹיל אוּנ הָאבּ דָאס נָאךְ גִימַאכְט: עֶהֶע! עֶר הָאט אַקוּק גִיטָאן וָואס אִיךְ הָאבּ אִים דָא אָנְגִימַאכְט, צִיטֶערְט עֶר שׁוֹין פַאר מִיר, אוּנ אִיצְט הָאבּ אִיךְ גָאר גִיפוּנֶען אַ אוֹצָר, עֶר צִיטֶערְט, אַז נָאךְ ווֶער עֶס אִיז זָאל זִיךְ נִיט דֶער ווִיסִין, וָוארוּם אַז נִיט קֶען עֶר אָנְוָוערִין זַיינֶע גַבָּאוֹת אִין חֶבְרָה קַדִּישָׁא, אָבֶּער זָאג מִיר בְּרוּדֶער, וָואס פֶּעלְט דִיר אַזוֹ? קְלַייבְּכְט דוּא דֶען קַיין גֶעלְט נִיט? וָואס אַרְט דִיךְ, אַז דוּא דַארְפְסְט זִיךְ אַבִּיסִיל פֶערְשְׁטֶעלִין. אַבִּי דָער וַוייל פִּירְכְט דוּא זַייא פַארִין נָאז אָבֶּער נִיט זַייא דִיךְ!

גַיין בְּרוּדָער, הָאט זִיךְ אָפְּגִירוּפִין מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר „נִיט אַלֶע מָאל אִיז גָאלְד דָאס וָואס עֶס לַייכְט“! אָבֶּער צוּ וָואס זַיינֶען מִיר דָא גִיקוּמֶען, צוּ אוֹיף טְרוּקֶענֶעם כִּבּוּד צוּ זִיצִין? הֶערְט בְּרִידָער, מִיר זַיינֶען דָא גִיקוּמֶען זָאגִין תִּיקוּן, אוּנ דִיא בַּעֲלֶע בָּאסְטֶע, דַארְף קֶענֶען אִירָע אוֹרְחִים, אוּנ זַייא נִיט לָאזִין שְׁטַארְבִּין פוּן הוּנְגֶער, הֶערְט אָבֶּער וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ, אִיךְ גִיבּ אַהַאלְבּ טוּץ פָּארְטֶער, אַז אִיר וֶועט אוֹיסְהֶערִין גוּט מַיין מַעֲשֶׂה וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ צוּ דֶער צֵיילִין, אוּנ מִיר אַעֵצָה גָעבִּין ווִיא פוּן אִיר אַרוֹיס צוּ קְרִיכִין, אָט אַז אַייעֶר עֵצָה וֶועט מִיר גִיפֶעלִין, דַאמָאלְס ווָעל אִיךְ מַאכִין אַ נַייעֶם יוֹם טוֹב פַאר אוּנְזֶערֶע הַסִידִים,

תַארַאשָׁא, טוֹב מְאוֹד! הָאבִּין גִיעֶנְטְפֶערְט דִיא גַאנְצֶע קוּמְפַּאנְיֶע, עֶס הָאט נִיט פִיל גִיוָוערְט, אוּנ אוֹיפִין טִישׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען מַשְׁקֶה לָרוֹב, אֶקֶערְטִיל הָאט אוֹיךְ נִיט גִיפֶעלְט, חֶבְרָה הָאבִּין גִישְׁפִּילְט אִין שְׁטוּקֶעלְקֶע, טֶעוֶועלֶע, וָואס הָאט קַיין גֶעלְט נִיט גִיהַאט אִיז גִיוֶוען שׁוּתָּפוּת מִיט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרִין, אוּנ אָבְּגִימַאכְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרְס גֶעלְט אוּנ טֶעוֶועלֶעס שֵׂכֶל, אוּנ אִין דֶער אֶמֶתִין אִיז טֶעוֶועלֶע גִיוֶוען מֶער אַלְס קְלוּג, וָוארוּם עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אוֹיפִין ווִאוּנְק וָואס רַבִּי לַייבֶּעס ווַייבּ הָאט אִים גִיטָאן, אוּנ הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרְס גֶעלְט נִיט גִיזַאלֶעוֶועט, לְחַיִים! לְחַיִים!

האט

הָאט מֶען גִיהֶערְט פוּן אַלֶע צְדָדִים , אוּנ אַז משֶׁה שְׁנֵייאֶר . הָאט שׁוֹין גִיהַאלְטִין בַּיין דֶעק קַעסֶענֶע הָאט עֶר אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ דֶער צֵיילִין זַיין מַעֲשֶׂה :

אִיר וַייסְט בְּרִידֶער דִיא הִלְכוֹת אֵיידִים ?

מִיר וַייסִין ! הָאבִּין גִיעֶנְטְפֶערְט דִיא אִיבֶּערִיגֶע , מֶען דַארְף דָאס עֶרְסְטֶע זַאךְ קֶענֶען גִיפֶעלִין וֶוערִין שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִוירֶער נָאךְ מֶער וִויא דִיא וַוייבּ אַלֵיין :

אוּנ וָואס נָאךְ ? הָאט גִיפְרֶעגְט משֶׁה שְׁנֵייאֶר :

מֶען דַארְף וִויסִין אַלְס וָואס עֶס טוּט זִיךְ בַּייא זַייא הָאט טֶעוֶועלֶע גִיזָאגְט , אַז זֵיי גֵייט גוּט דַארְף מֶען זִיךְ זָעהְן אַרַיין צוּ מַאכִין אִין גִישֶׁעפְט מִיט אַלֶע פִיר , אוּנ זִיךְ הִיטִין נִיט קֵיילֶע צוּ מַאכִין דֶעם מָאגִין , אוֹיבּ דֶער שְׁוֶוער הָאט קִינְדֶער , זַיינֶען דָאס אִינְגְלַאךְ , דַארְפִין זַייא צוּ שִׁיקִין לֶערְנֶען , אוּנ זָאלִין קְוֶועצִין דִיא בֵּיינְק אִין וַואלָאזִין אָדֶער אִין דֶער מִיר , אוּנ זָאלִין אוֹיסְוַואקְסִין פְרָאִים , וִויא אַיְשִׁיבָה בָּחוּר דַארְף צוּ זַיין , זַיינֶען דָאס אָבֶּר מֵיידְלִיךְ , דַארְף מֶען טָאן וֶוען מֶען קֶען נָאר , דָאס הַייסְט , אַז מֶען אִיז אַ לָאוְוקֶער יוּנג וִויא אִידל דִי הִירְשֶׁעלִיכָעס אֵיידִים הָאט גִיטָאן , אִיר וַייסְט דָאךְ מִסְתָּמָא וִויא עֶרְלִיךְ עֶר הָאט זַיין שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִוירֶער בֶּעצָאלְט ? אָט וֶועמֶען גָאט הֶעלְפְט , דָאס אַז עֶס גִיט זִיךְ אַיין אִיז דִיא בֶּעסְטֶע עֵצָה , אוּנ מֶען דַארְף דֶער נָאךְ נִיט מוֹרָא הָאבִּין פַר אַגוּטִין שְׁוָואגֶער , וָוער וֶועט שׁוֹין אִיצְט נֶעמֶען לַאהְן ? אַרֶעכְטֶער מֶענְטְשׁ וֶועט שׁוֹין אוֹיף אַזוֹינֶע נִיט קוּקִין , וָוארוּם עֶס וַייסִין שׁוֹין אַלֶע , אַז דֶער אֲבִי הַבֵּן אִיז רַבִּי אִידל , אוּנ אַז קְוַואטֶער אִיז דָא גִיוֶוען דֶער סְטְרָאז , אוּנ הָאט דָאס פְרַאמֶע אִין פְרָאלוּבְקֶע אַרַיין גִיהַאקְט :

עֶה , אַז אִיךְ וָואלְט דָאס קֶענֶען ! הָאט זִיךְ אָפְּגִירוּפִין משֶׁה שְׁנֵייאֶר , וָואלְט אִיךְ דָאס אָן אַייךְ אוֹיךְ שֵׂכֶל הָאבִּין , אָבֶּער נִיט דָא אִיז דֶר אָרְט , אִידל אִיז גִיוֶוען אַשַׁיינִינְקֶער , אִיךְ אָבֶּער ? צוּ וָואס זָאל זִיא קוּקִין אוֹיף מִיר ? בֶּעסֶר הָאט זִיא זִיךְ גִיפוּנֶען וֶועמֶען . . . וִוידֶער אִיר קֶענְט אִיר גָאר נִיט וָואס דָאס אִיז פַאר אַצְנוּעָה , יִמַח שְׁמָהּ זָאל זִיא וֶוערִין ! זִיא מֵיינְט אַז פַאר אִיר עֶרְלִיכְקַייט וֶועט מֶען אִיר דֶעם גַאנְצִין לְוְיָתָן אַוֶועק גֶעבִּין , אִיךְ הָאבּ מִיר שׁוֹין אַמָאל גִיפְּרוּבְט אוּנְטֶער שִׁיקֶען אַפֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער פְרַאנְטִיק צוּא אִיר , אָבֶּער עֶר הָאט גִיהַאט אַ אָבְּשְׁנִיט אַז עֶר הָאט קוֹים דִיא אוֹיגִין דֶער נָאךְ גִיקֶענְט וַוייזִין :

הֶער זֶע הָאט טֶעוֶועלֶע , וַוייטֶער גִיזָאגְט , נִיט שְׁלָאגְט מִיר נָאר נִיט אִיבֶּער מַיינֶע רֵייד , הֶעלְפְט גָאט נִיט אוֹיף אַזַא מַעֲשֶׂה וִויא עֶר הָאט אוּנְזֶער אִידְלֶן גִיהָאלְפִּן , דַארְף מֶען זִיךְ מֶעהְר וִויא אַלְץ סְטַארַאיֶען , קְרִינִין פַאר זַייא חֲתָנִים , נַארִין , אַשְׁוָואגֶער אַנַאר , אִיז פַאר אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אַגְלִיק , זַייא דַארְפִין זַיין אוּנְטֶער אוּנְזֶער הַאנְט , אוּנ זַייא וֶועלִין אוּנְז שׁוֹין צוּא נִיטְץ קוּמֶען מִיט זַייא אוֹיסְצוּפִירִין וָואס מִיר וֶועלִין שׁוֹין אַלֵיין זִיךְ בֶּעסֶער נִיט וִוינְצִין ; — קֶען מֶען דָאס אוֹיךְ נִיט דַאקַאזִין , אִיז דִיא בֶּעסְטֶע זַאךְ מִיזָאל זֶעהֶן , אַז דֶער שְׁוֶוער זָאל זִיא נִיט נֶעמֶען צוּא זִיךְ אוֹיף קֶעסְט , אוּנ נִיט טָאן פוּן דֶער אַייגֶענֶער שְׁטָאט , וָוארוּם אִיר וַייסְט גָאר נִיט , וָואס פַאר אַאוּנְגְלִיק דָאס אִיז , אַז עֶס גִיפִינֶען זִיךְ מְהוּתָּנִים אוּנ נָאךְ בָּנִים בַּיי אוּנְזֶער שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִוינֶער ! — דֶער עֶרְסְטֶר אוּנ בֶּעסְטֶער כְּלָל אִיז דָאס :

אלע

אַלע מאָל מוז מען זעהן בלייבּן דר פֿער . — אט דאָס זיינען די גלאַוונע הֲלָכוֹת , װאָס אַף זיי האַלטן מיר זיך װיא לאַנג שװער אונ שװיגער לעבּן אונ די גיטרייעסטע דינים לאַחר מיתתם — אַז זיי מאַכין די אויגין צו בּלייבּין מיר די יוֹרְשִׁים ! װייטער װענין פירין דעם שװערס בוך , װעגין ציילין אונ צאָלין געלט אַז ער גיט , דאָס דאַרף מען ניט לערנען , דאָס װייס איטליכער , אַז בּייא זיך אין קעסענע איז גיטרייער װיא בּייא אים אין קאַסטין , אט דאָס זיינען הִלְכוֹת אײדים בּקִצּוּרה דיא קליינע הֲלָכוֹת , דאָמאַשנע דאָס פּאַסט פאַר אַקליינעם אינגעל צו האַלטין אַף זיי עקזאַמען : אָבּער ניט פאַר אונז , אין אַזעלכע קליינינקייט איז קיין סְפָרִים ניטאָ , מידאַרף זיין אַחָכם הַמֵּבִין מִדַעתּוֹ , אונ װיא עס קומט צום האַנט , נוא װאָס זאָגט איר , װייס איך ? האָט גיפרעגט טעװעלע . דו בּיזט אַלייט ! האָבּין אַלע אַגישרייא גיטאָן , דוא מאַגסט שוין זיין אַאײדים בּיין שװאַרין יאָר אַליין , דוא װאָלסט זיך שוין מיט אים איספּראַװען דאַכט זיך

זאָגט מיר אָבּר , טייערע יוֹעֲצִים מיינע , װאָס טוט מען אָבּער , אַז עס מאַכט זיך אַריין , אַשייגינקער . אַקלוגענקער , קען לערנען . שרייבּין אונ דער צוא נאָך אַיַחְסָן , אונ אַז ניט נאָר שװער אונ שװיגער אַליין האָבּין אים האַלט , אֲפִילוּ גאָר די שװעגערין , די כַּלָה װאָס פר איר פּאַסט אייגענטליך אַזא פּסק , װיא לאה דיא הירשעלעס האָט גיהאַט . װאָס טוט מען , זאָגט מיר , אַז אַלע , דער קלענסטער אונ גרעסטער אין שטוב חלשין נאָך אים , אֲפִילוּ מיין אייגענע װייב . האָט אויך מיט מיר צוא טאָן , אַז איך זאָל זיך אויך סאַגלאַסין אַז ראָזע זאָל װערין זיין כַּלָה , װאָס טוט מען , אַז מי װעט מוזין אַמאָל ענטפערין איבּר גװאַלד : אָמֵן ! אונ אים אַװעק געבּין די בּיכער , אָבּטרעטין אים די שטיבעל , אונ זיין אונטער אים אַנכנע , װאָרום װאָס זאָלין מיר זיך דאָ נאַרין , די שװיגער אונ שװער האָבּן אים שוין העלטר פאַר מיר אונ ראָזע אַליין איז גאַטאָװא דעם לעבּין אַװעק צוא געבּין פאַר אים . אט בּרידער , דאָ װעט איר זיין לייט , אַז איר װעט מיר װייזין אַדרך װיא פון אים פּטור צו װערין אונ װיא דער נאָך זיך צו טאָן די הִלְכוֹת אײדים װיא עס פּאַסט פאַר אונזערע לייט .

דוא דאַרפסט װיסין , מֹשֶׁה שנייאָר , האָט גיזאָגט רבּי לייב .

אַז עס איז קיין זאַך ניטאָ , װאָס מיקען ניט דאַקאַזין װען מי איז נאָר אַמענטש אַז מי האָט מוֹטְה אונ אַז מי איז קיין טרוס ניט , קענסט דוא ניט שפּילען מיט דיין שװעגערין אַזא קונץ װיא אידל , טאָ קער דאָס איבּער דאָס אייגענע זאַך אַף אים , אַף דעם פר װעמען דו האָסט מוֹרָא ! — בּייא אייך איז דאָ אַדינגסט מיידיל אין שטוב ? טאָ איספּראַװע זיך אַז ער זאָל זיא מוזין נעמען , דוא פערשטייסט װאָס איך מיין ?

איך פערשטייא , גאַנץ גוט , אָבּער דאָס אייגענע מיידיל האָט שוין אַחתן , אונ איז אַגאַנצע יַחְסָנְתָע , דאָס װעט ניט אָנגיין , װידער מיװעט דאָס נאָר ניט גלייבּין , איר קענט אים גאָר ניט װער ער איז , איר מיינט ניט אַז ראָזע איז בּליינד משוגע , ער איז אַלייט , אמענטש װאָס איך מוז ציטערין פאַר אים בּעציינעס

אט

אָט רַאטֶעוֶועט בְּרִידֶער ! הָאט מֹשֶׁה שְׁנַייאֶר גִיזָאגְט פוּן הִיטְץ אוּנ פוּן דִיא מִשְׁקָה וָואס עֶר הָאט אַרַיינְגִיגָאסִין אִין זִיךְ , אִיךְ זָאג אַייךְ עֶס וֶועט זַיין בִּזְיוֹנוֹת פַאר אוּנְזֶערֶע לַייט , אַז מִיר וֶועלִין אָט דָעם אִינְגֶעל נִיט קֶענֶען אַרוֹיס שְׁטוֹיסִין פוּן אוּנְזֶער גְבוּל ! —

אַ צָארְט ! הָאט זִיךְ אַחַאפּ גִיטָאן טֶעוֶועלֶע , אִיךְ פֶערְגִין אִים נִיט אַזַא כַּלָּה ! אִיר קֶענְט אִיר רַבִּי לַייבּ ? זִיא אִיז אַמַלְכָּה אֵייכִיל ! אַזַא נֶעזֶנֶע , אַזַא שֵׁיינֶע אַוַוארֶע פְּרִינְצֶעסִין ! נֵיין , אַזַא דַארְף הָאבִּין אַמַאן אַפְּלַאגֶע , אִי טַאגְדַא . פַארְשְׁטַייט אִיר וואוּ עֶס הַאלְט ? . . . .

אָבֶּער וִויא דַאקַאזֶעט מֶען דָאס ? . הָאט גִיפְּרֶעגְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר , אִיךְ וֶועל נִיט זַאלֶעוֶוען וָואס אִיר ווִילְט , צָארְט וַואזְמִי , עֶר טָאר דָא נִיט זַיין !

הֶערְט מַיין עֵצָה ! הָאט גִיזָאגְט טֶעוֶועלֶע , פְרִיעֶר פַר אַלְץ דַארְף מֶען אַקָארְכְט אַבִּיסִיל זַיין נָאמֶען פֶערְפִּיַאצְקֶען , אוּנ דָאס נֶעם אִיךְ זִיךְ אָן מִיט צְוַויי וֶוערְטֶער דָאס צוּ טָאן , אִיר דַארְפְט וִויסִין זַיין , אַז בַּייא אוּנְז אִין שְׁטֶעטִיל , גְלוֹיבְּט מֶען אַלְץ וָואס מִיזָאל נָאר אַרוֹיס לָאזִין , אוּנ לָאמִיר אֲפִילוּ אָן נֶעמֶען אַז מִיוֶועט אַף אִים נִיט גְלוֹיבִּין אַז מִיהָאט אִים גִיחַאפְּט מִיט דָר וַוייבִּיל , וָואס מִיהָאט זִיא לַיינְגֶער גִיבְּרַאכְט צוּם רָב , אָבֶּער רֵיידִין וֶועט מֶען פוּן דֶעסְטְוֶועגִין פָארְט אוּנ דָאס מַאכְט שׁוֹין צוּ אוּנְזָר פְּלַאן נִיט קֵיילֶע ! אַז אִיר ווִילְט . גִיבּ אִיךְ אַבּוֹרְץ דֶעם מוֹרֶה הוֹרָאָה אוּנְזֶערִן , דֶעם שׁוֹטֶה אַז עֶס אִיז אֶמֶת וָואס מִיזָאגְט אוֹיף אִים , אוּנ וִויא מִיר וַוייסִין , אִיז דֶער מוֹרָה הוֹרָאָה אַ בְּעָלָן אוֹיף אַזָעלְכֶע זַאכִין , אוּנ עֶר וֶועט בְּלִי סָפֵק שִׁיקֶען נָאךְ אִים אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אוּנ וֶועט טָאן וָואס מִיר וֶועלִין אִים הֵייסִין , אָדֶער אַז נִיט נָאר , זָאל עֶר זָאגִין מָארְגִין אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ , אוּנ דֶער מָאנֶען אִין דְרוּשׁ אַז מָשִׁיחַ קֶען נִיט קוּמֶען ווִיא לַאנְג בָּחוּרִים וֶועלִין אוּמְגֵיין שְׁפַּאצִירִן מִיט מֵיידְלֶעךְ אַזוֹא וִויא עֶס טוּעֶן פְרִידְמַאנְס קִינְדֶער , אוּנ דָאס וֶועט שׁוֹין דֶעם שְׁוֶוער אַרַיין בְּרֵיינְגֶען אִין כַּעַס אוֹיף דֶעם יוֹסֶפִין וָואס דוּ זָאגְסְט ! — עֶט , דָאס אַלְץ קַאלְטֶע פַּארְפִיל ! הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט , אַז עֶר וָואלְט דָא דַארְפִין בְּלַייבִּין , בִּין אִיךְ אוֹיךְ קֵיין אִינְגֶעל נִיט אוּנ וָואלְט זִיךְ מִיט אִים אִיסְפְּרַאוֶוען , מִיט אַשְׁפֶּענְדִיל וָואלְט אִיךְ אִים אַרוֹיס שַׁאר; פוּן דַאנֶען — אִיךְ וָואלְט מַאכִין בְּרִיוֶועלֶעךְ פוּן הוּלְטַייקֶעס צוּ אִים , וָואס וָואלְטִין פַאלִין צוּ רָאזִין , צוּם שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִוינֶער אִין דִי הָענְט — זִויא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִימַאכְט , אוּנ שִׁיר נִיט גִיוואוּנֶען , וָואס אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט , דִיא צָרָה אִיז דָאס וָואס עֶס אִיז צוּ גִיקוּמֶען אַ אוֹרַח וָואס ווִיל נֶעמֶען יוֹסֶפִין צוּ זִיךְ אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג , אִיךְ אַלֵיין הָאבּ דַארִין שׁוּלְד , אִיךְ הָאבּ יוֹסֶפִן אוֹיפְגִיטָאן , אַז זַיין זִיכִין דָא וֶועט אִים צוּא אַתַּכְלִית נִיט בְּרֵיינְגֶען , אוּנ עֶר הָאט דָאס בַּייא דָעם אוֹרַח ווִיא גִיפּוּעֶלְט , דֶער שְׁוֶוער וֶועט אִים שִׁיקִין סְחוֹרָה אוֹיף קָאמִיסִיָאן , אָט זֶעהְט אַז עֶס אִיז דָא וָואס מוֹרָא צוּא הָאבִּין אוּנ מֶען מוּז הָאבִּין שִׁמְשׁוֹן הַגִבּוֹרְס כֹּחַ אִיבֶּער צוּרַייסִין דִיא קֵייטִין וָואס עֶר אִיז צוּגִישְׁמִיט צוּם שְׁוֶוערְס הוֹיז !

עֶס אִיז אֶמֶת ! הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט רַבִּי לַייבּ , אָבָר וַוייסְט אִיר אַז שִׁמְשׁוֹן הַגִבּוֹר

הָאט אַ נְקֵבָה בַּיי גִיקוּמֶען ? אָט דָאס דַארְפִין הָאבִּין אִין זִינֶען אֵיידֶער מִיר הויבִּין אָן עֶפֶּעס צוּא טָאן :

אִיךְ דַארְף אַייךְ עֶפִּיס זָאגִין, הָאט גִיזָאגְט רַבִּי לַייבְּס וַוייבּ צוּ מֹשֶׁה שְׁנַייאָרְן שְׁטִילֶערְהֵייט אִים אָפּ פִירֶענְדִיג אָן אַזַייט :

פַאר אַיין אוֹרֵחַ בִּין אִיךְ אַסְחוֹרָה, וָואס אִיז עֶר אַיין אַלְטֶער אָדֶער אַיוּנְגֶער, אִיר קְרִיגְט אִים נָאר אַרַיין אַהֶער צוּא אָדֶער צוּא שְׁמְעוֹן גַאסָאן דַארְטִין וֶועל אִיךְ זִיךְ שׁוֹין מִיט אִים אִיסְפְּרַאוֶוען :

אִיךְ וֶועל פְּרוּבֶען, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר — אָבֶּער וָואס גִיט אִיר אַיין עֵצָה רַבִּי לַייבּ ? הָאט עֶר ווִידֶער גִיזָאגְט זִיךְ צוּרִיק קֶעהְרֶענְדִיג צוּא דִיא אִיבֶּערִיגֶע :

אִיךְ הָאבּ אַיין עֵצָה אוּנ אַגוּטֶע, אָבֶּער דָאס וֶועט נִיט גִיטָאן וֶוערִין מִיט הוֹילֶע פִינְגֶער, דָא הִיא וָואלְט אִיךְ דֶעם צוּא לִיבּ גִיטָאן פַאר אַדַאנְק, אָבֶּער אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג קָאסְט וַואשֶׂר אוֹיךְ גֶעלְט, אוּנ בִּפְרַט אַזוֹ אַזַאךְ, דָאס וֶועט גִיטָאן וֶוערִין גִיךְ אוּנ גוּט, אוּנ עֶר וֶועט אַרָאפּ פוּן פְּלַאטְץ, עֶס וֶועט אַהָאן גִיט אַקְרַייא טָאן :

ווִיא טַייעֶר ? הָאט גִיפְרֶעגְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר מִיט פוּלֶע אוֹיגִין מִיט שִׂמְחָה :

דָאס דַארְפִין מִיר רֵיידִין אוּנְטֶער פִיר אוֹיגִין, רַבִּי טֶעבֶעלֶע וֶועט נֶעמֶען פַארְן שְׁוַוייגִין אוּנ וֶועט גֶעבִּין אַפָּארְפִּים, אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אַטוּעֶר, אוּנ דָאס וֶועט אַרוֹיס כָּשֵׁר אוּנ יָשָׁר ווִיא עֶר אִיז וָוערְט, מִיר וֶועלִין זִיךְ נָאךְ זֶעהֶען אוּנ דָאס אָבְּמַאכִין אוֹיפִין כְּתָב. דוּא רַבִּי טֶעבֶעל טוּא זִיךְ דַיינְס, לָאז אַרוֹיס דַיין קְלַאנְג אוֹיף אִים ווִיא דוּא הָאסְט גִיזָאגְט, אִיךְ וָועל שִׁיקֶען מַיינֶע דִיא צִדְקָנִית, נִיט אַזוֹא אַצְנוּעָה אַמֵיידִיל אוּנ וֶועט אַרַיין גֵיין צוּא פְרִידְמַאנֶען אִין שְׁטוּבּ אוּנ וֶועט דַאכְט זִיךְ ווִיסִין וָואס צוּ רֵיידִין צוּא יוֹסֶפִין, אִיךְ וֶועל דֶעם מוֹרֶה הוֹרָאָה אַלֵיין זֶעהֶען, בְּקִיצוּר עֶס אִיז שׁוֹין הַאלְבּ פַארְטִיג. דָאס אַלְס מַאכְט צוּא אוּנְזֶער שְׁדוּךְ נִיט קַיילֶע, אִיךְ הָאבּ דִיךְ הָאלְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, וָואס דוּא בִּיזְט קַיין נַאר אוּנ שֶׁעמְסְט זִיךְ נִיט מִיט מִיר ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע ! דוּא דַארְפְסְט ווִיסִין זַיין, אַז גַנָבִים אוּנ רוֹצְחִים זַיינֶען אַלֶע, נָאר עֶס זַיינֶען דָא אוּנְטֶער זֵייא קְלוּגֶע אוּנ נַארְן, אִיךְ בִּין אַמָאל נִיט קְלוּג גִיוֶוען אוּנ הָאבּ זִיךְ פַּאפַּאזֶעט, אָבֶּער גִינוּג, אִיצְט וֶועט מִיךְ אַיין שֵׁד נִיט חַאפִּין, אוּנ וָואס טוֹיג אוּנְז דָא דִיא קוּנְצִין מִיר קֶענֶען זִיךְ אַלֶע, אוּנ דֶער לֶערֶען אִינְגֶעל שֶׁעמְט זִיךְ נִיט מִיט זַיין בַּעַל הַבַּיִת, וָואס קֶען בֶּעסֶער פַאר אִים, וַוארְט, אִיר זַייט נָאךְ יוּנְגֶע לַייט, אִיר וֶועט נָאךְ דֶעם רֶבִּין אַרִיבֶּער, אָבֶּער פֶערְגֶעסִין זָאלְט אִיר אִים נִיט. אוּנ וָואס דַארְפִּין מִיר דִיא פָּאלִיטִיקֶע סְמִיטִיקֶע, אַטְרוּנְק בְּרַאנְפִין אוּנ אַגוּטִין לְחַיִים ! לְחַיִים בְּרִידֶער ! הַלְוַאי אִיבֶּער אַיָאר ווִידֶער דָא זָאגִין לְחַיִים :

לְחַיִים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, הַלְוַאי זָאלִין מִיר בְּרִינְקֶען אַז אוּנְזֶר רָאזֶע זָאל נֶעמֶען אַבוּרִילֶע פַאר אַמַאן !

הלואי

הַלְוַאי זָאלִין מִיר טְרִינְקֶען אַז מַיין עֶלְקֶע וָועט אַוֶועק הוֹלַכִין לְעוֹלָמָה, אוּנ אִיךְ זָאל נֶעמָען אִיר שְׁוֶועסְטָער דְבוֹרָן!

וָוער עֶס וִוינְצְט דָאס דִיר נִיט זָאל דָאס אַלֵיין נִיט הָאבִּין! הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט מֹשֶׁה שְׁנַייאָר, אִיךְ וָואלְט זִיךְ דָאס אוֹיךְ פֶּערְגִינֶען, אָבֶּער נֶעטוּדַא יֵיא דַארְגָא! — רָאזֶע וָועט מִיךְ נִיט וֶועלִין נֶעמֶען, אָ, אַז אִיךְ וָואלְט גִיוֶוען אַזוֹ אַשַׁיינֶער וִויא דוּא וָואלְט אִיךְ צוּא דִיא דַאֲגוֹת נִיט דַארְפִין אָנְקוּמֶען:

לְחַיִים! הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דִי דַאמֶע, מִיט אַגְרוֹיסִין בֶּעכֶער בְּרַאנְפִּין אִין הַאנְט, לְחַיִים! זָאג אִיךְ פַאר מַיינֶע טַייעֶרֶע גֶעסְט, מִיר זָאלִין טְרִינְקֶען אַז אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וָועט אָנְגֶענוּמֶען וָוערִין! לְחַיִים, אִיבֶּער אַיָאר אִין יְרוּשָׁלַיִם אָדֶער אַז נִיט אִין מַאקַארְיֶע אוֹיפִין יָרִיד!

אָמֵן! הָאבִּין גִיעֶנְטְפֶּערְט, דֶער מַאן מִיט דִיא גֶעסְט, פוּן אוּנְטֶערִין וֶוענְטָעל הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַבִּיטֶערֶער שְׁוֶוערֶער קְרֶעכְץ:

צָארְט, וָוער אִיז דָארְטִין? הָאט גִיפְרֶעגְט טֶעבֶעלֶע, מֶען הָאט זִיךְ צוּא גִיהֶערְט וִויא אִיךְ בִּין אַאִיד!

נֶע בָּאִיטֶעס! הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט רַבִּי לַייבּ, דָארְטִין לִיגְט דִיא שְׁוִוינֶער דִיא אַלְטֶע פַאדְלֶע, אוּנ הָאט גִיחְרָאפֶּעט אַוָואס דִיא וֶועלְט שְׁטַייט; זִיא אִיז קְרַאנְק אוּנ וֶועט שוֹין דַאכְט זִיךְ דֶעם מַלְאַךְ דוּמָה גִיכֶער דֶער צַיילִין אִיר כּוֹד, אוֹיבּ זִיא הָאט עֶפֶּעס יָא גִיהֶערְט:

נִיט שְׁרֶעקְט זִיךְ פַאר אִיר! הָאט פְּרִיבַּאוֶועט דִיא טָאכְטֶער, זִיא אִיז שוֹין אַ עוֹבֵר בָּטֵלֶע, חָאצְבָּע מַאךְ! אִיר אָן אוֹיפִין קָאפּ, אַרְט אִיר נִיט:

אוֹיף מַיין שְׁוִוינֶער גִיזָאגְט, הָאט זִיךְ אַחַאפּ גִיטָאן מֹשֶׁה שְׁנַייאָר:

אוּנ אוֹיף מַיין שְׁוֶוער! הָאט אַזָאג גִיטָאן רַבִּי טֶעבֶעל פוּן זַיין זַייט, נִישְׁקְשָׁה מִיר דַארְפִין אוּנְזֶער לָעזֶער נִיט לָערְנֶען, עֶר וַויים אַז וָוענְט הָאבִּין אוֹיעָרֶען, אוּנ אַז עֶר הָאט גִירֶעט מִכְּתָמָא וַויים עֶר אַז עֶס אִיז נִיטָא וָואס מוֹרָא צוּ הָאבִּין:

מִיר דַאכְט עֶס בַּאגִינְט שוֹין, הָאט גִיזָאגְט מֹשֶׁה שְׁנַייאָר, עֶס אִיז שוֹין צַייט אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ גַיין! צָארְט וַואזְמִי, מִיר הוֹיבִּין זִיךְ דִי פִים נִיט אוּנ מִיר דְרַייט דֶער קָאפּ, צוּא פִיל גִיטְרוּנְקֶען — עֶס שַׁאדֶט נִיט, דִיא וַוייבּ וָועט עֶרְסְט מֵיינֶען אַז אִיךְ בִּין מִיד פוּן זָאגִין —

מִיר גֵייעֶן, הָאט זִיךְ גִיזָאגְט טָעוֶועלֶע אוֹיף הַייבִּינְדִיג, וָוען וֶועלִין מִיר זִיךְ וִוידֶער זֶעהֶען?

מָארְגִין צוּא קַאוֶוע מִיט פְּלֶעצְלִיךְ, הָאט גִיזָאגְט דִיא פְרוֹיא:

אִיךְ וָועל אוֹיף אַייךְ וַוארְטִין, אִיר מוּזְט קוּמֶען, אִיר הָערְט וָואס מֶען זָאגְט אַייךְ

אַלְס הַייסְט מִיר הָערִין! מִיר מוּזִין קוּמֶען, הָאט גִיזָאגְט דֶער שְׁוַוארְצֶער, מִיר הָאבִּין נָאךְ נִיט גִיקָאנְצֶעט:

נַיין, דָאס גְרָאד נִיט, הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט רַבִּי לַייבּ, עֶס אִיז שוֹין אַלְס פַּארְטִיג, נַייט גִיזוּנְטֶערְהַייט אַהֵיים צִי אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, וואוּ הִין אִיר וִוילְט, אוּנ גִידֵיינְקְט

מיין

מַיין בְּרָכָה , גָאט וָועט גֶעבֶּען הַצְלָחָה . אוּנ אַייעֶר רָאזֶע וָועט שׁוֹין הָאבֶּען אַפִּינְסְטֶערֶע מַעֲרָכָה !

אַוואָרֶער:מַארְשׁוּלַאק ! הָאט גִיזָאגְט מֹשֶׁה שְׁנַייאָו
וַוארְט מַיין זוּן , אִיךְ דַארְף דִיר נָאךְ עֶפֶּעס אָנְזָאגִין , הָאט גִיזָאגְט רַבִּי לַייבּ , דוּא זָאלְסְט מִיר אַקָאַרְסְט שִׁיקִין דֶעם בְּרִיף רַאזְנָאשְׁטְשִׁיק אַהֶער צוּ , עֶר אִיז אוּנְז נַייטִיג וִויא דִיא אוֹיג , פַאר שְׁטַייסְט דוּא וָואס מֶען רֶעט צוּ דִיר ? אוּנ דִיא בְּרִיף וָואס דֶער שְׁוָוער אוּנ רָאזֶע אוּנ אַייעֶר גַאנְצֶע גִיזִינְד וָועלִין שִׁיקִין , דַארְפְסְט דוּא אַלֵיין זִיךְ אָן נֶעמֶען צוּ זַיין דֶער רַאזְנָאשְׁטְשִׁיק , אוּנ דִי פָּאסְט זָאל גֵיין דוּרְךְ אוּנְזֶער שְׁטוּב , מִיר נֶעמֶען צוּא גֶעלְט פַּאקֶעטֶען , זַאקַאזְנָאיֶע , אוּנ דֶענֶעזְנָאיֶע , אַלְס דוּרְךְ אוּנְזֶער הַאנְט , אוּנ אִיצְט אַדְיֶע !

דִיא חֶבְרָה , הָאבִּין גִינוּמֶען נָאךְ צוּא קַאפֶּעצְקֶעס , זִיךְ פְּרַיינְטְלִיךְ צוּא קוּסְט אוּנ אַוָועק אַהֵיים :

דֶער רֶעגֶען הָאט שׁוֹין אוֹיף גִיהֶערְט , עֶס הָאט שׁוֹין בַּאגִינְט , דִי צְוַוייא זַיינֶען גִיגַאנְגִין זִיךְ וִויגֶענְדִיג , גְלַייךְ צוּם בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , כְּדֵי דַאבְנֶען גְלַייךְ מִיט דֶעם עוֹלָם דֶעם עֶרְסְטִין מִנְיָן אוּנ דֶער נָאךְ קֶענֶען שְׁלָאפִין רוּהִיגֶער בִּיז נָאךְ דֶעם אַנְדֶרִין מִנְיָן , אַרַיין קוּמֶענְדִיג אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , הָאבִּין זַיי גִיפוּנֶען רַבִּי גָד הִלֵּל זְבוּלוּנְס כְּשִׁכּוֹר בְּקִיאוֹ , שְׁמוּאֵל יוֹסֵף הָאט גִישְׁרִיעֶן אוֹיפִין קוֹל פַארִין עָמוּד תְּהִלִים , וָואס דֶער הַאלְבּ שְׁלָאפֶעדִיגֶער עוֹלָם הָאט נָאךְ גִיזָאגְט פָּסוּק אוּם פָּסוּק , אַסַךְ זַיינֶען גִילֶעגֶען צוּא לֵייגְט , נֶעבִּין זַייא דִיא צוּא זַאמֶען גִידְרֵייטֶע הַאנְטִיכֶער , הַאלְבּ אוּים גִישָׁאטֶענֶע קִיסֶעלֶעךְ , אוּנ צוּרִיסֶענֶע צוּ בְּרָאכֶענֶע בָּאמְבָּעס אַזוֹ וִויא אוֹיפִין פֶעלְד פוּן מִלְחָמָה , נָאךְ דֶעם אַז עֶס וָוערְט אַשָׁלוֹם , שְׁטִיל אִיבֶּערִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , קַיין בָּאמְבֶּע זָעט מֶען מֶער פְלִיעֶן , קַיין קְלוּנְג פוּן פֶּעץ , קַיין גִילֶעכְטֶער , אוּנ קַיין נַייעֶס דֶער צֵיילִינְדִיג , דִי מִלְחָמָה הָאט אוֹיף גִיהֶערְט , דִי מִידֶע הֶעלְדִין רוּעֶן אִיצְט אוּנ פַארְגְנִיגֶען זִיךְ מִיט דִי הָאפְּנוּנְג בַּאלְד בֶּעלָאהְנְט צוּ וֶוערִין פַאר זַייעֶר מִיה אִין אַזוֹ אַפַּייעֶר שְׁטוּרִימְדִיגֶע נַאכְט , אוּנ אִין אַזוֹ אַשְׁרֶעקְלִיכֶען גִיפֶּעכְט . זַייא וַוארְטִין אָבֶּער נִיט אוֹיף אַמֶעדַאל , אָדֶער אָרְדִין , נָאר אוֹיף אַמִילְכִיקֶען פְלֶעצְל , מִיט אַזִיסֶע גְלָאזְקַאוֶוע וָואס אֲפִילוּ אַיין עָנִי שֶׁבְּיִשְׂרָאֵל קֶען אוֹיךְ אָן דֶעם שְׁבוּעוֹת נִיט אוּים קוּמֶען , אוּנ ווִירְקְלִיךְ אִיז זַיי דָאס בֶּעסֶער וִויא דֶער בֶּעסְטֶער מֶעדַאל : נָאךְ אַפָּאר מִינוּט הָאט גִיוָוערְט , אוּנ שְׁמוּאֵל יוֹסֵף הָאט גִיקָאנְצֶעט זַיינֶע תְּהִלִים אוֹיךְ , אוּנ דֶערנָאךְ הָאט זִיךְ גִיקָאנְצֶעט דִי לֶעצְטֶע פוּלְוֶוער , אוּנ עֶס אִיז שְׁטִיל גִיוָוארִין אִין גַאנְצִין , נָאר בַּייא אַבְּרֶעג טִישׁ זַיינֶען נָאךְ גִישְׁטַאנֶען צְוַוייא הֶעלְדֶען מִיט זַייעֶרֶע בְּלוּיזֶע דֶעגֶען אוּנ גִיפֶּעכְט גָאר אָן רַחֲמָנוּת אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערִין , דָאס זַיינֶען גִיוֶוען דִיא צְוַוייא בֶּערִימְטֶע הִימִיל פָּאלִיטִיקַאנְטֶען , שְׁמַעְיָה דֶער בַּטְלָן , אוּנ פִּיסְקְלָאנִיק דֶער מְלַמֵּד , זַייא הָאבִּין גִיהַאלְטִין אַשְׁטַארְקִן אוּנ זַייעֶר אוּיכְטִיגֶען קְרִיג , וֶועגִין אַפָּאלִיטִיצֶעסְקֶען וָואפְּרָאס ; שְׁמַעְיָה הָאט גִיזָאגְט אַז דֶער לְוִיָתָן אִיז קְלֶענֶער פַאר דֶעם שׁוֹר הַבָּר , וָוארוּם פִישׁ גִיט אִים דִיא וַייס אַקְלֶענֶערֶען חֵלֶק וִויא פְלַייש . אוּנ פִּיסְקְלָאנִיק הָאט גִיזָאגְט . נַיין דֶער לְוִיָתָן אִיז

גרעסער

גְרֶעסֶער, וָוארוּם דֶער לִוְיָתָן רִינְגֶעלְט אַרוּם דִיא גַאנְצֶע וָועלְט מִיטָען עָק אַלֵיין, מֵיינְט מֶען דָאךְ שׁוֹין דֶעם שׁוֹר הַבַּר אוֹיךְ אִין כְּלַל, אוּנ וִוידֶער וַויים עֶר, אַז פִישׁ קְרִינְט עֶר מֶער וִויא פְלֵיישׁ, וָוארוּם עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אַז עֶר הָאט אַלֵיין אוֹיף גִינֶעסִין אַהאלְבֶּע שְׁמַייקֶע (אַזוֹ אַסָארְט פוֹיעֶר הֶערִינְג), אוּנ שְׁמַעְיָה אָבֶּר הָאט זִיךְ גִיהַאלְטִין בַּייא זַיינְס אוּנ נִיט מוֹדֶה גִיוָועןן אוֹיף אַיין הָאר. וַוייל עֶר הָאט גִיוואוּסְט דֶעם סוֹד פוּן לִוְיָתָן, וָואס אִיז דֶער פְּשַׁט -- לוֹ יִתֵּן, אִים וָועט עֶר גֶעבִּין — לוֹ בַּאטְרֶעפְט זֶעקְס אוּנ דְרַייסִיג אוּנ לֵאָה אִיז אוֹיךְ זֶעקְס אוּנ דְרַייסִיג — אוּנ לֵאָה אִיז דָאךְ גִיוָועןן דִיא שְׂנוּאָה, וָואס יַעֲקֹב הָאט זִיא פַיינְט גִיהַאט, הַיינְט זָאלְטָעס אַנְדֶערְשׁ זַיין אַז דֶער לִוְיָתָן אִיז גְרֶעסֶער פַאר דֶעם שׁוֹר הַבַּר, צוּ קֶען דֶען זַיין אַז עֶר וָועט דִי פֶערְהַאסְטֶע גְרֶעסֶער מַאכִין פַאר דִי גִילִיבְּטֶע? אָט דֶער פוּן אִיז דִי רְאָיָה, אַז דֶער לִוְיָתָן אִיז נִיט אַזוֹ גִישְׁמַאק וִויא דֶער שׁוֹר הַבַּר:

דוּא בִּיזְט אַגְרוֹיסֶער שׁוֹטֶה! הָאט אַנִישְׁרֵייא גִיטָאן פִּיסְקְלָאנִיק, אַז עֶר הָאט אוֹיס גִיהֶערְט שְׁמַעְיָהוּס תּוֹרָה וָועגִין לִוְיָתָן — דֶער לִוְיָתָן אִיז גְרֶעסֶער וִויא דֶער שׁוֹר הַבַּר דָאס וַוייס אֲפִילוּ יֶעדֶער קְלֵיינֶער אִינְגֶעל, וָוארוּם דֶער יַם אִיז גְרֶעסֶער פַאר דִי עֶרְד, אוּנ וַוייל דֶער לִוְיָתָן וָואלְט זִיךְ נִיט הָאבִּין אוֹיף דֶער עֶרְד וואוּ אַהִין צוּ טָאן, דַארִיבֶּער הָאט אִים גָאט אַרַיין גִילָאזִין אִין יַם, אוּנ דָאס וָואס דוּ בְּרֵיינְגְסְט דִיא רְאָיָה פוּן לֵאָה, וֶועל אִיךְ דִיר בַּאוַוייזִין בְּפֵירוּשׁ, אַז לוֹ אִיז בְּגִמַטְרִיָא אֵלֶּה, כְּלוֹמַר אַז מֶען וָועט טָאן דִיא אֵלֶּה הַחוּקִים לוֹ יִתֵּן וָועט מֶען אִים גֶעבִּין.

אָבֶּער שׁוֹר אִיז בִּבְחִינַת דוּכְרָא אוּנ בַּר אִיז בִּבְחִינַת רַב, אַז עֶר אִיז גְרֶעסֶער וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט וְרַב יַעֲבוֹד צָעִיר — הָאט גִיזָאגְט שְׁמַעְיָה מִיט זַיין קַבָּלָה:

לָאז מִיר גִימַאךְ מִיט דַיינֶע בְּחִינוֹת אוּנ מִיט דַיינֶע חֲסִידוּתֶע תּוֹרוֹת, אִיךְ וַויים נָאר אַז מֶען וָועט דֶער לַאנְגֶן אַחְתִּיכָה (אַשְׁטִיק) לִוְיָתָן וָועט זַיין גִישְׁמַאק, אוּנ אַשְׁטִיק שׁוֹר הַבַּר וָועט זַיין נָאךְ גִישְׁמַאקֶער, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט פִּיסְקְלָאנִיק:

צוּ וֶועלִין מִיר דָאס נָאר זוֹכֶה זַיין? הָאט גִיזָאגְט שְׁמַעְיָה:

לָאמִיר פְרוּם זַיין, גוּט זַיין, זִיךְ אָנְטָאן סִגּוּפִים (זִיךְ פַּיינִיגִין), לָאמִיר פַאסְטֶען, לָאמִיר וַויינֶען אוֹיף גָלוּת הַשְּׁכִינָה, אוֹיף דִי צַדִּיקֵי הַדּוֹר — אָט וֶועלִין מִיר זוֹכֶה זַיין, הָאט גִיטְרַייסְט פִּיסְקְלָאנִיק:

אוּנ אַזוֹ הָאבִּין זֵייא גִיפֶּערְט גַאנְצֶע נַאכְט, אוּנ אַיינֶער הָאט דֶעם אַנְדֶערְן נִיט אִיבֶּער גִיוָועןן, נָאר אִין דָאס הָאבִּין בֵּיידֶע אַיינְגֶעשְׁטִימְט, אַז דֶעם שׁוֹר הַבַּר וָועט מֶען קָאכִין מִיט פַארְפִיל, אוּנ אִיטְלִיכֶער וָועט זַיין דִי גְרוֹיס וִויא דֶער בַּארְג תָּבוֹר, אוּנ אַז דֶעם יֵין הַמְשׁוּמָּר וָועט מֶען טְרִינְקֶען ת"ק שָׁנִים נָאךְ אַיינַאנְד אוּנ מֶען וָועט נִיט שִׁכּוֹר וֶוערִין:

דִיא בֵּיידֶע הָאבִּין שׁוֹין [illegible] פְרִינַאטָאוָועט צוּא גֵיין זִיךְ טוֹבֵל זַיין אִין מִקְוֶה, אָבֶּער דָא זַיינֶען אַרַיין גִיקוּמֶען טֶעבֶּעלֶע מִיט משֶׁה שְׁנֵייאֶרְן אוּנ הָאבִּין גִיחַאפְּט רֶבִּי שְׁמַעְיָהוּן פַאר זַיינֶע לַאנְגֶע אִין זַיין לֶעבִּין נִיט גִישָׁארֶענֶע פֵּאוֹתִין וָועלְכֶע עֶר פְלֶעגְט טְרָאגִין אוּנְטֶערִין הִיטִיל אוּנ וָואס נָאר צְוַוייא מָאל אִין יָאר פְלֶעגְט עֶר זֵיי אַרָאפּ מַאכִין, אוּנ דָאס אִיז גִיוָועןן שִׂמְחַת תּוֹרָה, אוּנ י"ט כִּסְלֵיו, צוּ לִיבּ דֶעם

רבין

רַבִּין · טְעווֶעלֶע הָאט גִיצוֹיגִין פַאר אַייגֶע אוּנ מֹשֶׁה שְׁנַייאָר פַאר דֶער אַנְדֶערֶע, אוּנ גִינַייט שְׁמַעְיָהוּן עֶר זָאל רוּפִין פִּיקְקְלַאנִיקֶען וִויא מֶען רוּפְט צוּ פִּיקְקְלַאטֶעס; צִיפּ, צִיפּ, צִיפּ! שְׁמַעְיָה הָאט אָבֶער בֶּעסֶער גִילִיטֶען יְסוּרִים אוּנ נִיט מְבַיֵּשׁ גִיוֶועזֶען זַיין בֶּעסְטֶען פְרַיינְד! —

•

עֶטְלִיכֶע טֶעג פַאר דֶער רַייזֶע

דֶער יוֹם טוֹב שָׁבוּעוֹת אִיז גִיוֶועזֶען פְרֵיילִיךְ וִויא מֶען קֶען זִיךְ נָאר פָארְשְׁטֶעלֶען, אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אוּנ אִין פִיל הַייזֶער וואוּ עֶס זַיינֶען נָאר גִיזֶעסִין אַקוֹמְפַּאנְיֶע חֲסִידִים וָואס טֶעוֶועלֶע הָאט דָארְטִין אוֹיךְ נִיט גִיפֶעלְט. הָאט מֶען שׁוֹין גִירָעט וֶועגִן יוֹסֵפִין מִיאוּסֶע זַאכִין, אֲפִילוּ דִי וַוייבֶּער אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ הָאבִּין אוֹיךְ גִישְׁנַאטֶערְט וִויא דִי גֶענְז אוּנ דֶער צֵיילְט וָואס עֶס צוּ טוּט זִיךְ מִיט גָאלְדֶעס קִינְדֶער אִין כְּלַל, אוּנ מִיט אִיר נַייעֶס לֶעהְרֶער בִּפְרַט, מֶער וִויא אִין אַלֶע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים. אוּנ מֶער וִויא אַלֶע ווינְקְלֶען הָאט גִיאוּזֶעט דֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אִין דֶעם ווינְקֶעל וואוּ דְבוֹרָה בַּאסֶע דִי שֵׁיינְקֶערִין הָאט גִידַאוֶונְט. אוּנ דֶער גַאנְצֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ וַוייבֶּער הָאבִּין אִיר אַזוֹ צוּ גִיהֶערְט, אַז זֵייא הָאבִּין צוּ לִיבּ אִיר פַאר הֶערְט דִי הֵיילִיגֶע קְדוּשָׁה, אוּנ הָאבִּין נָאר אוֹסְפֶּעיְט צוּא יִמְלוֹךְ דֶעם לֶעצְטֶען שְׁפְּרוּנְג צוּ טָאן. — צוּם לַייעֶנֶען, הָאט זִיךְ אִין דִיא מַאנֶעשֶׁע שׁוּל גִיהֶערְט אַזוֹ אַגֶערוּיש פוּן דֶער וַוייבֶּערְשֶׁע שׁוּל, נָאךְ מֶער וִויא דֶעם שַׁבָּת פוּן רֹאשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְצֶען, אוּנ דִיא מַאנְשַׁלַייט הָאבִּין גִיפּוּיְקְט אוּנ גִיקְלַאפְּט אִין וַואנְט, גֶעפַּאצְט דִי סְדוּרִים · זֵייא זָאלִין שְׁטִילֶער וֶוערִן, עֶס הָאט אָבֶער נִיט גִיהָאלְפִן, אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ גוּפָא הָאבִּן זִיךְ גִיקְלִיבִּן רֶעדְלִיךְ אִין אַלֶע ווינְקֶעלַאךְ, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גִיהֶערְט דֶער נָאמֶן, גָאלְדֶע, פְרִידְמַאן, גָאלְדֶע אוּנ פְרִידְמַאנְס מֵיידֶעל.

בַּייא חַיִים אַבְרָהָם נוֹטְמַאנְס אֵיידִים זַיינֶען גִיזֶעסְן אַגַאנְצֶע קָאמְפַּנְיֶע הָאלְבּ שִׁכּוֹרֶע חֲסִידִים אוּנ מֶען הָאט גִיגֶעסִין אוּנ גִיטְרוּנְקֶען, אוּיס גֶעקֶערְט דִי פַּאטוּנִיצֶע אִין שְׁטוּבּ אוּנ זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּן צוּא גְלִיצֶען, אוּיס גִיקֶערְט דִיא סוּרְדוּקֶען מִיט דִיא הִיטְלֶען אוֹיפִן לִינְקֶען זַייט, אוּנ גִישְׁרִיעֶן אוּנ גִיטוּמֶעלְט אַגַאנְצֶען טָאג, אוּמְזִיסְט הָאט חַיִימְס וַוייבּ גִישָׁאלְטְן אוּנ גִיבֶּעטְן דֶעם מַאן מֶען זָאל אִיר נִיט פֶערְשְׁטֶערֶען אִיר יוֹם טוֹב, עֶס הָאט אָבֶער נִיט גִיהָאלְפִן, וָוארוּם דֶער חַיִים אַלֵיין אִיז גִיוֶועזֶען אַיין אוֹפְגִיקוּמֶענֶר נָגִיד, זַייעָר אַיין עֶרְלִיכֶר בְּרַאוֶוער אִיד, אוּנ הָאט נִיט גִיקֶענְט אַרוּיס טְרַייבִּן אִיבֶּער גְוַואלְד דִיא נָאר אוּנְגֶעבֶּעטֶענֶע גֶעסְט, דִיא וַוייבּ אָבֶער הָאט גִיזֶעהֶן אַז דָאס הֶעלְפְט נִיט אִיז זִיא אַוֶועק גִילָאפִּן אוּנ גִיבְּרַאכְט אִיר פָאטֶר אַבְרָהָם נוֹטְמַאנְס, דָאס אִיז גִיוֶועזֶען אַאַלְטֶער אִיד אַהוֹיכֶער אוּנ אַבֵּייזֶער, אָבֶער מִיט אַגַאנְץ גְלַייכִן אוּנ רֵיינֶעם כַארַאקְטֶער, עֶר אִיז אֲפִילוּ אַלֵיין אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַחָסִיד, אָבֶער דִיא חֲסִידִים מִיט זֵייעֶרֶע בַּאהַאלְטֶענֶע תּוֹרָה הָאט עֶר פַיינְט גִיהַאט, עֶר אִיז אַרַיין אוּנ גִיפוּנֶען גָד דֶעם זָעקְצַארְנִיק, מֹשֶׁה שְׁנַייאָרִן, טֶעוֶועלֶען, שְׁמוּאֵל יוֹסֵף דֶעם מְלַמֵּד, יוּדֶע דֶעם שַׁמָשׁ, הָמָן דֶעם שְׁנִיט קְרֶעמֶר, הִלֵּל זְבוּלוּן, לַייזֶער מָאשֶׁעס, פַייוֶועשׁ דֶער מִילְכְטְרֶעגֶער, אוּנ נָאךְ פוּן זַייעָר חֶבְרָה, פַארְן אַלְטִין

האבּן זייא ניט אַזוי פיל בּוּשה וויא מוֹרא גיהאַט, אונ האבּן זיך צוּ זעצט ווייא דיא סמאטקעס אונ נאָר דער צײלט ניִיעס, אונ פריער גיבּעטען מחילה משה שניייארן ער זאל קיין פאר איבּעל האבּן, וואס אין דיא נייעס וועט אריין גימיסט ווערן זיין שווערם אקינד.

נישקשה! האט משה שניייאר גיענטפערט, איין אמת מאג מען זאגען האץ אויף איין איינענעם פאטער — רעט וואס איר ווייסט איך וועל אייך אליין מודה זיין, וואס עס וועט נאר זיין אמת —

טעוועלע האט אנגעהויבּין צוא דער צײלין, אונ מיט טויזינט חסידותע ווערטליך, אדער פראסטע גראבּע רייד, דער צײלט, וואס ער ווייס פון גאלדעס יוסעפן אונ וואס נאך זיין יושר קומט אויס, אז מען זאל אזוי איונגאץ וואס האט אויף אזוי פיל קיין גאט אין הארצען ניט — ארויס טרייבּען פון פארשטעטעל, אדער לכל הפחות אים שיקען רופען צום מורה הודאה! ער זאל אויף זיך נעמען איין תשובה:

דער אלטער האט זיך דאס גוט איינגעהערט מיט פערבּיסענע ליפּען, אונ אז טעוועלע האט זיין ראזקאז גיקאנצעט האט ער זיך אויף גיהויבּין אונ אגישרייא גיטאן:

אך יונגאץ! דו אכבּראס, דו הולטייאיסקע, דוא אפּיקורוס, דוא טרייפנאק! דו וועסט ריידען אויף דעם יונגען מאן, אויף יוסעפין וואס איר אלע זייט זיינע קויט פון אונטער זיינע נעגעל ניט ווערט, אך איר הולטייעס, ארויס פון דאנען, אייער פוס זאל דא ניט זיין! ארויס איר פּיאניצעס, איר קאטערזניקעס, איך וועל אייך ווייזין ריידין רכילות בּייא מיין קינד אין שטוב, מוציא לעז זיין אויף אאידישע טאכטער, אויף אזוי אערליך קינד? איך וועל דעם רב דעם פּתי דיא בּאקען צו פּאצין! אונ בּייא דיא רייד האט ער אחאפּ גיטאן טעוועלען פאריִן האחאל אונ ארויס גיטאשצעט אים דורכין טיר, טעוועלע איז עפּיס אזוא דער שראקען גיווארין, אז ער האט אפילו ניט אוספּעיעט זיך אפּ צוא בּארין אונ איז נעבּיך גיבּליבּען אונטעריִן טיר, די איבּריגע חסידים זיינען דורך דורכין פענסטער אונ פון דעסטווועגין אוועק אין אנדערע ערטער זינגינדיג אונ טאנצענדיג —

נוא א אבשניט! האבּין זייא אלס איבּער גירעט נאך דעם אז זייא האבּין זיך בּדאכט דעם פּסק וואס זייא האבּין דא גיהאט, אונ אזוא זיינען זייא פאר בּייא גייענדיג אריין גיגאנגען צוא זאכאר דעם גיטויפטין צוא ליב המן דעם שניט קרעמער, וואס איז גיגאנגען גוט יום טוב בּיטען זיין עלטערין בּרודער, האץ אגיטויפטער, אבּער האט דאך איין אפענע האנט, אונ איז פארט אמאל גיוועזן אחסיד, אונ נאך עד היום שיקט ער אונ זיין ווייב דיא גראבּע העלענא פּדיונות צום רבּין, אונ פאר וואס טאקע זאל מען בּייא אזוי גיט מאכען אכוס! אונ דיא גאנצע קאמפּאניע זיינען אריין נאך רבּי המן:

בּייא פרידמאנען אין שטוב איז אויך גיוועזען שמחה וששון, אבּער דארטין איז דאס גיוועזען אויף אגאנץ אנדער אופן, דיא קינדער זיינען גיוועזען גליקליך, אונ די עלטערן

עֶלְטֶערְן הָאבְּן זִיךְ דֶער מִיט גֶעפְרַייט , יוֹסֵף הָאט דֶעם יוֹם טוֹב גִיהַאט כָּבוֹד פוּן אַלֶע אוֹרְחִים וְויא נָאךְ קַיין מָאל , עֶס טְרֶעפְט צַייטֶען בְּעֵת דָאס הַארְץ אִיז צוּ פְרִידְן, בְּעֵת מֶען פִילְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ , אִיז דַאמָאלְס אוּנְזֶער קוֹל אוּנ וָוערְטֶער רֵיינֶער אוּנ זִיסֶער , יוֹסֵף הָאט אוֹיסְגֶענוּמֶען אִין אַלְס וָואס עֶר הָאט גִירֶעט , דִיא אוֹרְחִים הָאבְּן אִים אוֹיף דִיא הֶענְט אוּמְגֶעטְרָאגֶען אוּנ אַלֶע הָאבִּין גִיטְרוּנְקֶען צוּ אִים לְחַיִּים , רַבִּי יִצְחָק הָאט אַמָאל אִין טִישׁ גִיטְרוּנְקֶען לְחַיִּים פַאר יוֹסֵפִּין אוּנ פַאר רָאזֶען , אוּנ גִירֶעט זַייעֶר אַהִיפְשֶׁען טָאסְט פַאר דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער , אוּנ הָאט גִימַאכְט אַז יוֹסֵף הָאט גִימוּזְט טְרִינְקֶען פַאר רָאזֶען אוּנ רָאזֶע פַאר יוֹסֵפְן , אוּנ מִיט זַיינֶע וְויצֶען הָאט עֶר זַייא נִיט אֵיין מָאל גִיגֶעבִּין אָן צוּ הֶערֶענֶם אַז עֶס אִיז שׁוֹין דֶער שִׁידוּךְ כִּמְעַט גִישְׁלָאסְן , פְרִידְמַאן אַלֵיין הָאט יוֹסֵפִּין אַרוּם גֶענוּמֶן אוּנ אִים גִיקוּסְט מִיט טְרֶערֶען , אוּנ דֶער נָאךְ דָאס אַייגֶענֶע גִיטָאן זַיין רָאזֶען , בַּיין טִישׁ אִיז גִיזֶעסְן פְרִידְמַאן אוֹיבֶען אָן דֶער נָאךְ יוֹסֵף , נָאךְ יוֹסֵפְן אִיז גִיזֶעסֶען רוּחָמְקֶע וָועלְכֶע עֶס הָאט מִיט קַיין אַנְדֶערְן זִיךְ נִיט גִיוָואלְט זֶעצִין מֶער נִיט וְויא מִיט יוֹסֵפִּין אוּנ אוֹיף אִים גִיקוּקְט וְויא עֶר נֶעמְט יֶעדֶען בִּיסֶען אִין מוֹיל , וָואס אַלֶע אוֹרְחִים הָאבֶּען אִיר נִיט גִיזָאגְט אַז זִיא אִיז שׁוֹין קַיין קְלֵיין קִינְד נִיט מֶער , אוּנ פַאר אִיר פַּאסְט שׁוֹין נִיט אַזֶעלְכֶע אָפֶּענְקַייט מִיט יוֹסֵפִּין , זִיא הָאט אָבֶּער קַיינֶעם גִיהֶערְט , וָוארוּם זִיא הָאט גָאר נִיט פַארְשְׁטַאנֶען : „פַאר וָואס פַּאסְט עֶס נִיט ?“ זִיא הָאט יוֹסֵפִּין גֶעלִיבְּט וְויא אַבְּרוּדֶער , אוּנ הָאט אִים גָאר אַנְדֶערְש נִיט גִיהַאלְטִין , פַאר וָואס זָע זָאל זִיא זִיךְ שֶׁעמֶען צוּ זָאגִין , אָדֶער צוּ בֶּעוַוייזֶען זִיךְ אַז זִיא לִיבְּט אִיר בְּרוּדֶער ?

יוֹסֵף מִיט רָאזֶען הָאבִּין צַייט גִיהַאט צוּ רַיידֶען , עֶרְצַיילֶען זִיךְ וָואס זַייא הָאבְּן אוֹיסְגֶעלִיטֶען . בִּיז זַייא זַיינֶען עֶנְדְלִיךְ גִיקוּמֶען צוּ דִי עֶרְקְלֶערוּנְג — מִיר וָואלְט נָאךְ אָבֶּער בֶּעסֶער זַיין , הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט אַמָאל רָאזֶען , אַז אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן זָאלְן וִויסֶען פוּן אַלֶץ , דֶען מֶען מוּז פַאלְשׁ זַיין מִיט דָאס בֶּעהַאלְטֶענֶע — אוּנ דָאס אִיז מִיר שְׁוֶוערֶער וְויא אַלֶץ ! —

נָאךְ פַאר נַאכְט פוּן דֶעם זֶעלְבֶען טָאג אִיז יוֹסֵפְס וואוּנְשׁ עֶרְפִילְט גִיוָוארֶען , פְרִיהֶער הָאט אִים רַבִּי יִצְחָק פְרִיגַאטָאוֶועט , אַז גָאלְדֶע וִויל מִיט אִים וְויכְטִיגֶעס רַיידֶען , אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט אִין וָואס דָאס בֶּעשְׁטַייט — בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז גָאלְדֶע צוּ אִים צוּ גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִים גִינוּמֶן מִיט זִיךְ אִין סָאד , אוּנ הָאט אִים מִיט טְרַייהַייט אוּנ קְלוּגְהַייט עֶרְצֵיילְט , אַז זִיא וַויים פוּן אַלֶץ , אוּנ אַז זִיא הַאלְט דָאס פַאר דֶעם גְרֶעסְטֶען גְלִיק , וָואס רָאזֶע הָאט זִיךְ גְרָאד פֶערְלִיבְּט אִין אִים וָועלְכֶען , זִיא וָואלְט אַלֵיין אוּנְטֶער טוֹיזֶענְדֶער אוֹיס גִיקְלִיבִּין ! —

דוּא בִּיזְט פוּן הַיינְט אָן מַיין קִינְד ! הָאט גָאלְדֶע גִיזָאגְט אוּנ אִים אַקוּס גִיטָאן — זַייא מִיר אַעֶהְרְלִיךְ קִינְד , וְויא אִיצְט — אוֹיף דֶער וָועלְט אוּנ יֶענֶער וָועלְט ! —

יוֹסֵף הָאט קַיין רֵייד גִיהַאט — עֶר הָאט נָאר גִיקֶענְט זַיינֶע שֵׁיינֶע אוֹיגֶען , וָועלְכֶע עֶס זַיינֶען פוּל גִיוֶוען טְרֶערְן , אוֹיף הֵייבִּין צוּם הִימֶל . גָאלְדֶע הָאט דֶעם אֵיינְגִינְסְטֶען דַאנְק גִיפִילְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט !

בֶּעט נָאר פַאר מִיר , לִיבּ קִינְד עֶר זָאל מִיךְ עֶרְהַאלְטִין פַר אַייךְ .

יוֹסֵף

יוסף האט גינומען דער מוטערס האנט אונ האט אקוס גיטאן.

נאך עפיס, מיין קינד מוז איך דיר זאגין — אונז גיפעלט זייער וואס דו ווילסט פארן מיט רבי יצחקין, נוייל עס איז קיין תכלית זיך דא וואלגערן, אין פארשטעטיל וואס קען מען דא לערנען? — גלויב מיר, אונז אלעמען וועט שווער זיין צו שיידין זיך מיט דיר, האץ אויף אקורצע צייט, אונ ראזע וועט דאך גיווים ליידין, וויא אטרייע מוטער, וואלט איך וועלין דעם פערגניגען האבין אייך גליקליך זעהן פר מיינע אויגין — אבער דו ביזט נאך יונג אונ קענסט דעם ערסטין מאל אליין אין פעטערבורג ניט פארין — איצט מוזט דוא זיך פארטיג מאכין צוא דער רייזע — דיא טעג וועט רבי יצחק פארן — איצט מיין זאהן קענסט דו גיין צו דיין ראזען, איר דאס אנזאגין — גיי, איך פערגין דיא בשורה דיר! —

יוסף איז אוועק צו ראזין — ער האט זיא גיפונען טועענדיג איין ארבייט —

גוטין אבענד! ראזע, האט יוסף גיזאגט.

גוטין אבענד, מיין ליבער יוסף, האט ראזע גיענטפערט, וואס האסט דוא מיר גיבראכט, איך זעה אויף דיר דוא האסט עפיס צו זאגין —

זייער פיל, ליבע ראזע, איך ווייס ניט וואס פריער דיר אנצוזאגין —

טא רייד ארויס אלץ מיט אמאל, האט ראזע גיזאגט מיט איר ליבן שמייכל — אונזער ליבע איז אונגישטערט, ליבע ראזע.

איך האב דארין ניט גיצווייפעלט, יוסף, דאס איז מיר קיין נייעס!

נו זעהסט דו, איך האב גיזאגט, איך ווייס ניט פון וואס אנצוהויבין ראזע, אבער דאס איז א נייעס, אונזערע ליבע איז איינגיוויליגט פון אונזערע עלטערין, אונזער מוטער האט מיר איצט אלץ ערקלערט — אונ מיר פערגינט, דיר דאס אן צוא זאגין —

א וועה קען נאך מיין מוטר, איר גראסע ווירדע וויא איך! האט ראזע גיזאגט, אונ ווער האט נאך אזא פערשטענדיגע טרייע מוטער וויא מיר האבין, יוסף! קום, לאמיר איר דאנקען!

ראזע, דעם דאנק, קענען מיר איר זאגין אין אונזער הארצין — איצט מוז איך דיר איבער געבין א וויכטיגערע נייעס — הער, ביי מיר אין קאפ מישט זיך שוין לאנג א גידאנק, וועגין דעם, וואס איך פערשווענדע מיינע גאנצע כחות אויף ניט וויכטיגעס, דאס הייסט, ניט אויף אזא וויסענשאפט וואס קען מיר מאכין אגוטע קאריערע אין דער וועלט — איך לערין איסטאריע, נאטור וויסענשאפט, לעז זיך אן אריבער אונ אריבער, פון אלע וועלט וויסענשאפטין, אונ פרעג ביי מיר, איך זאל דער פון קענען עפיס בענוצין, האב איך ניכטס — דאריבער איז ביי מיר גיבליבין איינמאל פאר אלע מאל, איך מוז נעמען זיך פאר עטוואס ספעציעלעס, פון וואס איך זאל מיין ברויט פערדינען קענען, איצט האט זיך מיר גיטראפין, איך קען קריגין אשטעלע וואו צו לערנען גישעפט, רבי יצחק וויל מיך נעמען צוא זיך אין פעטערבורג, אונ ביי אים אין קאנטאר, זאגט ער, וועל איך דער לערנען די בוכהאלטעריע, אונ פר אשטעלע איז שוין נאכהער ניטא וואס

צו

צו זָארְגִין —- אַייךָער אִיךְ הָאבּ אִים גִיזָאגְט מַיין רֶעשֶׁעגָיע, מֶעלְדֶע אִיךְ עָס דִיר, אונ פְרָעג, וָואס הֵייסְט דוּא מִיר?

יוֹסֵף! הָאט רָאזָע גִיזָאגְט אונ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ וֵויינֶען.

זַייא דָאךְ אַמֶענְטְשׁ, רָאזֶע, דוּ בֶּעדַאכְט זִיךְ, אַז אִיךְ פְרָעג בַּיי דִיר עֶרִינְסְט, וַוייל אִיךְ דַארְף אָן דַיין ווִילִין נִיכְטְס טָאן —

יוֹסֵף, הָאט רָאזָע גִיזָאגְט זַיין הַאנְד אָנְגֶעמֶענְדִיג, יוֹסֵף וֶוען דוּא גִיבְּסְט מִיר דָאס רֶעכְט, וָועלְכֶע דוּ הָאסְט בִּיז אִיצְט אַלֵיין גִיהַאט אוֹיף זִיךְ — זָאג אִיךְ דִיר דוּא זָאלְסְט פוּן הִיא נִיט פָארְן — אִיךְ צִיטֶער פַאר דֶעם גִידַאנְק —

זַיי קַיין קִינְד, רָאזֶע, דוּא וֵוייסְט, אַז עָס וֶועט שׁוֹין בַּאלְד קַיין צַייט זַיין וָוען דֶעם צוּ רֵיידִין, מִיר מוּזִין אִיצְט רֵיידִין אונ אָבְּרֵיידִין, רַבִּי יִצְחָק פָּארְט דִיא טֶעג אַוֶועק, אִיךְ מוּז מִיט אִים פָארִין, גִינוּג קִינְדֶערְס זַיין, רָאזֶע! —

קִינְדֶערְס זָאגְסְט דוּא, יוֹסֵף? אִיךְ קֶען מִיט דִיא קַאלְטֶע וֶועלְט נִיט צוּ פְרִידֶען זַיין, אִיצְט יוֹסֵף, וָואלְט אִיךְ נָאךְ וָועלִין זַיין אַקִינְד, נָאךְ וָועלִין יוֹסֵף, הָאץ נִיט דֶר מָאגֶן יֶענֶע פְרִיהְלִינְגְס ווִינְטִין אונ אוּנְוֶועטֶערְן, וָועלְכֶע עָס בְּרֵיינְגֶען דֶעם וַוארֶעמֶען זוּמֶער אִיצְט אִין אוּנְזֶער פְרִילִינְג! נָאר לֵיידֶער גִיבּ אִיךְ מִיר מִיהֶע דִיךְ וָוערְט צוּ זַיין, אונ זוּךְ נִיט נָאר דִיר צוּ גִיפֶעלִין — זָאנְדֶערְן אוֹיךְ דַיינֶע נִיט קִינְדֶערְשַׁקַייט, דַיינֶע עֶרִינְסְט אונ פִילָאזָאפִּי זָאל מִיר אוֹיךְ גִיפֶעלִין ווִיא דוּ אַלֵיין — יוֹסֵף אָבֶּער אַלֶץ הָאט דָאךְ צַייט! אִיךְ וֵוייס, מֶען דַארְף אַמָאל לֶעבִּין אונ אַז מֶען גְרֵייט נִיט אָן פוּן בֶּעצֵייטֶענְס הָאט מֶען נִיט — יוֹסֵף, אָבֶּער צוּא אַזַא עֶרִינְסְט ווִיא דַיינֶער, מוּז מֶען צוּ פְרִיא אַלְט וָוערְן!

פַאר קֶערְט, לִיבֶּע רָאזֶע, דִיא פְרִיעֶרְסְטֶע מֶענְטְשִׁין זַיינֶען גִיוֶועזֶען קִינְדֶער בִּיז דֶער עֶלְטֶער, אונ הָאבִּין ווִיא קִינְדֶער קַיין רֶעכְטִין בֶּעגְרִיף גִיהַאט קַיינְמָאל פוּן לֶעבִּין, מִיר מוּזִין אַבִּיסִיל אוּנְזֶער קִינְדְהַייט פֶערְקִירְצִין, אוּם אוּנְזֶער יוּגֶענְד צוּא פֶערְלֵיינְגֶערְן — שְׁטֶעל זִיךְ פָאר: וָואס וָועלְן מִיר טָאן אַז מִיר וֶועלְן דַארְפִין אַלֵיין פִירְן אוּנְזֶער וָועלְטִיל? — פַאר לַייעֶן דָאס גֶעלְט אוֹיף פְּרָאצֶענְט, ווַייל אִיךְ נִיט — רָאזֶע, הָאבּ אִיךְ נָאר דָאס רֶעכְט דַיין פְרַייהַייט צוּ נֶעמֶען ווִיא לַאנְג אִיךְ בִּין אַלֵיין נִיט אַ זָעלְבְּסְט שְׁטֶענְדִיגֶער מֶענְטְשׁ? — — אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר — דִיר אִיז שְׁוֶוער מִיט מִיר זִיךְ אִיצְט צוּ שֵׁיידִין — אָבֶּער דֶעם מֶענְטְשִׁינְס גַאנְצֶער לֶעבִּין אִיז אַרַייעֶ פוּן אוּנְטֶערְדִיקוּנְגֶען אונ עָנְטְבֶּערוּנְגֶען — הַיינְט לָאזִין מִיר זִיךְ גִיפַאלִין דָאס נֶעגִין אוּנְזֶער נֵייגוּנְג אונ נַאטוּר, מָארְגִין אָן יֶענְס — מִיר בֶּעהַאלְטִין אוּנְזֶערֶע גִיפִילֶען אונ זָעלְבְּסְט אוּנְזֶערֶע גִידַאנְקֶען פוּן דֶער וָועלְט, מִיר לַאכִין אָפְט ווִיא מִיר זַיינֶען מֶער בֶּעוֶועגְט אונ גִינֵייגְט צוּם וֵויינֶען — אונ דָאס זָעלְבֶּע פֶערְקֶערְט, גִיבּ גָאט, לִיבֶּע רָאזֶע, דָאס דִיזֶע עָנְטְבֶּערוּנְג זָאל אוּנְז זַיין דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע אוּנְד לֶעצְטֶע אִין אוּנְזֶער לֶעבִּין — וָואס דֶען מַיינְסְט דוּא, מִיר לֶעבִּין אִין אַזַא דוֹר, וָואס מִיר מוּזִין אַלְט וָוערִין פַאר דֶער צַייט — מִיר לֶעבִּין אָבֶּער דַאגֶעגֶען אִין אַזַא צַייט, וָואס דֶער מֶענְטְשׁ הֵייבְּט אָן צוּ פִילְן, דָאס מִיר דַארְפִין אַנְדֶערְס הַאנְדְלֶען ווִיא

אתזערע

אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין , מֶען מוּז זִיךְ אַמוּז מַאכִין אָן דֶעם גֵייט עֶס נִיט , הָאץ מֶען הָאט אַמָאל גִיזָאגְט ; „קֵיין מֶענְטְשׁ מוּז מִיכִין״ !

דֶעם „מוּז״ טוּא אִיךְ מִיר הַיינְט , אוּנ בֶּעט דִיר לִיבֶּע רָאזֶע , „מוּז״ דוּא אוֹיךְ אוֹיף אַיין קוּרְצֶע צַייט זַיין גִישַׁיידֶען מִיט מִיר , בֶּעגִיבּ זִיךְ אִין גוּטֶע הָאפֶענוּנְג , מֶען זָאגְט : אַז דִיא עֶנְטְפֶערְנוּנְג מַאכְט נָאךְ דִיא לִיבֶּע שְׁטַארְקֶער — זַיי גִיטְרַייסְט הָאץ מִיט אַזַא פוּסְטִין וָועלְט שְׁפְּרוּךְ — אָ טַייעֶרֶע לִיבֶּע רָאזֶע , אוּנְזֶער לִיבֶּע קֶען שׁוֹין נִיט שְׁטַארְקֶער זַיין וִויא זִיא אִיז !

רָאזֶע אִיז אִים אוֹיפִין הַאלְז אַרוֹיפְגִיפַאלִין , אוּנ בִּיטֶער גִיוַויינְט — אָ לִיבֶּער יוֹסֵף , הָאט זִיא קוֹים אַרוֹיס גִירֶעט , וִויא לַייכְט מִיר וַויינְט זִיךְ אִיצְט ! — וִויפִיל טְרֶערִין אוּנ וִויפִיל זִיפְצִין דוּ קָאסְט מִיר , אָ גָאט , וָואס אִיז דִיא לִיבֶּע , אִיזְט זִיא וִוירְקְלִיךְ אַזַא בְּלוּם וָואס וַואקְסְט נוּר אוֹיף טְרֶעהְרִין אוּנ לַיידִין ? ; מַיין יוֹסֵף , טְרַייסְט מִיךְ נִיט , אִיךְ קֶען נִיט דִיךְ לָאזִין פָּארְן , אוּנ מוּז רֶען נָאךְ ! אִיךְ לֶעבּ אִין אַזַא צַייט , וָואס מֶען מוּז מוּזִין , וָואס מֶען מוּז זִיךְ אַכַּח אָנְטָאן צוּ הַאנְדְלֶען אִיבֶּער דִיא קְרֶעפְטִין חָאץ דָאס הַאֶרְץ רַאסְטֶעט אוּנ צֶערְבְּרֶעכְט אוּנְטֶער דִיא פְרַייהְלִיכֶע מַאסְקֶע וָואס מֶען טוּט אָן אִיבֶּער גִיוַואלְד ! . . . פָּארֶע , לִיבֶּער יוֹסֵף , דוּא וֶועסְט דָאךְ צוּרִיק קָאמֶען — צוּרִיק קָאמֶען צוּ מִיר , צוּ דַיין רָאזֶען ! . . .

יוֹסֵף הָאט אוֹיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין וַויינֶען , אוּנ וֶוער קֶען בֶּעשְׁרַייבִּין זַייעֶרֶע לַיידִין אִין דֶער מִינוּט .

זָאל אִיךְ פָּארִין אוּנ לָאזִין דִיזֶען עֶנְגֶעל אָט דָא אִין לַיידִין , אִין טְרֶערְן , אָדֶער אִיךְ זָאל דָא בְּלַייבִּין , אוּנ דִיא טְרֶערִין זָאל מִיר אִיבֶּערְשְׁוֶועמֶען נָאךְ דֶער צַייט , אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט קֶענֶען זַיי טְרִיקֶענֶען . אָ שִׁיקְזַאל וָואס פַאר אַיין אוֹיפְגַאבֶּע גִיבְּסְט דוּא מִיר הַיינְט ? — הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהַייט —

יוֹסֵף , הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט אִין דֶעם זִיא הָאט אִים גִיזֶעהֶן וִויא עֶר וַויינְט אוּנ וִויא זַיין הֶערְץ אִיז אוֹיפְגִיוָועקְט , אָ יוֹסֵף דוּא הָאסְט מִיר אַמָאל אַלֵיין גִיזָאגְט , אַז פַר דִי טִירִין פוּן דֶעם גַן עֵדֶן שְׁטֵייעֶן בַּייזֶע מַלְאָכִים מִיט זַייעֶרֶע שְׁוֶוערְדִין , דָאס וַוייזְט אַז קֶען קֵיין גְלִיק נִיט זַיין אָהְנֶע בִּיטֶערְנִיס אוּנ שְׁוֶוערֶע מִיה אוּנ פַּיין אַפְרִיעֶר :

יַא , לִיבֶּע רָאזֶע , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , אִיךְ הָאבּ גִיזָאגְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן גְלִיק וַואקְסִין פִיל דֶערְנֶער , אוּנ מִיר קֶעגֶען דֶעם גְלִיק נִיט בֶּערִירֶען אֵיידֶער מִיר וֶועלִין זִיךְ דִיא הֶענְט נִיט צוּ שְׁטֶעכִין , אוּנ הָאבִּין וואוּנְדִין פוּן אוּנְזֶער מִיהֶען זִיךְ דֶעם גְלִיק צוּ דַאקְאזֶען ; אָבֶּער דֶער פַאר אִיז דֶער גְלִיק נָאךְ גְרֶעסֶער ! יֶעדֶע גוּטֶע זַאךְ קוּמְט נִיט גְרִינְג אָן . — רָאזֶע אִיךְ הָאפֶע מַיין וֶועג וֶועט נִיט אַזוֹ שְׁרֶעקְלִיךְ זַיין וִויא אַנְדֶערֶענְס , וִויא עֶס שַׁיינְט אִיז זִיא שׁוֹין הַאלְבּ אוֹיס גִיטְרָאטִין , דִיא טַייכִין וָואס פְלִיסִין נָאךְ דוּרְךְ פַאר אוּנְזֶער גְלִיק זַיינֶען נִיט אַזוֹ בְּרַייט אוּנ וִוילְד וִויא בַּייא אַנְדֶערֶע רַייזֶענְדֶער אִין לֶעבֶּענְס וֶועג , אִיךְ זֶעה דֶער וַוייל קֵיינֶע הוֹיכֶע בֶּערְג אוּנ טִיפֶע גְרִיבֶּער פַאר מִיר ; דֶער וֶועג אִיז קוּרְץ , מִיט גָאטֶעס הִילְף , אוּנ בַּאלְד זַיינֶען מִיר גְלִיקְלִיךְ אוֹיפִין אָרְט ! נִיט זָארְג רָאזֶע , אִין מַיין וֶועג בִּיזְט דוּא מִיר אַיין לִיכְט טוּרֶעם , אוּנ אַוֶועג וַוייזֶער , אִיךְ וֶועל דוּרְךְ דִיר , גִיוִויס נִיט בְּלָאנְדְזֶען ,

אָ זָאל דִיר גָאט אויךְ דִיא שְׁטַארְקַייט צוּ שִׁיקְען , אוּנ דוּא זָאלְסְט גְלִיקְלִיךְ זַיין אוּנ אִיבֶּער דוּלְדֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע צַייט מִיט קְרַאפְט אוּנ מַאכְט ! אִיךְ ווַייס , דִיר בְּלַייבְּט דָא דֶער הָארִין אִין דִיא אוֹיגִין , אִיךְ מַיין משֶׁה שְׁנֵייאָרִין , וָועלְכֶער עֶס יָאגְט אוּנְז אוּנ שְׁטֶעכְט אוּנְז , פַאר קֵיינֶע זִינְד , רָאזֶע נִיט שְׁרֶעק דִיךְ פַאר אִים , גָאט וֶועט אוּנְז נִיט פֶערְלָאזִין , משֶׁה שְׁנֵייאָר וֶועט זֶעהֶן וִויא רֶעכְט אוּנ רֵיין מִיר זַיינֶען גֶעגִין אִים וָועט עֶר אוּנְז דָאךְ אוֹיךְ גוּט וֶוערִין , עֶר אִיז נָאר נִיט אַזוֹ שְׁלֶעכְט וִויא עֶר וַוייזְט זִיךְ אַרוֹיס .

נַיין לִיבֶּער יוֹסֵף ! עֶר אִיז שְׁלֶעכְט , שְׁרֶעקְלִיךְ ! מַיין הַארְץ קֶען נָאר פוּן אִים נִיט טְרַאכְטִין עֶטְוָואס גוּטֶעס ! הָאט נִיזָאגְט רָאזֶע, יוֹסֵף אִיךְ טְרַייסְט זִיךְ נָאךְ דֶער מִיט , וָואס אִיךְ בְּלַייבּ דָא צְווִישִׁין מַיינֶע עֶלְטֶערִין מִיט אִים , וִויא וָואלְט הָלִילָה גִיוֶועִן . אַז דוּא וָואלְסְט דַארְפִין פָארִין אוּנ זִיצִין מִיט אִים צוּ זַאמֶען אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג ? אִיךְ נֶעם אוֹיף זִיךְ אַלְץ אַרִיבֶּער צוּ טְרָאגִין אוּנ זַיין מִיט אִים גוּט , נָאר דוּא זָאלְסְט פְרַייא זַיין פוּן אִים . אָ , עֶס קֶען נִיט זַיין גוּטֶעס אָן שְׁלֶעכְטֶעס ! מִיר וֶועלִין נָאךְ אַמָאל הַיינְטִיגִין אָבִינְט אִין פְרַיידִין דֶער מָאנֶען , נוּט נָאךְ וָואס אוּנְזֶער שְׁלֶעכְטֶם אִיז נִיט אַזוֹ הַארְט , עֶר אִיז נָאר אוּנְז אַקְלֵיינֶער וָואלְקִין פְלֶעק אִין אוּנְזֶער גַאנְצִין רֵיינֶעם לוּיטֶערִין הִימֶעלְס נִיוֶועלְבּ ! אִיצְט בִּין אִיךְ שׁוֹין רוּהִיג , לִיבֶּער יוֹסֵף , אוּנ וִויל זִיךְ שׁוֹין לֶערְנֶען גִיוואוֹנֶען שֵׁיידִין זִיךְ ! דָאס אִיז קֵיין שֵׁיידִין זִיךְ נִיט , יוֹסֵף ! אוּנְזֶער הַארְץ אִיז , אוּנ בְּלַייבְּט אַלְס פֶערְאֵיינְט ! גִיבּ אַהַאנְט , אַז דוּא וֶועסְט מִיר אַזוֹ זַיין וִויא אִיךְ דִיר , יוֹסֵף ! אַז דוּא וֶועסְט מִיךְ אַיין מִינוּט נִיט פֶערְגֶעסִין , וִויא אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְגֶעסִין ! יוֹסֵף הָאט אִיר דִיא הַאנְט נִיגֶעבִּין , אוּנ אִין דִי רֵייד אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען דִיא מוּטֶער וֶועלְכֶע עֶס הָאט אוֹיסְפֶּעיֶעט צוּא הֶערִין זֵייעֶרֶע לֶעצְטֶע רֵייד

מַיינֶע קִינְדֶער ! הָאט דִי מוּטֶער אוֹיסְגִישְׁרִיעֶן , אִין דֶעם אִירֶע גִיפִילֶען הָאבִּין אִיר שׁוֹין נִיט גִילָאזְט אַיינְהַאלְטִין זִיךְ וִויא זִיא הָאט גִיהֶערְט אִיר רָאזֶעס , אִיר לִיבֶּע קִינְדְס רֵייד ! — מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער ! זַייט גְלִיקְלִיךְ , וִויא אִיצְט אוֹיף אַייבִּיג ! אִיךְ פֶערְגִין דָאס אַייךְ , אוּנ וִויל אִיר זָאלְט גְלִיקְלִיךְ זַיין ! אָ , בֶּעט גָאט פַאר מִיר , עֶר זָאל נָאר מִיר מַיין לֶעבִּין עֶרְהַאלְטִין , אוּנ מִיךְ מִיט מַיינֶע אוֹיגִין זֶעהֶען לָאזִין , וִויא אִיר זַייט גְלִיקְלִיךְ ! נִיט שֶׁעמְט אַייךְ בֶּעסְטֶע טְרַייעֶסְטֶע קִינְדֶער , דֶער מִיט ! אַייעֶר מוּטֶער אִיז אוֹיךְ אַמָאל יוּנְג גִיוֶועִן אוּנ גִיוָואלְט גְלִיקְלִיךְ זַיין , אָבֶּער יֶענֶע יָארִין זַיינֶען אַנְדֶערֶע גִיוֶועִן , אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט מַיין גְלִיק אָן נֶעמֶן , ווַייל מַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא , גָאט צָאלְט מִיר אָפּ מִיט מַיינֶע קִינְדֶערְס גְלִיק אָנְשְׁטָאט מַיין דַאמָאלְס עֶרְוואוּנְשֶׁענֶעם גְלִיק , אוּנ אִיךְ בִּין אִיצְט מִיט אַייךְ גְלִיקְלִיךְ , וִויא אִיךְ חָאבּ מִיר בֶּעסֶער נִיט גִיוואוּנְשֶׁען ! בַּייא דִי רֵייד הָאט זִיא אַרוּמְגִינוּמֶען אִירֶע לִיבֶּע קִינְדֶער וֶועלְכֶע עֶס וַוארִין וִויא דִי צוּ מִישְׁטֶע פוּן אִירֶע טְרַייעֶ רֵייד , אוּנ הָאט זֵייא בֵּיידִין שְׁטַארְק גִיקוּסְט , דִיא קִינְדֶער זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען וִויא דִיא שְׁטוּמֶע, זֵייא הָאבִּין זֵייעֶר הַייסִין דַאנְק אַרוֹיס צוּ בֵּיידִין קֵיין וֶוערְטֶער גִיהַאט —

פֶערְצַייא אונְז , לִיבָּע מוּטֶער , הָאט עֶנְדְלִיךְ רָאזָע גִיזָאגְט דֶער מוּטֶערְס הַאנְט קוּסֶענְדִיג — מִיר הָאבִּין דַיין טְרַייהַייט צוּ אוּנְז אִין גַאנְצִין נִיט גִיקֶענְט , אוּנ מִיר הָאבִּין פוּן . דִיר אַזוֹ פִיל נִיט פֶערְלַאנְגְט , נָאט הָאט אוּנְז פֶערְבּוּנְדִין , בַּייא אִים הָאבִּין מִיר , בִּיז אִיצְט , אוּם פֶערְצַייהוּנְג גִיבֶּעטִין , וָואס מִיר מוּזִין פוּן דִיר אוּנְזָר גְלִיק פֶערְשְׁווַייגִין !

זֶעט זָע לִיבָּע קִינְדֶער . אַז אַמוּטֶערְס הַארְץ אִיז אַנְבִיא , אוּנ פִילְט אוּנ זַיים וָואס אִירָע קִינְדֶער טְרַאכְטִין אוּנ דַאכְטִין , אִיצְט מַיין לִיבֶּער יוֹסֵף , שֶׁעם זִיךְ נִיט פַאר דַיין מוּטֶער , אוּנ דוּא קֶענְסְט אִיר שְׁוָוערִין טְרַייהַייט אִיךְ וִויל עֶס אוֹיךְ , יוֹסֵף הָאט גִישְׁוָואוֹרִין רָאזִין טְרַייא צוּ זַיין וִויא לַאנְגֶער וָועט לֶעבִּין ! —

אִיצְט בִּין אִיךְ שׁוֹין אִין גַאנְצִין גְלִיקְלִיךְ , הָאט גִיזָאגְט דִיא מוּטֶער ; מֶער פֶערְלַאנְג אִיךְ נִיט פוּן דִיר לִיבֶּער גָאט ! דוּא הָאסְט מִיךְ גִיוָוירְדִיגְט , מַיין אַמָאל גִיווִינְשְׁטִין גְלִיק אָן מַיינָע קִינְדֶער גִיווִיזִין , אָ , אִיךְ דַאנְק דִיר דֶער פַאר ! דוּ הָאסְט דָאס נָאר מִיר מִיט אַבִּיזָן דַאמָאלְס דָאס גֶעפִיל אִין מַיין הַארְצִין גִיגֶעבִּין , כְּדֵי אִיךְ זָאל פִילִין מַיינָע לִיבָּע קִינְדֶערְס גְלִיק , עֶרְהַאלְט מִיךְ נָאר פוּן זַייעֶרְט וֶועגִין הַיילִיגֶער פַאטֶער ;

אַךְ מוּטֶער טַייעֶרָע ! הָאט רָאזָע גִיזָאגְט , אִיךְ וִויל דָאךְ גַיין צוּם פָאטֶער , אִים דַאנְקֶען פַאר זַיין בְּרָכָה וָואס עֶר גִיט אוּנְז !

נַיין , מַיין לִיבּ קִינְד ! דוּ דַארְפְסְט אִים נָאר דַיין דַאנְק אִין דַיין אֵייגֶענֶם הַערְצְן זָאגִין , דוּא קֶענְסְט דָאךְ דַיין פָאטֶער , עֶר אִיז אַלְטְמָאדִישׁ , אוּנ בַּייא אִים קֶען עֶס אוּיס קוּמֶען מָאדְנֶע , אַז דוּא וֶועסְט אִים זָאגִין דוּ דַאנְקְסְט אִים פַאר יוֹסֵפִין , מִיר דַארְפִין אוֹיף אִים קַיין פַאר אִיבֶּעל הָאבִּין וָואס עֶר פִילְט נִיט וָואס מִיר , אִיר ווייסְט מַיינָע לִיבָּע קִינְדֶער , אַז אַזוֹ וִויא עֶר הָאבִּין אָבְּגִילֶעבְּט אוּנְזֶערָע עֶלְטֶערְין אוּנ אַסַךְ דוֹרוֹת . נָאךְ עַד הַיּוֹם קְרִיגְט אִיר גַאנְצֶע מִילְיָאנֶען מֶענְטְשִׁין , וָואס בַּייא זַייא ווייזְט דָאס אוּיס פְּרֶעמְד אוּנ אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ , עֶס וֶועט נָאךְ אִיבֶּרִיגֶענְס זַיין צַייט אִים צוּ דַאנְקֶען , אוּנ דוּ יוֹסֵף דוּ וֶועסְט דָאךְ אִים בֶּעדַאנְקֶען פַר זַיין חֶסֶד , וָואס עֶר וִויל דִיר אָנְהוֹיבִּין צוּא ווייזֶען , פַאר זַיין אִינְטְרֶעסִירִין זִיךְ וִויא דִיךְ פַאר אַמֶענְטְשׁ צוּא מַאכִין , עֶר וִויל מִיט דִיר רֵיידִין , גַייא צוּ אִים לִיבּ קִינְד ! מָארְגִין וֶועסְט דוּא דָאךְ דַארְפִין פָארִין , דוּא ווייסְט דָאךְ אַז רַבִּי יִצְחָק קֶען אוֹיף דִיר נִיט וַוארְטִין :

אַךְ מוּטֶער ! פַר וָואס מוּז עֶר פָארִין אַזוֹ אוּנְגֶערִיכְט ? פַאר וָואס הָאט מֶען דָאס אוּנְז פְרִיעֶר נִיט גִיזָאגְט ? מִיר וָואלְטִין זִיךְ דָאךְ גְרִינְגֶער שֵׁיידְן קֶענֶען !

זָעהְסְט דוּא מַיין לִיבּ קִינְד , דָאס אִיז דָאס אֵייגֶענֶע וָואס אִיר הָאט מִיר נִיט פְרִיעֶר גִיזָאגְט אַז אִיר זַייט גְלִיקְלִיךְ , מִיר הָאבִּין זִיךְ נִיט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען ! אָבֶּער יוֹסֵף פָארְט דָאךְ נִיט אַוֶועק — מִיט גָאטֶעס הִילְף — אוֹיף טוֹיזִינְד יָאר , אי״ה אוֹיף סֻכּוֹת וָועט עֶר קוּמֶען ! קוּם יוֹסֵף , קוּם רָאזָע דוּא אוֹיךְ אִין שְׁטוּבּ , נִיט זִיץ דָא אִיצְט אַלֵיין , קוּם זַיי מִיט מִיר , זָעה רָאזָע אִיךְ בֶּעט דִיךְ זַייא אַמֶענְטְשׁ , אוּנ לֶערִין זִיךְ צוּרִיק צוּ הַאלְטִין , דִי מוּטֶער הָאט גִינוּמֶן בֵּיידֶע קִינְדֶר אוּנ אַרַיינְגִיפִירְט

אִין

אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטוּבּ דָארְטִין הָאט זִיא זַייא גִילָאזְין בַּיין גְרוֹיסִין רוּנְדָען טִישׁ, אַרוּם וָועלְכִין עֶס אִיז אִיצְט גִיזֶעסִין פְרִידְמַאן מִיט זַיינֶע אוֹרְחִים, אוּנ רַבִּי יִצְחָק הָאט דֶערְצֵיילְט גְלַייכְוָוערְטְלִיךְ וָואס דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט גִיקַייכְט לַאכֶענְדִיג, עֶר הָאט דָער לַאנְגְט יוֹסֵפִין אַגְלָאז טֵייא אוּנ אִים גִינוּמֶען צוּ זִיךְ:

אוּנ רוּהָמָה אִיז אוּנְמוּטְהִיג גִיוָועזֶען אִיבֶּער יוֹסֵפְס אַוָועק פָארִין, שְׁנֵייאָרְקֶע אִיז אוֹיךְ פַארְטִיג גִיוָועזֶען צוּ דֶער רֵייזֶע, וָוארֶעם יוֹסֵף מִיט רַבִּי יִצְחָקִין הָאבִּין גִימַאכְט דֶעם רֶעכְט אַז מֶען זָאל שְׁנֵייאֶרִין אַוָועק שִׁיקִין אִין קַאמֶערְצִיסֶקֶע אוּצִילִישְׁצֶע — אוּנ דֶער פַאר אִיז עֶר צוּ פְרִידִין דֶער פוּן — פְרִידְמַאן הָאט גִינוּמֶען יוֹסֵפִין צוּ זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט, אוּנ הָאט מִיט אִים אָבְּגִירֶעט עֶטְלִיכֶע שָׁעָה, אִים אַרוֹיס גִיגֶעבִּין אַלֶע רֶענֶעלִין וִויא עֶר זָאל זִיךְ פִירִין, אוּנ עֶר הָאט אִים גִיזָאגְט, אַז עֶס וָועט אי״ה זַיין תְּנָאִים אַז עֶר וָועט קוּמֶען אוֹיף סֻכּוֹת אַהֵיים —

גָאלְדֶע הָאט זִיךְ גִיטָאן דָאס אִירִיגֶע, וִויא אַטְרֵייֶע מוּטֶר הָאט זִיא אִין אָרְדְנוּנְג גִיבְּרַאכְט יוֹסֵפְס זַאכִין, מִיט עֶטְלִיכֶע טֶענ פְרִיעֶר, זִיא הָאט אִים אַ אִיבֶּערַאשׁוּנְג גִיוָואלְט מַאכִין אוּנ הָאט אִין זַיין סֶעפֶּעט אַיינְגִיפַּאקְט אַ נַייעֶן אָנְצוּג, מִיט נָאךְ קְלֵיינִיגְקֵייטִין, וָואס זִיא הָאט פַאר אִים גִילָאזְט מַאכִין, בִּכְדֵי עֶר זָאל קוּמֶען צְוִוישִׁין לֵייטִין וִויא אַלַייט — אִיצְט, אַז זִיא הָאט אִירֶע קִינְדֶר אִיבֶּער גִילָאזִין אִין אִפְּרֵיילִיכֶע גִיזֶעלְשַׁאפְט, אִיז זִיא אַלֵיין אַרַיין גִיגַאנְגֶען אִין קִיךְ: הַייסִין אָנְבַּאקִין פַאר יוֹסֵפִין אוּנ פַאר רַבִּי יִצְחָקִין אוֹיפִין וָועג זַיי מִיט צוּא גֶעבִּין — אוּנ וִויא הָאט זִיא זִיךְ עֶרְשְׁרָאקִין, אַז זִיא הָאט גִיפוּנֶען אִין קִיךְ אַ הַאאָס, צוּבְּרָאכֶענֶע שֶׁערְבְּלִיךְ, אִיבֶּער גִיקֶערְטֶע שְׁטוּלִין, אוּנ דִיא דִינְסְטְמַיידִיל מִיט אַזוּ דְרַאפֶּעטֶע צוּרָה, מִיט צוּ וָוארְפֶענֶע הָאר, אוּנ וַויינְט, אוּנ שִׁילְט, — וְויפִיל גָאלְדֶע הָאט אִיר נִיט גִיבֶּעטִין זִיא זָאל אִיר עֶרְקְלֶערִין, וָואס דָא הָאט זִיךְ פַּאסִירְט, דִי מַיידִיל הָאט נִיט אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ וַויינֶען, עֶנְדְלִיךְ הָאט גָאלְדֶע פּוֹעֵל גִיוָועזֶען אוּנ זִיא הָאט אִיר עֶרְצֵיילְט: דָא אִיז גִיקוּמֶען לַייבֶּע שָׁרָקֶעס דִינְסְט מֵיידִיל, אוּנ הָאט צוּא רֶעט אוֹיף אוּנְזֶער יוֹסֵפִין כָּל בּוּ, אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט מֶער גִיקֶענְט הֶערִין וָואס זִיא הָאט גִיזָאגְט, אוּנ אִיךְ הָאבּ גִיחַאפְּט דֶעם נַייעֶם צָאלֶענְט טָאפּ אוּנ אִיר דֶערְלַאנְגְט אִין קָאפּ, זִיא הָאט זִיךְ נִיט גִינַארְט, נִישְׁקְשָׁה, אִיךְ בִּין אִיר נָאךְ אַרַיין אִין דִיא הָאר אוּנ הָאבּ אִיר אַלֶעבֶּעדִיגֶע נִיט גִיוָועלְט אַוָועק לָאזִין, אוּנ אִיר גְלִיק, וָואס זִיא הָאט גִימַאכְט אַגְוַואלְד אוּנ דָא אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען משֶׁה שְׁנֵייאֶר אוּנ עֶר הָאט אוּנְז פַאנַאנְדֶער גִינוּמֶען זִיא וָואלְט בַּייא מִיר גִיוואוּסְט דִיא רְכִילוּתְנִיצֶע!

אָבֶּער וָואס וַויינְסְט דוּא נָאךְ? הָאט גָאלְדֶע גִיפְרֶעגְט, בְּהֵמָה, אַמָאלֶע וָואס הֵיינְט בִּילֶען, קֶענֶען מִיר זַייא אַלֶעמָן דִי מַיילֶער צוּ מַאכִין? לָאזִין זַייא זִיךְ רֵיידִין וָואס זַייא ווִילִין, זַייא וָועלִין אוּנְז, מִיט גָאטֶעס הִילְף גָאר נִישְׁט אָפְּרֵיידִין, דָאס שְׁלֶעכְטֶעס וָואס יוֹסֵף הָאט זַיי גִיטָאן זָאל מִיר דָאס דֶער אוֹיבֶּערְסְטֶער טָאן!

אָבֶּער, מִיר פַארְדְרִיסְט דָאס, הָאט דִי מֵיידִיל גִיזָאגְט, מִיט אַהְלִיפּ, פַר וָואס הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר נָאךְ מִיךְ אָנְגִירוּפִין הוּלְטַייקֶע? פַאר וָואס הָאט עֶר אַזַא שְׁטִיק גָאר נִישְׁט נָאךְ גִירֶעכְט גִימַאכְט, אוּנ מִיךְ פַאר מַיין טְרֵייַקִייט, מִיךְ גִימַאכְט

צוּא

צוּא קוּיט אוּנ צוּא בְּלָאטֶע, וָואס הָאבּ אִיךְ אִים גִיטָאן ?

דוּא הָאסְט אִים גִיוִוים אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקְן מִיט דַיינֶע קוֹלוֹת, אוּנ דֶער פַּר אִיז עֶר אִין כַּעַס גִיוָוארִין, הָאט גִיזָאגְט גָאלְדֶע :

נַיין, אִיךְ וַויים פַּאר וָואס... הָאט גִיזָאגְט דִיא מֵידִיל, נִישְׁקָשֶׁה, אִיר וֶועט דָאס נָאךְ אַלֵיין אוֹיךְ וִויסִין....

אָבֶּער אִיךְ וִויל דָאס גָאר נִיט וִויסִין. וָואס אִיז דָאס מִיר פַּאר אַיין דַאֲגָה ! הָאט גִיזָאגְט גָאלְדֶע, אַרָאפּ שְׁלִינגֶענְדִיג אִיר צוּ מִישְׁטְקַייט, לָאז זַיין גִינוּג, אוּנ נִיט רֵייד דָאס מֶער אִיבֶּר, אִיךְ בֶּעט דָאס דִיר רִישְׁקֶע ! נֶעם מַאךְ אַיין פְּלֶעצְלִיךְ, עֶטְלִיכֶע בּוּימִיל בּוּלְקֶעס, כּוּתַארְקֶעס אוֹיף מַאנְדְלֶען, אוּנ אַגוּטֶע בַּאבְּקֶע, אָט וִויא דוּא הָאסְט גִימַאכְט אוֹיף יוֹם טוֹב. — אוֹיף שׂוֹנְאִימְס צוּ לְהַכְעִיס, וֶועט מַיין טַייעֶרְער יוֹסֵף עֶסִין גִיזוּנְטְהַייט מִיט מֶער אַפֶּעטִיט ! הָאט דִיא טְרַייעֶ מוּטֶער גִיזָאגְט פַּאר זִיךְ. אִיר אִיז אַרוֹיף גִיקוּמֶען אוֹיפִין זִינֶען, וָואס אִיר שְׁוַוארְצֶער גְרָאבְּט פַּאר יוֹסֵפִין — "אָבֶּער נִישְׁקָשֶׁה", הָאט זִיךְ דִיא מוּטֶער גִיטְרַייסְט, גָאט שִׁיקְט אַלֶע מָאל צוּ אַפְרִיעֶר דִיא רְפוּאָה פַּאר דֶער מַכָּה ! אִיצְט מָאגִין זַייא בִּילֶען דִיא הִינְט, אַבִּי עֶר פָארְט אַוֶועק, אוּנ זַייא וֶועלִין שְׁקִילֶען אַבִּיסִיל דִיא צֵיינֶער, אוּנ אוֹיפְהֶערִין, גָאט וֶועט אִים בְּרֵיינְגֶען אי״ה. אוּנ שׂוֹנְאִים וֶועט דִיא אוֹיגִין אַרוֹיס קְרִיכִין קוּקֶענְדִיג אוּנְזֶער גְלִיק ! אוּנ מִיט דִיא רֵייד אִיז גָאלְדֶע צוּרִיק אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אוּנ הָאט צוּ שִׁיקְט דִיא קִינְדֶער שְׁלָאפִין אִיטְלִיכֶען אִין זַיין צִימֶער, רָאזֶע הָאט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְשְׁלָאפִין וֶוערִין, דָאס הַארְץ הָאט אִיר גִיקָאכְט, זִיא הָאט נִיט גִיווּאוּסְט צוּ וָואס דָאס אוֹיס צוּ לֵייגִין "אָ גָאט" ! הַיינְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ פַּאר וֶועמֶען זִיךְ מַיין הַארְץ אוֹיס צוּ רֵיידִין, מָארְגִין אִין דֶער צַייט בִּין אִיךְ וִוידֶר אַלֵיין עֶלֶענְד, אָן יוֹסֵפִין אוּנ אָן מַיין אֵייגֶענֶעם הֶערְץ ! אָ, תִּיא שְׁלֶעכְט, וִויא טוּט וֵוייא אִיז דֶער שֵׁיידִין זִיךְ ! גְוַואלְד וָואס אִיז דִיא וֶועלְט, אַזוֹ שְׁלֶעכְט ? פַּאר וָואס מוּז מַיין יוֹסֵף פָּארִין ? גָאט, פוּן וַואנֶען קוּמֶען צוּ מִיר אִיצְט אַזֶעלְכֶע שְׁוַוארְצֶע גְדַאנְקְן ? קֶען עֶר דֶען זַיין נִיט מַיינֶער, אָדֶער אִיךְ נִיט זַיינֶע ? יוֹסֵף, נִיט שְׁרֶעק זִיךְ וָואס בַּייא אוּנְז אִיז קֵיין קִנְיָן אָדֶער תְּנָאִים נִיט גִיוֶועזְן, דֶער עֶרְסְטֶער קוּס דַיינֶער לִיבֶּער יוֹסֵף אִיז דֶער שְׁטַארְקְסְטֶער קָאנְטְרַאקְט פַּאר דִיא רֵיינֶע אוּנבֶּעפְלֶעקְטֶע זֶעלֶע — אִיךְ בִּין דַיינֶע יוֹסֵף, מִיר הָאבִּין פַּאר גָאט גִישְׁוָוארִין, עֶר אִיז אוּנְזֶער עֵדוּת, עֶר הָאט אָמֵן גִיעֶנְטְפֶּערְט אוֹיף אוּנְזֶער שְׁבוּעָה — אִיךְ הָאבּ מֶער קֵיין מוֹרָא פַּאר מַיין שְׁוַוארְצִין שְׁוָואגֶער — עֶר קֶען קֵיטִין צוּא רֵייסִין, מוּיעֶרִין צוּ בְּרֶעכִין, אוֹיף בֶּערְשְׁטֶערִן אִיז עֶר אַ מַלְאַךְ חַבָּלָה זֶעלְבְּסְט — אָבֶּר צוּם הֶערְצִן צוּ מַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶע זֶעלֶע, קֶען דֶער שֵׁד נִיט צוּ טְרֶעטִין, דָארְט וואוּנְט גָאט, עֶר אִיז מַיין הִיטֶער ! אַזוֹ אִיז רָאזֶע גִילֶעגִין אִין אַיינֶע חֲלוֹמוֹת, גִיטְרַאכְט, אוּנ זִיךְ אַלֵיין גִישְׁטַארְקְט גִיט צוּ טְרַאכְטִין אוּנ עֶנְטְשְׁלָאפִין צוּ וֶוערִין, זִיא הָאט דֶעם שְׁלָאף זַייעֶר בֶּעדַארְפְט, אִיר וָואלְט דֶער שְׁלָאף צוּ גִיגֶעבִּין גִיזוּנְד, אוּנ זִיא הָאט דָאס נֵייטִיג בֶּעדַארְפְט, וָוארוּם אִיר אִיז פָארְגֶעשְׁטַאנֶען מָארְגֶענְדִיגֶען צוּ שֵׁיידִין זִיךְ, זִיא הָאט דָאס אַלֵיין זִיךְ אִיבֶּער גִירֶעט אוּנ פַּאר גְרָאבִּין דִיא קָאפּ אִין קִיסִין אוּנ אַזוֹ גִילֶעגִין גִיטְרַאכְט

אוּנ

און נִיט גִיטְרַאכְט, דָאס הַארְץ וַואר אִיר פוּל, און הָאט אַלֵיין נִיט גִיפִילְט וִויא אִירָע טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ גִינָאסִין טַייכֶענְוַויים, אִיר הָאט אָנְגִיהוֹיבִּן צוּ שְׁוִידֶערִין, און אִיז אוֹיפְגִישְׁטַאנֶען מִיטִין בֶּעגִינֶען, און זִיךְ גִיזֶעצְט נֵייעֶן פַאר יוֹסֶפִּין, דָאס הֵייסְט קָאנְצֶען דֶעם זֵייגֶער הַאלְטֶער וָועלְכִין זִיא הָאט אַמָאל אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ נֵייעֶן פוּן זַיינֶעטְוָועגִין און גִילְאזִין אִיבֶּער דֶעם אָנְקוּמֶעדִיגֶען יום טוֹב אִין מִיטִין, בִּיז דִי זָאנֶע אִיז אַרוֹיס, הָאט זִיא שׁוֹין גִיהַאלְטִין בַּיין עֶנְדִיגִין, אָבֶּער בַּאלְד אִיז אַרַיין דִי מוּטֶער און גִיזֶעהֶן אִירָע רוֹיטֶע אוֹיגִין, און אָבְּגִינוּמֶען מִיט גִיוַואלְד בַּייא אִיר דִי פַיינֶע אַרְבַּייט, עֶס הָאט נִיט פִּיל גִיוָוערְט און יוֹסֵף אִיז אוֹיךְ צוּ אִיר אַרַיין, און אַז דִיא מוּטֶער הָאט אִים דֶער צֵיילְט וָואס זִיא הָאט בַּייא אִיר עָרְסְט אַוֶועק גִינוּמֶען הָאט יוֹסֵף אִיר אַלֵיין גִיבֶּעטִין אַז אִיר זָאל דָאס נִיט פֶערְדְרִיסְן, פַּר קֶערְט אִים טוּט דָאס נָאךְ פֶּערְגִינִיגֶען אַז עֶר ווייס אַז רָאזֶע אִיז אִים עֶטְוָואס שׁוּלְדִיג:

יַא! הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט, דוּא ווַייסְט דָאךְ וָואס פַאר אַ טַייעֶרֶע צָאלֶערִין אִיךְ בִּין, קֶען אִיךְ דֶען רוּעֶן, אַז אִיךְ וַויים אַז עֶס קוּמְט וֶועמֶען עֶפֶּעס פוּן מִיר?

גוּט דוּא בְּלֵייבְּסְט מִיר אַ בַּעַל חוֹב! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט, אָבֶּער זָאג דָאךְ טַייעֶרֶע רָאזֶע, דוּא בִּיזְט רוּהִיג? קֶען אִיךְ דִיר אָנְזָאגִין. אַז נָאךְ אִין אַהַאלְבּ שָׁעָה פָאר אִיךְ? מֶען הָאט שׁוֹין אַוֶועק גִישִׁיקְט קוּזְמֶען נָאךְ פֶערְד!

אִיךְ בִּין גַאנְץ רוּהִיג, לִיבֶּער יוֹסֵף, הַיינְטִיגֶע נַאכְט הָאט מִיר אַלְץ אוֹיס גִילֶערִינְט, אָ אַזָעלְכֶע נֶעכְט וָועל אִיךְ נָאךְ גִיוִויס פִּיל הָאבִּין! אִיךְ מוּז זִיךְ בַּאלְד אָן טָאן, און אִיךְ וָועל פָארִין דִיךְ בֶּעגְלֵייטִין, מִיר וָועלִין זִיךְ בַּאלְד צוּא טַייא ווִידֶער זֶעהֶן:

רָאזֶע אִיז אַרַיין אִין אִיר טוּאַלֶעט צִימֶערִיל און הָאט נָאךְ אַמָאל זִיךְ שְׁטַארְק אוֹיס גִיוַויינְט אָבֶּר דָר מִיט אִיז אִיר לַייכְטֶר גִיוָוארִין און אִיז אִין צֶעהֶן מִינוּט אַרוֹם גִיקוּמֶען צוּא טַייא, יוֹסֵף הָאט אוֹיף אִיר גִיוַוארְט. זַיין שָׁעפֶּעט אִיז שׁוֹין גִיוֶועֶן אַיינְגִיפַּאקְט אַנִיוִוסֶע סוּמֶע גָעלְט הָאט אִים פְרִידְמַאן גִיגֶעבִּין, אִין זַיין רַייזֶען זַאק וָועלְכִין מֶען הָאט אִים נָאךְ נֶעכְטִין גִיקוֹיפְט מִיט רַבִּי יִצְחָקְס בֶּעפֶעל, אִיז גִיוֶועזֶען אַגְגִישְׁטָאפְּט מִכָּל טוּב, עֶס הָאט נִיט פִּיל גִיוָוערְט און אוּנְטֶערִין פֶענְצְטֶר הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַגְלֶעקִיל עֶס אִיז גִיקוּמֶען דִיא פוּר! רָאזֶען הָאט זִיךְ אִין הַארְצִין אָבְּגִירִיסְן פוּן דֶעם קְלוּנְג און הָאט זִיךְ אַוָוארְף גִיטָאן צוּם פֶענְצְטֶר — אָ, אָט דִיא פוּר וָועט מַיין יוֹסֶפִּין אַוֶועק טְרָאגִין פוּן מִיר, הָאט זִיא גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהַייט, אָבֶּער וִויא פְרֵיילִיךְ וָועט דָאס זַיין דִיא פוּר, און וִויא אָנְגֶענֶעם וָועט מִיר זַיין דֶער גְלֶעקִיל, וָועלְכֶער עֶס וָועט אִים צוּרִיק בְּרֵיינְגֶען!

צוּ דֶער רַייזֶע! הָאט אוֹיסְגִיקָאמַאנְדִירֶעט רַבִּי יִצְחָק, יוֹסֵף הָאט זִיךְ אָנְגִיטָאן מִיט דֶעם רַייזִין טַאשׁ, און מִיט זַיין וַוארֶעמֶן אוֹיבֶּער רָאק, וָוארוּם מָארְגִינְס וַואר נָאךְ דִיא לוּפְט קַאלְטְלִיךְ, און דִיא טְרַייעֶ מוּטֶער הָאט דוּרְךְ אוֹיס גִיוָואלְט עֶר זָאל זִיךְ וַוארֶעם אָנְטָאן, עֶר וַואר אַבִּיסֶעל עֶרְהִיצְט, זַיין גִיזִיכְט הָאט גִישַׁיינְט, און הָאט הַיינְט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזוֹ לִיבּ אַז זָעלְבְּסְט דֶער שְׁוַוארְצֶער הָאט שִׁיר נִיט זִיךְ אָוָואךְ גִיטָאן צוּ יוֹסֶפִּין און אִים מְחִילָה גִיבֶּעטְן פַאר זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע גִידַאנְקֶען

אוים

אויף אים , אים האט אבער באלד אבליץ גיטאן אין מוח , מיט וויא פיל וואלט מיר בעסער גיוועזן אז איך וואלט גיוועזן אזוי שיין וויא ער ! אונ האט זיך גימאכט אטאטערשע הארץ צו טאן זיין זאך ווייטער , שנייארקע איז גישטאנען וויא איין צומישטעטער ער האט דאס נאר ניט גיקענט בעגרייפין , וויא וועט ער זיין פון ווייטן מיט יוספין ? רוחמקע איז נאך גינאנגען נאך יוספין וואו ער האט זיך נאר אקער גיטאן , זיא האט אויך גיוויינט , נאר איין ראזע האט גימוזט אירע טרערן ארונטער שלינגען , זיא האט גיקוקט אויף יוספין וויא שיין וויא ליב ער וואר , זיא איז איצט גיוועזן וויא גילייםט , זיא האט נאר גיפילט וויא דאס הארץ אירע האט גיקלאפט , וויא איר פולס איז גילאפין אזוי פיבערהאפט , א איך בין קראנק , איך וועל עס ניט אריבער טראגין ! האט זיא זיך איגערליך גירעט , ענדליך איז גיקומן דיא שיידע מינוט , רבי יצחק האט דער לאנגט פרידמאנען דיא האנט אונ אגישרייא גיטאן זייט גיזונד ! גיזונטער הייד זיך צו זעהן ! האט גיענטפערט פרידמאן . נאך אמאל האבין זיך דיא פאר מענטשין צו קוסט וויא עס גייט דיא מאדע , דער נאך איז גיקומען יוספס אצערעד , פרידמאן האט אים היים ארומגינומען אים גיקוסט היים , אונ גיזאגט : פאר גיזונטער הייט מיין ליב קינד אונ קום גיזונטערהייט ; ניט פאר געס נאר , ליבער יוסף , אז דוא פארסט אין פעטערסבורג , דארטין איז גאר א אנדר וועלט מיט אאנדער לעבין , זייא דארטין נאר אמענטש , ניט לאז זיך פערפירין , אונ דיין ערליכעס הערץ וואס דוא פירסט אוועק פון דאנען זאלסטו אונז צוריק ברייגנען , ווייטער וועין גישעפט , האף איך דוא וועסט וויסין זיך וויא צו בעגיין , איך וועל דיר אלס שרייבין , אונ מיט דיא רייד האט ער אים איבערגיגעבן גאלדן , וועלכע עס האט אים מיט טרערין בעגאסין אונ צו גידריקט צו איר הארץ אונ מיט אבעוועגטער שטימע האט זיא נאר גיזאגט : יוסף . אין פעטערסבורג לעבין אויך ארענטליכע לייט , אונ דער גאט וואס דא הערט אונ וייס יעדענס גידאנקען , הערט אונ וייס יעדענס הארץ אונ טראכט אויף דארטין , גידיינק נאר דיינע היינטיגע רייד מיט מיר , מער וויל איך ניט :

גינוג שוין אבער אמאל ! האט אגישרייא גיטאן רוחמקע , לאזט אים דאך אפ דוען , איר וועט אים דאך פערמוצען :

יוסף דוא וועסט מיך ניט פערגעסן ? פאר מיר גיזונטערהייט , זעהסט אז איצט בין איך שוין אנדערס וויא פריער , זייא האבין זיך היים צו קוסט פאר דיא גאנצע שטוב מענטשין קיינער האט אווארט ניט איבער גירעט , נאר רוחמקען איז גיווארן שרעקליך שווער אויפין הארצין נאך דעם אז יוסף האט אפגירישן זיינע ליפין פון דיאזאירינגע , יוסף האט איר מיט זיין קום אנייעם גיפיל גיגעבין , אונ זיא איז גיווארין אין דער מינוט טרויעריגער וויא פריער , אבער זיא האט שוין גיפילט אז זיא טאר ניט וויינען :

ראזע , זייא גיזונד , האט יוסף גיזאגט מיט אציטערענדע שטימע :

יוסף , איך פאר דיך בעגלייטין , מיר וועלין זיך נאך צייט האבין צו זעגענען . איך האב קוזמאן גיהייסן ברייננען א בירזע , שנייאר פארט אויך מיט מיר :

זייט

זייט גיזונט איר אַלֶע, ניט פֶערגֶעסט נָאר מיר צו שרַייבּין! איך וָועל נָעוויס שרַייבּין יֶעדֶע וואָך אויסֶער דעפֶּעשין אַז עס וָועט מיר דֶער גישֶעפט הייסין, אַדְיֶע! מַיינֶע טַייעֶרֶע, אַדְיֶע טויזינְט מָאל!

אין פור הָאבּין זיך אַרַיינְגיזֶעצט רַבּי יִצְחָק מיט שְׁנַייאָרין, אויפין דְרָאזְשְׁקֶע הָאבּין זיך צו זֶעצט, רָאזֶע אונ רוחָמְקֶע פון אַיין זייט אונ יוסף אַנְטְקֶעגִין זייא, נָאך אַמינוט הָאט גיוָוערְט אונ דֶער יַאמְשְׁטְשִׁיק הָאט אַשְׁמִיץ גיטָאן דיא פֶערְד, אונ דיא רַייזֶע הָאט זיך אָנְגִיהויבּין, בַּיין מיר הָאבּין אים בֶּעגְלַייטֶעט דיא גַאנְצֶע שְׁטוּב מֶענְטְשִׁין, פְרידְמַאן, גָאלְדֶע, לַייקֶע, זָעלְדֶע, משֶׁה שְׁנַייאָר אונ גַבְרִיאֵל, אונ אַלֶע אורְחִים הָאבּין נָאך גימַאכְט מיט דיא הֶענְט אונ נָאך גִישִׁיקְט אים זַייעֶר בְּרָכָה אויפְן וֶועג:

דורך פָארֶענְדיג דֶעם בְּרָאם זַיינֶען זייא אַרָאפּ פון דְרָאנְסְקֶע אונ אומְגִינַאנְגֶען אַבּיסְיל שְׁפַּאצִירין, רָאזֶע הָאט גיוויינְט, זיא הָאט קיין וָוערְטֶער גְהַאט, זיא הָאט אירֶע טְרֶערִין גִישְׁלוּנְגֶען — זיא הָאט אוים גיטָאן איר זַיידֶענֶע ווייסֶע טוך אונ אָנְגִיטָאן יוסֵפִין אויפִין הַאלְז, יוסף, פָאר גִיזונְד לִיבֶּער יוסף! איך קָען ווַייטֶער נִיט פָארִין, דוא וֶועסְט מיר שְׁרַייבִּין?

יוסף הָאט איר מיט טְרֶערִין גִיעֶנְטְפֶערְט — שְׁרַייבּ רָאזֶע דַיין טַאגֶע בּוּך — זייא הָאבִּין זיך צו קוּסְט אונ זַייעֶרֶע טְרֶערִין הָאבִּין זיך צו מִישְׁט — נִיט זָארְג לִיבֶּע רָאזֶע — אַדְיֶע!!

אונ בַּייא דיא רַייד איז עֶר אַרוֹיף צו רַבּי יִצְחָקִין אין פור, דֶער קוּצֶער הָאט אַטְרַייבּ גִיטָאן דיא פֶערְד אונ אין דיא צְווִיסֶען וֶועג צְווִיסֶען יוסֵפִין אונ רָאזֶען הָאט אָנְגִיהויבִּין בִּיסְטְרֶע צו וַואקְסִין, פָאר גִיזונְד! הָאבִּין נָאר גִישְׁרִיעֶן שְׁנַייאָר אונ רוחָמָה, רָאזֶע הָאט גִישְׁוִויגֶען, אירֶע לִיפֶּען הָאבִּין נָאר נָאך גִיזָאגְט: אָמֵן!

# תם חלק שני

## דיא בְּרִיף

אַיינֶער אַלֵיין אִין זַיין צִימֶער אִיז זִיךְ גִיזֶעסֶן יוֹסֵף שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, אִים אִיז נִיט אִין קָאפּ גִיוֶועז זִיךְ צוּ צוּ הֶערֶן דֶעם פְּיַאנֶע שְׁפִּילֶען, וָואס עֶס הָאט זִיךְ גִיהֶערְט פוּן דֶעם אַנְדֶערֶן צִימֶער, עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט גֵיין הַיינְט אִין טֶעאַטֶער, נִיט שְׁפַּאצִירֶען אוּנ נִיט צוּ גוּטֶע פְרַיינְד, עֶר אִיז נָאר פֶּערְנוּמֶען גִיוֶוען מִיט אַיין גִידַאנְק פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ פוּן רָאזֶען קֵיין בְּרִיף ? — נֵיין ! עֶר אִיז זִיךְ גִיוֶוען צוּ גִישְׁמִיט צוּ זַיין גִישֶׁעפְט, גִיטָאן זַיין אַרְבַּייט פְלַייסִיג, אוּנ זַיינֶע גִידַאנְקֶען וֶועגִין זַיין רָאזֶען זַיינֶען אִים פוּן קָאפּ נִיט אַרוֹיס, שׁוֹין צְוַוייא מָאנַאטֶען זַיינֶען פֶערְלָאפֶען צַייט עֶר זִיצְט הִיא אִין שְׁטָאט, עֶר הָאט אִין דֶער צַייט שׁוֹין אִיסְפָּאלְנֶעט אַלְס וָואס זִפְרִידְמַאן הָאט אִים אִיבֶּער גִיגֶעבְּן, אַלְס אִיז אִים גוּט גִיגַאנְגֶען, דֶער בּוּכְהַאלְטֶער פוּן רַבִּי יִצְחָקְס קַאנְטָאר הָאט אִים הָאלְט גִיהַאט וִויא אַבְּרוּדֶער, אוּנ הָאט אִים גִיגֶעבִּין אַרְבַּייט, מֶער וִויא פִיל יוֹסֵף הָאט אַלֵיין פֶערְלַאנְגְט, עֶר הָאט דָאס נִיט גִיטָאן אִים צוּ בֶּעשְׁוֶוערֶן, אָדֶער אִים אָן צוּ שְׁטְרַיינְגֶען, זָאנְדֶערְן, וַוייל עֶר הָאט גִיזֶעהֶן, אַז יוֹסֵף זָארְגְט זַייעֶר, וָואס עֶר הָאט קֵיין יְדִיעָה פוּן רָאזֶען, אוּנ הָאט גִימֵיינְט מִיט דִיא אַרְבַּייט, וָואס עֶר וֶועט אוֹיף אִים אָנְוַוייזִין וֶועט עֶר קֵיין צַייט הָאבִּין וֶועגִין דֶעם צוּ טְרַאכְטִין, דָאס אִיז אָבֶּער גִיוֶוען אוּמְזִיסְט ! יוֹסֵף הָאט זַיין אַרְבַּייט גִיטָאן, אוּנ הָאט קֵיין מָאל גִילָאזִין אוֹיף מָארְגֶען, זַיינֶע גִידַאנְקֶען אָבֶּער הָאבִּין אִים נִיט אַוֶועק גִילָאזִין אַיין מִינוּט, עֶר הָאט אִי דַאמָאלְס גִיטְרַאכְט, אִין רֶעכְטִין מִיטִין אַרְבַּייט, אוּנ זַיין הַארְץ הָאט אִים גִיפְּלָאגְט, אִין דִיא מִינוּט וָואס עֶר פְּלֶעגְט אַלְס מֶענְטְשׁ נִיט קֶענֶען עֶנְטְזַאגִין זַיין גוּטֶען לֶערֶער צוּ גֵיין מִיט אִים שְׁפַּאצִירִין ; אִין דִיא פְרֵיילִיכֶע שׁוּמִידִיגֶע פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער גַאסִין הָאט עֶר פוּן דֶעסְטְוֶועגִין דָאס אַיינְפַאכֶע הוֹיז אִין דֶער קְלֵיינֶער פָארְשְׁטֶעטֶעל נִיט גִיקֶענְט פַארְגֶעסִין, אִין טֶעאַטֶער אִין סָאד, אוּנ אִין אַלֶע פָארְנֶעמֶע עֶרְטֶער, ווּאוּ הִין דֶער בּוּכְהַאלְטֶער פְלֶעגְט אִים פִירִין, זַיינֶען זַיינֶע גִידַאנְקֶען אוּמֶעטוּם מִיט אִים מִיט גִיגַאנְגֶען, רָאזֶעס בִּילְד הָאט עֶר גִיזֶעהֶען אוּמֶעטוּם. — דָאךְ שְׁרַייבְּט מִיר רָאזֶע נִיכְטְס ! פְלֶעגְט עֶר זָאגִין צוּא זִיךְ שְׁטֶענְדִיג, — אָ גָאט, וַוייס וָואס דָארְטִין אִיז ! עֶס קֶען דָאךְ נִיט זַיין אוּמְזִיסְט ! צְוַוייא חֳדָשִׁים, וֶועט מִיר רָאזֶע נִיט שְׁרַייבִּין ? דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ ! דֶר בּוּכְהַאלְטֶער הָאט דִיא רֵייד פוּן אִים טוֹיזִינְד מָאל גִיהֶערְט, אוּנ נִיט גִיהַאט אִים מִיט וָואס צוּא בַּארוּהִיגְן, בַּייא נַאכְט פְלֶעגְט זִיךְ יוֹסֵף קוּים אַרוֹיס רַייסִין פוּן זַיינֶע הֶענְט, אוּנ אַוֶועק צוּא זִיךְ אוֹיפִין קְוַואטִיר אוּנ שְׁרַייבִּין, אוּנ אַזוֹ אִיז עֶר אוֹיךְ הַיינְטִיגֶע נַאכְט גִיזֶעסִין אוּנ גִישְׁרִיבִּין, נִיט דֶער שְׁפִּילִין פוּן דֶעם אַנְדֶערִין צִימֶער, נִיט דֶער שׁוּם פוּן גַאס, אוּנ נִיט דֶער אָפְּטֶער קְלַאפִּין וָואס הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אִין זַיין טִיר הָאבִּין אִים גִיקֶענְט אָפְּרַייסִין פוּן זַיין שְׁרַייבִּין, עֶר אִיז גִיזֶעסִין אוּנ גִישְׁרִיבֶּען, אוּנ אַז וָוער עֶס



הנאחני מית

אִיז וָואלְט נָאכְגִיקוּקְט אוֹיף דִּיא מִינֶעס פוּן זַיין גִיזִיכְט אִין דֶער מִינוּט וָואס עֶר הָאט גִישְׁרִיבֶּען וָואלְט אָפְּט גִיזֶעהֶען וִויא אִים הָאבִּין זִיךְ גִינָאסִין טַייכִין טְרֶערִין פוּן דִּיא אוֹיגֶען, וִויא זַיין גַאנְצֶעס רֵיינֶעס הַארְץ אִיז אִים אוֹיפִין גִיזִיכְט גִילֶעגִין. אוּנ וָואס עֶר הָאט זִיא נִיט פִילֶענְדִיג אִין בְּרִיף אוֹיס גִינָאסִין, נוּן אִיז שְׁטִיל גִיוָוארִין דִּיא פְּיַאנָע, עֶס הָאט אוֹיף גִיהֶערְט דֶער שׁוּם, אוּנ עֶר שְׁרַייבְּט נָאךְ אַלְס, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ אוֹיף גִיהוֹיבִּין צוּ זַאמֶען גִינוּמֶען זַיינֶע גִישְׁרִיבֶּענֶע בְּלֶעטֶער זַיי פַאנַאנְדֶער גִילֵייגְט נָאךְ דִּיא נוּמֶערְן, אוּנ הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין לֶעזִין:

לִיבֶּע מוּטֶער!

אִיךְ וָואלְט וֶועלִין אִיצְט זַיין בַּייא דִּיר אוּנ דֶער צֵיילִין דִּיר אַלְס. דִּיר פְרֶעגִין אוֹיף אַלְס, דֶען אִיךְ אַלֵיין וֵויים אִיצְט גָאר נִישְׁט, מִיר דוּכְט, אַז אַלְס וָואס אַרוּם מִיר אִיז, אִיז נִיט מֶער וִויא אַחָלוֹם, אוּנ אִיךְ זֶעלְבְּסְט, בִּין אוֹיךְ נִיט מֶער וִויא אַחָלוֹם, וִויא אַרֶעטְזֶעל, אָבֶּער נִיט פוּן יֶענֶע קִינְדֶערְשֶׁע חֲלוֹמוֹת, אוּנ יֶענֶע קִינְדֶערְשֶׁע רֶעטֶענֶעס וָועלְכֶע עֶס פְלֶעגֶען מִיר מַאכֶען פֶערְגֶענִיגֶען, מִיךְ נִיט לָאזֶען פִילֶען אַז אִיךְ לֶעבּ, נַיין מוּטֶער, דִּיא אִיצְטִיגֶע חֲלוֹמוֹת אוּנ רֶעטֶענֶעסֶען מַיינֶע, הָאבִּין אַגַאנְץ אַנְדֶערֶע צוּרָה, זֵייא זַיינֶען נִיט אַזוֹ גְרִינְג וִויא יֶענֶע, זֵייא לָאזִין זִיךְ אַזוֹ גִיךְ נִיט פּוֹתֵר זַיין תִּיא זֵייא, אִיךְ וֵוייס אַז אִיךְ חָלוֹם, אִיךְ וֵויים, אַז מִיר אִיז אַרֶעטֶענֶעס אוֹיף גִיגֶעבִּין גִיוָוארִן, אוּנ וִויא אָפְּט זוּךְ אִיךְ מִיר דָאס קְלָאר צוּא מַאכֶען, צוּ גֶעפִינֶען דָעם פִּתְרוֹן, דָעם מַיין דֶער פוּן, אוּנ מוּז זִיךְ נָאר פּוֹתֵר זַיין מִיט נָאךְ אַזוֹ אַחָלוֹם, מִיט נָאךְ אַזוֹ אַרֶעטֶענֶעס! אִיךְ וָואלְט אִיצְט וֶועלֶען זַיין בַּייא דִּיר, הֶערִין וָואס קְלֶערְסְט דוּא אִיבֶּער מִיר? וָואס זָאגְסְט דוּא דֶער צוּא, וָואס מַיינֶע בְּרִיף הָאבִּין אָן גִיהוֹיבִּין זֶעלְטֶענֶער צוּא וֶוערִין אוּנ קְלֶענֶער, אוּנ אֵיין פַאכֶער? לִיבֶּע מוּטֶער, וִויא וָואלְט מִיר נֵייטִיג גִיוֶועזֶען צוּא הֶערִין פוּן דִּיר דַיין אוּרְטֵייל אִיבֶּער מַיינֶע נַייעֶ וֶועגִין אוּנ פִירוּנְגֶען? עֶס קֶען זַיין, דַיינֶע רֵייד וָואלְטִין מִיר אוֹיף וֶועקִין פוּן מַיין טִיף פֶערְזוּנְקֶענֶעם שְׁלָאף. דוּא וָואלְסְט מִיר אֶפְשַׁר וַוייזִין אַז אִיךְ חָלוֹם נָאר, אוּנ מִיךְ אַרוֹיס פִירִין צוּם לִיכְט, צוּם לֶעבִּין, אָ מוּטֶער, פַאר וָואס שְׁווַייגְסְט דוּא? דַיין קִינְד בְּלָאנְזֶעט, לַיידֶעט, אוּנ זוּכְט אַלִיכְט, פַאר וָואס שְׁטֵייסְט דוּא פוּן וַוייטִין? וִויא פִיל מָאל פְלֶעגְסְט דוּא מִיר קִינְד וַוייז דִּי הַאנְט אַרוּנְטֶער נֶעמִין פוּן הַארְצִין אַז דוּא פְלֶעגְסְט בַּאמֶערְקֶען אַז אִיךְ חָלוֹם עֶטְוָואס שְׁרֶעקְלִיכֶעס! דוּא הָאסְט אַאָפֶענֶע אוֹיג אוֹיף מִיר גִיהַאלְטִין וַואכֶענְד אוּנ שְׁלָאפֶענְדִיג, אִיצְט מוּטֶער לִיג אִיךְ אוּנ שְׁטֵיינֶער שְׁוֶוערֶע לִיגֶען מִיר אוֹיפִין הַארְצִין, פַיינִיג זִיךְ אִין אַשְׁוָוערִין בִּיטֶערִין חָלוֹם, אוּנ דוּא שְׁטֵייסְט פוּן וַוייטִין! . . . וִויא פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ דִּיר שׁוֹין גִיוואוּנְקֶען מִיט מַיינֶע אוֹיגִין — אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט שְׁרַייעֶן! אִיךְ הָאבּ גִימַאכְט מִיט דִּיא הֶענְט דִּיר בַּאוַוייזֶען אַז אִיךְ לַייד, פַאר וָואס הָאסְט דוּא דָאס נִיט פַאר שְׁטַאנֶען? בִּיזְט דוּא דֶען מִיר נִיט אִיצְט דִּיא אֵייגֶענֶע מוּטֶער, אָדֶער בִּין אִיךְ דֶען דִּיר נִיט דָאס אֵייגֶענֶע קִינְד וָואס פְרִיעֶר? נַיין מוּטֶער, אִיךְ הָאבּ קֵיין פְּרַאוֶוע שׁוֹין גָאר אַזוֹ צוּא מֵיינֶען, אִיךְ בִּין זִינְדִיג גֶעגֶען דִּיר! אִין דִּיא פְרֵיילִיכֶע צַייט מַיינֶע, אִין מַיין רֶעכְטִין גְלִיק, הָאבּ אִיךְ

גִישְׁווִיגֶען , דִיר נִיט דֶער צֵיילְט׳ ווִיא גְלִיקְלִיךְ אִיךְ בִּין , אִיצְט אַז אִיךְ פִיל זִיךְ עֶלֶענְד , אָט אִיצְט אַז מַיין הַארְץ אִיז פוּל , לוֹיף אִיךְ צוּרִיק צוּא דִיר , אוּנ ווִיל פַאלִין אוֹיף דַיין הַאלְז אוּנ וֵויינֶען פַאר דִיר , זִיךְ מִתְוַדֶה זַיין פַאר דִיר , אוּנ דוּא זָאלְסְט מִיר טְרֵייסְטִין , דוּא זָאלְסְט גָאר זָאגִין : דוּא נֶעמְסְט מִיךְ צוּ צוּרִיק ! אוּנ מִיךְ לָאזִין פְרַייא זַיין ! — פַאר וְואס שְׁרַייבְּט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג נִיט דָאס וָואס מֶען ווִיל שְׁרַייבִּין ? אִיךְ פְלֶעג פְרִיעֶר אַלְס הָאבִּין אוּנ הַאלְטִין אוֹיפִין קָאפּ וָואס אִיךְ פְלֶעג נָאר וָועלִין שְׁרַייבִּין , אִיצְט קֶען אִיךְ שׁוֹין דָאס נִיט, דִיא גִידַאנְקֶען אַלֵיין אִין מַיין קָאפּ זַיינֶען צוּא מִישְׁט , אִיךְ גִיפִין אִין זַייא אַלֵיין קֵיין רֶעבֶּענוּנְג , אִיךְ זִיץ אָפְט . טוּא מַיין גִישֶׁעפְט , שְׁרַייבּ דִיא צַיילִין צִיפֶרִין , אוּנ דֶער קָאפּ טְרַאכְט אוּנ זִינֶעט בְּעֵת מַעֲשֶׂה גָאר גַאנְץ אַנְדֶערֶע זַאכִין , עֶס טְרֶעפְט . אַז אִיךְ דָער מָאן זִיךְ אִין מִיטִין , אוּנ ווִיא פוּן שְׁלָאף זִיךְ אוֹפְהַאפֶּענְדִיג , וואוּנְדֶר אִיךְ מִיר ווִיא הָאבּ אִיךְ דָאס אַלְס אַזוֹ רִיכְטִיג גִישְׁרִיבִּין , גִירֶעכֶענְט , אָן אַקָאפּ ? אִיךְ וָואלְט וֶועלִין פְרֶעגִין בַּייא אַקְלוּגִין מֶענְטְשִׁין , עֶר זָאל מִיר עֶרְקְלֶערִין ווִיא דָאס טוּט זִיךְ ? אִיךְ הָאבּ פִיל מָאל גִיהֶערְט אוּנ גִילֶעזִין פוּן דִיא נַאכְט וַואנְדְלֶער , דָאס זַייא גֵייעֶן אַרוּנְטֶער פוּן בֶּעט , אוּנ טוּעֶן פוּן שְׁלָאף מִיט פַאר מַאכְטֶע אוֹיגִין אַלֶע זַאכִין וָואס עֶס קֶען נָאר אַוואכֶענְדֶער מֶענְטְשׁ מִיט אָפָּאלֶען ווַאכֶענְדִין פַארְשְׁטַאנְד טָאן , זַייא גֵייעֶן אַרִיבֶּער אִיבֶּער קְלַאטְקֶעס , אִיבֶּער אַטַייךְ , אוּנ פַאלִין נִיט אַרַיין , דָאס זָאגִין דִיא קְלוּגֶע , אַז עֶס אִיז נָאךְ דֶער ווַייל אַרֶעטְזֶעל . מֶען ווֵייס נָאךְ נִיט ווִיא דָאס אִיז ? ווִיא קֶען אַמֶענְטְשׁ אַרַיין צִיעֶן אַפָּאדֶעם מִיט פַר מַאכְטֶע אוֹיגִין אִין אַנָאדֶעל ? אוּנ דָאךְ , זֶעט מֶען אִין לֶעבִּין , אַז דָאס אִיז פָּארְט פַאר הַאנְדִין ! אִיךְ הָאבּ דָאס קֵיין מָאל נִיט גִיוָואלְט גְלוֹיבִּין , אִיצְט אִיז דָאס מִיר צוּם הַאנְד גִיקוּמֶען אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ שׁוֹין , נִיט עֶרְגֶער פַאר דֶעם לוּנַאטִיק טוּא אִיךְ וָואס אִיךְ טוּא . מַיינֶע אוֹיגִין זַיינֶען פַאר מַאכְט פַאר דִי גַאנְצֶע אוֹיסֶערֶע וֶועלְט , מַיין זִינֶען שְׁלָאפְט , פַארִין גִישֶׁעפְט , פַארִין גַאנְצִין לֶעבִּין , אִיךְ לֶעבּ אִיצְט אִין טְרוֹים , אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין טוּא אִיךְ מַיין גִישֶׁעפְט מַאשִׁינַאלְנָא , אָן פֶעהְלֶער , אוּנ וואוּנְדֶער זִיךְ אַלֵיין , אַז אִיךְ הַאפּ זִיךְ אוֹיף פוּן טְרוֹים , ווִיא הָאבּ אִיךְ דָאס גִיטָאן ? . . . אַז אִיךְ הַאפּ זִיךְ אוֹיף פוּן טְרוֹים הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט , אָבֶּער אִיךְ מֵיין עֶס גָאר נִיט אַזוֹ , וָוארוּם אִיךְ קֶען זִיךְ שׁוֹין גָאר נִיט אוֹיף הַאפִּין , צוּ דֶען אִיצְט אִין דֶער מִינוּט וָואס אִיךְ רֵייד דוּרְךְ מַיין בְּרִיף מִיט דִיר שְׁלָאף אִיךְ דֶען נִיט ? זַיינֶען דֶען אַלֶע מַיינֶע גִידַאנְקֶען נִיט בַּייא יֶענֶע ? אַךְ גָאט , פַאר וָואס קֶען אִיךְ פַאר דִיר אַלֵיין נִיט אוֹיס רֵיידִין זֵייעֶר נָאמֶען ? בַּייא יֶענֶע דִיא וָואס הָאבִּין מִיךְ אַהֶערצוּ פַאר שִׁיקְט , צִיט דֶען מַיין הַארְץ נִיט אַהִינְצוּ , אוֹיךְ אִין דֶער מִינוּט וָואס מִיר דוּכְט אִיךְ וָואלְט גְלִיקְלִיךְ זַיין בַּייא דִיר ? בִּין אִיךְ דֶען צוּא דִיר צוּא גִיבּוּנְדִין מִיט שְׁוַואכֶערֶע קֵייטִין ווִיא אִיךְ בִּין צוּא זַייא פַאר בּוּנְדִין ? אָדֶער הָאבִּין זַייא מֶער אָנְשְׁפְּרוּךְ צוּא מַאכִין אוֹיף מִיר , מִיךְ מֶער צוּ צוּ צִיהֶען ווִיא דוּא ? דָאס אִיז מִיר אַלְס אִיצְט פוּן דִיא פְרַאגֶען וָואס מַאכִין מִיךְ זִיךְ זֶעלְבְּסְט פַאר גֶעסֶענְד , נָאר נִיצוּיגִין אוּנ וֶועג נִירִיסֶען פוּן אַאַנְדֶער לֶעבִּין , אוּנ אִיךְ לוֹיף מִיט זַייא אוּנ

ווער

וָוער פַאר פַאלִין אִין זַייער לֶעבֶּענְסְלוֹיף, אָ דָאס אִיז שֶׁענְדְלִיךְ פַאר אַמֶענְטְשִׁין, וָואס קֶען זִיךְ פִיל וִויפְִּ̈יג בַּאקְלֶערִין דָאס יֶעדֶעס אַיינְצֶעלְנֶעס וֶועזִין לֶעבְּט, זַיין אַייגֶענֶעס לֶעבִּין! אָבֶּער דָאךְ בִּין אִיךְ נִיט בַּייא זִיךְ, אוּנ וָוער צוּא גִיצְוִוינְגִין פוּן אַנַאנְדֶער לֶעבִּין.

נֶעכְטִין בִּין אִיךְ אַלַיין אִין דִיא גְרוֹיסֶע פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער גַאסִין שְׁפַּאצִירָן גִיגַאנְגֶן, דָא אִיז אִין דִיא מִיטִין גַאסִין טַייכִין, דָאס הַייסְט דֶער גְרוֹיסֶר טַייךְ דִיא נֶעוַוא וֶוערְט אִין אָן הוֹיבּ צוּא טַיילְט אוֹיף פַאר שַׁיידֶענֶע גַאנְגֶען, גַייעֶנְדִיג אַזוֹ פַאר טְרַאכְט הָאבּ אִיךְ בַּאמֶערְקְט, וִויא אַנְדֶערֶע קְלַיינֶע רוּצַייעֶס גִיסִין זִיךְ אַרַיין אִין דִיא גְרֶעסֶערֶע, אוּנ פְלִיסִין אַוֶועק מִיט זַייא צוּא זַאמִין, דֶער טַייכִיל אִיז זִיךְ בִּיז אִיצְט גִיגַאנְגֶען זַיין וֶועגְס עֶר הָאט גִילֶעבְּט אוּנ גִיהַאט אַגַאנְץ, פַאר זִיךְ, בַּאזוּנְדֶערִין לֶעבֶּענְסְלוֹיף, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בֶּערִירְט אָן דֶעם גְרֶעסֶרִין טַייךְ אוּנ יֶענֶער הָאט אִים פַאר שְׁלוּנְגִין, אוּנ פַאר שְׁלֶעפְּט אִים וואוּ הִין עֶר שְׁטְרָאמְט אַלַיין, מוּטֶער, אִיז דֶען דָאס נִיט דֶער פְּרִימֶער פוּן אוּנְזֶער לֶעבִּין? גֶעפִּין אִיךְ דֶען דָא נִיט· זִיךְ, אִין מַיינֶע אַייגֶענֶע טְרֶעפוּנְגֶען, אִין דִיא טַייכִין? אִיךְ גִידַיינְק נָאךְ יֶענֶעם שְׁטִילִין רוּהִיגֶען טַייכֶעלֶע, וֶועלְכֶער עֶס אִיז זִיךְ גִיגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע גִישְׁפִּיגֶעלְטֶע קְלָארֶע וַואלִין צְווִישִׁין צְוַוייא גְרֶינֶע מִיט בְּלוּמֶען בַּאוַואקְסֶענֶע פֶעלְדֶער, וִויא אַנְגֶענֶעם וַואר מִיר דַאמָאלְס זִיךְ צוּ. בָּאדִין אִין דֶעם טַייכִיל? וִויא פְלֶעג אִיךְ טְרַאכְטִין אוּנ זִיךְ אַוֶועקְלָאזִין אִין מַיינֶע קִינְדֶערְשֶׁע פַאנְטַאזְיֶען· אַזוֹ קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִים! וואוּ הִין שְׁטְרָאמְט דֶער טַייכִיל? פְלֶעג אִיךְ אַלְס וֶועלִין וִויסִין, אַיין מָאל, דָאס אִיז גִיוֶועזְן אַפְרַייעֶר טָאג, אִין הַדֶר הָאבּ אִיךְ נִיט בַּאדַארְפְט גַיין· אַלֶע אִיבֶּרִיגֶע אִינְגְלִיךְ זַיינֶען זִיךְ גִיגַאנְגֶען בָּאדִין, אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִילָאזְט גַיין מִיט דֶעם בְּרֶעג טַייכִיל, זֶעהֶען וואוּ עֶר קוּמְט אַהִין? אוּנ וִויא וַואר אִיךְ פַאר וואוּנְדֶערְט, אַז אִיךְ הָאבּ אִין מִיטִין דֶער זֶעהֶען אַפַּארָאג, וָואס טַיילְט דֶעם רוּהִיגִין טַייכֶעל פַאנַאנְדֶער אִין צְוַוייעֶן, עֶס אִיז פוּן דֶעם טַייכִיל גִיוָוארִין צְוַוייא, אַיינֶער אִיז זִיךְ גִיגַאנְגֶען זַיין גְלַייכִין וֶועג, דֶער אַנְדֶערֶער הָאט אָן גֶענוּמֶען אַגִיכֶערִן אוּנ אַשְׁטְרָאמִיגֶערִן לוֹיף· אוּנ גַאנְץ וַוייט פוּן דֶעם טַייךְ פוּן וֶועלְכִין עֶר שְׁטַאמְט אַרוֹיס, אִיז מִיר דֶער וואוּסְט גִיוָוארִין פַאלְט עֶר אַרַיין אִין אַגְרוֹיסִין שְׁטְרָאם, וֶועלְכֶער עֶס פַאר שְׁלִינְגְט אִים, אוּנ פִירְט אִים מִיט זִיךְ, אוּנ נִיא אוּנ נִימֶער וֶועט זִיךְ שׁוֹין דִיא וַואסֶער אוּם קֶערִין צוּא זַייעֶר עֶרְסְטִין קְוַואל! סַיידִין נָאךְ זַייעֶר אַרוּם קְרַייזֶען צוּרִיק, אוּנ אַז זַייא וֶועלִין זִיךְ פָאפַּאדְזִין דוּרְךְ אַיין מָאל צוּרִיק אַהֶער צוּא.

מוּטֶער, שְׁטַאם אִיךְ דֶען נִיט פוּן אַזוֹ אַשְׁטִילִין טַייכֶעלֶע? וַואר דֶען מַיין יוּגֶענְד אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ פוּן דִיר אַלַיין גִילֶעבְּט, נִיט דֶער זֶעלְבֶער טַייכִיל וָואס לוֹיפְט פַאר בַּייא אוּנְזֶער שְׁטָאט, אוּנ אִיז דֶען נִיט דֶער פַּארָאג, וָואס טַיילְט אִים פַאנַאנְדֶער, דֶער אַייגֶענֶער פַארָאג אָדֶער אוּנְגְלִיק וָואס הָאט מִיךְ אָבּ גִירִיכִין פוּן דִיר? וָואס הָאט מִיךְ פָאר גִיגְרָאבִּין אַגַאנְץ אַנְדֶער וֶועג, זִיךְ אַלְס אָבְּצוּצִיעֶן וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער פוּן דִיר מוּטֶער· פוּן מַיין עֶרְשְׁטִין קְוַואל פוּן וַואנֶען אִיךְ שְׁטַאם

אַרוּים

ארויס ? איז דען ניט אט די מער לעבידיגערע אונ גרעסערע פאמיליע, אין וועלכע איך בין אריין גיפאלין. דער שטראם וואס פאר שלינגט יענעם אב גריסענעם טייכיל ? . . . יא טייערע מוטער, איך בין פון דיר ענטריסין, אונ פאר שלונגען אין אנאנדער פאמיליע, אונ מיט זייא שטראם איך אונ לויף איין וועג, אונ איבער זייא בין איך זעלבסט פאר געסענד, אונ קען מיין איינענם באהן ניט מער גיין ? דאס אלס טייערע ליבע מוטער, זאל מיר ענטשולדיגען פאר דיר, וואס איך בין פון דיר אב געריסין אונ טראכט אימער אונ אלס וועגין יענע פאמיליע ! גאט פאר וואס זאל איך לייקענען ? וועגין יענעם לעבידיגעם וועזן, וואס לעבט איצט, גיוויס אויך אזו אגלייכין לעבין וויא איך ! מוטער איך מיין ראזען, וועלכע עס פילט אויס מיין גאנצעס הארץ, אונ נעמט מיינע אלע זינען, מוטער איך ליב זיא, רבי יצחק ווילנער, האט דיר גיוויס ערקלערט וויא אזו איך בין גיווארין אפעטערסבורגער, איצט ערקלער איך דיר דאס זעלבסט דיא טייערע צווייטע עלטרין מיינע, זיינען זייער צוא פרידען מיט מיר, אונ ווילין, אז איך מיט זייער ראזע זאלען גליקליך זיין, דער פאר האבין זייא מיך גישיקט אהערצו, איך בין מודה, איך האב עס אליין אויף גיטאן, דען איך האב דיא אויגען גיעפינט, אונ גיזעהן וויא נאקעט, וויא אונבעוואפענט איך בין אין דער אונענדליכע מלחמה פעלד, וואו מענטשין מיט מענטשין וועגין אשטיקעל ברויט שטרייטין, איך האב אנגעהייבין צו זוכין, אונ געפינען, איצט פערציהע, ליבע מוטער, דאס דיין האפפענונג מיך ארב צוא זעהן, האט זיך איבער מיינע איינגענזיניגקייט צו ניכטס אויס גילאזען — מוטער, דו מיינסט דאך גיוויס נאר מיין גליק, מיט דעם וואונש — גליקליך אויף יענער וועלט זאל מיך גאט מאכן — גליקליך אויף דער וועלט, מוז איך אונ זאל איך זיך אליין מאכן, דער מענטש דארף אין גאנצין זיך ניט אויפאפפערן פאר יענער וועלט, דאס דא זיין האט אייך עט וואס געוויכט — אונ וואס איז איצט מיין גליק אויב ניט גליקליך מאכין אייך ליבע עלטערן, אונ זיין צו פרידען אונ גליקליך מיט מיין ראזען — זייט אייך גיזונד ליבע גוטע עלטערן, גריסע אלעמען —ובעט גאט, ליבע מוטער פאר מיין ראזען— וויא עס בעטעט פאר דיר דיין יוסף —

יוסף האט דעם בריף צו זאמען גילייגט, גיקוקט מיט טרערן אויף אים, אונ האט גינומן לייענען אגאנצען פאקעט בריף, וואס ער האט גישריבען אין דיא לעצטע טעג צו ראזען —

(ר"ח אב ת"ר...)

ליבע זיסע ראזע !

מיינע גידאנקען לאזען מיך ניט רוהען, איך מוז דיר שרייבען, חאץ איך האב היינט דיר אלאנגען גרויסען בריף גישיקט, אונ האב פון דיר קיין אנטווארט, עס איז נאך גוט, דאס פון אונזערע גליקליכע שטונדען איז מיר חאץ דאס שרייבין גיבליבען. מען איז אבער פערבונדען זעלבסט ביים שרייבען, מען מוז זיך היטן, דאס זאל ניט זיין קינדערס, דאס זאל ניט זיין סענטימענטאל — מען איז פאר

בונדין

בונדען ראזע, אונ מען פרעסט דאס הערץ, ווערענד עס געפינט דיא נויט ווענדיגקייט זיך אויס צוא ברייטען, זיך גוט אויס צו ריידען. דוא האסט מיר אמאל גיזאגט: "איך וואלט וועלין נאך אקינד זיין, אונ איצט אין אונזער פריהלינג ניכט דער מאנען יענע פריהלינגס אונגעוויטער, יענע שטורעמדיגע רעגענס דונערן אונ בליצען וועלכע עס ברייגען דעם זאמער! —"

וויא האב איך דאמאלס דיזע פילבעדייטענדע ווערטער אזוי קיין אכטונג גיגעבן, אונ ניט גיוואוסט, אז איך וועל נאך אמאל זיך טרעפין, אונ זייא ערסט פערשטיין! ראזע, איך האב זיך מיט גיוואלד אלט גימאכט, אונ דער פאר ווידר שטייט מיין ערנסט ניט דעם קלענסטן שטורם אין מיין לעבין, איך בין ערינסט, אונ דער ערינסט מאכט מיר שמערצין — וואלט איך ניט מורא האבין מען זאל אויף מיר זאגין: "איך בין נאך א קינד", וואלט איך ווארפען מיין קאנטאר, אונ קומען צו ליפען צו דיר ליבע ראזע, איך וואלט זיך גוט אויס וויינען, אויפליידיגען אביסעל מיין פולע פערביטערטעס הארץ דיך זעהן,מיט דיר ריידען, אונ ווערין צוריק א מענש, אונ קען דר נאך פארטפאהרן טאן מיין גישעפט וויא אלע מענשן. איך האב אבער ערנסט גיוואלט — ארויפציהען דיא ביטערנעס דעם לעבענס אויף זיך פאר דער צייט, דער פאר לייד איך, אונ קען זיך ניט היילען! —

(ב׳ אב ת״ר . . .)

וועלכער מענש ווייס צוא הייטיגער צייט ניט דיא נוטציגין וואס דער מענש האט פון שרייבען. דאס שרייבען איז פיר דיא מענטשין גיווארין כמעט זא אונענטבערליך וויא דאס "שפרעכען", דאס שרייבין קען נור יענער מענטש ענטבערין, וואס זעלבסט דיא שפראכע איז אים ניט זא נויט ווענדיג, דער אונוויסענדר מענש — ער דארף ניט שרייבען, ער האט אויך ניט וואס צו ריידן, זיין גאנצע שפראכע בעשטייט אין זיין ביסען ברויט, אונ אטרונק, אונ דער גלייכען — פאר דעם געבילדעטן איז דאס שווער צוא ענטבערן, אונ פאר דעם אבוועזענדען ליבענדען איז דאס אונמעגליך. —

דיא ליבע מאכט עמפפינדליך. אונ איך בעגרייפע יעצט מער וויא זאנסט, אבער ליידער מאכט די ליבע דעם מענטשין פאר איין קינד, אונ טראץ מיין ערנסט קען איך דיר קיין רעכטען בריף שרייבען! — דאס שרייבען אבער טוט מיר גוט, וויא קרעבצען דעם קראנקען, אונ טרערן דעם בעטריבטען — וואלט איך איצט דיר ניט קענען שרייבין אונ וואלט דאס אלץ דארפען אין זיך קלייבין, איז דאך מיין הארץ ניכט קופער אדער אייזען ניכט צו צערברעכין אונטער דיזע לאסט, דוא שרייבסט מיר ניט, איז דאס מעגליך? דוא שרייבסט מיר יא, נאר דיינע בריפפע קומען ניט צוא מיר, פאלען אריין אין בייזע הענט — ווער זע איז מיר ערב אויב דאס זעלבע גישיהט ניט מיט מיינע בריף? — אונ ווען איך טראכט אזוי אונ האב אן צו זוכין אורזאכען וואראוים דיין שווייגין קומט, פיהלע איך מיר אין א פינסטערע פערווירדרונג. וויא עס לויפין נאר פראגין פארביי, אונ קיין ליכטיגע אנטווארט! דאן קוועלט מיך אפינסטער צווייפיל, אונ איך פרעג: וואס טוא איך

היר

היר ? וויא קום איך אהער צוא ? — איז דען דאס ווירקליך מיין סיביר וואו איך זאל אבקומען מיינע שווערע זינדן וואס איך ליבע דיך, ליבע ראזע ? — באלד צוויי חדשים, וואס קען אין צוויי חדשים ניט טרעפין אונ גאט ווייס וואס צווישען אונז שוין גיטראפין האט — — א ראזע, אז דוא וואלסט וויסין, וואס איך לייד דער ביי וויא וואלסט דוא דאס קענן מיר אזו פיל זיך פייניגין לאזין — איך קען דיר מער ניט שרייבין, מיינע אויגין זיינן מיר פערלאפין מיט טרערין, מיין הארץ איז מיר גאך פולער — בעסטע ראזע, פילע דוא וואס איך נאך שרייבין וויל ! —

---

(ד׳ אב ת״ר ...)

איך בעגרייפע איצט, וויא מוז יענעם צום מוט זיין, דער וואס האט דורך דיין אונפארזיכטיגקייט זיינע אויגין פערלארין, אונ ווייס מער קיין מיטיל וויא ווידער זעהענדיג צו ווערין, זיין הארץ רעט אים גיוויס: „וואלט מיר גאט מיינע אויגען עפענען האץ דעם מאל, וויא אבגיהיט וואלט איך שוין זיין! וויא טייער וואלטין דאס זיין מיינע אויגין ביי מיר! מיינע אויגין, וואס האבין מיר גיוויזען די שיינע וועלט, דיא ליבע זאנע, מיט אירע מירויאדען שטערין! פאר וואס האב איך דאס פריער ניט פערשטאנען ?“ פר וואס ווערט מען ערסט קלוג, אז מען פאלט שוין אריין אין גרוב, אונ אז מען הייבט אן צו זוכין פלענער וויא פון גרוב ארויס צו קריכין ? אין זא פיל צייט, אין אזוא פיל פערגינגטע שטונדין, וואס מיר זיינען גליקליך גיוועזן צוא ריידין פון אלץ, ריידין אוועגדין גאנצע פון דעם אונ פון יענעם, פון דיא פערגאנגענע וועלט אונ קינפטיג, האבין מיר קיין צייט גיהאט צוא ריידין וועגין זיך, וועגין אונזער געגענוואַרט אונ צוקונפט — אונ איך מוז היינט זאגין מיט דעם גיפיל פון יענעם בלינדין „וואלט מיך נאך גאט ווירדיגען מיט דיר נאך איינמאל צו זעהן זיך, מיט דיר איין שטונדע נאך צו שפרעכין מיט וויפיל וואלטין איצט מיינע רייד וויכטיגער אונ ערפאהרענער זיין — איך וואלט שוין גיפינען א מיטיל אז אונזערע בריף זאלין ניט פאלין אין מהבליםסע הענט אונ אז צווישען אונז זאל קיין מיספערשטענדניס ניט פארקומען קענן ! — איצט אבער, אז איך ליג שוין אין גרוב, אז מיינע הענט זיינן גיבונדין, בין איך קלוג גיווארן, אונ בעשאפע יעדען טאג נייע עצות, נייע פלענער, וויא דאס שלעכטס צוא בעזייטיגען — אבער וואס העלפין זיי ? — מיין אייגענע האנט איז ניט אזו לאנג, דיר מיין בריף צו דער לאנגן, עס מוז גיין דורך פרעמדע הענט, אונ קיין פרעמדר קען פילין וויפיל גליק אונ אונגליק מיר ליגט אין יעדן בריף — וואס ער גיט איבר אן אכטונג, ווער עס נעמט צו פון אים, אונ בפרט . אז דר צו נעהמער בעצאלט אים נאך עטוואס דערפאר, איך הייב ערסט אן היינט איינצוזעהן, וויא קורץ איז אונזער מאכט, וויא בעשריינקט מיר זיינן אין אונזר מעכטיגקייט, אלע אונזערע זינען זיינען נאר טהעטיג אונ זא אין קליינעם רוים, וואס ניכט גרעסער איזט אונז זעלבסט ! —

וויא נאהענט איז אונזער הערץ אונד זיילע, וויא גלייך זיינן אונזערע ...

און אונזערע ווינשע, און דאך ווייסין מיר איצט ניט איינר פון דר אנדערע וואס מיר וויסין ווילין און וואס מיר וויסין זאלין — און דער נאך הייסט דער מענטש, „קעניג דער ערדע!״ א ארעמער, בעדויערנסווירדיגער קעניג! וויא קליין איז דיין דייך אונד וויא גרויס איז דיין מוט!

---

(ו׳ אב ת״ר...)

ראזע, וואלט איך דיך איצט זעהען; וויא גליקליך וואלט איך זיין, אז מיר וואלט נאך פערגינט זיין דיר אויס צוא דערציילין מיין גאנצין לעבענסארט און צייט פערברייננן אין פעטערסבורג — פאר וואס איז מיר בעסערט מיינע יסורים וואס איך מוז שוין ליידין. נאך אבר זיין מיט זייא אין אזא שטאט, וואס מאכט יעדעם קלענסטע פיל מאל גרעסער וויא דאס איז? —

וויפיל טרערין האב איך שוין דא פערגאסין, וואס איז גיוויס פערפאלין גיווארין אין אנדערע טייכן טרערין וואס דעם מענשענס קורצע ראיה איז ניט אים שטאנד איינצוזעהען וויא זייא שטרעמען דורך אפשר אלע פעטערבורגר גאסין! וויפיל זיפצין מיינע זיינען פערטייבט און פערלארין גינאנגען אין דעם עווינען צומישטען קלאנג, טומל און גערויש פון וויינען און זינגען צוא זאמען וואס דיא שטאט איז פול מיט זיי בייא טאג און ביי נאכט! — וויפיל עלענדע זעה איך זיך אן אין אטאג פערשטויסענע פערטריבענע מענשין! — א גאט, דוא האסט גלייך און גוט דיין וועלט בעשאפין, נאר דיא מענטשן האבן אין איר עלענדען און אונטערדריקטע גימאכט!... וואס בעגרייפט דר אונגליקליכר פון דעם אונגליק זיינעם פריינדעס, וואס ווייס דר וואס איז אין אסטראג גיבארן, פון דעם פערגיניגן דר פרייהייט — און וואס האב איך גיוואוסט פון א וועלט ווערנד איך בין אין מאהבילער פארשטעטיל גיוועזן — איך האב קיין גרויסע גליקען גיקענט. אבער דיא אונגליקן וואר מיר אויך ניט אזו פירכטערליך וויא דא, דא זעה איך מאנכען ליכטיג וויא דיא זאננע, אונד פילע שווארץ וויא דיא ערד! דא לעבט מען שוועלגעריש, דייך מיט קארעטען, מיט פארקען, און מיט וואס מאן נור אויס דיינקען קען, און מען לעבט אויך ארעם וויא דיא ארמוטה זעלבסט, אן שטיוועל זעה איך מענטשין שלאגין דיא פיס אויף דיא אנגיברענטע שטיינער, פערשמאכטעטע, צוטריקענטע אן ברויט און וואסער! — א, וואס איז דאס פאר א אונבעגרייפליכע וועלט! ווער האט זיא אזו גיארדנעט אונד לייטעט זיא אזוא פון ערסטין טאג?!

מיר ליגט איצט אויפין הארצין שווערע ביטערע גיפילען, איך האב זיי ניט פר וועמען אויסצוריידין, שרייבין זייא דיר דארף איך ניט — ראזע, ווער ווייס נאך דיא ליידין ווען מען טראגט זייא נאך אום מיט זיך וואו נאר מען קומט — צוא זעהן יענעמס גליק, הערין גיזאנג אין דר מינוט אז דאס הארין וויינט און בלוטעט פון פערדרוס און כעס. — אחוץ אלץ טוט מיר נאך עטוואס וועה. — איין וואונד־לעסט מאנכעס מאל דאס ברענען פון דעם אנדערין וואונד, און איך קריג יעדען טאג נייע וואונדען מיינע אלטע צו פערגעסין — עס פערגעסט זיך אבער ניט און לייד איצט מעהר וויא זאנסט!

איך

(ח' אב ת'ר'י'י)

איך וויל שוין וועגין זיך דיר נישט שרייבין, איך באטראכט אליין אז מיין *איך* נעמט צו, אפפט מיינע גאנצע גידאנקען. ניין איך מוז דיר זאגין אביסיל מעגינגא דיומא — טאגעס פראגע, דוא ווייסט ליבע ראזע, אז מיין ליבע צוא מיין נאציאן איז אהנע גרענצין, אונד איך פרייא זיך וויא א קליין קינד, אז איך זעה, אז מען הייבט אן דעם אידין גוט צו זיין, אונ מען רופט אים צו זיך — איך זעה דא אידין ערצטע, קויפלייטע, געניען, פון אלער ארט, אונ איך פרייהע מיר — גיבע גאט, דאס דיא שלעכטע מענשין, דיא ניט פארגינער, זאלין אויך איין זעהען אונ אויף הערין, וויא שונאים צוא ריידין! די ממשלה זעלבסט האט אנדערע אויגין. אונ ווייס דעם אמת, אונ שווייגט ביז א צייט — זיא וועט איין זעהען באלד, אז נור גאזעטין שרייבער, איבער איינגענוצין איבער אקליינע פאר דינסט, שרייבין וואס זייא ווילין — אונ זייער גיוויסין איז אזוא פאר דארבין אז זייא פילין אליין ניט וויא גרויס זייער פארברעכין איז!

דוא גידיינקסט ליבע ראזע, אז דוא האסט מיר א מאל גיפרעגט, פאר וואס זוכין אונזערע שונאים אויף אונז א זעלבע זאכין, וואס עס איז גאר ניטא ביי אונז, אונ זיינען מקפיד אויף דאס קלענסטע, אדער אויף דאס גרינגסטע טייל וואס איז יא דא? אז ווער עס איז, טוט איין אונרעכט, בעטרוג, גנבה, אדער דער גלייכין — פאר וואס צוילט מען אזוא וויא עס וואלטין דאס אלע גיטאן. אונ מען רעדט וועגין דעם וויא פון מי יודע וואס? איך האב דיר דאמאלס גיוואלט ענטפערין, מיט קוסין -- דיין שווארצער שוואגער איז אריין גיקומען, אונ האט אונזער גישפרעך אויף איין אנדער זאך גילייגקט — איצט דר מאן איך אונ ענטפער דיר מיט דעם תירוץ וואס דער רבי מיינער האט מיר אמאל גיענטפערט, אויף מיין קשיא; וואס ער פלעגט אויף מיינע עבירות מער מקפיד זיין וויא אויף דיא פעלער פון די איבריגע חברים, וואס זיינען גיוועזען פיל ערגער אונ פראכטער פאר מיר אונ פלעגין מער שטיפין אויך — איך טוא דאך ניט ערגער פאר זייא — פלעג איך זאגין — ווידער איך בין דאך נאך ניט אגרויסער, איך וועל עלטער ווערין, וועל איך קליגער ווערין אונ דאס ניט טאן וואס היינט! פלעג איך טענען.

פאר שטייהסט דוא מיך, מיין ליבער יוספקע האט מיר מיין רבי גיענטפערט— זייא זיינען גראבע יונגען אונ זייא מאכין זייערע פעלער ניט מיאוס, אבער דוא מיין קינד, דוא ביזט ניט גלייך צוא זייא, דוא ביזט אאיידעל קינד, האסט אנאנץ אנדער געפיל, אונ פאר דיר פאסט אפילו אזו איין קליינעם פעלער אויך ניט! דאס האט מיר מיין רבי גיענטפערט דוא קענסט דאס היינט פאר אתרוץ אן נעמען אויף דיינע פראגען, אבער ניט פערגעס אז מיין רבי האט מיר נאר גיענטפערט אויף דארויף וואס ער קוקט אויף מיר מער וויא אויף יענע, אבער ער האט מיר אלס ניט רעכט גימאכט, דאס וואס איך האב אים גיפרעגט שטייטש, איך בין דאך נאך אקינד, אונ זינדיג ניט מער וויא אקינד, אז איך וועל עלטער

ווערין

ווערין וועל איך קליגער ווערין אונ ניט טאן די היינטיגע נארעסקייטין :

זייא האבין רעכט , אז זייא זיינען אויף אונז מער מקפיד וויא אויף אנדערע נארארען , מען שלאגט קיין פראבע אויף בלייא , נאר אויף גאלד אונ זילבער אליין ! וואס פיינער עס איז פון נאטור מוז אלס מער גילייטערט ווערין אונ אנאנץ קליינע פראסטע זאך וואס מישט זיך אריין קען זיין ריינע פראבע ניט באשטיין , דער פאר מוזין מיר מער גילייטערט ווערין אונ אונזערע פעלער זיינען מער נכר !

אבער דער וואפראס , וואס איך האב מיין רבין גיפרעגט : איך בין נאך אקינד ! דאס בלייבט ניט פארענטפערט ! זיינען מיר אידין אין אונזער לאגע די איצטיגע ניט וויא דיא קינדער ? מיר זיינען שוואך , ערשט פון אקראנקע בעט ארויס, אונז איז שווער מיט אמאל אסאווערשענער מענטש צוא ווערין , וויא לאנג זיינען מיר פון דיא פאלאניצקעס ארויס גיקראכין ? וויא לאנג האבין מיר זיך גיוואלגערט אין דער מישט פון דער געטע , וואו מען האט קיין ליכט שטראל צו אונז צוגעלאזען ? וויא לאנג איז דאס, אז מען האט פאר אונז שולין גיעפענט אונ אונז אן גיהויבין צוא בעטראכטין אז מיר זיינען אויך אדם הראשונס קינדער ? אונ שוין אין אזוא אקורצע צייט וויל מען שוין מיר זאלין זיין פאלקאם אין אלס ? —

---

(תשעה באב ת״ר . . .)

היינט האב איך צייט צו געהן אויפין בית עולם , אונ ווייל איך וויל ניט גיין , וועל איך יוצא זיין אז איך וועל דיר בעשרייבין דיא קברים , דיא גריבער פון מיין פאלק , וואו דעם אידינס אונגליק ליגט באגראבין , אונ דאס איז מיר קינות אונ פאסטין , א דער גאנצער חורבן בית המקדש ! בייא דעם המון עם איז אזאך ארבי , וועלכער עס האט אים ארויפגעפירט פון ריינע אידישקייט , אונ דורך זיי בלייבט ער ווילד — ליידין אויך ווייבער אונ קינדער , ווערין דיא מאנען פיאניצעס , פוילאקעס , אונ זייער אפט גנבים אונ גזלנים , אבער אז מיר ווילין דאס נאכקוקען זיינען מיר דארין אויך ניט שטארק שולדיג , וואלטין אידין גיוועזען אזעלבסט שטענדיגעס פאלק , אדער וואלט צום ווייניגסטין , פראוויטעלסטווא אכטונג געבין אויף אונזער דוכעווענסטווא , וואלטען זיך בייא אונז ניט געיאוועט אלע טאג נייע בעקעטען מיט נייע תורות , וועלכע עס פאר דארבין דיא גאנצע יודענטהום , מען וואלט ניט דער לאזין איטליכין גראבין יונג , בעזקאוועסטנעס אונ גיבילדעטען מענטשין — ווערין אגוטער איד אונ קאמאנדיוען מיט דעם המון וויא מיט אשטאדע שעפסען , איצט אבר אז פראוויטעלכטווא שטייט פון זייטין . אונ אז אונזערע געבילדעטע מענטשין האבין קיין מאכט זייא צוא פערוועגען , פערברייטערט זיך דיא גוטע אידענס ממשלה וויא א נגע צרעת אין דיא גאנצע יודענטהום , אונ פאר דארבין אונזער נאמען איד , אונזערע גוטע מדות ראטין זייאוים , אונ ציען ארוים בייא דעם המון די מארך פון די ביינער , אונ דער איד , דער גיבילדעטער , מוז עס זעהען , מוז צו קוקען וויא דיא בלוט פון זיין פאלק טרינקען היינט , זייא זיינע ברידר פאלען , אונ קענען זייא ניט העלפין , דער המון איז נאך ווילד , האט

[illegible]

קַיין אַייגֶענֶעם שֵׂכֶל צו פֶערְשְׁטֵיין וָואס גוּט אִיז, וָואס פְרוּם אִיז אוּנ וָואס נִיט קַיין קִינְד קֶען אִים עֶפִּיס זָאגִין, אַז דָאס וִויל גָאט, דָאס טָאר מֶען נִיט, וֶועֶין אִים טוּיזִינְט פָאלְגִין, אוּנ אַז צֶעהֶן קְלוּגֶע לַייט וֶועלֶען זִיךְ צוּ רַייסֶען שְׁרַייעֶנְדִיג: דָאס פַאר לַאנְגְט גָאט נִיט, דָאס אִיז נִיט פְרוּמְקַייט. טוּט בֶּעסֶער דָאס אוּנ דָאס אוּנ לֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ! וֶועט זִיךְ אֵיינֶער נִיט גֶעפִינֶען וָואס זָאל אִים הֶערְן, וִויא פִיל פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבִּין זֵייעֶר גַאנְצִין לֶעבִּין מַקְרִיב גִיוֶועזֶען פַאר זֵייעֶר פָאלְק, וָואס הָאבִּין מִיט זֵייעֶר בְּלוּט פוּן הַארְצִין גִישְׁרִיבִּין זַייא אוּנ אוֹיפְגִיקְלֶערְט דֶעם דֶרֶךְ הַיָשָׁר. מִלְחָמָה גִיהַאלְטִין מִיט זֵייעֶר פֶעדֶר גֶעגִין דִיא פַאר דַארְבֶּער, דִיא גוּטֶע אִידֶען, אוּנ וָואס הָאבִּין זַייא אוֹיסְגֶעפִירְט? דֶער הָמָן אִיז ווִילְד, אִיז קְנֶעכְטִישׁ, אוּנ אַקְנֶעכְט וֶוערְט נִיט אוֹיס גִישְׁטְרָאפְט מִיט אֵיינֶע וֶוערְטֶער, הָאט שׁוֹין שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ גִיזָאגְט! — פַאר דֶעם הָמָן מוּז מֶען הָאבִּין אַהֶערְשֶׁענְדֶע הַאנְד, וָואס זָאל אִים נִיט דֶער לָאזִין גֵיין נָאךְ יֶעדֶען פָאדְלֶען, וָואס פַאר פִירְט אִים, וָואס נַארְט בַּייא אִים אַלְס אוֹיס! אָט דָאס אַלֵיין אַז דִי מֶמְשָׁלָה וָואלְט אוֹיס וָוארְצְלִין, דַאן טָאלְטִין אִידִין זַיין אַפָאלְק וִויא זַייא ווִינְצִין זִיךְ אַלֵיין, אָבֶּר זִיא קוּקְט דַארוֹיף נִיט אוּנ לָאזְט דָאס אִיבֶּער אִין טוּיטֶע הֶענְט, וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין קַיין מַאכְט עֶטְוָואס צוּ טָאן, אֲפִילוּ מִיט זֵייעֶר פֶעדֶער קֶענֶען זֵיי אוֹיךְ אַהָאר נִישְׁט טָאן! אָ אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ וֶוער זֵיינֶען דִיא אִידִישֶׁע שְׁרַייבֶּער, דַאן וַויינְט מִיר דָאס הַארְץ! אָ וֶועלְכֶע מֶענֶער, וֶועלְכֶע טַאלַאנְטֶען וַואלְגֶערְן זִיךְ אִין קוֹיט, וָואסֶערֶע פָּאעֶטִין גֵייעֶן נֶעבִּיךְ בַּייא אוּנְז אוּם אָן בְּרוֹיט, פֶערְלָארֶענֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין! דָאס אִיז דִיא גְרֶעסְטֶע שַׁאנְד פַאר אוּנְז. אִידִין זֵיינֶען אַפָאלְק וָואס וִילִין אַלֶע מָאל פַאר דֶעם קְרִיסְט יוֹצֵא זַיין, אִים הֶעלְפִין, אִים אֵייבִּיג דַאנְקְבַּאר זַיין פַר אַיין טוֹבָה וָואס עֶר הָאט זֵיי גִיטָאן, אוּנ בְּלַייבִּין אוּנְדַאנְקְבַּאר פַאר זִיךְ אַלֵיין, פַאר דִיא אֵייגֶענֶע בַּעֲלֵי טוֹבוֹת, פַאר דֶעם אִידִישֶׁען שְׁרַייבֶּער זַיינֶען זֵיי אוּנְדַאנְקְבַּאר, אוּנ נִיט אֵיינֶער הָאט מִיטְלֵייד מִיט אִים! קֵיינֶער בֶּעטְרַאכְט גָאר זַיין אֶמֶתֶע אַהֲבָה, אוּנ וָואס עֶר אִיז הָלִילָה מִיט זַיין שְׁרַייבִּין גָאר נִישְׁט אוֹיסִין קַיין גֶעלְט, מֶער נִיט זַיין הִיוּת צוּ הָאבִּין, נֵיין אִים עֶרְהַאלְט מֶען דָאס אוֹיךְ נִיט! אוּנ וִויא פִיל גִישְׁרִיבֶּענֶע וֶוערְק וַואלְגֶערֶען זִיךְ אִיצְט נֶעבִּיךְ בַּייא זֵייעֶרֶע שְׁרַייבֶּר וֶועלְכֶע עֶס וֵויינֶען אִיבֶּר זַייא, וָואס זַייא קֶענֶען זַייא נִיט אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען צוּם לִיכְט, אִיבֶּר אַבִּיסִיל גֶעלְט, אוּנ קֵיינֶער וִויל גָאר פוּן זַייא נִיט וִויסֶען, אִיךְ רֵייד דָאס, אִיצְט מִיט מֶער פֶערְדְרוּס וִויא אַ אַנְדֶערְס מָאל, אִיךְ הָאבּ דָא גִיטְרָאפִין אַיינֶע פוּן דִיא אִידִישֶׁע פָּאעֶטֶען, עֶר אַרְבֶּעט נִיט דֶעם פְרִיהְלִינְג צוּא בֶּעזִינְגֶען, עֶר אַרְבַּייטֶעט פַאר דִיא גֶעגֶענְוַוארְט, פַאר דֶעם שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט פַאר דָאס נוֹיט וָוענְדִיגְקַייט וָואס פֶעלְט זַיין פָאלְק — אִיךְ הָאבּ גִיוֵויינְט. זַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבִּין מִיךְ גֶערִיהְרְט — וָואלְט דֶער מֶענְשׁ-זַיינֶע וֶוערְק אִין אַ יֶעוּרָאפֵּייאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע וָואלְט עֶר גִיוֶועזֶען וֶועלְט בֶּערִיהְמְט, מֶען וָואלְט אִים פַאר זַייא מִיט טוֹיזֶענְדֶער בֶּעצָאהְלְט — אָבֶּער וָואס אִיז עֶר אִיצְט? אַ טוֹיטֶער טַאלַאנְטְפָאלֶער פָּאעֶט, אַמֶענְשׁ אָן בְּרוֹיט אוּנ מִיטִיל זַיין אָרֶעמֶע פַאמִילְיֶע צוּא עֶרְהַאלְטֶען — טְרַייבְּט זִיךְ אוּם פַאנַאנְדֶער טְרָאגֶענְדִיג זַיין וֶוערְק עַל פִּתְחֵי נְדִיבִים

אונ

אונ ער איז ניט איינער , נאך הונדערטער , וועסט דוא זעלכע ניפינען — אונ מען בעשולדיגט נאך דאס יעדער איד ארבייט נור פאר זיך , פר זיין אינטערעסע— אמת , דער איד פאר דעם אידען איז אונדאנקבאר , אונדאנקבאר פאר זיין גאנצע נאציאן ! . . .

דיא אלטע ווילין זאלכע ווערק ניט זעהען ניט הערין , אונ דיא נייע , דאס איז נאך מער פערדרוס , זייא שעמען זיך שוין פון זייער אונוויסענהייט , צוא האלטין א אידישעס בוך אין זייער גבול , דאס איז דיא קראנקייט פונזאונזר צייט —

---

(תשעה באב בערב)

אז איך הייב אן צו קלערין פאר וואס דאס איז אזו ? פאר וואס שעמען זיך אונזערע גבירימכע קינדער מיט דעם נאמען איד ? פאר וואס הילין זייא ניט ליידין אז מען רופט זייא מיט דעם אידישען נאמען ? ווער זאגט דאס , אז קיריל איז שענער וויא עקיבא ? אז אסיפ איז שענער וויא יוסף ? וויא נארעש מוזין זייא זיין אז בייא זייא האט אזעלכע אזעלכע אויסערליכע זאכין ! פאר וואס ווילען זייא בעסער קענען דיא גריכישע , עגיפטישע אונ ראמישע גישיכטע , וויא די אידישע ? פרעג בייא די אלע מאהיבילער מעדכען אדער אפילו בייא דיא גאנצע יוגענד , צו וויים ווער אהאר פון דיא אידישע איסטאריע ! מער ניט וואס זייא האבין אהאלבע זייטעל גילערענט אין דיא אלגעמיינע איסטאריע , וואס עס ווערט גילערענט פון אויבין ! שולדיג זיינען דארין דיא פאנאטישע עלטערין , זייא ווילין , אז זייערע קינדער זאלין זיין רבנים אדער דאקטורים אדער אזעלכע צדיקים וויא רבי פנחס בן יאיר , אונ זיין אזו גיבילדעט וויא זיין אייזיל , אדער זיין אזו קלוג וויא קהלת אונ פיינט האבין א אידען וויא המן , דאס איז דיא קראנקייט פון היינטיגער צייט , דיא בלומרסט גיבילדעטע עלטערין , וועלכע עס ווילין אז זייערע קינדער זאלין גיבילדעט זיין וויא זייא , אדער נאך מער פאר זייא , פאר געסין , אז זייא האבין זיך ערצויגין בייא עלטערין וועלכע עס האבין אין זייא איינגעפרעגט די ליבע צוא דעם אידען פון קינד וייזאן , אונ קען זיך גאר ניט פארשטעלען וויא וועלין זייערע קינדער אנדערס זיין , אונ גיבין זייא אוועק פון קינדווייז אן אין דיא קריסטליכע לערע שולן וואס האדעוען זיך אוים מיט איין וויסענשאפט וויא דיא קריסטליכע קינדער , דער אונטער שייד איז נאר וואס יענע לערנען זאקאן באזע אויך , אונ זייער איינענע איסטאריע פון דעם ערסטין ביז דעם לעצטען קלאס , אונ אונזערע קינדער , מיידכין אדער קנאבען זיינען שוין פרייא דער פון , וויא זייא האבין נאר דעם ערשטין טריט גישטעלט אין ערשטין קלאס , נאך דעם , איז דען אוואונדער אז זייא האבין דעם אידין מיט זיין שפראך אונ ביכער פיינט , אז זייא ווייסין פון אים אונ פון זייא אהאר ניט ? איז אחדוש , אז ער איז פרייא , אויסגברעכענד צוא זיין גלויבין , אז ער גיוואונט זיך פון דעם ערשטין קלאס אן צוא זעהען וויא דיא קריסטליכע קינדער ווערין גיצוואונגען צוא היטין יעדען קלענסטען מנהג פון זייער אמונה , אונ זייא , דיא אידישע

קינדר

קִינְדֶער הָערִין גִיצְווּאוּנְגֶען פוּן עֶרְסְטִין בִּיז לֶעצְטִין קְלַאס, צוּ טָאן אַלְס וָואס זַייעֶר אֶמוּנָה פֶערְבָּאט עֶס, וָואלְטִין אָבֶּער אִידִין קְלִיגֶער זַיין, זִיךְ אִינְטֶערֶעסִירֶען אַז זַייעֶרֶע קִינְדֶער זָאלִין זַיין אִידִין, גֶעבִּילְדֶעטֶע מֶענְטְשִׁין וִויא עֶס דַארְף זַיין, הָאבִּין זַייא בֶּעדַארְפְט מֶער אַכְטוּנְג גֶעבִּין אוֹיף דִיא אִידִישֶׁע אַנְשְׁטַאלְטֶען אוֹיף זַייעֶרֶע לֶערֶער, אוּנ בֶּעטִין בַּייא דִי מִינִיסְטֶערְסְטְוָוא פוּן נַארָאדְנָע פְּרָאסְוֶועסְטְשֶׁענִיָע, אַז מֶען זָאל לֶערְנֶען אִין דִיא גִימְנַאזְיוּם אִידִישֶׁען זַאקָאן אוּנ זַייעֶר גִישִׁיכְטֶע פְּאדְרָאבְּנָא. קֵיינֶעם אָבֶּער לִיגְט דָאס אִין זִינֶען, אוּנ דִיא קְרַאנְקַייט פֶערְבְּרֵייטֶערְט זִיךְ אוּנְטֶער דִיא יוּגֶענְד פוּן טָאג צוּא טָאג, קִינְדֶער הָאבִּין פַיינְט דִי עֶלְטֶערְן, נָאךְ מֶער וִויא דָאס פְרֶעמְדֶע קְרִיסְטְלִיכֶעס קִינְד הָאט פַיינְט דֶעם אִידֶען, אוּנ עֶס וֶועלִין בְּקָרוֹב קוּמֶען אַזֶעלְכֶע טֶעג, בְּעֵת אָט דִיא פֶערְלָאזֶענֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע מֶעדְכִין וֶועלִין דַארְפִין הֵייַראטֶען, דַאן וֶועלִין דִיא עֶלְטֶערִין פִילִין וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ מִיט זַייעֶר אוּנְפָארְזִיכְטִיקַייט אָן גִימַאכְט, נָאר גִינוּג! דוּא וַוייסְט רָאזֶע מַיין הַארְץ, אִיךְ בִּין פַאר מַיין פָאלְק אַזָאהִין, אוּנ אַז אִיךְ וָואלְט וִוישִׁין אַז אִיךְ קֶען זַייא הֶעלְפִין מִיט מַיין בְּלוּט אוּנ פְלֵייש, וָואלְט אִיךְ זִיךְ לָאזִין טְרָאפִּין וַוייז אוֹיסְצַאפֶּען מַיין בְּלוּט, נָאר צוּ זַייעֶר רְפוּאָה, אָבֶּער וֶוער בִּין אִיךְ! וֶוער וֶועט מִיךְ הֶערִן אַז אִיךְ וֶועל זָאגִין, אַז אִיךְ וָואלְט זַייא שְׁרַייבִּין, נָאךְ אַאִיסוּר, זַייא מַאכִין דֶעם דַאווְנֶען זִיבִּן מָאל גְרֶעסֶער וִויא עֶר אִיז, זַייא גֶעבִּין צוּם זָאגִין נָאכִין דַאווְנֶען אַ חֹק לְיַעֲקֹב, חֹק לְאַבְרָהָם, אוּנ אַחֹק לְיִצְחָק, וִויא יֶענֶער הָאט זַייא גִיגֶעבִּין אַ חֹק לְיִשְׂרָאֵל, דַאן וָואלְטֶען זַייא מִיר פָאלְגִין, מֶען וָואלְט קוֹיפִין מַיינֶע סְפָרִים, וָואס מֶען דַארְף דֶער צוּ קֵיין קָאפּ אוּנ גֶעפִיל הָאבִּין צוּא מַאכִין, מֶער נִיט קֶען אוֹיף קְלַייבִּין טוֹיטֶע בֵּיינֶער פוּן אַלְטֶען בֵּית עוֹלָם! אָבֶּער אַז גָאט זָאל אוֹיס הִיטְן, אַז אִיךְ זָאל פְּרוּבֶּען אַוָוארְט אוֹיס רֵיידִין, פְּרוּבֶען מַיין פַייעֶרְדִיגֶע הַארְץ לֶעשֶׁען מִיט מַיין שְׁרַייבְּן פַאר זַייא אַסֵפֶר, זַייא אוֹיף וַוייזִין זַייעֶרֶע פֶעלֶער דַאן בִּין אִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ! מִיךְ וָואלְט מַיין אוּנְגְלִיק נִיט אַרֶען, אַז אִיךְ וָואלְט נָאר הָאבִּין אַשְׁטִיקֶעל הָאפֶענוּנְג אַז דָאס וָואס הָאץ עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין נוּצִין בְּרֵיינְגֶען, אִיךְ וַויים אָבֶּער, אַז דָאס וֶועט אוֹיךְ נִיט זַיין, דִיא דְרוּקֶער וֶועלְכֶע עֶס זֵיינֶען אָבְּהֶענְגִיג פוּן דִיא קוֹיפֶער נִיט וֵוייניגֶער כִּמְעַט פַאר דֶעם מְחַבֵּר, וֶועלִין דָאס נִיט קוֹיפִין פוּן מִיר, אוּנ וֶועלִין דָאס נִיט דְרוּקֶען, אוּנ אַז יוֹא, וֶועט מֶען דָאס גִיכֶער פֶערְבְּרֶענֶען, דִיא וָואס וֶועלִין אִיבֶּער לֶעזֶען, וֶועלִין זָאגִין: אַז יִמַּח שְׁמוֹ זָאל עֶר וֶוערִין, וָואס פַאר אַהִינְטִישֶׁע מוֹיל עֶר הָאט, וָואס פַאר אַיין אַפִּיקוֹרֵס עֶר אִיז! אָדֶער נָאךְ אַזֶעלְכֶע דַאנְקְבַּארֶע וֶוערְטֶער, נֵיין רָאזֶע, עֶס בְּרֶענְט מִיר דָאס הַארְץ, אִיךְ קֶען זִיא דֶער מִיט נִיט לֶעשֶׁען! נָאר פַאר דִיר לִיבֶּע רָאזֶע וִויל אִיךְ שְׁרַייבִּין, דוּא קֶענְסְט מִיךְ אוּנ פַארְשְׁטֵייסְט מַיינֶע רֵייד! דוּא פִילְסְט אַלְס, דוּ לִיבְּסְט אוּנְזֶער פָאלְק, אוּנְזֶער הֶעבְּרֵייעֶשֶׁע שְׁפְּרַאכֶע וִויא אִיךְ אַלֵיין! גָאט הָאט אוּנְז בֵּיידֶען אֵיינֶעם פַאר דִיא אַנְדֶערֶע בֶּעשַׁאפֶען, מִיר וֶועלִין בֵּיידֶע נוּצִיגֶע מֶענְטְשִׁין זַיין פַאר אוּנְזֶער פָאלְק, פַאר אוּנְזֶער צַייט! אָבֶּער גָאט, פוּן וַואנֶען יַאוֶוען זִיךְ אִין מִיר דִיא בִּיטֶערֶע גֶעפִילֶען? פַאר וָואס הַייבֶּען מִיר אָן צוּ גִיסְן פַייעֶר הֵייסֶע טְרֶערְן

פוּן

פוּן מַיינֶע אוֹיגִין , אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ דוּא הָאסְט נָאךְ מִיר אוֹיף אַיין בְּרִיף נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט ? וָואס אִיז דִיר רָאזֶע ? וָואס שְׁווַיינְסְט דוּא ? אִיךְ קָען נִיט וַוייטֶער ַליידִין, דוּא וָועסְט דֶעם בְּרִיף לֶעזֶען , מַיין הַארְץ זָאגְט מִיר אַז דוּא מוּזְט אִים לֶעזֶען , עֶס קֶען גָאר קַיין מֶענְטְשׁ אַזוֹא שְׁלֶעכְט נִיט זַיין אוּנ פוּן דִיר דֶעם בְּרִיף צוּא בֶּעהַאלְטֶען !

---

(ו׳ אב ת״ר . . .)

רָאזֶע עֶס וָוערְט שׁוֹין וִוידֶר טָאג, וִוידֶר לִיבְּטִיג צוּ זֶעהֶן נַייֶע צָרוֹת נַייֶע קוּמֶר! — וִוידֶער טָאג וִוידֶער זֶעכְצִין אָדֶער אַבְצֶעהֶן שְׁטוּנְדֶען וַואךְ זַיין , זִיךְ קְוֶועלִין אוּנ וַוארְטִין דִיא וָואלְטְהֶעטִיגֶע נַאכְט , אִיבֶּרִיגֶענְס , הָאבּ אִיךְ הַיינְט גִיוַואכְט גַאנְצֶע פִיר אוּנ צְוַואנְצִיג שְׁטוּנְדֶען , אִיךְ הָאבּ גִישְׁרִיבִּין אוּנ נִיט גִיהֶערְט וִויא דִי צַייט אִיז מִיר פֶערְלָאפִין — אִיךְ בִּין אִין גַאנְצִין מַיין שְׁרַייבִּין גִיוֶוען אִיבֶּער גֶעבִּין, אוּנ וַואר גְלִיקְלִיךְ — נוּן אִיז דֶר גְלִיק אַרִיבֶּר , אוּנ דֶר טָאג רוּפְט מִיךְ צוּ נַייֶעַפִּיין ! — —

אִיךְ בִּין אִיצְט אַנְדֶערְס וִויא אַלֶע מֶענְטְשִׁין , בְּרֵיינְגְט דֶען דִיא לִיבֶּע זָאנֶע נִיט מְרֵייסְט אוּנ הָאפְנוּנְג פַר דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע ? גִיסְט זִיא דֶען נִיט הֵיילֶענְדֶען בַּאלְזַאם אִין דִיא וואוּנְדֶען דֶער לֵיידֶענְדֶע ? אוּנ פַאר וָואס נָאר מִיר אֵיינֶם שְׁטֶעכְט זִיא וִויא מִיט שְׁפִּיזִין , אוּנ גִיסְט מִיר גִיפְט אִין מַיינֶע וואוּנְדֶען — אִיךְ צִיטֶער פַר הַיינְטִיגֶען טָאג , אִיךְ הָאבּ נָאךְ נֶעכְטִינֶע יִסוּרִים נִיט פֶערְגֶעסִין — אִיךְ הָאבּ גִיוַוארְט דֶעם בְּרִיפֶענְטְרֶעגֶער אוּנ מִיר וַואר יֶעדֶע מִינוּטֶע אַיין עֶוִויגְקַייט , אִיךְ וַוייס נִיט וִויא בִּין אִיךְ נִיט אַלְט גִיוָוארִין וַוארְטֶענְדִיגִ׳, עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר אַרַיין גִיקוּמֶען , אִיךְ בִּין גִיוָוארִין בְּלַייךְ וִויא אַטוֹיטֶער אַז עֶר הָאט אוֹיסְגִירֶעט אַז עֶר הָאט צוּ מִיר אַבְּרִיף , אַלֶע מֶענְטְשִׁין הָאבִּין מִיךְ אָנְגִיקוּקְט עֶרְשְׁרָאקִין . אִיךְ הָאבּ קוֹים גִיקֶענְט אִים צוּ נֶעמֶען , מַיינֶע הֶענְט הָאבִּין גִיצִיטֶערְט , אִיךְ הָאבּ אִים גִיעֶפֶענְט , עֶס אִיז גִיוֶוען אַפּוּד טְרִיפְוַואקְס אוֹיף אִים אוּנ הָאבּ אִים גִימוּסְט אַיינְרַייסִין אִין דִיא גִישְׁרִיבֶּענֶע וֶוערְטֶער , מִיר וַואר פוּן אוּנְגִידוּלְד פִינְסְטֶער אִין דִי אוֹיגִין אוּנ הָאבּ נִיט גֶעזֶען , דָאס עֶס וַוארִין גַאנְצֶע צְוַוייא בּוֹיגֶען פַּאפִּיר , אוֹיף אֵיינֶעם וַוארֶען נָאר צְוַוייא שׁוּרוֹת גִישְׁרִיבִּין , פוּן פָאטֶער דַיינֶעם רָאזֶע צוּא מִיר , פַאר פְלֶעקְט, אִין טִינְט פֶערְגָאסִין , אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט פַאנַאנְדֶער קְלַייבִּין וָואס עֶר וִויל, אוּנ גִיוָואלְט אָנְגִהוֹיבִּין לֶעזִין דֶעם אַנְדֶערִין בְּרִיף , דֶער גַאנְצֶער בּוֹיגִין וַואר לֵיידִיג ! נִיט אֵיין וָוארְט וַואר דַארוֹיף גִישְׁרִיבִּין , עֶס הָאט מִיר מַיין בְּלוּט אִין קָאפּ אַרַיין גִישְׁפַּארְט , דִיא לִיפִּין הָאבִּין זִיךְ שְׁמֶערְצְלִיךְ פֶערְצוֹיגִין , אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט וַויינֶען , אִיךְ הָאבּ עֶס אָבֶּער נִיט בֶּעדַארְפְט ! אִיךְ הָאבּ נֶעלִיטִין , מֶען הָאט אוֹיף מִיר גִיקוּקְט , מִיט דִיא פְלֵייצֶעס גִיהוֹיבִּין , מֶען הָאט מִיר עֶפֶּעס גִיפְרֶעגְט . אִיךְ הָאבּ זֵייעֶרֶע רֵייד נִיט גִיהֶערְט , אִיךְ וַוייס : אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס גִיעֶנְטְפֶערְט , אוּנ וַוייס נִיט וָואס ! רָאזֶע , וָואס זָאל דַיין פָאטֶערְס פֶערְקְלֶעקְטֶר פֶערְצוּקְטֶער בְּרִיף בֶּעדַייטֶען ? וָואס זָאל דֶער לֵיידִיגֶער פַּאפִּיר וַוייזֶען ? דַאס אִיז טִירַאנִישׁ , וָוען יֶענֶער וָועמֶען אִיךְ בִּין חוֹשֵׁד , הָאט דָאס גִיטָאן מִיךְ צוּ פַּיינִיגִין , וִויא קֶען אַמֶענְץ אַזוֹ שְׁלֶעכְט זַיין ! נַיין עֶס הָאט

גִיוִויס גִימוּזְט גִיפַאלְן אַ טָעוּת, מֶען הָאט אָן שְׁטָאט דַיין בְּרִיף גֶעהַאפְּט אַלַיידִיגֶעם פַּאפִּיר ! אִיךְ גְלוֹיבּ עֶס אִיז אַזוֹי ! אָט אַזוֹי לִיבֶּע רָאזֶע לֶעבּ. אִיךְ דָא, אִיךְ בִּין גֶעוֶען אַז אִיךְ הַאבּ זִיךְ אַרוֹיס פוּן מַיין אָרְט דָאס הַייסְט פוּן קַאנְטָאר, דַאן לָאז אִיךְ זִיךְ לוֹיפְן אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער גַאסִין, אוּנ מַאטֶער זִיךְ צוּא פֶערְבְּלָאנְזִין אוּנ דֶער נָאךְ זִיךְ אַלַיין אַוֶועג צוּא גִיפִינֶען אַרוֹיס צוּא קוּמֶען אַהֵיים, אוּנ אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ אַז אִיךְ גִיפִין זִיךְ אִין אַ אָרְט וואוּ אִיךְ וַויים נִיט וואוּ אִיךְ בִּין, אוּנ גַייא אַלְס וַוייטֶער, בִּיז עֶס הַייבְּט אָן פִינְסְטֶער צוּא וֶוערְן, ווִיא פִיל מוּז שׁוֹין מַיין הַארְץ לַיידִין, אַז דַאס קֶען שׁוֹין טְרַייסְטִין ! אִיךְ צִיטֶער פַאר הַיינְטִיגֶען טָאג נָאךְ מֶער ווִיא פַאר נֶעכְטִין, רָאזֶע ! הַיינְט זָאל אִיךְ פוּן דִיר אַבְּרִיף הָאבִּין ! אִיךְ בֶּעשְׁוֶוערֶע דִיר, דוּא זָאלְסְט מִיר שׁוֹין לֵיינְגֶער נִיט לָאזִין לַיידִין ! אִיךְ בִּין מִיד, דִיא גַאסִין הוֹיבִּין אָן בַּאלְד אָן ווִידֶער צוּ לַארֶעמֶען ווִיא נֶעכְטִין, אוּנ אִין מַיין הַארְצִין זַיינֶען שׁוֹין וַואךְ אַלֶע וואוּנְדֶן פוּן דֶעם נַייעֶן אוּנ אַלְטֶע טֶעג ! מַיין הַארְץ אִיז צוּרִיק פוּל אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאר גִישְׁט גִישְׁרִיבִּין, נִיט לָאז מִיךְ שׁוֹין מֶער לַיידִין, אָדֶער לַייד נָאר דוּא נִיט אוּנ מַיינֶע וואוּנְדִין זַיינֶען מִיר גִיטְרַייא, רָאזֶע נִיט לַייד, עֶס לַיידֶעט פַאר דִיר גֶערִין דַיין יוֹסֵף ! —

יוֹסֵף הָאט גִיעֶנְדִיגְט לֶעזֶען, עֶס וַואר שׁוֹין גְרוֹיסֶער טָאג, אוּנ דֶעם אַנְדֶערִין צִימֶער אִיז מֶען שׁוֹין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען — עֶר הָאט נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְשְׁלָאפִין וֶוערִין,

אַז רָאזֶע וָואלְט הָאץ דֶעם אַיין בְּרִיף לֶעזִין — הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט, אַז זִיא וָואלְט הָאץ נִיט לַיידִין, שְׁטְרָאף מִיר גָאט פַאר אִיר, מִיר שְׁמֶערְצְט מֶעהְר — דוּ בִּיזְט נִיט שְׁלֶעכְט דוּא הָאסְט נָאר שְׁלוּחִים שְׁלֶעכְטֶע ! — מִיט דִיא וֶוערְטֶע אִיז עֶר עֶנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין

---

## ב

### פוּן בֶּעגִינֶען

דוּא הָאסְט שׁוֹין מִיט אִים גִירֶעט ? הָאט גִיפְרֶעגְט אַנִידֶערִיגֶער יוּנְגֶער מַאנְצִיג דֶעם סְטְרָאז פוּן רַבִּי יִצְחָקְס קַאנְטָאר וואוּ יוֹסֵף הָאט זִיךְ זַאנִימַאיֶעט :

גַיין ! רַבִּי לַייזֶער, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטְרָאז, אִיךְ בִּין בַּייא אִים נֶעכְטִין אָבֶענְד גִיוֶוען, גִיקְלַאפְּט גִיוִויס צֶעהֶן מָאל אִין טִיר, דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט קְלַאפִּין מִיט שְׁטוּרֶעם, וָוארוּם אִים וָואלְט קָשֶׁה גִיוָוארִין. וָואס הָאבּ אִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק זִיךְ גִידְרוּנְגֶען :

דוּא הָאסְט רֶעכְט בְּרוּדֶער, מֶען דַארְף זַיין אַסְטָארָאזְנֶע, אוּנ נִיט לָאזִין קַיין סְלַאד, אָפּ טָאן קוּרְץ אוּנ גוּט אוּנ זִיךְ בְּלַייבִּין רַיין, שֵׁיין אוּנ פַיין ווִיא גִיוֶוען, נָאר ווַייסְט דוּא אַז דָא מוּז צוּ גַיין גִיכֶער ; וַוייזִין דִיר דִיא דֶעפֶּעשֶׁע. וָואס אִיךְ הָאבּ הַיינְט עֶרְהַאלְטִין פוּן רַבִּי לַייבִּין :

פַאזַאלֶע ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטְרָאז :

דֶער נִידֶערִיגֶער הָאט אַרוֹיס גִינוּמֶען אַפַּאפִּיר אוּנ הָאט אִים פָארְגְלֶעזִין ;

קְפּאַראַיעָט זִיךְ דִיא סְחוֹרָה וָואס צוּם גִיקְסְטִין אַיין צוּ שְׁלִיסִין , אַז נִיט הַיינְט אִיז דֶער קָרְן פַאַרְפַאלֶען , לַייבּ סָארְקִין ! •

נוּא וָואס זָאגְסְט דוּא ? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶר קוּרְצֶער :

הַיינְט וֶועט דָאס אוֹיסְגֶעפִירְט וֶוערְן , הָאט דֶער סְטְרָאז גִיעֶנְטְפֶערְט , אִיךְ גֵייא בַּאלְד צוּ אִים , מֶען דַארְף גָאר אַנְדֶערְש מַאכִין , עֶר הָאט מִיר גִיבֶּעטִין אִיךְ זָאל קוּמֶען אַכְט אַזֵייגֶער זִיךְ גֵיין בָּאדֶען מִיט אִים , אִיךְ וֶועל גֵיין זִיבִּין , אִים זָאגִין אַז אִיךְ הָאבּ הַיינְט קֵיין צַייט נִיט , דוּא נֶעם דֶעם פַאלְטָא מִיט זִיךְ , דֶער שׁוֹמֵר פוּן דִיא קְלֵיידֶער אִין קוּפַּאִילְנֶע , אִיז פוּן אוּנְזֶער חֶבְרָה , מִיט אַיין וואוּנְק וֶועט עֶר אִיבֶּער בַּייטִין זַיין פַאלְטָא אוֹיף דַיינֶעם , דוּא זֶעה עֶס זָאל גָאר גְלַייךְ זַיין , עֶר זָאל זִיךְ נִיט חַאפִּין , אוּנ דָאס וֶועט נָאךְ גִיכֶער אָן גֵיין וִויא אַלְם ! דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט וָואס מֶען רֶעט מִיט דִיר ? שִׁיק דוּא אַקָארְסְט רַבִּי גְרוֹנֶעמֶן צוּא סִיוִויצְקֶען , אוּנ מֶען זָאל זַיין גַאטָאוו !

גוּט עֶס בְּלַייבְּט אַזוֹ , דָאס גִיפֶעלְט מִיר בֶּעסֶער , וִויא אִיבֶּר בַּייטֶען בַּיי אִים אִין שְׁטוּבּ , דוּא וָואלְסְט אֶפְשַׁר גָאר נִיט אוּסְפֶּעיֶען ! הָאט גִיזָאגְט דֶער קוּרְצֶער , דוּא גֵייא מַאךְ דָאס אָבֶּער גִיכֶער , וִויא פִיל אִיז אִיצְט אַזֵייגֶער ?

הַאלְבּ זִיבִּין , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטְרָאז , אִיךְ אָטְפְּרַאוֶוע זִיךְ בַּאלְד צוּא אִים , סְמַאטְרִי דוּא זָאלְסְט נָאר דָאס מַאכִין לָאוְוקֶע :

דוּא דַארְפְסְט מִיר נִיט לֶערְנֶען , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִין מַיין לֶעבִּין שְׁוֶוערֶע זַאכִין גִיטָאן וֶועל אִיךְ אַזוֹ אַמַאכֶער נִיט בַּייא קוּמֶען ?

הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער קוּרְצֶער מִיט פַארְאִיבֶּעל , דוּא הָאסְט בַּייא זִיךְ עֶפֶּעס קְלֵיין גֶעלְט ? מֵיינְסְט דוּא , אַז סִיוִויצְקֶע וֶועט זִיךְ וֶועלִין אַרִיר טָאן אָן דִיא מַטְבֵּעַ ? מַיין עֵצָה אִיז אַז מֶען זָאל אוֹיס קוּמֶען אָן אִים , עֶס אִיז גְלַאט נִיט גוּט אַז עֶר זָאל דָאס פֶערְשְׁטֵיין , נָאר וָואס טוּט מֶען אַז עֶס אִיז אַזוֹ גִיהַיילְט ? אוּנ וִוידֶער זֵיינֶען מִיר מְחוּיָב צוּ פֶערְזָארְגִין אוֹיף אַייבִּיג ? מִיט אַיָאר וֶועט עֶר דָאס נִיט פַּטֶרְן , דֶער וַוייל קוּמְט צוּא אוּנ נִיט אָפּ , דֶער שִׁידוּךְ מָאג זַיין אוֹיס שִׁידוּךְ אַבִּי דִיא תְּנָאִים אִיז גִיוֶוען אוּנ דִיא שַׁדְכָנוּת וֶועט שׁוֹין זַיין בַּייא אוּנְז אִין קֶעסֶענֶע ! וָואס נִיט אֱמֶת ?

וָואס אֱמֶת אִיז אֱמֶת , אִיךְ הָאבּ פַיינְט צוּא זָאגִין . דוּ רֶעדְסְט דָא וִויא אַמֶענְטְשׁ , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטָארָאז , דוּא נִיט פֶערְגֶעס נָאר דַיינֶע טַעֲנוֹת !

הַאלְט , דָא וואוֹינְט עֶר ! הָאט גִיזָאגְט דֶר סְטָארָאז , פֶערְצַייכֶען זִיךְ זַיין נוּמֶער , זַיין נָאמֶען , אוּנ זַיין גִישְׁטַאלְט ! דוּא זָאלְסְט זִיךְ נִיט פְּלוּטִין !

יֶענֶער אִיז גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין אוּנ דֶער סְטָארָאז אִיז אַרוֹיף גִיקוּמֶען צוּ יוֹסֵפִין , אַקְלַאפּ גִיטָאן שְׁטַארְק אִין טִיר , דִיא טִיר הָאט זִיךְ נִיט גִיעֶפִינְט , עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל אַשְׁטַארְקֶערִין קְלַאפּ גִיטָאן אוּנ גֶעוַוארְט בַּיין טִיר .

יוֹסֵפְ׳ , וָואס אִיז נִיט לַאנְג עֶנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין , הָאט זִיךְ עֶרְשְׁרָאקִין פוּן שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ , אוּנ הָאט זִיךְ אַוֶועקְ גִיטָאן צוּם טִיר , — וֶוער אִיז דָא ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט :

אִיךְ ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטָארָאז .

רַבִּי חַיִים, הָאט גיפְרֶעגְט יוֹסֵף, הָאט איר נִיט אַבְּרִיף?

נֵיין, לִיבֶּער יוֹסֵף, אִיךְ בִּין אַייךְ גִיקוּמֶען רוּפִין בָּאדֶען זִיךְ, הָאט גיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטָארָאז, אִיר הָאט דָאךְ מִיר גִיבֶּעטִין, אוּנ אִיךְ הָאבּ הָאלְט צוּ אִיסְפָּאלְנֶען וָואס אִיךְ זָאג צוּ!

שׁוֹין אַכְט דֶער זֵייגֶער? הָאט גִיפְרֶעגְט יוֹסֵף עֶרְשְׁרָאקִין, אִיךְ בִּין עֶרְסְט עֶנְטְשְׁלָאפֶען גִיוָוארִין:

וָואס אִיז אַייךְ יוֹסֵף? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶער סְטָארָאז, זֶעהְט וִויא אִיר וֵוייזְט אוֹיס, זַייט אִיר קְרַאנְק? זֶעהְט וָואס פַאר אוֹיגִין בַּייא אַייךְ אִיז:

אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעשְׁלָאפִין, אִיךְ הָאבּ גִישְׁרִיבֶּען כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט:

אַט דָאס זַיינֶען אַייעֶרֶע בְּרִיף? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶער סְטָארָאז, וַוייזְט אִיךְ וֶועל זַייא אַטְפַּרַאוֶוען:

נֵיין, אִיךְ וֶועל זַייא אַלֵיין אַטְפַּרַאוֶוען, אִיךְ דַאנְק אַייךְ, אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַּיינְט צוּ שַׁאפִין מִיט דֶעם אַנְדֶערִין דָאס וָואס אִיךְ קֶען אַלֵיין טָאן, אָבֶּער, מִיר ווִילְט זִיךְ עֶפֶּעס הַיינְט נִיט גֵיין בָּאדִין, לִיבֶּער רַבִּי חַיִים נִיט נֶעמְט פַאר אוּנְגוּט וָואס אִיר זַייט גִיגַאנְגֶען אוּמְזִיסְט!

פוּן מַיינְט וֶועגִין מַאכְט דָאס גָאר נִיט אוֹיס, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סְטָארָאז, נָאר מִיר פַאר דְרִיסְט פַאר וָואס זָאלְט אִיר אַיין לָאזֶען אַזוֹ אַשֵׁיינֶעם טָאג, קוּמְט מִיר הָאט דֶער דָאקְטָאר גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהַייט, אַז אִיךְ זָאל אַייךְ טְרַייבֶּען אִיר מוּזְט גֵיין!

הָאט דֶען דֶר דָאקְטָאר, מִיךְ גִיהַאלְטִין פַר אַזוֹ אַהוֹלֶה? עֶר הָאט נָאר גִיזָאגְט, אַז פַאר רָאבְּטְרָאיֶעטֶע נֶערְוֶוען אִיז בָּאדִין זִיךְ זַייעֶר פָּאלֶעזְנֶע.

דָאס הָאט עֶר אַייךְ גִיזָאגְט, מִיר הָאט עֶר אָבֶּער גִיזָאגְט, גִיט אַכְטוּנג אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען מֶענְטְשִׁין, אִיר זֶעהְט עֶר זָאל גֵיין יֶעדֶען טָאג זִיךְ בָּאדֶען! ווִילְט אִיר נֵיין, טָא קוּמְט. דִיא בְּרֵירָה אִיז בַּייא אַייךְ!

אִיךְ ווִיל נָאךְ אִיבֶּער שְׁלָאפִין אַבִּיסִיל, הָאט יוֹסֵף גִיבֶּעטִין:

אִיךְ וֶועל אָבֶּער קֵיין צַייט הָאבִּין צוּ קוּמֶען שְׁפֶּעטֶר צוּ אַייךְ, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער סטָארָאז, קוּמְט פָאלְגְט מִיר, אַזוֹיגֶער מֶענְטְשׁ דַארְף זִיךְ נִיט נָאךְ גֶעבִּין, לָאז אַייךְ דוּכְטִין אַז אִיר מוּזְט אִיצְט גֵיין אִין אַעֶסֶק, אָדֶער אִין סְלוּזְבָּא, אוּנ בִּפְרַט פַאר אַיינֶעם גִיזוּנְט! ווִידֶער נִיט פֶערְגֶעסְט, אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָאךְ מַטְרִיחַ גִיוֶועזִין פוּן אַייעֶרְטְוֶועגִין, לָאז זַיין מַיין טִרְחָה אָנְגִילַייגְט, קוּמְט לִיבֶּער יוֹסֵף!

אִיךְ נֵייא, הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט, וַוארְט נָאר אַיין מִינוּט אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁרַייבִּין דֶעם אַדְרֶעס אוּנ פֶערְבַּייא גֵייעֶנְדִיג וֶועל אִיךְ דִיא בְּרִיף אַלֵיין אִין פָּאסְט קָאסְטִין אַרַיין וַוארְפִין:

יוֹסֵף הָאט דִיא בֵּיידֶע אַדְרֶעסִין אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען, אַיינֶעם צוּא זַיין מוּטֶער אוּנ אַיינֶעם צוּ רָאזִין, דֶער סְטָארָאז הָאט דֶער וַוייל אָפּ גֶעפּוּצְט יוֹסֵפְס זוּמֶערְדִינְגֶען פַּאלְטָא אוּנ הָאט אִים דֶער לַאנְגְט, אוּנ גֶעזָאגְט:

אִיצְט

אִיצְט זַיינֶען מִיר גַאטְאוו, קוּמְט, דָר פַר וָועט אִיר מִיר הַיינְט גֶעבִּין נַא וָואדְקֶע אַז אַייךְ וָועט אָן קוּמֶען אַבְּרִיף!

לָאז מִיר נָאר אָנְקוּמֶן, וְויא אִיךְ וָועל אַייךְ גֶעבִּין, וְויא פִּיל אִיר וָועט גָאר בֶּעטִין! מִיר זָאגְט דָאס הַארְץ. אַז אִיךְ וָועל אַייךְ בְּרֵיינְגֶען הַיינְט אַבְּרִיף, אִיךְ וָועל גֵיין אוֹיפִין פָּאסְט פְרֶעגִין, אָט בַּאלְד וִויא מִיר וֶועלִין זִיךְ אוֹיס בָּאדִין. קוּמְט גָאר גִיכֶער הָאט צוּא גִיהַיילְט דֶער סְטָארָאז:

זַייא זַיינֶען אַוֶועק גִינַאנְגֶען, יוֹסֵף הָאט בַּיין פָּאסְט גִיוָואלְט אַרַיין וַוארְפִין מִיט דִיא אֵיינֶענֶע הֶענְט זַיינֶע בְּרִיף, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ פַארְפִירְט, אוּנ אִין פָּאסְט אִיז נָאךְ קֵיינֶערְגִיט גִיוֶועזְן, אוּנ הָאט קֵיין מַארְקֶען נִיט גִיקֶענְט בֶּעקוּמֶען, דַארִיבֶּער הָאט עֶר דִי בְּרִיף בֶּעהַאלְטִין אִין פַּאלְטָא קֶעסֶענֶע, אוּנ גִירֶעכֶענְט צוּרִיק גֵייעֶנְדִיג אַרַיין וַוארְפִין דִיא בְּרִיף, דֶער סְטָארָאז הָאט אִין זִיךְ אַשְׁמֵייכֶעל גִיטָאן, אַז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען אַז דִיא בְּרִיף וֶועלִין אוֹיךְ אִין זַיין הַאנְט אַרַיין פַאלִין; עֶס הָאט נִיט גֶעוֶוערְט אַשְׁטוּנְד צַייט, וִויא זַייא הָאבִּין זִיךְ אוֹיס גֶעבָּאדֶען, דֶער סְטָארָאז הָאט דֶער לַאנְגְט יוֹסֵפִין זַיין פַּאלְטָא אוּנ יוֹסֵף הָאט נָאךְ קֵיין צַייט גִיהַאט זִיךְ אַרוּם צוּא קוּקֶען צוּא דָאס וַואר זַיין פַּאלְטָא צוּא נִיט אִין בּוּזִין קֶעסֶענֶע הָאט גִישְׁטֶעקְט צְוַוייא בְּרִיף אִין קָאנְוֶוערְטִין, אוּנ קוֹים אִיז עֶר נָאר אַרוֹיס פוּן קוּפַּאלְנֶע, וְויא בַּיין טִיר הָאט שׁוֹין גִיוַוארְט אַדְרָאנְסְקֶע אוּנ דֶער סְטָארָאז הָאט יוֹסֵפְן גִיזָאגְט:

יוֹסֵף, זֶעצְט זִיךְ! גִישְׁקֶשֶׁה אִיר וָועט אִים אַסַךְ נִיט דַארְפִין צָאלִין, עֶר אִיז מַיינֶער אַבֶּעקֶענְטֶער, מִיר אִיז נִיט קָאוֶועסְטְנֶע פַאר דֶעם קְרִיסְט, עֶר וַוארְט שׁוֹין גֶעוִוים אַפֶערְטֶעל שָׁעָה:

יוֹסֵף הָאט זִיךְ נִיט גִישְׁפָּארֶעט אוּנ אַרוֹיף גֶעזֶעצְט אוֹיפֶען דְרָאנְסְקֶע. דֶער אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק הָאט אָבֶּער פַארְקִירֶעוֶועט אִין אַ אַנְדֶער גֶעסֶעל, אוּנ נִיט גִיהֶערְט יוֹסֵפִין וָואס עֶר הָאט גִיבֶּעטִן פָארִין פַאר בַּייא פָּאסְט, יוֹסֵף הָאט זִיךְ אָבֶּער שְׁטַארְק גִישְׁפָּארֶעט, אוּנ דֶער פוּרְמַאן הָאט גִימוּזְט פַארְקִירֶעוֶען צוּרִיק, אוּנ הָאט זִיךְ בַּיין פָּאסְט אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, דֶער סְטָארָאז אִיז אַרָאפּ גִישְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דְרָאנְסְקֶע, אוּנ אַרַיין לוֹיפֶענְדִיג אִין פָּאסְט הוֹיז הָאט עֶר גִיזָאגְט. וַוייזְט דִי בְּרִיף אִיךְ וֶועל צוּ קְלֶעפֶּען מַארְקֶעס אוּנ אַרַיין וַוארְפִין אִין קַאסְטִין.

גֵיין, טְרָאגְט אַרוֹיס מַארְקֶעס, אִיךְ וֶועל אַלֵיין אַרַיין וַוארְפֶען, הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט פֶערְדְרָאס:

דֶער סְטָארָאז אִיז אַרַיין גִילָאפֶען אוּנ בַּאלְד צוּרִיק אַרוֹיס:

עֶס אִיז נָאךְ פְרִיא, מֶען זִיצְט נָאךְ אִין פָּאצְט נִיט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּרִיק אוֹיפִין דְרָאנְסְקֶע זִיךְ אַרוֹיף זֶעצֶענְדִיג, דֶער אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק הָאט נִיט גִיוַוארְט אוּנ אַטְרַייב גִיטָאן דִיא פֶערְד, יוֹסֵף הָאט נִיט אִיבֶּער גִירֶעט צְוַוייא וָוערְטֶער, אוּנ אִיז קוֹים אַיינְגֶעזֶעסְן אוֹיפִין בִּירְזֶע בִּיז עֶר אִיז צוּ גִיקוּמֶען צוּם טִיר, אַרַיין גֵייעֶנְדִיג אִין שְׁטוּב, הָאט דֶער סְטָארָאז אִים ווִידֶער גִיוָואלְט אַרָאפּ צִיהֶען דֶעם פַּאלְטָא, אָבֶּר עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִילָאזִין, אוּנ אַלֵיין אוֹיס גִיטָאן, אוּנ וִויא הָאט עֶר זִיךְ דֶער שְׁרָאקֶען אַז עֶר הָאט אַקוּק גִיטָאן, אַז דָאס זַיינֶען נִיט זַיינֶע בְּרִיף! אִים אִיז אִין דִיא אוֹיגֶען

פינסטער

פִינְסְטָער גִיוָוארִין , אונ הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן ; גָאט וָואס זַיינֶען דָאס פָאר בְּרִיף ? אִיךְ הָאבּ מַיינֶע בְּרִיף פֶערְלָארִין , מֶען הָאט זַייא מִיר פוּן קֶעסֶענֶע אַרוֹיס גִינוּמֶען :

נַיין , טַייעֶרֶער רַבִּי יוֹסֵף , הָאט גִיזָאגְט דֶער סְטָארָאז , גַנָבִים זַיינֶען אִין קוּפַּאלְנָע נִיט גֶעוֶוען , מִיר דוּכְט אַז אִיר הָאט אַייעֶר פַּאלְטָא פַארְבִּיטֶען קוּקְט זִיךְ אַקָארְסְט אַרוּם :

אִיר זַייט גֶערֶעכְט ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , אִיר וַוייסְט נִיט וֶוער דָארְטֶען הָאבִּין זִיךְ גִיבָּאדִין מִיט אוּנְז ?

אִיךְ וַויים , אִיךְ קֶען זַייא אַלֶעמֶען , מִיר דוּכְט אַז אַלֶע זַיינֶען אָרֶענְטְלִיכֶע סֶענְטְשִׁין , עֶפֶּענְט אַקָארְסְט דִיא בְּרִיף אִיר וֶועט אַקוּק טָאן , טָאמִיר אִיז וֶוער עֶס אִיז אוּנְטֶער גִישְׁרִיבֶּען וֶועט אִיר וִויסֶען וואוּ זַייא צוּ מָאנֶען :

יוֹסֵף הָאט דָאס אַזוֹ גִיטָאן . אָבֶּער דִיא גֶעמֶען וַוארֶען אִים אוּנְבֶּעקֶענְט , עֶר אִיז אַוֶועק גִילָאפִין בַּאלְד צוּרִיק צוּם קוּפַּאלְנָע אַבִּיַאוֶועט זַיין אַדְרֶעס טָאמִיר וֶועט וֶוער גָאךְ פְרֶעגִין , אִים הָאט זִיךְ נִיט גִיגְלוֹיבְּט אַז דָאס אִיז גִיטָאן גִיוָוארִין גֶערִין , אוּנ הָאט דוּרְךְ אוֹיס גִיהָאפְּט זַיינֶע בְּרִיף צוּא דַאקַאזֶען , אִים אִיז אָבֶּער שְׁוֶוער גִיוֶוען אוֹיפִין הַארְצֶען אוּנ אִיז בֶּעטְרִיבְּט גִיקוּמֶען צוּרִיק אַהֵיים , עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעמִישְׁט טוֹיזֶענְד גִידַאנְקֶען אִין זַיין קָאפּ , אוּנ הָאט נִישְׁט גִיקֶענְט נֶעמֶען אִין מוֹיל קַיין עֶסֶען , עֶר הָאט נָאר גִינוּמֶען אַאַנְדֶער פַּאפִּיר אוּנ הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען שְׁרַייבִּין :

לִיבֶּע גוּטֶע רָאזֶע !

אַז מִיר וֶוערְט נָאר שְׁוֶוער אוֹיפִין הַארְצִין , אוּנ אַז מַיינֶע הֶענְט זַיינֶען פְרַייא נִיט פֶערְבּוּנְדֶען מִיט קַאנְטָארְסְקֶע עֲסָקִים , דַאן זוּךְ אִיךְ מִיר קַיין אַנְדֶער טְרֵייסְט , וִויא צוּא דִיר צוּא שְׁרַייבֶּען , דָאס אִיז דָאס אֵיינְצִיגֶע וָואס קֶען נָאךְ מַיין צוּבְּרָאכֶענֶעם הַארְץ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען , דִיא גַאנְצֶע נַאכְט , אִיךְ הָאבּ צוּא דִיר אַיין בְּרִיף גִישְׁרִיבֶּן , וִויא וָואלְט אִיךְ גְלִיקְלִיךְ גִיוֶוען , אַז דוּא וָואלְסְט אִים גִילֶעזֶען , אָבֶּער גָאט וַויים וָואס דָא צוּא טוּט זִיךְ מִיט אוּנְז ! וִויא הָאבּ אִיךְ דֶעם בְּרִיף גֶעהִיט , אִיךְ הָאבּ אִים פוּן הַאנְט נִיט גִילָאזִין , אוּנ וָואס זָאגְסְט דוּא צוּ דֶעם אוּנְגֶעוואוֹינְלִיכִיי צוּא פַאל , אָט גְרָאד הַיינְט בְּעֵת אִיךְ הָאבּ דִיא בְּרִיף גִירֶעכֶענְט צוּ אַטְפְּרַאוֶוען , אָט גְרָאד אִיצְט בִּין אִיךְ צוּ פְרִיא אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען , נַיין , אַז אִיךְ זָאל רִיכְטִיג זָאגִין הָאט מֶען מִיךְ אוֹיף גֶעוֶועקְט , אוּנ אִין פָּאסְט אִיז נָאךְ נִיט גִיוֶוען קַיין מַארְקֶען , אִיךְ הָאבּ דֶעם בְּרִיף אִין קֶעסֶענֶע אַרַיין גִילֵייגְט , אוּנ הֶער נָאר אוּנ עֶרְשְׁטוֹינֶע , אָט גְרָאד אִיצְט הָאט מֶען מִיט מִיר דֶעם פַּאלְטָא פֶערְבִּיטֶען , אוּנ מַיינֶע בְּרִיף זַיינֶען גֶעוִוים דָארְטִין וואוּ מַיין פַּאלְטָא אִיז ! אִיז דָאס צוּא פֶעלִיג גִיקוּמֶען ? אִיךְ הָאבּ מוֹרָא טַייעֶרֶע רָאזֶע , דָאס אוּנְזֶער פַיינְדְס הַאנְד יָאגְט מִיךְ אוּנ דֶער לַאנְגְט בִּיז דַאנֶען , אוּנ דָא אִיז קַיין אַנְדֶער כַּוָּונָה נִיטָא מֶער נִיט וִויא מַיינֶע בְּרִיף אוֹיף צוּא פַאנְגֶען . אִיךְ הוֹיבּ אָן חוֹשֵׁד צוּא זַיין דֶעם סְטָארָאז פוּן מַיין קַאנְטָאר , עֶר פְלֶעגְט מִיר שְׁטֶענְדִיג אוּנ הַיינְט אוֹיךְ צוּ פִיל גִיבֶּעטֶן אִיךְ זָאל אִים גֶעבִּין דִיא בְּרִיף אַטְפְּרַאוֶוען , עֶר הָאט מִיר עֶפֶּעס הַיינְט מָאדְנֶע אוֹיס גִיוִויזִין , אִיךְ הַייבּ זִיךְ אָן צוּא דֶער מָאנֶען אַסַךְ זַאכִין , וָואס וַוארְפֶען אַ חֲשַׁד אוֹיף אִים ,

און

אוּנ הָאפֶע , אַז אִיךְ וֶועל בַּייא אִים אַרוֹיסו קְרִיגֶען דַיינֶע בְּרִיף וָואס דוּא הָאסְט גִישְׁרִיבִּין , אוּנ אִיךְ הָאבּ נִיט עֶרְהַאלְטִין . . .

יוֹסֵף הָאט זִיךְ דֶער שְׁרָאקֶען ,: וָוארוּם עֶר הָאט פְּלוּצְלִיךְ דֶער הֶערְט שְׁוֶוערֶע טְרִיט . וִויא פוּן עֶטְלִיכֶע סֶענְטְשִׁין גֵייעֶן פְּרַאמֶע צוּ זַיין טִיר , עֶר הָאט גִילָאזִין דֶעם בְּרִיף אוֹיפִין טִישׁ , גִיעֶפֶענְט דִיא טִיר , אוּנ אִיז פֶערְשְׁטֵיינְט גִיוָוארִין , אַז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען דֶעם צַאסְנֶע פְּרִיסְטַאוו , פַּאנַאטַייֶעם , אוּנ אַפָּאר פָּאלִיצֵייסְקֶע :

דָאס זַייט אִיר יוֹסֵף רָאזֶענְבֶּערְג ? הָאט גֶעפְרֶעגְט דֶער צַאסְנֶע פְּרִיסְטַאוו אוֹיף רוּסִישׁ :

דָאס בִּין אִיךְ ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , שְׁטָאלְץ :

עֶרְלוֹיבִּין זַייא אַייעֶרֶע דַאקוּמֶענְטֶען ! הָאט גִיזָאגְט דֶער צַאסְנֶע , יוֹסֵף הָאט בֶּעוִויזֶען זַיין פַאסְפָּארְט אוּנ זַיין שַׁיין , דָאס עֶס אִיז עֶרְלוֹיבְּט צוּא וואוֹינֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג :

אִיז דָאס אַייעֶרֶע גֶעלְט ? הָאט אִים גֶעפְרֶעגְט דֶער צַאסְנֶער אִים בֶּעוַויזֶענְדִיג אַיין פַּאפִּירֶענֶעם רוּבִּיל :

נֵיין ! הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט :

אִיר זַייט הַיינְט גִיפָארִין מִיט אַבִּירְזֶעוִויק ?

יַא ! הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט :

נוּא הָאט עֶר גִיבְּרַאכְט דָאס גֶעלְט , גִיזָאגְט , אַז אִיר הָאט אִים גִיגֶעבִּין דֶעם רוּבִּיל , אוּנ דָאס אִיז אַפַאלְשֶׁער , עֶר הָאט גִיבֶּעטִין בַּייא אַייךְ אִיבֶּער בַּייטִין אוּנ אִיר הָאט נִיט גִיוָואלְט , עֶר הָאט גֶעיַאוֶועט , אוּנ נָאךְ דֶעם זַאקָאן דַארְפִין מִיר מַאכִין בַּייא אַייךְ אַ אָבִּיסְקֶע , אוֹיבּ בַּייא אַייךְ וֶועט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען , פָּאדָאזְרִיטֶעלְנֶע זַאבִּין זַייט אִיר פְרַייא , אַז נִיט מוּזִין מִיר טָאן נָאבִין זַאקָאן !

דִיא פָּאלִיצַייסְקֶע הָאבִּין גִיזוּכְט בַּייא אִים אִין קַאסְטֶען , אוּנ הָאבִּין אַ אָרְט נִיט אִיבֶּער גִילָאזִין , אוּנ נִיכְטְס גִיפוּנֶען , דֶער נָאךְ זַיינֶען זַייא צוּא גִינַאנְגֶען אַרוּנְטֶער נֶעמֶען דֶעם פַּאלְטָא , אוּנ זוּכִין אִין אִים :

דֶער פַּאלְטָא אִיז נִיט מַיינֶער , אִיךְ הָאבּ אִים הַיינְט פֶערְבִּיטֶען אִין קוּפַּאלְנֶע , אִיךְ הָאבּ דַארוּף עֵדוּת, הָאט גִיזָאגְט יוֹסֵף , וָואס דָא וֶועט זַיין וַויים אִיךְ נִיט !

דָאס אִיז נִיט מַיין זַאךְ , הָאט גִיזָאגְט דֶער צַאסְנֶער , דָאס מַאכְט אָבֶּער אוֹיף אַייךְ מֶער חֲשַׁד :

אוּנ מִיט דִיא וֶוערְטֶער הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבִּין צוּא זוּכִין אִין דִיא קֶעסֶענֶעס , עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר דֶער מַאפְּט אוּנְטֶערִין קְרַאגִין אִיז גִיוֶוען אַיינְגֶענֵייט אַ פַּאפִּיר , מֶען הָאט דָאס בַּאלְד אוֹיף גִיטְרֶענְט אוּנ אַרוֹיס גִינוּמֶען , דָאס אִיז גִיוֶוען אַפֶּערְקְלֶעבְּטֶער קָאנְוֶוערְט , אוֹיפִין קָאנְוֶוערְט אִיז גִיוֶוען אוֹיף גִישְׁרִיבֶּען יוֹסֵפְס אַדְרֶעס :

דָאס אִיז אַייעֶר אַדְרֶעס ? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶער צַאסְנֶער :

מַיינֶער ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף אַחַאפּ טָאעֶנְדִיג דֶעם בְּרִיף , דָאס וַואר זַיין רָאזֶעס הַאנְדְשְׁרִיפְט , עֶר הָאט גִיעֶפֶענְט אָבֶּער אִינֶעוַויינִיג זַיינֶען נָאר גִיוֶוען עֶטְלִיכֶע זִילְבֶּער שַׁיינֶען , דֶער צַאסְנֶער הָאט בֶּעטְרַאכְט דָאס גֶעלְט , דָאס זַיינֶען גִיוֶוען

פאלשע

פַּאלְשֶׁע , יוֹסֵף אִיז צוּא מִישְׁט גִיוָוארִין אוּנ גִיבְּלִיבְּן אִין אוּנְמַאכְטֶען,אוּנ הָאט זִיךְ עֶרְסְט דַאמָאלְס אַצוּכֶעט אוּנ גִיפִילְט . וָואס עֶס הָאט זִיךְ דָא צוּא טָאן , אַז מֶען הָאט אִים גִילָאזִין אִין אַפִּינְסְטֶערִין צִימֶער אֵיינֶער אַלֵיין , דִיא טִיר פֶערְשְׁלָאסִין , אוּנ אַרוּם אִים וַואר טְרוֹיעֶרִיג אוּנ פִינְסְטֶער , דָא אִיז אִים אַלְס קְוָאר גִיוָוארִין , רָאזֶע הָאט צוּא אִים גִישְׁרִיבֶּען , דִיא בְּרִיף פְלֶעגְט אִיבֶּער נֶעמֶען דֶער שְׁטָארָאז , אוּנ עֶר הָאט אִים אִיצְט בֶּעגְרָאבִּין , אִים אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין דֶער גְרוּבּ , פַאר זַיין גוּטְשַׁקֵייט וָואס עֶר הָאט אִים דֶער וִויזֶען . דָא הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דֶער סְטָארָאז אִיז אוּנְטֶער גִיקוֹיפְט, אַז עֶר הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹיבְּן אַרוּם צוּ קוּקִין וואוּ עֶר אִיז, אוּנ אִים אִיז אַרִיבֶּער אַשׁוֹידֶער . נִיט מֶער וִויא פִיר וָוענְט , אַפָּאל , אוֹיבֶען לִיגְט אַ טוּפְיַאק . — אָ , אוֹיף דָאס וָועל אִיךְ דַארְפִין דָא מַיינֶע טֶעג אוּנ נֶעכְט פֶערְבְּרֵיינְגֶען ! אָ , גָאט , דוּא שְׁטְרָאפְסְט צוּא פִיל , דוּא שְׁטְרָאפְסְט מִיךְ אוּמְזִיסְט ! אִיךְ וֵייס מַיין הַארְץ , מַיינֶע הֶענְט זַיינֶען רֵיין , אוּנ פַאר וָואס שְׁטְרָאפְסְט דוּא מִיךְ אַזוֹי הַארְט ? בֶּעהִיט נָאר מַיין רָאזֶען , זִיא זָאל דָאס נִיט ווִיסִין , זִיא זָאל נִיט לַיידֶען ! אִיךְ בִּין צוּא פְרִידֶען . גָאט דוּא הָאסְט מִיר דַיין לִיכְט אוֹיף אַיין מִינוּטֶע גִיווִיזִין , אִיךְ הָאבּ דָאס גוּטְס גִינָאסֶען אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק , אוּנ אִיצְט בֶּעצָאל אִיךְ דִיר , מִיט אַזוֹי פִיל שְׁמֶערְצֶען , לַיידִין אוּנ צָרוֹת , אָבֶּער פֶערְהִיט נָאר מַיין רָאזֶען , אָ גָאט אִין הִימְל ! יוֹסֵף הָאט זִיךְ בִּיטֶער פַאנַאנְדֶער גִיוֵויינְט , אוּנ צוּא גִישְׁפַּארְט דֶעם הֵייסִין שְׁטֶערִין צוּם קַאלְטִין נַאסֶען וַואנְט , אוּנ זִיךְ פֶערְלָארִין אִין זַיינֶע פִינְסְטֶערֶע , צוּא מִישְׁטֶע גִידַאנְקֶען !

דֶער צַאסְנֶער הָאט צוּ גִינוּמֶען אַלֶע פַּאפִּירֶען זַיינֶע , אוּנ גִילֵייגְט אַ זִיגֶעל אוֹיף זַייא , אַזוֹי אוֹיךְ דֶעם בְּרִיף וָואס עֶר הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין שְׁרַייבִּין צוּ זַיין רָאזֶע , אוּנ דָאס אַטְפְּרַאוָועט מִיט אַרַאפָּארְט צוּם פַּאלִיצְמַייסְטֶער . — אִין קַאנְטָאר הָאט מֶען זִיךְ גִיווּאוּנְדֶערְט , וָואס יוֹסֵף קוּמְט נִיט אַנַאנְצֶען טָאג , בַּייא נַאכְט אִיז דֶער בּוּכְהַאלְטֶער גִיגַאנְגֶען צוּ אִים גִיוָוואר וָוערִן , אוּנ אִיז בִּיזֶען טוֹיט עֶרְשְׁרָאקֶען גִיוָוארִן אַז דִי חַאזַייקֶע הָאט אִים עֶרְצֵיילְט , אַז מֶען הָאט אִים אִין אוּצַאסְטָאק אַוֶועק גִיפִירְט , אוּנ וִויא פִיל דֶער מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ גֶעסְטַארַאיֶעט צוּא דֶער גֵיין וואוּ עֶר אִיז אִיצְט הָאט עֶר דָאס פַאר קֵיין גֶעלְט נִיט גִיקֶענְט דֶער לַאנְגֶען , עֶר הָאט בַּאלְד גִישְׁרִיבִּין רַבִּי יִצְחָקִין פוּן דֶער גִישִׁיכְטֶע , דֶער גַאנְצֶער קַאנְטָאר וַואר גִירִירְט,בַּייא וֶועמֶען מֶען הָאט גִיפְרֶעגְט הָאט אִיטְלִיכֶער אָפּ גִישִׁיקְט צוּא דֶעם אַנְדֶערִין , אוּנ אַז דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט זִיךְ צוּא אֵיינֶעם שְׁטַארְק צוּא גִיזֶעצְט , עֶר זָאל אִים אוֹיס זָאגִין וואוּ עֶר אִיז , הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט , אַז עֶר רַאט אִים בֶּעסֶר , עֶר זָאל אוֹיף הֶערִין זִיךְ נָאךְ צוּא פְרָעגִין וָועגִין אִים , וָוארוּם עֶר זִיצְט אִיבֶּער זֵייעֶר אַסְטְרָאגֶע זַאךְ, וָואס קֶען פַאלִין אַחְשַׁד אוֹיף אַלֶע , וָועלְכֶע עֶס הָאבִּין מִיט אִים צוּא טָאן גִיהַאט , אוּנ אַזוֹ אִיז אוּנְזֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶר יוֹסֵף גִיזֶעסֶען , אוּנ קֵיינֶער הָאט פוּן אִים גִיט גִיוואוּסְט :

---

אִין

## ג

## בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט :

אִין דָעם אָוֶועגְד פוּן דֶעם זָעלְבִּין פְרִיא מָארְגִין וָואס מֶען הָאט יוֹסֵף אַרַיין גִיזָעצְט אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער אַסְטְרָאג, אִין דֶעם אַייגֶענֶעם אָוֶועגְד , וָואס יוֹסֵף אִיז וִויא אַצוּמִישְׁטֶער גִיזֶעסִין אוֹיפִין גְרוֹיסִין פָּאל , אִין פִינְסְטֶערְן צִימֶער אַלַיין אוּנ מוֹרָא גִיהַאט צוּ צוּלַייגִין דָעם קָאפּ אוֹיפִין שְׁטְרוֹיא זַאק , אִין דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען אָוֶועגְד. אִיז אִין מָאהִיבִיל. אִין פָארְשְׁטֶעטֶעל גִיוֶוען הַאלְבּ אִילוּמִינִירְט פְרִידְמַאנְס הויז , דֶער פֶּערְבַּייא גֵייעֶר הָאט גִיקֶענְט זֶעהְן דוּרְכִין פֶענְסְטֶער , וִויא בַּיין טִישׁ אִיז גִיזֶעסִין פְרִידְמַאן גִירֵייכֶערְט אַצִיגַאר , אַנְטְקֶעגִין אִים אִיז גֶעזֶעסִין אַדִיקֶער אִיד מִיט אַהַאלְבּ קוּרְצִין סוּרְדוּק אוּנ מִיט דִיא פִינְגֶער גִיקְלַאפְּט אוֹיפִין טִישׁ , דֶער בַּייא זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען צְוֵייא אִידֶען , אֵיינֶער אַגִידֶרִיגֶער מִיט אַגְרָאבִּין נָאז, אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער אַמָאגֶערֶער אַאוֹיס גִיוֵוייקְטֶער , אוּנ גִיטְאפֶּעט מִיט דִיא פִּיס אוּנ גִימַאכְט מִיט דִיא הֶענְט , דֶער נִיט הִיגֶער הָאט גִיקֶענְט מֵיינֶען אַז דָאס הָאט זִיךְ אָפּ גִירִיסֶען אַיין מְשׁוּגָעֶנֶער פוּן קֵייט , אוּנ אִיז אַרַיין אַהֶער צוּ אוּנ בַּאלְבָּאצֶעט וִויא אַמְשׁוּגָעֶנֶר , דֶער הִיגֶער אָבֶּער , הָאט אִים בַּאלְד דֶער קֶענְט אַז דָאס אִיז משֶׁהְלֶע דֶער מְשׁוּגָעֶנֶער , וֶועלְכֶער עֶס רֶעט אַשִׁידוּךְ פַאר דִיא מְחוּתָּנִים , דֶער גֶענִיטֶער מֶענְטְשׁ וָואלְט פַאר שְׁטַאנֶען נָאךְ זַיינֶע תְּנוּעוֹת , וָואס עֶר הָאט גִירֶעט , וָוארוּם זַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבִּין אֲפִילוּ דִיא וָואס הָאבִּין גִיהֶערְט אוֹיךְ נִיט פַאר שְׁטַאנֶען , מֶען הָאט פִיל שֵׂכֶל דַארוֹיף נִיט בֶּעדַארְפְט הָאבִּין , נָאר אִים אַיין מָאל בֶּעדַארְפְט הֶערִן וִויא עֶר רֶעט אַשִׁידוּךְ — בַּיין פֶענְצְטֶער הָאט זִיךְ אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט אַמֶענְטְשׁ , אוּנ גִיפְּרוּבְט הֶערִין , אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גִיקֶענְט אוּנְטֶער שֵׁיידִין , וָוארוּם דִיא בֵּיידֶע שַׁדְכָנִים הָאבִּין זִיךְ גִישְׁפָּארֶעט אוּנ גִירֶעט אִין אֵיינֶעם , דֶער מֶענְטְשׁ אִיז אוּמְגִענַאנְגֶען הִין אוּנ צוּרִיק , בִּיז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען דֶעם שְׁטְרָאז , אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטֶען עֶר זָאל אַרוֹיס שִׁיקֶען משֶׁה שְׁנֵייאֶרִין , קוּזְמָא אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען אוּנ אִים אַרוֹיס גִירוּפִין .

נוּא , אַז מֶען וָואלְט אַזוֹי אוֹיף מָשִׁיחַ גִיוַוארְט וָואלְט מֶען אוֹיךְ אַמָאל דַאכְט זִיךְ דֶער וַוארְטִין , הָאט גִיזָאגְט דֶער מֶענְטְשׁ :

וָואס אִיז נַייעֶס רַבִּי לֵייבּ ? הָאט גִיפְרֶעגְט משֶׁה שְׁנֵייאֶר :

וִויא זִיךְ בֶּעסֶער נִיט גִיוואוּנְצֶען ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רַבִּי לֵייבּ , קוּם צוּ מִיר אִין דֶער הֵיים . אָדֶער אִין פִיוָואוַוארְגֶע :

בֶּעסֶער צוּא דִיר אִין דֶער הַיים , הָאט גִיזָאגְט משֶׁה שְׁנֵייאֶר , זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַטְפְּרַאוֶועט , אַרַיין קוּמֶענְדִיג , הָאט רַבִּי לֵייבּ אַרוֹיס גִינוּמֶען אַטֶעלֶעגְרַאם אוּנ גִיגֶעבִּין משֶׁה שְׁנֵייאֶרִין אִיבֶּער לֵייעֶנֶען , משֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסִיל גִימַאטֶערְט אוֹיף דִיא רוּסִישֶׁע בּוּכְשְׁטַאבֶּען , וֶועלְכֶע עֶר אִיז גִיוֶוען אַקְנַאפֶּער קֶענֶער , דֶער נָאךְ הָאט עֶר קוֹים רַאזְבִּירַאיֶעט — דִיא סְחוֹרָה אִיז פַאר שְׁלָאסֶען אִיבֶּער גֶעבִּין אִין זִיכֶערֶע הֶענְט , הוֹצָאוֹת אִיז גִיפַאלִין צְוֵייא הוּנְדֶערְט אַיין אוּנ זֶעכְצִיג רוּבִּיל

ארויס

ארוים צוא שִׁיקֶען בּאלְד דָאס גֶעלְט , מֶען זָאל חָלִילָה נִיט דַארְפִין אוים לייזן דיא סְחוֹרָה פַאר דֶער צייט — חַיִים אונ קָאמְפּ :

משֶׁה שְׁנייאָרִין הָאט זיך אִין הארְצִין אָפּ גִירִיסֶען , אַז מֶען הָאט איס דָאס פַארְנָעלֵייעֶנְט אונ עֶרְקְלֶערְט וָואס מֶען מֵיינְט דֶער מִיט :

וָואס שְׁרֶעקְסְט דוא דיך ? הָאט גִיפְרֶעגְט רַבִּי לֵיבּ , זַייא גִיסְט קֵיין קִינְד וויא דָען מֵיינְסְט דוא וָואלְסְט דוא פוּן אִים פָּטוּר גִיוָוארִין ?

איך שְׁרֶעק זיך נִיט , אָבֶער איך הָאבּ מוֹרָא מֶען זָאל אִים נִיט פַאר שִׁיקֶען אויף אייבּיג אִין קַאטֶערְשְׁנֶע רַאבָּאטֶע, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט משֶׁה שְׁנייאָר :

דוא בִּיזְט נָאך אַקִינְד , נִיט הָאבּ קֵיין מוֹרָא , דָאס עֶרְסְטֶע זַאך , טוט זיך נִיט אזוי נִיך . ווידֶער וָואס וָוען , וָועט עֶר זיצֶען אַפָּאר יָאר , אונ דֶער נָאך אֲפִילוּ מֶען ווֶעט אִים פַאר שִׁיקֶען , וָואס איז דָאס דיר פַאר אַדַאֲגָה ? צוא בִּיזְט דוא נִיט אַבֶּעלְן צוא גֵיין פַאר אִים ?

לָאז עֶר גֵיין פוּן מֵיינְט וֶועגְן אִין דֶער עֶרְד ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט משֶׁה שְׁנייאָר, אָבֶער וָואס הֵייבְּט מֶען אִיצְט אָן צוּ טָאן ? אִיצְט איז די גַאנְצֶע שְׁוֶוערִקֵייט !

זָאג מִיר אַקָארְסְט וואוּ הַאלְט מִיט דַיין שְׁוֶוער אונ שְׁווִיגֶער ? הָאט גֶעפְרֶעגְט רַבִּי לֵייבּ :

דיא שְׁווִיגֶער איז קְרַאנְק , דֶער שְׁוֶוער איז אַקַאלְטֶע קוּזְנָא , אִים הָאט נִיט גִיאַרְט הָאצְבֶּע אויף מָארְגֶען . וויא יוֹסֵף איז אַוֶועק גִיפָארִין טָאן איין אַנדֶער שִׁידוּך , וָואס זָאל אִיך אייך עֶרְצֵיילִין . וויא עֶר איז אִיצְט אויף אִים אִין כַּעַס , אִיבֶּער דִיא טוֹיזֶענְד רוּבִּיל וָואס יוֹסֵף הָאט אִים בֶּעדַארְפְט אָפּ שִׁיקֶען אויף דֶעם אָן ווייזוּנְג וָואס עֶר הָאט אִים גִישִׁיקְט , איך הָאבּ אִים קְלָאר גִימַאכְט , וָואס יוֹסֵף איז , אונ אִיצְט הֵייבְּט עֶר שׁוין אָן צוּ גְלוֹיבִּין , וָואס שְׁטָאט צוא רָעט אויף אִים , פוּן קַאנְטָאר הָאט עֶר עֶרְהַאלְטִין אַבְרִיף אַז מֶען הָאט דֶעם אָן ווייזוּנְג איין גִיצָאלְט . אונ פוּן יוֹסֵפִין הָאט עֶר אַיין שׁוּרָה נִיט עֶרְהַאלְטִין , דֶער בְּרִיף וָואס עֶר הָאט עֶרְהַאלְטִין פוּן יוֹסֵפְס פִּיר , הָאט אִים אַזוֹי אוּפְגִיבְּרַאכְט , אַז עֶר הָאט פַאר כַּעַס גִיהֵייסִין עֶפֶענֶען יוֹסֵפְס קֶעסְטֶעל , וויא איך הָאבּ אַיין עֵצָה גֶעגֶעבִּין . אונ דָארְטִין הָאט עֶר גִיפוּנֶען אָן גִיגְרֵייטֶע שְׁטִיקְלִיך חָמֵץ . וָואס עֶס הָאט אִים זַיין גַאנְצֶען סֵדֶר צוא שְׁטֶערְט , אַבְרִיף פוּן זַיין מוּטֶער , וָואס זיא שְׁרַייבְּט אִים , עֶר זָאל נִיט פַר גֶעסֶען וֶוער עֶר איז אִין דֶר הֵיים,אונ דָארְטִין איז עֵצוֹת גוּטֶע וויא עֶר זָאל זיך נִיט פַאר לָאזִין אויפִין שְׁוֶוערְס יוֹשֶׁר , בְּרִיוֶולֶעך פוּן רָאזֶען צוא אִים אונ פוּן אִים צוּ איר , וָואס עֶר צוּ רָעט דָארְטֶען וָואס אִין אַקָארְט שְׁטֵייט , אונ מַאכְט אָפּ חוֹזֶק פוּן שְׁוֶוער אונ פוּן דֶער שְׁווִיגֶער , פוּן גָאט אונ פוּן רַבִּין , דֶר שְׁוֶוער איז מְשׁוּגֶע גִיוָוארִין לֵייעֶנְדִיג , אַהָאפֶּענוּנְג דַאכְט זיך , אַז מִיט אִים בִּין איך שׁוין אִיסְפְּרַאוֶונָא , וַוייטֶער וֶועגִין דֶער שְׁווִיגֶער איז אִיצְט דִיא בֶּעסְטֶע צַייט , זיא איז קְרַאנְק , מֶען טָאר צוּ איר קֵיין דַאֲגָה נִיט צוּ לָאזֶען , איר וָועל איך מַאכִין , אַז זיא זָאל מֵיינֶען , אַז עֶר איז גִישְׁטָארְבִּין , דִיא גַאנְצֶע זַאך שְׁטֵייט אויף רָאזֶען , זיא לִיבְּט אִים אַזוֹא הֵיים וויא גִיזָען , דִיא בְּרִיוֶולֶעך , הָאט זיא צוּרִיסִין אונ

נִישׁרִיעֶן

גישריען : עס זיינען פאלשע, אונ גישוואירין אז זיא וועט בעסער זיך אטויט אן טאן איידר אים אויף הערין צו ליבין. — וועט איר מיר גלייבין רבי לייב, אז צייטענווייז פיל איך אז מיר צוא גייט דאס הארץ — זיא איז צוא אלעמען גוט, צוא מיר זעלבסט, צוא מיינע קינדער, זיא גייט אויפין גאס קיינמאל ניט ארויס, וואלט שוין גאט א נס טאן אז ער זאל זיא צוא נעמען פון דער וועלט — איר ווילט לייענען אבריף פון איר? — ביא דיא רייד האט ער דר לאנגט אבריף, אונ גיזאגט, דאס קאסט מיר אויף עטליכע קאפייקעס, מיט צרות האב איך דאס פון פאסט ארויס גינומען —

רבי לייב האט גילייענט, אונ אז ער האט גיקאנצעט האט ער גיזאגט:

איך גלויב, אז מען קען צו גיין פון רחמנות — אבער זא א רחמנות קען זיין פאר זיך א אכזריות -- פארפאלן! וואלט איך ניט אנגיהויבין, וואלט איך דאס ניט טאן פר קיין געלט — אבגיטאן איז אבגיטאן! קוילען אונ ניט דערקוילען איז א אכזריות — אבער קוילען אין גאנצין איז נאר רחמנות — אונ דארויף בין איך שוין א בעל רחמים —

וואס זאל מען אבער איצט טאן? האט גיפרעגט משה שנייאר.

קומט צייט, קומט ראטה! האט גיענטפערט רבי לייב, פאר דער הייסער מינוט קען איך דיר גיכטס זאגין. דערווייל טוא זיך שטילר הייט וואס דו קענסט— ווייסט דוא וואס איך וועל דיר זאגין, לאמיר מאכין א ענטפער אויף דעם לעצטן בריף ראזעס, אונ אין דעם בריף זאל איר יוסף מחילה בעטין פאר זיין טרייהייט וואס ער האט גיבראכן. דו קריג נאר איינעם וואס זאל נאך מאכן זיין האנט שריפט. אזעלכען האב איך, ער האט מיר אמאל שוין גידינט אונ האט ראזעס האנדשריפט נאכגעמאכט, אז ניט מיין נארעסקייט, וואס איך האב יוספין גיבעטן ער זאל ניט איילן, וואלט איך צו דעם גאנצין עסק ניט אנגעקומען.

גוט! האט גיזאגט רבי לייב, זעה אקארסט, אז ביז מארגין זאל פארטיג זיין, דוא וועסט מיר מיט געבין אונ איך וועל דעם בריף פון פעטערבורג אבשיקען — אין מחשבותין האסט דוא ניט דיא יתר המעות? איך האב אקאפייקע אויפען וועגי ניט!

איר וועט מיר גלויבין, איך האב ביי זיך א קאפייקע ניט, האט גיזאגט משה שנייאר, איך וועל אייך מן הסתם מארגין בריינגען.

איך מוז אבער האבין אט שוין פאר מיין פלונית, משה שנייאר, דו זעהסט, אז איך פערדין ניט, אט שרייבט מען מיר פון פעטערבורג איך זאל ארויס שיקין אדער אז ניט מוז מען דיא סחורה אויסלייזען פאר דער צייט, ברודער, ביזט דוא ארין גיקראכען סטאראיע זיך ארויס צוקריכען! — משה שנייאר האט ארי גינומען א הונדערטער אונ ארויף גילייגט אויפין טיש —

אונ אויף נאך דרייא וועסט דו געבין א וועקסיל?

גינוג!

משה שְׁנַייאָר, איך נעם אַקאַפּייקע ניט — שרייב אונטער דעם בלאנק. אַז ניט גייט עס ניט —

משה שְׁנַייאָר האט אונטער גישריבין — אונ פון קנאה אונ שנאה האט ער קיין רעכענונג זיך גיקענט געבין אַז אים וואלט פיל ווינאַדנער גיוועזן, אַז ער וואלט מיט יוסיפין נוט לעבין אונ דאס געלט בעסער צוא זיך אין קעסענע אַראָפּ לאָזין. וואס ער צו טיילט איצט חברה — אָבער קיין גנב, קיין בעטריגער בעטריגט מיט שׂכל, דער שׂכל ווייזט, אַז עס לוינט בעסער עהרליך אונ גוט צוא זיין פון איינענער פוילזע, איידער אונעהרליך אונ בעטריגעריש — אונ משה שנייאר איז אויך קיין גרויסער מאַטימאַטיקער גיוועזן אויסצורעכענען וואס פאר אים איז בעסער!

יעבור עלי מה! האט ער גיזאגט עס מאג זיין וואס עס וויל, איך מוז איר ווייזין דער פרינצעסין וואס פאר אַשפּין איך בין! — יא אַמצוה איר צו בעגראבין אונ בעשיטען, וועלכע נוצין האב איך פון איר שיינע צורה? וועלכע נוצין פון אירע בילדונג — מיין ווייב איז אַפּראָסטע יענטע, מיר האט מען דיא ערגסטע גיגעבין, אונ קוקין, וויא לייטין ניט מען דיא בעסטע! — ניין! איך מוז איהר זא ווייט ברייגען אַז זיא זאל צוא מיר אָנקומען בעטין דעם ביסען ברויט, אַז זיא זאל מיך האלטין פאר איר דערנעהרער, אונ דאן וועט מיין לייקע מעגין ענטשלאָפין ווערין אונ דר שפין וועט זיין איר מאן, וועלכין זיא וועט קוסין אונ אַכטין מוזין! דאס מוז אויס גיפירט ווערין, איך נעם זיך דאס פאר ווען איך וויים דעם גאנצין שווערס גישעפט דורך דעם צו שטערין, אונ זיין גאנצעס הויז צוא פטרן, מיר קומען אַרויף טויזינט עצות וויא אים צו בעגראבין, אַגוטע נאכט רבי לייב, טיט וואס איר קענט, איך וועל ניט אפ שטיין!

דוא ביזט צו פיל צו היצט, האט גיענטפערט רבי לייב, האב דעם כלל, אַז אַלע מאל, אונ ביי יעדער זאך מוז מען קאלט בלייבין, וואס עס האט זיך אָן מיר גיוועזט, האב איך דאנק גאט אויסגיפירט, ניט דיין ראזע וועט שוין דער לעבין צו זעהן איר יוסיפין, אונ ניט יוסף וועט שוין דר לעבין צו זעהן זיין ראזען, דוא גידיינקסט ברודר, אַז דיין גאנצר יהי רצון איז גאר גיוועזן אַז מען זאל דעם יוסיפן קענען צו שיידין, נוא איז שוין דאס ברוך השם אויס געפירט, טא באַסטא! ביזטו אַלאַווקער איידים, האבט ביי דיין שווער אַדעה, אונ אַז דוא ביזט קיין אינגעל ניט טא מאך וויא דיר זאל זיין בעסער, זייא קאלט בליטיג, אונ וואַרט, טוא בעקלערטער הייט, ביז גאט וועט דיר צו שיקן אתן, וואס זאל ניט קענען קיין צווייא איבער ציילין, דוא סטאַראַיע זיך גוט צו ווערין מיט ראזען, זייא מפליא איר התן, וואס מען וועט איר ריידין דורך דיינע סבינות, אונ דוא זייא גאר אַמבין אַגוטער!

וואו איז שרקע? האט משה שנייאר גיפרעגט:

זיא פרעגט ביי מיר וואו הין איך גייא? האט זיך אפ גירופין רבי לייב, איך פרעג בייא איר אויך ניט וואו הין זיא גייט, אגוטע נאכט, איך מוז נאך היינט

בייא

בַּייא נַאכְט אוֹיפְשְׁרַייבִּין דִיא שְׁטָארְנָאוָואיָע פַאר יַעֲקֹב הַיימַן, אוּנ זָעהָען דֶעם בְּרִיף צוּ גַאטָאוֶוען וִויא גֶעהֶערִיג :

משֶׁה שְׁנֵייאֶר אִיז זִיךְ אַרוֹיס גִינַאנְגֶען אַ צוּא קָאבְּטָער, זַיין שְׁוַוארְצֶע הַארְץ וַואר שׁוֹין פוּל מִיט שְׁווארְצֶע גִידַאנְקֶען וִויא צוּ שְׁרַייבִּין אַבְּרִיף פַאר יוֹסֵפִּין צוּא רָאזִין, קוּמֶענְדִיג אַהֵיים הָאט עֶר אַרוֹיס גִינוּמֶען אַגַאנְצִין פַּאק בְּרִיף יוֹסֵפְּס, וָואס עֶר הָאט גִישְׁרִיבִּין צוּ רָאזִין אוּנ זַייְנֶן אַרַיין גִיפַאלִין אִין זַיין הַאנְט, עֶר אִיז נַייא בֶּעלֶעבְּט גִיוָוארִין, אַז אִים הָאט זִיךְ אַייְנְגִיגֶעבִּין אוֹיף צוּא שְׁרַייבִּין אַבְּרִיף וִויא מִיט יוֹסֵפְּס רֵייד, אוּנ הָאט רָאזִין אִיר דָער מָאנְט וֶועגִין אַלְס וָואס זַיי הָאבִּין גִירֶעט, דָאס אַלְס הָאט דֶער נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶר מֶענְטְשׁ אַרוֹיס גִישְׁלֶעפְּט מִיט זַיינֶע בְּלוּטִיגֶע הֶענְט אוּנ הָאט אוֹיף דִיא לִיבֶּע זִיסֶע רֵייד אַרוֹיף גִיגָאסִין גִיפְט פַר רָאזֶען אָבּ צוּא רַייסִין אִיר הַארְץ פוּן יוֹסֵפִּין אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס יוֹסֵף הָאט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גִישֶׁעצְט, אַז עֶר הָאט גִיקֶענְט רָאזִין בֶּעוַוייזִין, וִויא הַיילִיג זַייְנֶען אַזֶעלְכֶע עֶרְאִינֶערוּנְגֶען, אָבְּקָאנְצֶענְדִיג דֶעם בְּרִיף, הָאט עֶר גִינוּמֶען אַגְרוֹיסִין שְׁטַאקַאן בְּרַאנְפִּין אוּנ הָאט אוֹיס גִיטְרוּנְקֶען בִּיזֶען דֶעק, עֶר אִיז נָאךְ פוּן קִינְדְוַויים אָן גִיוואוֹינְט גִיוֶוען צוּא טְרִינְקֶען וִויא דֶר גְרֶעסְטֶער חָסִיד, וָוארוּם דֶער טַאטֶע זַיינֶער אִיז גִיוֶוען אַמֶענְטְשׁ אִין אַפָּאדְוַואל, אוּנ אַזוֹ אַפְרוּמֶער חָסִיד הָאט דָאךְ מִן הַסְתָּם נִיט גְוַוארְט בִּיז אִין זַיין בֵּן יָחִיד וֶועט זִיךְ יַאוֶוען דֶער גִיפִּיל צוּ אַשְׁנַאפְּס אוּנ הָאט אִים מְחַנֵךְ גִיוֶוען פוּן בָּעצַייטֶענְס, אִיצְט, אַז עֶר אִיז שׁוֹין גִיוָוארֶען אַיין אֵיידָעם, אַרִיבֶּער גִידֶעקְט אִיבָּערִין קָאפּ אַטַלִית, אִיז דָאךְ טַאקֶע אַמִצְוָה צוּ טְרִינְקֶען אַוָואס דִי וֶועלְט שְׁטֵייט, דִיא וַוייבּ זַייְנֶע פְלֶעגְט דָאס בֶּעמָערְקִין, אוּנ זַייעָר אָפְּט פְלֶעגְט זִיא אִים מִיט טְרֶערִין בֶּעטִין, עֶר זָאל נִיט טְרִינְקֶען, וָוארוּם זִיא קֶען צוּ אִים נִיט צוּ טְרֶעטִין אַז פוּן אִים שְׁטִינְקְט בְּרַאנְפִּין, עֶר אָבֶּער פְלֶעגְט אִיר עֶנְטְפָערִין מִיט דֶעם מִי שֶׁבֵּרַךְ אוּנ אַגֶעשְׁרֵייא טָאן זִיא זָאל זִיךְ נִיט מִישֶׁען אִין זַייְנֶע עֲסָקִים, אוּנ אִים נִיט זָאגִין קֵיין מוּסָר, עֶר הָאט נָאךְ נִיט אוֹיסְפֵּייעָט אַנִידֶער צוּ שְׁטֶעלֶען דִיא גְלָאז צוּרִיק, וִויא דִיא וַוייבּ אִיז צוּ אִים אַרַיינְגִיגַאנְגֶען אוּנ אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן :

משֶׁה שְׁנֵייאֶר ! דוּא וֵוייסְט שׁוֹין ?

וָואס ? הָאט גִיפְרֶעגְט משֶׁה שְׁנֵייאֶר,

וָואס עֶס טוּט זִיךְ מִיט יוֹסֵפִּין ? גָאט וֵוייס וָואס דָאס אִיז ! גַזְלָן, מִיר זָאגְט דָאס הַארְץ אַז דָאס וַואקְסְט פוּן דִיר, הָאבּ גָאט אִין הַארְצִין ! וָואס הָאסְטוּ צוּ אִים ? וָואס ווִילְסְט דוּ פָארְט ? הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט אָנְצִיהֶענְדִיג אַיִרְאַת שָׁמַיִם גִּנִימֶעל — וָואס אִיז מִיט יוֹסֵפִּין ? וָואס וֵוייסְט דוּא, אִיךְ שְׁוֶוער דִיר אִיךְ וֵוייס אַהָאר נִיט :

עֶר זִיצְט אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, עֶס אִיז עֶרְסְט אַטֶעלֶעגְרַאם גִיוֶוען, מֶען שְׁרַייבְּט מֶען וֵוייס נִיט פַאר וָואס, אָ, וֶועמֶען הָאט עֶר נָאךְ שְׁלֶעכְטְס גִיטָאן, אוּנ דָאךְ אַזוֹ פִיל שׂוֹנְאִים !, אוּמֶעטוּם, אֲפִילוּ דָארְטִין הָאט מֶען אִים אוֹיךְ בָּעגְרָאבִּין, הֶער, וֶועמֶען וֶועסְט דוּא אַיינְרֵיידֶען, אַז דוּא וֵוייסְט נִיט, אָבֶער מִיר נִיט, גָאט אַל מִיר נָאךְ אַזוֹ מְזַכֶּה זַיין אִים צוּא זֶעהֶן אִין פְרֵיידִין וִויא דָאס וַואקְסְט פוּן דִיר,

דוּא

דוא וֶועסְט קַיין אויסְלַייטֶערְגֶעס הָאבִּין, גִינוּטְשְׁעְן: אַזוֹ אַלִיבֶּען קִינְד אוּנ אִים אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין אַגְרוּבּ, אַזוֹ וְויא דִיא בְּרִידֶער הָאבִּין אַרַיין גִיוָוארְפִין יוֹסֵפִין אִין שְׁלַאנְגֶען גְרוּבּ אִיבֶּר דֶעם וָואס דֶר פָּאטֶער הָאט אִים הֶעלְטֶער גִיהַאט, אָ, גַזְלָן, אוּנ אַלַיין וֶועסְטוּ נָאךְ אַהַארְץ הָאבִּין צוּא בְּרֵיינְגֶען דִי בְּלוּטִיגֶע הֶעמְדֶעל, וָואס דַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְט הָאבִּין בֶּעפְלֶעקְט, בְּרֵיינְגֶען פַארִין פָאטֶער, פַר רָאזִין, וֶועלְכֶע קְלָאגְט אוּנ יָאמֶערְט נָאךְ אִים בֶּעצַייטֶענְס, אוּנ זָאגִין אַז אַווִילְדֶע חַיָּה הָאט אִים צוּא רִיסִין! אָ! משֶׁה משֶׁה! דָאס וֶועט קַיין ווִילְדֶע חַיָּה נִיט טָאן וָואס דוּא! הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אִים, אוֹיף רָאזִין, אוֹיף דִיא מוּטֶער, אוּנ אוֹיף זַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּן דִיר גִיוִויס קַיין בֵּייז נִיטָאן, אוּנ וֶועלְכֶע דוּ קֶענְסְט גָאר נִיט!....

אַלֶע דִיא בֵּייזֶע חֲלוֹמוֹת, זָאל אוֹיסְגִיבַּאטֶעלְט וֶוערֶען צוּ דַיין קָאפּ! הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין משֶׁה שְׁנֵייאֶר אֶנְגִיסֶענְדִיג דֶעם שְׁטַאקָאן נָאךְ אַמָאל, וְויא גִיפֶעלְט דִיר אַזוֹא אַיין אַקְט, נוּא אַשְׁטְרָאף אַנַאר אַווַייבּ, אָבֶּער הֶער וָואס אִיךְ זָאג דִיר, וֶועל אִיךְ הֶערִין פוּן דִיר נָאךְ אַמָאל אַזֶעלְכֶע רֵייד, זָאלְסְטוּ ווִיסִין זַיין, אַז דוּא וֶועסְט בְּלַייבִּין אַ אֵייבִּיגֶע עֲגוּנָה, אִיךְ ווִיל עֶס נִיט לַיידִין פוּן דִיר! וָואס אִיז דָאס!?

עֶס לֶעבְּט אַ גָאט! הָאט לַייקֶע אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, עֶר זֶעהֶט אַלְץ אוּנ וֵויס, עֶר וַוארְט לַאנְג אוּנ בֶּעצָאלְט גִיךְ. נִיט פֶערְגֶעס, אַז אִיךְ וֵויס מִיט וֶועמֶן דוּ הָאסְט גִישֶׁעפְּטִין מִיט לַייבּ סָארְקִין — משֶׁה שְׁנֵייאֶר, אוֹיף דַיינֶע קִינְדֶער הָאבּ רַחֲמָנוּת, הָאבּ מוֹרָא פַאר גָאט, עֶר קֶען דִיר חָלִילָה בֶּעצָאלִין מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה!

---

ד

רַחֲמָנוּת בַּייא אַ וָואלְף!

משֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט דִי צֵיינֶער גִיקְרִיצְט אוּנ גִיהַאפְּט אַלַייכְטֶער אוּנ גִיוָואלְט טְרֶעפִין זַיין וַוייבּ אִיבֶּערִין קָאפּ, אוֹיסְלָאזִין זַיין גִיפְט צוּא אִיהְר, אָבֶּער אִין דֶער מִינוּט הָאט זִיךְ גִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ רָאזֶע אִיז אַרַיין בְּלַאס וְויא אַטוּךְ, רוֹיטֶע פֶערְוֵויינְטֶע אוֹיגִין, אָן צוּא קוּקִין אוֹיף אִיר אִין דֶער מִינוּט אִיז גִיוֶוען שְׁרֶעקְלִיךְ, אִיר גִיזִיכְט אִיר לִיבֶּעס עֶלֶענְדֶעס אוֹיסְזֶעהֶן הָאבְּן גִיקֶענְט וַוייךְ מַאכְן דִי הַארְטֶעסְטֶע הֶערְצֶער, נָאךְ מֶער וואוּנְדֶערְלִיכֶער אִיז גִיוֶוען אִיר יַאוֶוען זִיךְ אִיצְט אַזוֹ שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, נָאךְ דֶעם זִיא אִיז שׁוֹין דָא כִּמְעַט אַהַאלְבּ יָאר נִיט גִיוֶוען, לַייקֶע אִיז עֶרְשְׁרָאקְן גִיוָוארִין אוֹיף אִיר צוּרָה, אוּנ משֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט אַחַאפּ גִיטָאן דִי פַאנַאנְדֶער גִיוִויקֶעלְטֶע פַּאפִּירֶען:

אִיךְ וֵויס שׁוֹין פוּן אַלְס, אִיר דַארְפְט זִיךְ פוּן מִיר נִיט הִיטִין! הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט זִיךְ אַרוּמְקוּקֶענְדִיג, לַייקֶע הָאט זִיךְ פוּן וֵויינֶען נִיט גִיקֶענְט אָבְּהַאלְטִין אוּנ אִיז אַרוֹיס פוּן צִימֶער, רָאזֶע אִיז גֶעבְּלִיבִּין מִיט משֶׁה שְׁנֵייאָרִין אַלַיין:

משֶׁהנְקֶע! הָאבּ רַחֲמָנוּת, נִיט אוֹיף מִיר, אוֹיף אִים! אוֹיף יוֹסֵפִין! טוּא אִיבֶּר מִיר וָואס דוּא ווִילְסְט, שְׁנַייד מִיר דִיא קָאפּ אַרוּנְטֶער, נָאר אִים נִיט קוֹילֶע! עֶר אִיז גָאר אוּנְשׁוּלְדִיג. עֶר הָאט זִיךְ נִיט מִיט זַיין לִיבֶּע צוּ מִיר פְרִיעֶר אוֹיסְגִירוּפִין!

איך

אִיךְ הָאבּ אִים אַזוֹ וַוייט גִיבְּרַאכְט , אוּנ אָן מִיר זַייא זִיךְ נוֹקֵם , וָואס אִיךְ הָאבּ נִימֵיינְט , אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ פְּרִידְמַאנְס אַיין קִינְד , אוּנ גָאר אוּנְגָערְן אָן דַיין הָאבּ אוּנ גוּטְץ זִיךְ צוּ גִירִירְט , אָבֶּער וָואס הָאסְט דוּא צוּא אִים ? וָואס לָאזְט דוּא מִיךְ פְרַייא אוּנ אִים הָאסְט דוּא אַזוֹ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט ? משֶׁה , משֶׁה ! עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג ! אָ , עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג ! אִיךְ אַלֵיין בִּין דִיא גַאנְצֶע פֶערְבְּרֶעכֶערְן , אוּנ אָן מִיר זַייא זִיךְ נוֹקֵם !

רָאזֶע ! הָאט משֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט קַאלְט , רָאזֶע , וָואס ווִילְסְט דוּא? דוּא בִּיזְט פַאר בְּלֶענְט אִיךְ קֶען מִיט דִיר נִיט רֵיידִין :

משֶׁה שְׁנֵייאֶר , דוּא בִּיזְט דָאךְ אַמֶענְטְשׁ , נִיט צְווִישִׁין ווִילְדֶע וָועלְף גִיבָּארִין , דוּא ווייסְט דָאךְ וָואס שׁוּלְדִיג אִיז אוּנ ווָאס נִיט , דוּא בִּיזְט דָאךְ קַיין שְׁטֵיין , דוּא פִילְסְט אַוֵוייטִיג , אָ , פִיל חָאץ אִיצְט מַיינֶע לֵיידִין , אוּנ זַיינֶע , אַיין מִינוּט , אוּנ עֶרְבַּארֶעמֶע זִיךְ ! עֶרְבַּארֶעמֶע זִיךְ !

רָאזֶע , בֶּערוּהִיגֶע זִיךְ , אִיךְ ווִיל מִיט דִיר רֵיידִין , כָּל זְמַן עֶס אִיז נָאךְ צַייט דוּא זָאלְסְט עֶרְקֶענֶען , אַז אִיךְ בִּין דִיר קַיין שׂוֹנֵא נִיט , אוּנ קַיין מָאל קֵיין שׂוֹנֵא גִיוֶועְן , הֶער מִיךְ נָאר אוֹיס , אוּנ דֶער נָאךְ רֵייד וָואס דוּא ווִילְסְט :

נֵיין , משֶׁה שְׁנֵייאֶר , זְעה מַיינֶע טְרֶערִין , אִיךְ הָאבּ אַמֶענְצֶען אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט , אִיבָּער מִיר הָאסְט דוּא אוֹיף אִים אַרוּף גִיוָוארְפִין , וָוער וַוייסְט וָואס פַאר אַשׁוּלְד , אִיבָּער מִיר דַארְף נֶעבִּיךְ אָט דֶער לִיבֶּער מֶענְטְשׁ פֶערְפִינְצְטֶערְט וָוערִין אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְגֶער אַסְטְרָאג , אָ , זָאג מִיר נָאר וָואס הָאסְט דוּא אוֹיף אִים דַאנְאסְעוָועט ? אוֹיס גִיטְרַאכְט ? מֶער פַאר לַאנְג אִיךְ פוּן דִיר נִיט !

רָאזֶע , דוּא וַוייסְט אַז אִיךְ בִּין גָאר נִיט מְחוּיָב צוּא הֶערִין פוּן דִיר אַזֶעלְכֶע רֵייד , ווָאלְט אִיךְ נִיט גִיוֶוען •אִיךְ• , זָא ווָאלְט אִיךְ דִיךְ פוּן מַיין שְׁטוּבּ אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין פַאר דַיינֶע וָוערְטָער , אוֹיס טְרַאכְטִין אוֹיף מִיר אַזֶעלְכֶע זַאכִין , ווָאס דַארְף טָאן אַיין הוֹרֵג נְפָשׁוֹת , נָאר וַוייל אִיךְ אַכְט דִיךְ רָאזֶע , וַוייל דוּא הָאסְט אַגֶעפִּיל , אוּנ גִילִיבְּט יוֹסֵפִין , ווָעלְכִין אִיךְ הָאבּ דָא אִין שְׁטוּבּ אַרַיין גִיפִירְט , אוּנ גִיסְטַארַאיֶעט אִים גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכִין , כָּל זְמַן עֶר אִיז דָאס נָאךְ אִין אֱמֶתִין ווָערְט גִיוֶוען , דֶער פַאר אַלֵיין ווִיל אִיךְ דִיר אִיצְט וַוייזִין , אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט וֵוייניגֶער גֶעפִיל פַאר אִים אוּנ פַאר שְׁטֵייא דִיךְ צוּא שֶׁעטְצֶען טוֹיזִינְד מָאל מֶער פַאר אִים , אוּנ דִיר בֶּעוַוייזֶען ווָאס אִיךְ צוּא טוּא פַאר דִיר , ווָאס פַאר אַגוּטֶער פְרַיינְד אִיךְ בִּין דִיר הָאצְבֶּע דוּא שִׁילְסְט מִיךְ , אוּנ שְׁפַּייסְט אוֹיף מַיינֶע טְרִיט , דוּא נִיט מַיין חָלִילָה , אַז יוֹסֵף זִיצְט , הַלְוַאי ווָאלְט עֶר גִיזֶעסִין ווִיא דוּא ווָאלְסְט זִיךְ אַזוֹ אוּנְגְלִיקְלִיךְ נִיט פִילִין ווִיא אִיצְט !

משֶׁה , ווָאס אִיז דֶען מִיט אִים ? הָאט רָאזֶע אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן מִיט אַיין צִיטֶערֶענְדֶע שְׁטִימֶע :

הֶער מִיךְ אוֹיס אִין גַאנְצִין , נִיט רַייס אִיבָּער מַיינֶע רֵייד , זָאג מִיר נָאר וָואס הָאט דִיר יוֹסֵף גִישְׁרִיבִּין בִּיז הַיינְט ? זוּךְ נָאךְ אִין זַיינֶע בְּרִיף , אוּנ דוּא וָועסְט שׁוֹין אַלֵיין פִילִין וואו עֶס הַאלְט מִיט אִים :

עֶר הָאט מִיר נִישְׁט גִישְׁרִיבִּין, אָדֶער זַיינֶע בְּרִיף זַיינֶען בַּייא דִיר, גִיבּ זַייא מִיר אַוֶועק, הָאבּ גָאט אִין הַארְצִין, אִיךְ קֶען דִיר וַוייטֶער נִיט הֶערִין, גִיבּ מִיר זַיינֶע בְּרִיף, מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר!

זַייא דָאךְ נִיט ווִילְד, רָאזֶע! אַפְרֶעמְדֶערְקֶען מַיינֶען, דוּא בִּיזְט פוּן זִינֶען אַרוּנְטֶער, וָואס אִיז דָאס פַאר אַ קוֹלוֹת? רָאזֶע הָאט זִיךְ גִיחַאפְּט פַארְן קָאפּ אוּנ בִּיטֶער אָן גִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען — אָ, מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, אִיךְ הַאלְט שׁוֹין נִיט וַוייט דֶער פוּן, אָבֶּער אִיצְט בִּין אִיךְ קְלָאר, דוּא זָאגְסְט יוֹסֵף זִיצְט נִיט אִין אַסְטְרָאג, אוּנ וָואס אִיז אָבֶּער דִיא דֶעפֶּעשֶׁע?

רָאזֶע אִיךְ בֶּעט דִיר הֶער מִיךְ פְרִיעֶר אוֹיס אוּנ בֶּעטְרַאכְט מַיינֶע רֵייד אוּנ דֶער נָאךְ וֶועסְט דוּא ווִיסִין ווִיא מִיט מִיר צוּ רֵיידִין —

רֵייד, רֵייד, אִיךְ וַוייס מִיט וֶועמֶען אִיךְ רֵייד, מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, אִיךְ ווִיל דִיר נָאךְ עֶטְוָואס זָאגִין, אַחוּץ מִיר הָערְט גָאט אוֹיךְ דֵיינֶע רֵייד, נָאר דוּא גְלַייבְּסְט אֶפְשַׁר נִיט אִין אִים אָ גָאט, וֶועמֶען זָאל אִיךְ דָא פַאר אֵעדוּת רוּפִין?!

אִיךְ פֶערְדֵיינְק דִיר נִיט רָאזֶע, דוּא בִּיזְט פֶערְלִיבְּט, לִיבֶּע מַאכְט דֶעם קְלִינְגְסְטֶן בְּלִינְד, אוּנ וֶוען דִיא לִיבֶּע וֶוערְט בֶּעטְרוּג, מַאכְט זִיא ווִילְד אוּנ מְשׁוּגָע אוֹיךְ — רָאזֶע, אִיךְ וַוייס וָואס דִיא לִיבֶּע אִיז, אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיטְלֵייד מִיט דִיר, אִיךְ פֶערְצֵייהֶע דִיר, אִיךְ ווִיל דִיר נָאר מַיין לֶעצְטִין אוּנ מַיין בֶּעסְטִין וָוארְט זָאגִין, דוּא הָאבְּסְט נִיט גֶעזֶעהֶען, ווִיא יוֹסֵף וַואר דִיר פַאלְשׁ, אֲפִילוּ דָא זַייעֶנְדִיג, עֶר פְלֶעגְט לַאכִין פוּן דִיר — — מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט אִיר דֶער בַּייא פִיל שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכִין אוֹיף יוֹסֵפִין עֶר צֵיילְט אוּנ דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיזָאגְט:

אִיצְט פֶערְשְׁטֵייא, אַז דִיא דֶעפֶּעשֶׁע אִיז נָאר אַ אָנְשְׁטֶעל, רַבִּי יִצְחָק הָאט אִים פוּן קַאנְטָאר אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען, עֶר אִיז אַוֶועק אִין בְּרֵייטֶער וֶועג, אוּנ ווִיל אִיצְט הַייַראטֶען אַקְרִיכְטִין, עֶר דַארְף מֶעטֶערְקֶעס אוּם זִיךְ צוּא טוֹיפִין קֶענֶען, אוּנ ווִיל אוּנְז עֶרְשְׁרֶעקִין, אַז עֶר שְׁרַייבְּט עֶר זִיצְט, רָאזֶע אִיךְ דַארְף דִיר דִיא אִיבְּרִינֶע רֵייד נִיט עֶרְקְלֶערִן, דֵיין פָאטֶער אִיז דִיר גִיוִויס גִיטְרַייא, פְרֶעג בַּייא אִים, עֶר וֶועט דִיר עֶרְצֵיילִין — ווִילְסְט דוּא הֶערִין וָואס אִיךְ זָאג, בִּין אִיךְ פוּן דֵיינְט וֶועגִין אוֹיף אַלְץ גֵאטְָאוו — אִיךְ זָאג זִיךְ נִיט אָפּ פַאר דִיר נְקָמָה צוּא נֶעמֶען, פוּן אִים!

מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר, דוּא בִּיזְט אַמֶערְדֶער, דוּא בִּיזְט אַיין אַכְזָר, דוּא הָאסְט קַיין מֶענְטְשִׁין גִיפִיל! אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען בֶּעטֶען דִיר הִילְף פַאר אִים, אוּנ וָואס הָאבּ אִיךְ פּוֹעֵל גִיוֶוען? גָאט, דוּא הָאסְט אִין דֵיין וֶועלְט אַלֶערְלֵייא נִיפְטִינֶע שְׁלַאנְגֶען בַּאשַׁאפֶען אוּנ זַייא הָאבִּין גִיוִויס זֵייעֶר בַּאשְׁטִימוּנְג אִין לֶעבִּין, דֶער שְׁלַאנְג, דֶער מֶענְטְשֶׁען פְרֶעסֶער, דֶער בְּלוּט זֵייגֶער, אָט דֶער מוֹרִין מַיין שְׁוָואגֶער אִיז נִיט בֶּעסֶער פַאר אַשְׁלַאנְג אוּנ הָאסְט אִים גִיפְט גֶעגֶעבִּין מִיר מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין צוּא פַאר גִיפְטֶען! עֶר רֶעט אוֹיף יוֹסֵפִין! עֶר פַאר גִיפְטֶעט אוּנְז אוּנ פַאר דַארְבְּט אוּנְז אוּנ פַאר וָואס?

מִיר אִיז גוּט צוּא הֶערִין דֵיינֶע רֵייד, הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין מֹשֶׁה קַאלְט בְּלִיטִיג,

אִיךְ

אִיךְ הָאבּ אָבֶּער קַיין פַּאר אִיבְּעל אוֹיף דִיר , דוּא בִּיזְט קְרַאנְק , דוּא רָעדְסְט פוּן הִיטְץ , נַא דִיר אַהַאנְט , אַז אִין צְוַוייא וָואכִין וָועסְט דוּא מִיט מִיר אַנְדֶערְס רֵיידִין , דוּא וָועסְט דַאמָלְס זָאגִין אַז דֶער מוֹרִין הָאט דִיךְ מַצִיל גִיוָועןְ פוּן טוֹיט , עֶר הָאט דִיר בַּאוִויזֶען וָואס אִיז אֶמֶת , אוּנ וָואס עֶס אִיז לִיגֶען , נָאר דוּא פַאר שְׁטֵייסְט דָאס אִיצְט נִיט !

אָ , בִּיטֶער אִיז מִיר , אַז אַזוֹ אַווִילְדֶער וָואלְף וִויא דוּא הָאט זִיךְ עֶרְוָועקְט מִיךְ מַצִיל צוּ זַיין , גָאט זָאל דָאס צוּ זֶעהֶן , עֶר קֶען אוּנְז דְרַייעֶן אוּנ וַויים אוּנְזֶר אַלֶעמָענְס הַארְצִין , מֶענְטְשִׁין וַוייסֶען נִיט מֶער וָואס זַייא זָעהֶן אוּנ נִיט אַלֶע מָאל פֶערְשְׁטֵיין זַייא וָואס זַייא זָעהֶן ! . .

אִיךְ זָאג אַייךְ אַזוֹ לִיבּ הַארְצִיגֶער מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , אִין צְוַוייא וָואכִן אַרוּם וָועל אִיךְ צוּא דִיר אַנְדֶערְס רֵיידִין , אִיךְ וָועל מִיט דִיר פַאר גָאט טְרֶעטִין אוּנ דוּא וָועסְט אִים עֶנְטְפֶערְן פַאר אוּנְזֶער אוּנְרֶעכְט אוּנ פַאר דַיינֶע רֶעכְט ! מִיט דִיא רֵייד הָאט זִיךְ רָאזֶע אַוָועךְ גִיטָאן צוּם טִיר , אוּנ אִיז אַרוֹיס , אַרַיינְקוּמֶענְדִיג הָאט זִיא גִיפוּנֶען רוּחָמְקֶען זִיצֶענְדִיג בַּיין טִישׁ אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען :

וָואס שְׁרַייבְּסְט דוּא ? הָאט זִיא גִיפְרֶעגְט אִיךְ מָאג לֶעזֶען ?

וַוארְט , אָט אִיךְ קָאנְצֶע בַּאלְד .

רָאזֶע הָאט גִינוּמֶען דֶעם בְּרִיף אוּנ הָאט גֶעלֶעזֶען :

מַיין לִיבֶּער יוֹסֵפְקֶע !

אִיךְ וַוייס גֶעווִיס אַז דִיא דֶעפֶּעשֶׁע וָואס מִיר הָאבִּין אִיצְט עֶרְהַאלְטֶען אוּנ וָועלְכֶעס עֶס הָאט מִיךְ מִיט דַיין רָאזֶען קְרַאנְק גִימַאכְט בִּיזֶען טוֹיט , אִיז אַיין אָנְגִישְׁטֶעלְטֶע זַאךְ פוּן דַיינֶע שׂוֹנְאִים , וִויא מִיר דוּכְט הָאבִּין זַייא דָאס גִיטָאן וַוייל מָארְגֶען דַארְף קוּמֶען אַמְהוּתָן זֶעהֶן דַיין רָאזֶען , דֶער טַאטֶע אִיז אוֹיף דִיר אִין כַּעַס אוּנ הָאט גִיזָאגְט , וִויא דוּא בִּיזְט וָוערְט אַזוֹ בֶּעצָאלְט דִיר גָאט ! דִי מַאמֶע אִיז קְרַאנְק אוּנ גָאט זָאל אוֹיס הִיטֶען , אַז זִיא זָאל זִיךְ דָאס דָר וִויסְן , דַארִיבֶּער יוֹסֵף , אוֹיבּ דוּא הָאסְט דָאס נִיט גִיטָאן מִיט אַזוֹ אַיין אָנְשְׁטָעל וִויא משֶׁה שְׁנֵייאָר הָאט עֶרְקְלֶערְט דֶעם פָאטֶער זָאלְסְט דוּא בַּאלְד טֶעלֶעגְרַאפִירֶען אוּנְז צוּ בֶּערוּהִיגֶן , אוּנ אוֹיבּ דוּ הָאסְט שׁוֹין אָן אוּנְז אַלֶעמֶען טַאקֶע פֶערְגֶעסֶען , וִויא מֶען זָאגְט אוֹיף דִיר אוּנ וִויא מֶען שְׁרַייבְּט אוּנְז פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג טָא דֶער מָאן הָאצְבֶּע מִיךְ אַיין מָאל אוּנ גִידַיינְק אַז דוּ הָאסְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט מַיין לִיבְּסְטֶע שְׁוֶועסְטָער וָועלְכֶע עֶס־בֶּעט נָאר גָאט פַאר דִיר עֶר זָאל דִיר דָאס מוֹחֵל זַיין , יַא גָאט זָאל דִיר מוֹחֵל זַיין וָואס דוּא הָאסְט אָן אוּנְז פֶערְגֶעסְן , אָבֶּער אִים דַיין גָאט , דַיין אִידִישְׁקַייט זָאלְסְט דוּ נִיט פֶערְבַּייטֶען ! דֶער בַּייא בְּלַייבּ אִיךְ דַיין טְרַייֶע שְׁוֶועסְטֶער וִויא לַאנְג , דוּא בִּיזְט נָאךְ טְרַייא צוּ דַיין גָאט אוּנ צוּ דַיין פָאלְק הָאץ דוּ בִּיזְט נִיט טְרַייא צוּא דִיא וָואס בְּלַייבִּין זַייעֶר לֶעבִּין לַאנְג אוּנְגְלִיקְלִיךְ , אִיבֶּער זַייעֶר לִיבֶּען דִיךְ , וָועסְט דוּא אָבֶּער אוֹיסְבַּייטֶען דַיין אֱמוּנָה אַזוֹא וִויא מֶען זָאגְט דוּא הָאסְט דַיין רָאזֶען פֶערְבַּיטֶען , אוֹיף אַשַׁיינֶע קְרִיסְטִין , דַאן יוֹסֵף זָאלְסְט דוּ אוֹיסְמֶעקֶען פוּן אַלֶע מַיינֶע בְּרִיף דִיא פַאר וָוערְטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוּנְטֶער גִישְׁרִיבִּין אִין זַיי: ״דַיין רוּחָמְקֶע״.

ליבע

אָ , לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער ! מַיין לֶעצְטֶער טְרֵייסְט , אוּנ מַיין לֶעבִּין , הָאט רָאזֶע אַגִישְׁרַייא גִיטָאן , אוּנ זִיךְ אַנִוָארְף גִיטָאן אוֹיף רוּחָמָה'ס הַאלְז. אִיר הַייס צוּ גִידְרִיקְט צוּם הַארְצִין אוּנ יָאמֶערְלִיךְ גִיוֵויינְט . — אִיךְ לִיבּ יוֹסֵפִין רָאזֶע , אַזוֹ הֵייס וְויא דוּא ! הָאט רוּחָמֶקֶע גִיזָאגְט , אִיךְ הָאבּ דֶעם טַאטֶען גִיבֶּעטִין עֶר זָאל אַלַיין פָארִין , עֶר זָאל טֶעלֶעגְרַאפִירֶען צוּא רַבִּי יִצְחָקִין , עֶר זָאל דָער גַיין וָואס דָארְטֶען אִיז , פַאר וָואס עֶר שְׁרַייבְּט נִיט ? עֶר הָאט אָבֶּער גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט כַּעַס אוּנ גִיזָאגְט עֶר וַוייס אַלְס אוּנ הָאט פְרֶיעֶר גִיוואוּסְט אַז דָאס וֶועט אַזוֹ זַיין , דוּא גְלוֹיבְּסְט דָאס רָאזֶע ? נִיט גְלוֹיבּ , אִיךְ גְלוֹיבּ דָאס אוֹיךְ נִיט , יוֹסֵף קֶען גָאר נִיט שְׁלֶעכְט זַיין ! אוּנ מִיר טָארִין אוֹיף אִים נִיט גְלוֹיבֶּען וָואס שׂוֹנְאִים טְרַאכְטִין אוֹיס , אָ , אַז אִיךְ דָער מָאן זִיךְ טָאמֶער זִיצְט עֶר פָארְט , וְויא וֶוערְט דָאס מִיר דִיא הַארְץ טוּט וַויא-!

אִין דִיא גַאנְצֶע צַייט וָואס רוּחָמָה הָאט גִירֶעט , הָאט רָאזֶע אִיר אַזוֹ שְׁטַארְק אָן גִיקוּקְט מִיט שְׁטַארֶע אוֹיגִין, אַז רוּחָמָה הָאט זִיךְ דָער שְׁרָאקִין :

— וָואס אִיז דִיר שְׁוֶועסְטֶער ? הָאט רוּחָמָה גִיפְרֶעגְט אִיר פַארְן הַאנְט אָן נֶעמֶענְדִיג — וָואס קוּקְסְט דוּא אַזוֹ אוֹיף מִיר ? רָאזֶע זַייא אַמֶענְטְשׁ !

אָ , שְׁוֶועסְטֶער , מִיר אִיז דָאס הַארְץ פַאר קְוֶועצְט , אִיךְ קֶען נִיט דֶעם אָטֶעם אָפְּצִיהֶען , מִיר טוּט וַוייא דָער קָאפּ , הָאבּ רַחֲמָנוּת , גָאט אִין הִימֶעל , אוֹיף מִיר עֶלֶענְדֶע ! מַיין יוֹסֵף זִיצְט אִין אַסְטְרָאג , מִיר זָאגְט דָאס הַארְץ , אַז עֶר זִיצְט , עֶר לַיידֶעט דָארְטֶען הוּנְגֶער , וֵויינְט אוּנ קְלָאגְט וָואס עֶר וַוייס נִיט פוּן מִיר , וָואס עֶר וֵויס נִיט פַאר וָואס עֶר זִיצְט , אוּנ אִיךְ בִּין דָא , אִיךְ בִּין פְרַייא . אוּנ עֶרְגֶער וְויא גִיבּוּנְדֶען , קֶען אִים נִיט הֶעלְפֶען , אָ , מִיר הַייבְּט אָן דֶער קָאפּ צוּ דְרַייֶען , אַז אִיךְ דָער מָאן זִיךְ וָואסֶערֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין עֶס זַיינֶען דָא אִין דָער וֶועלְט , וָואס עֶרְלוֹיבִּין זִיךְ דָאס צוּא טָאן !

גֶענוּג ! רָאזֶע , נִיט וַויין , דוּא זֶעה זִיךְ בַּייא דַיין גִיזוּנְד צוּא הַאלְטֶען , הָאט רוּחָמָה גִיזָאגְט , דִיר שְׁטֵייט נָאךְ פָאר פִיל אוֹיס צוּא הַאלְטִין , אוּנ גָאט וַוייס מִיט וָואס דָאס וֶועט זִיךְ אַלְס קָאנְצֶען ? אִיךְ שְׁוֶוער דִיר , אַז יוֹסֵף וֶועט צוּרִיק קוּמֶען , אוּנ אִיז דִיר אוּנ וֶועט דִיר אוֹיף אֵייבִּיג בְּלַייבִּין דָער זֶעלְבֶּע וָואס עֶר אִיז דִיר גִיוֶוען בְּעֵת עֶר אִיז נָאךְ דָא גִיוֶועזן, בְּלַייבּ נָאר דוּא אִים אַזוֹ טְרַייא , אוּנ זַייא טְרַייא זִיךְ אַלַיין !

אָבֶּער אַז אִיךְ וֶועל אַרָאפּ פוּן זִינֶען ? רוּחָמָה טַייעֶרֶע ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רָאזֶע אִיר אַרוּמְנֶעמֶענְדִיג , אָבֶּער אַז אִיךְ וֶועל אוֹיף הֶערִין צוּ פִילִין וָואס עֶס טוּט זִיךְ מִיט מִיר , דַאן רוּחָמָה ! אָ דַאן הָאבּ אִיךְ מוֹרָא מֶען זָאל מִיךְ נִיט פַאר קוֹיפִין ! אָט דָער גִידַאנְקֶען אַלַיין מַאכְט מִיךְ מְשׁוּגָע :

רוּחָמָה הָאט אִיר גִיהָאלְפִין צוּם בֶּעט גֵיין , אוּנ רָאזֶע אִיז וְויא אִין אַצוּמִיסְטְקַייט אָבְּגֶעלֶעגֶען בִּיז טַאג —

## ה.

## דיא מוטער מיט איהר טאכטער.

שווער אונ ביטער האט ראזע מיט גרוהמען איבער גילעבט אפאר וואכין, ציים עס איז דיא דעפעשע אן גיקומען וועגין יוזעפין, דער שווארצער האט זיך גיטאן זיינעס, אונ פרידמאנס; שטוב האט זיך ניט אויסגילייידיגט פון שדכנים. אימליכער האט דער ציילט וואס ער וויים פון יוזעפין, אנדערע האבין גיזאגט אז ער האט זיך שוין גיטויפט, אונ אנדערע האבין ערציילט, אז ער האט אקלויסטער אויס גיגנבעט, אונ דער פאר האט מען אים פאר שיקט אין סיביר אויף פינף אונ צוואנציג יאר קאטערזשנע ראבאטע, אונ וויא פיל זייא האבין אים גישאלטען אונ בערעט אזוי פיל מערער האבין זייא גילויבט זייערע חתנים וועלכע זייא האבין זייא גירעט ראזע, ראזע פון איר זייט האט גיטאן וואס איר איז מעגליך גיוועזן זיך אפ צו בארין, אונ וויא פיל פרידמאן האט זיך גיסטאראיעט זיא זאל זיך פאר געסין אן יוזעפין אונ איר גיזידעלט פאר וואס זיא פוצט זיך ניט אויס פאר דיא מחותנים האט ער דאך ניט פועל גיוועזן. דיא מוטער האט שוין דאס אלס דער וואוסט, אונ וויא שווער איר איז גיוועזן צוא גלויבין אויף יוזעפין אזעלכע מיאוסע מעשים האט זיא אבער גימוזט גלויבין, אז עס איז אן גיקומען רבי יצחקס בריף, אין וועלכין ער האט דער ציילט, וואס פאר אגאר נישט יוזעף איז גיווארין, אונ וויא ער דאנקט גאט דער פאר וואס עס איז נאך קיין תנאים גיוועזן, אונ ראזע איז נאך פרייא, אונ קען נאך גליקליך זיין. אנשטאט דעם וואס מיט יוזעפין וואלט זיא חלילה אונגליקליך גיוועזן איר גאנצין לעבין, איצט האט ער אעצה גיגעבין אז מען זאל טאן פאר ראזען אשידוך, וועט זיא מסילא פר געסין יוזעפין. אונ דאס וועט פאר איר בעסר זיין:

דער בריף איז אן גיקומען דורך אווילנער אורח, וועלכער עס האט אויך גיבראכט אבריף פון שנייארקען, אונ קיינער האט גאר ניט גיקענט חושד זיין אז דאס האט גיטאן דער שווארצער, נאך גימאכט אזוי אבריף. אונ דער בייא נאך צוא גילייגט שנייארס אבריף וועלכין ער האט פון פאסט ארונטער גינומען אונ אוועק גיגעבין אווילנער זוליק פון רבי סארקינס הדר:

אזוי פיל האט דער בריף גיווירקט, אז זעלבסט גאלדע וואס איז אלע מאל גיוועזן פון יוזעפס צד האט איצט אויף גיהערט צוא פאר ריידין אים, אונ איז סאגלאסנע גיוועזן צוא שרייבין תנאים פאר איר ראזען מיט דעם סטארעסטעס זון, וואס מען האט שוין גירעט פון צווייא יאר צייט, אונ וועלכער איר איז איצט גיפעלען גיווארין, ווייל דער סטאראסטע האט אמאל דער ציילט חיא איצט זייגען אלע גבירישע קינדער אין זיין האנט, ווארום וויא עס הערט זיך דער נייער זיסטעם וועלין אלע איין אונ צוואנציג יאריגע דארפין דינען קאלדאטסקע סלוזבא:

פאר קויפין איין קינד, מיין ליבע ראזקען, פאר מיינע איבריגע קינדער וויל איך ניט! פלעגט גאלדע זאגין, וואס עס וועט זיין מיט כלל ישראל וועט זיין

טיט

מיט רבי ישראל, איך גלויב ניט אז ישרונס קינדער וועלין זיין קאלדאטען, דער מחותן מאג צוא זאגין וואס ער וויל, וועט דער חתן ניט זיין זא וויא יוסף איז געוועזן, וועט ער מיר ניט גיפעלין וועל איך ניט לאזין, גאט זאל נאר שטארקען מיין הארץ — — וואס אבער וועט ענטפערין מיין עלענד קינד דארויף? דאס האט דיא פרויא זיך ניט איין מאל, געוויס הונדערט מאל יעדען טאג גיפרעגט, זיא האט בעמערקט וויא ראזע איז טרויעריגער גיווארין וויא געוועהנליך, אונד האט פיל מאל גימיינט אז זיא איז טויב גיווארין, זיא פלעגט דארפין צוא יעדען מאל ריידין מיט איר, אדער פרעגין איר עפעס, איבער זאגין אירע רייד עטליכע מאל ביז זיא פלעגט דאס פאר שטיין, זיא האט גאר ניט גיקענט באגרייפען וואס איר איז, ווארום זיא האט איר יוספין דיא לעצטע צייט גאר אויף גיהערט צוא דער מאנען, אונד פלעגט אין כעס ווערין אז ווער עס איז פלעגט אן הויבין צו ריידין פון אים, גאלדעס הארץ האט אינערליך גיוויינט, אז זיא האט זיך דער מאנט וואס עס האט זיך מיט איר ליבין יוספין אויס גילאזין דורך איר עצה ער זאל פארין אין פעטערסבורג, איר הארץ האט איר גיזאגט, אז ראזע ליבט אים נאך, אונד זיא וואלט געוויס צופרידען זיין אז יוסף זאל זיא נעמען ווען ער וועט זיך נאר אום קערין פון זיינע שלעכטע וועגין וואס ער איז אין זייא פאר בלאנדזעט גיווארין, זיא וואלט אפילו זיך נאך וועלין לאזין קאסטען עפעס אז דאס זאל נאר אויס געפירט ווערין, אבער אין מיטען דער מאנט זיא זיך אז יוסף זיצט נאר פאר זייער אקרימינאלנע זאך, אז אים איז גאר ניט מעגליך אויס צו לייזין, אז איר מאן האט שוין איצט רעכט צוא טאן וואס ער וויל, פריער האט זיא געפירט אונד אטעות גיהאט, וואס דאס האט אים ניט וויינינג גיקאסט, אונד איצט איז זיא איבער גיוואלד אים איבער געבין דיא וואקקעס אונד ער זאל קירעווען נאך זיין פאר שטאנד, דער צוא נאך האט זיא אביסיל געגלויבט אין בעסערט אונד איר האט זיך גערוכט, אז אפשר צוא ליב דעם וואס זיא האט גיוועלט טאן מיט יוספין פאר איר ראזען, אונד ניט מיט איר אמתן בעסערטען, דעם סטאריסטעס זין, דער פאר האט איר גאט גישטראפט, אונד זיא איז באלד קראנק גיווארין וויא יוסף איז אוועק גיפארין, אונד אים אזו ווייט גיבראכט, אונד ווער ווייס, עס קען זיין, אז יוסף וועט נאך אויס גילייזט ווערין, אונד אן קומען צו זיין בעסערטע די אמתע! — אזו זיינען שיין דיא מענטשין, וואו דער פערשטאנד זייערער קומט אין פערלעגענהייט, אונד ווייסין ניט וויא בעסער צו טאן, לייגען זייא אוועק דיא הענט, אונד לאזען איבער עס זאל זיך אליין ענדיגען, אונד טרייסטין זיך מיט דעם פוסטען ניכטס בעדייטענדען ווארט: ״בעסערט״ — פריער האט גאר גאלדע אנדערס ניט גיקענט מיינען, אז יוסף איז דער רעכט בעסערטע, איצט אז יוסף איז ניטא, איז איין אנדערער גיווארן — אזעלכע בעסערטע קענען מיר האבען ווינד! — גאלדע איז אביינגעקומען צו ראזען, מיט איהר ריידען...

מוטער! האט ראזע אנישרייא גיגעבן, אז זיא האט דיא מוטער הארט נעבען איר

איך פּלייצע דער זעהן . וועלכע נייעס האסט דוא מיר גיבראכט ? עס איז אפשר גיוועזן א בריף פון פעטערסבורג ?

גינוג דיר מיין טאכטער , מיט פעטערסבורג ! האט גיענטפערט דיא מוטער ארופלייגענדיג איר האנט אויף ראזעס קאפּ , בעסער וואלסט דוא דעם נאמען פעטערסבורג ניט גיקענט וויא דיר וואלט אסך צרות אונ ליידען פערשפּארט גיוועזן .

אזוי וואולווואלט מיר גיוועזן , מאמינקע , אז דו וואלכסט מיר נאר וועגען דעם קיין מאל ניט דער מאנט , אז דיר וואלט זיך ניט גיוואלט אז יוסף זאל דווקא זיין א פעטערסבורגער סוחר , א , אויף אונז ליגט די שולד . פון זיין אונגליק ! ער אליין איז ניט שולדיג , ער זיצט אין אסטראג אומזיסט , מען האט אויף אים גענוים א בלבול גימאכט , גאט ווייס וואס , אונ איבער מיר זיצט ער נעבּיך אינואפּינצטערע גרוב , אונ ליידעט גענוג , וואס איך האב אים ליב , וואס דוא מוטער , האסט אים פאר דיין קינד פאר רעכענט , איך גלויב דיא גאנצע וועלט ניט , וויא לאנג מיינע אויגען זעהן דאס ניט אונ מיינע אויערין הערין דאס ניט פון יוספס איינענע מויל !

ניין ראזע , עס איז גענוג , יוסף קען דיר גאר ניט קומען זאגען , ער זיצט אדער דער גוטער יאר ווייס אים וואו ער איז , דוא זעה נאר וואס רבי יצחק שרייבּט , אז ער , וואס איז דער גאנצער אויפטוער פון דעם גאנצין פּלאן , וואס האט אים העלטער גיהאט וויא איין אייגען קינד , קען איצט אזוי שרייבין אונ אונז מזהיר זיין פון אים וויא פון אגיפטיגען שלאנג , דער ווילנער אורח האט דעם בריף פון זיין איינענע האנט גינומען , וואס דארפסט דוא נאך מער א ראיה וויא דאס איז? ער האט דיך אונגליקליך גימאכט , מיר דארפין חלילה ניט בעטין גאט זאל אים באצאלין מדה כנגד מדה , מיר דארפין נאר בעטין מיר זאלין אים גיכר פאר געסין , אונ זאל אים ארויף פירין אויפין גראדין וועג , ער זאל זיך צוריק קערין צו אים אונ צו זיינע עלטרין ! אונ ער זאל דיר צו שיקען דיין באסערטין , זאלסט מיט אים דיינע יארין אוים לעבין אין נחת אונ אין פריידין :

א , מאמינקע , הער אויף צוא רידין , איך קען ווייטער ניט אוים הערין , דוא זאגסט מיר פארגעסין אן יוספין ! הייסט עס , דוא לאזט זיך אויך נארין , אונ פאר שטייסט ניט אז דאס איז אלס משה שנייארס ארבייט ? אונ קלערסט גאר ניט איבער , טאמר מישט זיך דא אריין אנאנצע חברה ? ניין ! מיין הארץ איז נעהענטער צו יוסף'ן אונ איך פיל ! אז ער איז איבער מיר אונגליקליך גיוואר'ן , איך האב יוספין גישוואר'ן , אונ וואס וועל איך גאט ענטפערין פאר דער שבועה ? מיט וואס פאר ארעכט קען איך מיין שבועה ברעכין איידער איך האב נאך פון אים איין ווארט גיהערט ?

אבער , מיין טאכטער , ביי דאך ניט אזוי מיט הארץ , דיר קאסט דאך גיזונד אונ דאס פאר ברייננקט דוא אומזיסט , האט די מוטער גיזאגט , יוסף האט שון זיין שבועה גיבראכין , גאט האט זיך שון פון אים אפּ גיקערט ווייל ער האט אים פון דיין הארצין פאר לאזין , הלעבין , דוא ביזט נאך גאר אקינד אז דוא קענכט

נאר

נָאר טְרַאכְטִין אוֹיף משה שְׁנַייאָרְן אַזֶעלְכֶע זַאכִין , וָואס־קיין וַואלְד גַזְלָן וָועט דָאס נִיט טָאן , נַיין מַיין קִינְד , עֶס אִיז שׁוֹין צַייט דוּ זָאלְסְט זֶעהֶען וִויא עֶר הָאט דִיךְ אוּנ מִיךְ פַאר פִירְט אוּנ וְוִיסִין וואוּ דוּא הַאלְסְט אִין דֶער וֶועלְט , דוּא וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹ אַמוּטֶער וָואס אִיז אוֹיסִין אִיר נִצָחוֹן אוֹיס צוּא פִירִין מִיט אִירֶע קִינְדֶער , אָדֶער וָואס וִויל הָאבִּין אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אַשַׁיינֶע מְחוּתֶּנְתְטֶע , אָדֶער זִיךְ אַיין קוֹיפִין אִין יִחוּס , אִיךְ וִויל נִיט מֶער , אַז דוּא זָאלְסְט גְלִיקְלִיךְ זַיין , אַז אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶן דוּא בִּיזְט גְלִיקְלִיךְ פַאר יוֹסֵפִין הָאט מִיךְ מַיין הַארְץ גִיפְרֵייט אוּנ בִּין גִיוֶועֶן הֶעכְכְט צוּ פְרִידִין , אוּנ גִיטָאן אַלְס וָואס מִיר אִיז מֶעגְלִיךְ גִיוֶוען , גִיפּוֹעלְט בַּייא דֶעם טַאטֶען בַּייא אִים זָאל אוֹיךְ רֶעכְט וֶוערִין . אוּנ עֶס אִיז בָּרוּךְ הַשֵׁם גִינַאנְגֶען וִויא גִיוואוּנְצִין , נוּא , דַארְף נָאר אַרוּף קוּמֶען אוֹיף דֶער־דֵעָה , אַז מֶען זָאל אִים אַוֶועק שִׁיקֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג , אוּנ דָארְטִין זָאל עֶר זִיךְ נָאר בַּאקֶענֶען מִיט זוּלִיקֶעס וָואס הָאבִּין אִים פַאר פִירְט אִין אַל דָאס בֵּייז, אָט , וָואס נִיט בַּאסֶערְט , דוּא מָאנְסְט מִיר גְלוֹיבִּין , אַז אִיךְ וָואלְט נָאךְ חָאצְבֶע הָאבִּין אַקְלֵיינֶעם הָאפֶענוּנְג אוֹיף אִים , וָואלְט אִיךְ אַלְס נִיט זַאלִיוֶוען , נִיט מַיין גִיזוּנְד אוּנ נִיט דַיינֶעם אוּנ וַוארְטִין , זִיךְ פַּיינִיגֶען , בִּיז גָאט וָועט רַחֲמָנוּת הָאבִּין , אִיצְט אָבֶער . אַז דָאס אִיז קְלָאר וִויא דֶער טָאג , אַז עֶר אִיז שׁוֹין פַאר פַאלִין אוֹיף אֵייבִּיג , אוּנ דוּא מַיין קִינְד בִּיזְט דָאךְ שׁוֹין נִיט אַקְלֵיין קִינְד , דוּא בִּיזְט נַיינְצִין יָאר גִיוָוארִין , בִּיז הוּנְדֶערְט יָאר . דֶער טַאטֶע קֶען שׁוֹין מֶער נִיט הָארִיוֶוען וִויא פְרִיעֶר . אִיךְ אַלֵיין בִּין קְרַאנְק , אוּנ דִיא זַאךְ מוּז דָאךְ הָאבִּין אַסוֹף , נוּא זָאג מִיר , אַדְרַבָּה , מִיט וָואס וֶועט זִיךְ דָאס קָאנְצֶען ?

אָ , מוּטֶר ! הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן רָאזָע , מוּטֶער , מִיט מַיין לֶעבִּין ! אָט דָאס וָועט זַיין דֶער סוֹף , וָואס דוּא וִוילְסְט ! נַיין , וִויא לַאנְג אִיךְ בִּין נָאךְ אִין מַיינֶע הֶענְט וֶועט גָאר נִישְׁט זַיין , אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין זִיךְ אַלֵיין נִיט מֶער גֶעהֶערִין , קֶענְסְט דוּ טָאן אִיבֶּער מִיר , וָואס דוּא ווילְסְט ! אוּנ בַּייא דִי רֵייד הָאט זִיךְ רָאזָע אַרוֹיף גִיוָוארְפִין אוֹיף דִיא מוּטֶערְס הַאלְדְז , אוּנ זִיךְ אַיין גִיקְלַאמֶערְט אִין אִיר , אָ , מַאמִינְקֶע ! הַאלְט מִיךְ , נִיט נֶעם דַיין אָפֶּענֶע אוֹיג אַרוּנְטֶער פוּן מִיר ! אִיךְ הָאבּ מֶער קֵיין כֹּחַ , דוּא גִידַיינְק נָאר אַז אִיךְ הָאבּ יוֹסֵפִין גֶעשְׁוָוארִין , אוּנ יוֹסֵף הָאט מִיר אַמָאל גִישְׁוָוארִין , אוּנ עֶר הָאט זַיין שְׁבוּעָה נִיט גִיבְּרָאכִין ! לָאז מִיךְ רוּהִיג זַיין , מוּטֶער אִיךְ דַארְף דָאס , מַיין קָאפּ אִיז מִיר שׁוֹין פוּן לַאנְג נִיט אוֹיף אַיין אָרְט !... דִיא לֶעצְטֶע רֵייד הָאט רָאזָע גִיזָאגְט וֵויינֶענְדִיג , דִיא מוּטֶער הָאט גִיפִילְט אִירֶע הֵייסֶע טְרֶערִין , אוּנ הָאט פוּן בֶּעקְלֶעמוּנְג נִיט גִיקֶענְט רֵיידִין , עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא אָנְגִינוּמֶען רָאזִין אוּנ גִיזָאגְט :

זַייא דִיר גִיזוּנְד מַיין קִינְד , גָאט זָאל אוֹיף דִיר רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוּנ דַיינֶע וואוּנְדִין הֵיילִין . נִיט גִיבֶּענְצְט זָאל יֶענֶער זַיין פוּן וָועמֶענְס הֶענְט דוּא הָאבְּט זַייא ! אוּנ מִיט דֶעם אִיז זִיא אַרוֹיס גִינַאנְגֶן מִיט אַבֶּעטְרִיבְּטֶעם הֶערְץ , רָאזֶע הָאט אִיר טַאנְגֶע בּוּךְ וַוייטֶער גִישְׁרִיבִּין , עֶס הָאבִּין זִיךְ אִירֶע טְרֶערִין גִיגָאסִין אִיבֶּער דִיא בְּלֶעטְלֶעךְ , אוּנ אַז זִיא הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁרַייבִּין הָאט זִיא זִיךְ אַלֵיין גִיפְרֶעגְט :

מִיט

מִיט וָואס וָועט זִיךְ דָאס קָאנְצִין ? עֶס מוּז דָאךְ דָאס אֲעֶנְדֶע הָאבִּין וִויא יֶעדֶע זַאךְ ! אָ וָוער קָען מִיר דִיא עֶנְדֶע אַפְּרִיעֶר זָאגִין ! אִיךְ קָען נָאךְ נִיט שְׁטַארְבִּין, אִיךְ מוּז אִים זֶעהֶן נָאךְ אַמָאל, אִים בֶּעוַויזִין אַז אִיךְ בִּין אִים טְרַייא ! אוּנ עֶר ? . . . זִיא הָאט גִיוָואלְט וַוייטֶער טְרַייבִּין אִירֶע גִידַאנְקֶען, אָבֶּער אִיר הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין דֶער קָאפּ צוּ דְרֵייעֶן, אוּנ אִיז אִין אוּנְמַאכְטִין גִילֶעגִין בִּיז רוּחָמָה אִיז אַרַיין, אוּנ הָאט זִיא אָבְּגֶעמִינְטֶערְט.

---

# ו

## דִיא לֶעצְטֶע פְּרָאבֶּע

לִיבְּטִינ אוּנ הֶעל הָאט דִיא זָאנֶע אַרוֹיס גִישַׁיינְט אוֹיף מָארְגִין פְּרִיא, רָאזֶע אִיז גִילֶעגִין, אוּנ בֶּעטְרַאכְט:

אָ וִויפִיל לִיכְטִיגֶע מָארְגֶענְס הָאבּ אִיךְ פֶערְלָארְן, וִויפִיל הָאט נֶעבִּיךְ יוֹסֵף אָנְגִיוָוארִין, זֶעט עֶר דֶען דִיא זָאנֶע אִין זַיין גְרוּבּ וואוּ עֶר אִיז אִיצְט ? — דִיא זָאנֶע, דֶער טָאג, צְוֵוייא שְׁרֶעקְלִיכֶע וֶוערְטֶער פַאר מִיר, זִיא בְּרֵיינְגְט פִילַייכְט וֶועמֶן לִיכְט, וֶועמֶן וַוארֶעמֶע פְרַייְהַייט — וָואס בְּרֵיינְגְסְט דוּ מִיר דוּ גְרֶאסֶע לִיכְט ? . . .

רוּחָמָה הָאט זִיךְ אָנְגִיטָאן, אוּנ הָאט בַּאלְד אַטְפְּרַאוֶועט קוּזְמֶען אוֹיפִין פָּאכְט, דֶער גוֹי אִיז גִיקוּמֶען מִיט צְוֵוייא בְּרִיף, אָבֶּער נִיט פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, אִין אַהַאלְבּ שָׁעָה אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען דֶער בְּרִיף רַאזְנָאשְׁטְשִׁיק, אוּנ הָאט גִיפְרֶעגְט: רָאזֶע פְרִידְמַאן. רוּחָמָה הָאט אִים בַּאלְד אַרַיינְגֶעפִירְט צוּ אִיר אִין צִימֶער, אוּנ עֶר הָאט אִיר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין אַזַאקָאזְנַאיֶען בְּרִיף אוֹיף וֶועלְכִין עֶס אִיז גִיוֶוען אִיר אַדְרֶעס, אוּנ אוֹיפְגִישְׁרִיבִּין אָפּ צוּ גֶעבִּין אֵייגֶענְהֶענְטִיג:

דָאס אִיז פוּן יוֹסֵפִין, הָאט אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן רוּחָמָה, דָאס אִיז זַיין הַאנְט ! זִיא הָאט זִיךְ גִינוּמֶען פַאנַאנְדֶערְשְׁרַייבִּין, אַז זִיא הָאט עֶרְהַאלְטִין, אוּנ רָאזֶע הָאט מִיט צִיטֶערֶענְדֶע הֶענְט אוֹיפְגֶערִיסֶען דֶעם קָאנְוֶוערְט. דַארִין אִיז נָאךְ גֶעלֶעגֶען אַקַארְטֶעצְקֶע, אָבֶּער רָאזֶע הָאט דַארוֹיף נִיט גֶעקוּקְט וַוייל זִיא הָאט גִיוָואלְט לֶעזִין דֶעם בְּרִיף:

(פ״ב דֶעם 20 טֶען . . . . ת״ר . . .)

עֶלֶענְדֶע אוּנְד אוּנְגְלִיקְלִיכֶע רָאזֶע !

שׁוֹין דִיא עֶרְסְטֶע וֶוערְטֶער פוּן מַיין בְּרִיף זָאגִין דִיר אָן דִיא בֵּייזֶע בְּשׂוֹרָה, דָאס דוּא עֶלֶענְד אוּנ אוּנְגְלִיקְלִיךְ בִּיזְט — אוּנ אִיךְ אַלֵיין, דֶר וָואס דִיר עֶס שְׁרַייבְּט אִין אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט דִיר עֶס גִימַאכְט ! דוּא בִּיזְט עֶלֶענְד אוּנְד אוּנְגְלִיקְלִיךְ רָאזֶע, יֶענְטְהַאלְטִין דֶען דִיא וֶוערְטֶער נִיט דִיא גַאנְצֶע הֶעלֶע אִין זִיךְ, דָאס אִיךְ זָאל דִיר נָאךְ עֶטְוָואס שְׁרַייבִּין ? —

אוּנ דָאךְ מוּז אִיךְ עֶס טָאן !

מֶען פְּלֶעגְט מִיר אַמָאל עֶרְצֵיילֶען, אָדֶר אִיךְ אַלֵיין הָאבּ וַוייגִיגְסְטִין אַזוֹ גִימֵיינְט, אַז עֶס קָען קֵיין זִיסֶערֶע אוּנְד בֶּעסֶערֶע אַרְבֵּייט זַיין, וִויא דָאס שְׁרַייבִּין צוּ אַטְרַייעֶן

פְרַיינְד, צוּ אַיינֶער לִיבֶּענְדֶע זַיילֶע, אוּים צוּ גִיסִין דָאס גִיקְרֶענְקְטֶע הָערְץ, וָוערֶענְד עֶס אִיז פָאל צוּם צֶערְבְּרֶעכִין — אוּנְד וָועלְכֶער פְרַיינְד אִיזְט מִיר טְרַייֶער וָועלְכֶע זַיילֶע מִיךְ לִיבֶּענְדֶער וִויא דִיא דַיינִיגֶע אָרֶעמֶע, אוּנְגְלִיקְלִיכֶע רָאזֶע. — אוּנ דֶענְנָאךְ אִיזְט מִיר דָאס שְׁרַייבִּין צוּא דִיר בִּיטֶער, בִּיטֶער דָאס דֶער טֹאדְט, וֶוען עֶר וָואלְט צוּ מִיר אִיצְט קוּמֶען מִיךְ בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶעם שְׁרַייבִּין וָואלְט עֶר מִיר פִיל זִיסֶער זַיין —

וִויא וָואלְט אִיךְ וֶועלִין אִיצְט שְׁטֶערְבִּין, שְׁטֶערְבִּין וִויא עֶס שְׁטֶערְבְּט אַיין וָואלְטְהֶעטִיגֶער מֶענְטְשׁ — דֶער טוֹיט וָואלְט מִיךְ פוּן אַשְׁרֶעקְלִיכִין צוּקוּנְפְט בֶּעפְרַייעֶן — אִיךְ לֶעבּ אָבֶּער, אוּנ דִיא וֶועלְט הַאלְט מִיךְ פֶעסְט! מִיט קֵייטִין צוּם לֶעבִּין גִיבּוּנְדִין, אִיבֶּער גְוַואלְד לֶעבְּט מֶען אוּנְד זֶעלְבְּסְט דֶען טוֹיט קְרִיגְט מֶען נִיט, וֶוען עֶר אִיז אוּנְז גִיוואוּנְשֶׁען אָן גִיוַואלְד!

רָאזֶע, וָואס אִיז דִיא וֶועלְט אִיבֶּער הוֹיפְּט אוּנְד דֶער אָרֶעמֶר מֶענְטְשׁ אִין אִיר בֶּעזָאנְדֶערְס? צוּ ווִירְקְט דִי וֶועלְט אוֹיף דֶעם מֶענְטְשִׁין, אָדֶער דֶער מֶענְטְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט? וִויא מֶעכְטֶע אִיךְ עֶס גֶערְן ווִיסִין, מִיר וָואלְט אֶפְשַׁר קְלָאר וֶוערִין; צוּ הָאט דִיא וֶועלְט, דִיא גְרָאסֶע פֶעטֶערְבּוּרְגֶער וֶועלְט אוֹיף מִיר גִיווִירְקְט, מִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכִין, אָדֶער צוּא הָאבּ אִיךְ גִיווִירְקְט אוֹיף דַיין שְׁטִילֶע רוּהִיגֶע וֶועלְטִיל אִיר פִינְסְטֶער צוּ מַאכִין אִין מִיטִין טָאג? ....

וֶוער הָאט נָאךְ מִיךְ, מַיין גִיווִיסִין אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס הֶערְץ גִיקֶענְט, זָא וִויא דוּא אוּנְשׁוּלְדִיגֶער עֶנְגֶעל? וֶוער הָאט מִיךְ גִיפִילְט אוּנ אַזוֹ פֶערְשְׁטַאנֶען וִויא דוּא לִיבֶּע רָאזֶע? אִיךְ ווייס, אַז וֶוער עֶס אִיז וָואלְט צוּ דִיר גִיקוּמֶן דַאמָאלְס, אַז דַיינֶע לִיכְטִיגֶע טְרֶערִין הָאבִּין מַיין פִינְסְטֶערֶע הַארְץ דוּרְכְדְרוּנְגֶען, אוּנ אַז בַּייא מִיר הָאבִּין זִיךְ אַרוֹיס גִירִיסִין דִיא פָּאר וֶוערְטֶער: „רָאזֶע אִיךְ לִיבּ דִיךְ! אִיךְ לַייד אוּנ לִיבֶּע דִיךְ!“ רָאזֶע, דַאמָאלְס אַז דַיינֶע זִיסֶע לִיפִּין הָאבִּין בֶּערִירְט דִי מַיינִיגֶע צוּם עֶרְסְטִין מָאל — וֶוער עֶס וָואלְט מִיר דַאמָאלְס גִיזָאגְט: יוֹסֵף דוּא וֶועסְט אַמָאל אַנְדֶערְס וֶוערִין, אוּנ דִיא לִיבֶּע רָאזֶע וֶועט נָאךְ מִיט רֶעכְט אַמָאל דַיין נָאמֶען פֶערְשִׁילְטֶען — אִיךְ וָואלְט דֶעם מֶענְטְשִׁין פַאר מַיין עֶרְגְסְטִין שׂוֹנֵא גִיהַאלְטִין, אוּנ גִיעֶנְטְפֶערְט: גִיכֶער וֶועלִין פוּן מַלְאָכִים שֵׁדִים וֶוערִין, אֵיידֶער דָאס וֶועט זַיין! — אִיךְ וָואלְט דֶעם מֶענְטְשִׁין פוּן מַיינֶע אוֹיגֶען פֶערְטְרִיבִּין, אוּנ אִים גִיטָאן וָואס אִיךְ וָואלְט גִיקֶענְט, אִיצוּנְד אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, אַז אִיךְ בִּין אַלֵיין דֶר מֶענְטְשׁ אוּנ אַז אִיךְ זָאג דִיר אַלֵיין: „אִיךְ בִּין וֶוערְט דוּא זָאלְסְט מַיין נָאמֶען פֶערְשִׁילְטִין, וָואס זָאל אִיךְ אוֹיף זִיךְ זָאגִין, אָדֶער פַאר וָואס וֶועסְט דוּא מִיךְ הַאלְטִין? — פַאר אַשׂוֹנֵא? פַאר אַגִיפְטִיגִין שְׁלַאנְג בֶּעסֶער — אַ שׂוֹנֵא בִּין אִיךְ דִיר נִיט, אִיךְ הָאבּ נִיט פַאר וָואס דִיר אַ שׂוֹנֵא צוּ זַיין, אָבֶּער אַשְׁלַאנְג בִּין אִיךְ אוּנ אִיךְ פֶערְגִיפְטֶע דִיר דַיין לֶעבִּין — אִיךְ וָואלְט דִיר אָבֶּר מֶער שׂוֹנֵא זַיין אַז אָנְשְׁטָאט דֶעם בִּיטֶערִין בְּרִיף וָואלְט אִיךְ דִיר שְׁרַייבִּין לִיבֶּע וֶוערְטֶלֶעךְ אוּם דִיךְ צוּא פֶערְפִירֶען וַוייטֶער, דִיךְ אַרָאפּ צוּא שְׁלֶעפִּין אִין יֶענֶעם טִיפִין אָבְּגְרוּנְד אִין וֶועלְכִין אִיךְ בִּין אַלֵיין גִיפַאלֶען, אָ רָאזֶע, אוּנ הָאבּ מֶער קֵיין הָאפְנוּנְג: אַרוֹיס צוּקְרִיכֶען!

יַא, אִיךְ בִּין גִיפַאלִין, דִי וֶועלְט הָאט אוֹיף מִיר אִיר גַאנְצֶע בֵּייז אַרוֹיפְגֶעקֶערְט —
דִיא וֶועלְט הָאט צוּ פִּיל אוֹיף מִיר גִיווִירְקְט — אָבֶּער אַיין פּוּנְק אִיז נָאךְ אִין מַיין
הַארְצִין נִיט פֶערְלָאשִׁין, אוּנְדָאס אִיז דַיין בִּילְד, דַיין עָלֶענְד, וָועלְבֶער עֶס לֶעבְּט
נָאךְ אִין מִיר — אוּנ נָאךְ אַלֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגְקֵייט בִּין אִיךְ צוּ דִיר אַלֵיין נָאךְ דֶר
זֶעלְבֶּע יוֹסֵף! —

פַאר דִיר אַלֵיין טְרַייא אוּנ גוּט, טְרַייעֶר אוּנ פֶּעסֶער וִויא צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט! —
דֶער פַאר בֶּעט אִיךְ דִיר, הֶער מִיךְ אוֹיס אוּנ דֶערְנָאךְ פְלוּכֶע מִיךְ! אִיךְ וִויל זִיךְ
נִיט פֶערְעָנְטְפֶערְן, אִיךְ וִויל דִיר נָאר דִיא אוֹיגִין עֶפְנִן, דִיר בֶּעווַייזֶען וָואס עֶס
קֶען פוּן אַמֶענְטְשִׁין וֶוערִין, וֶוען עֶר פֶערְלִירְט דָאס גֶעווִיסְט — רָאזֶע, דוּא הָאסְט
גִיזֶעהֶן אַמָאל אִין מָאהִיבִּיל, וִויא דֶער אַקְרָאבַּאט אִיז אוֹיף אַשְׁטְרִיק גִיגַאנְגֶען
גִידֵיינְקְסְט דוּ, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גִיזָאגְט: „זָא גֵייט דֶר מֶענְטְשׁ זַיין לֶעבֶּענְסְבַּאהְן,
אוֹיף אַדִינֶע שְׁטְרִיקֶעלֶע, מִיט אַבַּאלַאנְס וועֶלְכֶע מַאן שֵׂכֶל אָדֶער יוֹשֶׁר נֶענְט,
פֶערְלִירְט מֶען חָלִילָה דֶעם בַּאלַאנְס, פַאלְט מֶען אַרָאפּ. אוּנ וָואס מֶער מֶען אִיז
גֶעאִבְּט גִיוֶוען אוּנ הֶעכֶער אַרוֹיף, דָאס מֶער גִיפֶעהְרְלִיךְ אִיז דֶער פַאל! — אִיךְ
הָאבּ מַיין שֵׂכֶל מִיט מַיין יוֹשֶׁר צוּ זַאמֶען פֶערְלָארְן — אִיךְ הָאבּ מֶער קֵיין בַּאלַאנְס,
אוּנְד פַאל אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט! —

אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר, אַז דוּא בִּיזְט נִיט שׁוּלְדִיג, אִין יֶענֶעם בְּרִיף וָואס דוּ הָאסְט
מִיר אִין תַּאנְט דֶערְלַאנְגְט, אוּנ מִיר פִיר יֶענֶער צַייט פִיל שְׁמֶערְצִין גִימַאכְט,
דָארְט הָאט מֶען מִיר דֶר מָאנְט אִן מַיין זִיצִין לֵיידִיג, אָדֶר אוֹיף פוּסְטֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט
מַיין צַייט פֶערְבְּרֵיינְגֶען, מֶען הָאט מִיר אִין דַיין נָאמֶן גִישְׁרִיבִּין, אַז דִיר גִיפֶעלְט
מַיין צְוָועק נִיט, צוּ וֶועלְכִין אִיךְ קֶען קוּמֶען בַּיי אַייךְ אִין שְׁטוּבּ. הַיינְט הוֹיבּ אִיךְ
אָן צוּ פִילִין וָואס מֶען הָאט גִימֵיינְט דֶער מִיט! דֶער שָׂטָן אִיז שְׁרֶעקְלֶעךְ קְלוּג,
אוּנ וַוארְפְט זַיין גִיפְטִיגֶע זַאט זֶעלְבְּסְט אִין זַיין גוּטֶע עֵצָה — אָ מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרֶקֶע!
וַוייט הָאט עֶר זַיין גִיפְט גִיוָוארְפִין, עָר הָאט מִיךְ בֶּעסֶער גִימוּזְט קֶענֶען, וִויא אִיךְ
הָאבּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט גִיקֶענְט, וִויא אַ בֵּייזֶער רוּחַ אִיז מִיר דֶר גִידַאנְק אַרַיין אִין קָאפּ:
„וָואס וֶועט פוּן מִיר וֶוערְן דָא? וָואס וֶועל אִיךְ אוֹיס זִיצִין? אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג, אִין
דֶער גְרוֹיסֶר וֶועלְט הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִירִיסִין, אוּנ הָאבּ נִיט גִיוואוּסְט, אַז דָאס צִיט
מִיךְ דֶער שֵׁד אַהִינְצוּ — מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר הָאט גִיקֶענְט מַיין הַאַרַאקְטֶר, אוּנ הָאט
גִיוואוּסְט וָואס פֶּעטֶערְבּוּרְג קֶען פוּן מִיר מַאכִין, עֶר וַואר דֶער אוֹיפְטוּעֶר דֶר פוּן
אוּנ מַיין אוּנְגְלִיק הָאבּ אִיךְ אִים צוּ פֶערְדַאנְקֶען — . . .

רָאזֶע, אִיךְ וִויל דִיךְ נִיט פִירִין אִין דִיא אַלֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע עֶרְטֶער וואוּ אִיךְ בִּין
גִיוֶוען בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג. אִיךְ גִידֵיינְק זֵייא כִּמְעַט אַלֵיין נִיט — אִיךְ בִּין וִויא
בֶּעצוֹיבֶּערְט גִיוֶוען, אוּנ גִיקְרָאכִין פוּן אֵיין גְרוּבּ אִין דֶער אַנְדֶערֶער, אִין אָנְהוֹיבּ
הָאבּ אִיךְ מִיר עֶרְלוֹיבְּט טָאן וָואס מֶען טָאר נִיט, דֶער נָאךְ וָואס מֶען דַארְף נִיט,
אוּנ וָואס מֶען זָאל נִיט — אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ שֶׁעמֶען, אוּנ גִיטָאן לְעֵינֵי
הַשֶּׁמֶשׁ וּלְעֵינֵי הָעֵדָה. רַבִּי יִצְחָק הָאט מִיךְ פוּן קַאנְטָאר אַרוֹיסְגִיטְרִיבִּין, מֶען הָאט
מִיךְ אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ אַכְטִין, אוּנ דַאן הָאבּ אִיךְ עֶרְכְט פֶערְשְׁטַאנֶען פַאר וָואס

יענשׂ

יֶענֶער, פְּיַאנִיצָע הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ טְרִינְקֶען וְהָאץ דָאס מַאכְט אִים אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אוּנ פֶּערְלִירְט דוּרְךְ דֶעם דִי גַאנְצֶע מֶענְטְשֶׁענְווִירְדֶע — אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט אוֹיפְגִיהֶערְט, אוּנ אַז דֶער נוֹיט הָאט מִיךְ צוּא גִידְרִיקְט, הָאבּ אִיךְ נִיט גִיזוּכְט זִיךְ צוּא בֶּעסֶערִין, פֶּערְקֶערְט, זִיךְ צוּא עֶרְגֶערִן, אִיךְ הָאבּ גִיזוּכְט רַבִּי יִצְחָקִין צוּא מוֹסְרִין אִיהְם אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכִין, אוּנ אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִיטְרַייסְט אַז אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶן, דָאס מֶען הָאט פַר מִיר מוֹרָא — אוּנ דָא הָאט מִיר גָאט צוּגִישִׁיקְט אֵיינֶע אַ אַקְטְיָארִין, וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ אִין מִיר פֶּערְלִיבְּט, אוּנ וַוייל אִיךְ בִּין גִיוֶוען אִין נוֹיט אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט אָן אַ אוּרְטַייל, הָאבּ אִיךְ אִיר אַהַאנְט גִיגֶעבִּין דָאס אִיךְ זָאל זִיךְ טוֹיפִין אוּנ זִיא הֵייַראטָען.

מִיט דֶערְצַייט, הָאט זִיא מַיינֶע לִיבֶּע גִיוואוּנֶען, אוּנ אִיךְ פִּילֶע, אַז זִיא אִיז וֶוערְט אִיךְ זָאל זִיא לִיבִּין, דוּ הָאסְט מִיךְ לִיבּ גִיהַאט וֶוערֶענְד אִיךְ בִּין ווִירְקְלִיךְ לִיבֶּענְס ווִירְדִיג גִיוֶועןָ, יוּנְג, שֵׁיין אוּנ אוּנְשׁוּלְדִיג — אוּנ דַיינֶע לִיבֶּע אִיז אֵיינֶענְטְלִיךְ נוּר אֵייגֶענְלִיבֶּע, דוּ הָאסְט גִיוָואלְט הָאבִּין אַשֶׁענֶערִין, אַקְלִיגֶערִן פַר אַאַנְדֶערֶע, — אָבֶּער זִיא, דִיא אִיצְטִיגֶע גִילִיבְּטֶע מַיינֶע, הָאט מִיךְ לִיבּ בֶּעקוּמֶען וֶועלְבֶּסְט אִין רֶער מִינוּט, וָואס אִיךְ וַואר אַיין אוֹיסְוואוּרְף, אַיין מֶענְטְשׁ אַ אַוֶועגְגֶעלָאזֶענֶער אִין בְּרֵייטָען זִינְד שְׁטְרָאם, זִיא הָאט פוּן מַיינְט וֶועגִין אַלְץ גִיטָאן, אוּנ זִיא אִיז וֶוערְט אִיךְ זָאל פוּן אִירְטְוֶועגִן דֶעם שְׁפְּרוּנְג טָאן אוּנ אַרַיין אִין אַ אַנְדֶער גֶעגֶענְד, רָאזֶע, אִין אַיין אַנְדֶער גְלוֹיבִּין, אָ, גָאט, אִיךְ קֶען נִיט! אִיךְ קֶען דָאס נִיט! רָאזֶע, מַיין פָּאלְק אִיז בַּיי מִיר טַייעֶר, ווִיא מַיינֶע אוֹיגִין, ווִיא מַיין לֶעבִּין וֶועלְבְּסְט!

אָבֶּער וָואס זָאל אִיךְ דֶען טָאן? מַיינֶע שׂוֹנְאִים הָאבִּין זִיךְ מַמְצִיא גִיוֶועןָ אוּנ אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ זֵייא גִימוּסָערְט. הָאבִּין זֵייא מִיר אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפִין פַאלְשֶׁע גֶעלְט אוּנ, אִיךְ זִיץ אִיצְט אִין אַפִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ, אוּנ וֶוען נִיט מַיין גֶעלִיבְּטֶע, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין דָא לַאנְג פַאר הוּנְגֶער, פַאר קֶעלְט אוּנ אוּנְמוּט אוֹיסְגִיגַאנְגֶען, נָאר זִיא הָאט פוּן מַיינְט וֶועגִין גִיטָאן וָואס קֵיין מֶענְטְשׁ הָאט נָאךְ פַר דֶעם אַנְדֶערִין גִיטָאן, אוּנ אוֹיבּ אִיךְ לֶעבּ נָאךְ אוּנ וֶועל נָאךְ לֶעבִּין זָאל אִיךְ פַאר אִיר אַלֵיין לֶעבִּין — — אִיךְ הָאפֶּע אִיר פְּלַאן וֶועט אָנְגִינוּמֶען זַיין — אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ בֶּעסֶר טוֹיפֶען, אֵיידֶער הִיר אִין גְרוּבּ צוּ זִיצִין, אֵיידֶער אִין קַאטֶערְשֶׁנֶע רַאבָּאטֶע צוּ אָבְּלֶעבִּין דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין -- רָאזֶע, וָואס אִיז דִי וֶועלְט, אוּנ דֶר עֶלֶענְדֶר מֶענְטְשׁ אִין אִיר? — וָואס הֵייסְט דוּא מִיר? אָבֶּער וָואס פְרֶעג אִיךְ? הָאבּ אִיךְ דִיר אַלֵיין נִיט גִיזָאגְט אַמָאל, אַז אִיךְ בִּין בֶּערֵייט מַיין הַאלְז אוֹיס צוּ שְׁטְרֶעקִין יֶעדֶער מִינוּט צוּם חַלָף, וואוּ עֶס וֶועט נָאר הַאלְטִין בַּייא מַיין אֱמוּנָה צוּ פֶערְלִירִין, מַיין פָאלְק צוּ פֶערְלֵייקֶענֶען? יַא, אִיךְ הָאבּ דָאס דִיר גִיזָאגְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דַאמָאלְס נִיט גִיפִילְט וָואס הֵייסְט אֵייבִּיגֶע קַאטֶערְשְׁנֶע רַאבָּאטֶע! אוּנְזֶער גְמָרָא זָאגְט אוּנְז: אַז מֶען וואלְט חֲנַנְיָה מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה גֶעפַּייגִיגְט, אוּנ נִיט אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין אַיין קַאלְךְ אוֹיבִין וואוּ זֵיי זָאלִין זֵייעֶר טוֹיט קְרִיגֶען בַּאלְד, וָואלְטִין זֵיי אוֹיךְ גִידִינְט דִי עֲבוֹדַת כּוֹכָבִים, וַוייל דֶער טוֹיט אִיז נִיט אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, ווִיא אֵייבִּיגֶע צָרוֹת, אֵייבִּיגֶע שְׁמִיץ, אוּנ הוּנְגֶער, אֵייבִּיגֶע קַאטֶערְסְנֶע רַאבָּאטֶע! אִיךְ בִּין נָאךְ יוּנְג,

מיר שטעלט זיך פאר אנייעם לעבין, וואס איך קען נאך אפשר גליקליך זיין · אונ אז פון דיר איז מיר שוין זא וויא זא אלע האפנונגען פארלארין. פאר וואס זאל איך וועלין זיין אאייביגער צו געשמיטער צו אטאצקע? איך בין האלב וויא גירעשעט, מארגען דארף איך דעם אטוועט געבין דעם פראקוראר אונ דו ביזט פרייא, ראזע זייא גליקליך, וויא אונגליקליך עס איז דיין אמאליגער יוסף!

דיין מוטער נערים אונ גיב איר אוועק מיין תהלימל, אין וועלכין איך האב אמאל טרערין פארגאסין. אונ צו מיין פולע הארץ אטרייסט גיפונען, איך האב דעם תהלים פאר שעמט, איך בין שוין ניט מער ווערט ער זאל מיך טרייסטין, מיר גרינגער מאכין מיינע ליידין אונ צרות! גירים דיין פאטער, אלעמן, אונ זיי גליקליך, זייא גיזונד אונ פארגעס מיך, וויא איך וועל באלד פון מיין פאלקפאר געסין ווערין, מארגין וועל איך שוין הייסען: „אסיפ" היינט הייס איך נאך „יוסף"!

ראזע, האט דעם בריף איבער גילייענט, איר איז דאס הערץ פערשטיינערט גיווארין שוין צו דער ערסטער שורה, אונ האט ניט גיפילט וויא איר בלוט האט אן גיהויבין איר אין צורה אריין צושפארין, וויא אירע אויגן האבין זיך מיט בלוט אן גינאסין, זיא האט אים איבער גילייענט ביז גאר, זיא האט אים אזוי גיטאן אונ גיזאגט:

א יוסף, יוסף! דאס איז דיין בריף, דוא ביסט אונגליקליך וויא עס איז נאך קיין מענטש אין דער וועלט ניוועזן! אבער איך בין אונגליקליכער פאר דיר! איך בין אונגליקליך, ווייל דיא ערסטע פריצינע פון דיין אונגליק בין איך! ארויסגעשטאנדיג דיא אויגין פון בריף, האט ראזע ארום זיך גיכטס גיזעהן, דיא שטוב מיט דיא פענסטער האבין זיך גידרייט ארום איר, זיא האט זיך ניט מער גיקענט האלטין אונ איז ארונטער גיפאלין פון שטול צוא דער ערד מיט אביטערין גישרייא, וויא פיל רוחמקע האט זיך גיעמיהט איר אויף צו שטעלין, איר צו זיך צו ברייננען עס האט אבער ניט גיהאלפין, זיא האט דעם בריף איין גיקלעמט גיהאלטין אין האנט צוא געדריקט צום הארצין אונ גילעגין אין אונמאכטין, אומזיסט האט רוחמה גישריען: — „ראזע, דאס איז ניט יוספס בריף! איך שווער דיר, אז יוסף וואלט מיך ניט פאר געסין אונ וואלט צוא מיר האץ צווייא ווערטער גישריבען, דאס איז אויך א פאלשער וויא אלע פאלשין, וואס מען האט אויף אים גימאכט ניט גלויב ראזע, ניט פאר געס יוספין!" אומזיסט האט זיא געבעטין זיא זאל אויף יוספין רחמנות האבין אונ ניט גלויבין, ראזע האט ניט גיהערט, אדער בעסער גיזאגט, ניט פאר שטאנען וואס רוחמה רעט מיט איר, איר זינען, וואס איז אויף גירירט אונ פאר שוואכט גיווארין פון איר שטענדיגען גידאנקען אן יוספין, פון אירע פיל שלאפלאזע נעכט האט זיך איצט — דורך דעם פלוצליכען בריף אונ מיט זיין ריהרענדען אינהאלט — אין גאנצין צו מישט, איר ראזסוראק וועלכער עס האט זיך אויף איין האר גיהאלטין, האט זיך אפ גיריסען אונ איז פאר זונקען גיווארין אין אירע טיפע ליידין אונ בעטריבענעס!

רוחמה האט גיבראכט דיא מוטער, אונ מעז האט זיא אויפין בעט ארויף

גִילַייגְט, דִיא נוּטֶע פַּאשַׁיידֶענֶע פְרוֹיא הָאט דִי צָרוֹת פוּן אִיר קִינְד נִיט גִיקֶענְט אַרִיבֶּער טְרָאגִין, אוּנ דָא הָאט זִיא אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין אִיר עֶרְסְטֶע קְלָלָה אוֹיף יוֹסֵפִין דֶעם פַאר פִיהְרֶער פוּן אַלְץ:

נִיט שִׁילְט אִים מַאמִינְקֶע! הָאט רוּחָמְקֶע גֶעבֶּעטִין דֶער מוּטֶערְס הֶענְט קוּסֶענְדִיג? עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, וָואס זָאל עֶר גֶעבִּיךְ טְאן, אַז מֶען טְרַאכְט אוֹיס אוֹיף אִים אַלְס דָאס בֵּייז? אִיךְ גְלוֹיבּ אִיצְט אַז עֶר זִיצְט, אוּנ קֶען נִיט קוּמֶען זָאגִין אוּנְז, אוּנְז עֶרְקְלֶערִין, אַז מֶען הָאט אוֹיף אִים בִּלְבּוּלִים אַרוֹיף גִיוָוארְפִין!

שְׁוַוייג זָאג אִיךְ דִיר! הָאט דִיא מוּטֶער אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דוּא זָאלְסְט מִיר מֶער זַיין נָאמֶען נִיט דֶער מָאנֶען! אִיךְ וִויל מֶער פוּן אִים נִיט וִויסִין, אוּנ לָאז שׁוֹין זַיין אַסוֹף!

נַיין, נַיין! אִיךְ קֶען יוֹסֵפִין נִיט פַאר גֶעסִין, הָאט רוּחָמְקֶע גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהֵייט אִין דֶעם דִיא מוּטֶער אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען, וֶוען אֲפִילוּ רָאזֶע, אוּנ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶועלִין אִים פַאר גֶעסֶען, אִיךְ אַיינֶע וֶועל אַלְס זַיין נָאמֶען דֶער מָאנֶען, דֶער מָאנֶען זַיין נָאמֶען מִיט טְרַייהַייט אוּנ מִיט לַייד, יוֹסֵף! דוּא בִּיזְט עֶלֶענְד אָבֶּער נִיט אִין גַאנְצִין, עֶס לֶעבְּט נָאךְ אַיינֶע, וָואס אִיז דַיינֶע וִויא לַאנְג דוּא לֶעבְּסְט, אוּנ וָואס וֶועט קַיין אַנְדֶערֶענְס זַיין נָאךְ דַיין טוֹיט! אוּנ דִיא אַיינֶע, אִיז דַיין לִיבֶּע רוּחָמְקֶע!

רָאזֶע אִיז דֶעם טָאג אָפּ גִילֶעגֶען אִין בֶּעט, מֶען הָאט אַדָאקְטָאר גִיבְּרַאכְט, עֶר הָאט מֶעדִיצִין פַאר שְׁרִיבִּין אָן גִיזָאגְט פַאר שִׁידֶענֶע מִיטְלֶען — גִיהַייכִין רוּפִין נָאךְ אַדָאקְטָאר. אוּנ דֶער גְלַייכִין, רָאזֶע הָאט גִיהֶערְט וִויא דִיא מוּטֶער רֶעט עֶפִּיס שְׁטִילֶער הֵייט מִיט דֶעם דָאקְטָאר — אוּנ הָאט גִיזָאגְט פַאר זִיךְ: דָאקְטוֹרִים בְּרֵיינְגֶען זַייא מִיר, אָ גְוַואלְד, פַאר וָואס וִוילִין דִיא עֶלְטֶערִין מִיר טְרַייעֶר זַיין וִויא אִיךְ בִּין זִיךְ זֶעלְבְּסְט? וָואלְט דִיא מוּטֶער פִילִין מַיינֶע וואוּנְדִין וָואלְט זִיא מִיר בֶּעסֶער בְּרֵיינְגֶען אַ שׁוֹחֵט זָאל מִיךְ מִיט אַיין מָאל דֶער קוֹילֶען — בַּייא וֶועמֶען זָאל אִיךְ מַיין טוֹיט אוֹיס בֶּעטִין? מַיין מוּטֶער וִויל אִיךְ זָאל לֶעבִּין, גָאט הָאט מִיךְ פַאר גֶעסִין, משֶׁה שְׁנֵייאָרְקֶע, שֵׁיינְק מִיר דוּא דֶעם טוֹיט! הָאבּ דוּא רַחֲמָנוּת, דוּא הָאסְט דָאךְ אַ וֵוייךְ הַארְץ, אוּנ דוּא ווִילְסְט דָאךְ נִיט זֶעהֶען וִויא אִיךְ מוּטְשֶׁע זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט! בַּייא דִיא רַייד, הָאט זִיא זִיךְ אַהַאפּ גִיטָאן פַארִין קָאפּ אוּנ גִיבְּלִיבִּין זִיצִין שְׁטִיל וִויא אַשְׁטַיין! — דִיא מוּטֶער אִיז צוּ גִיקוּמֶען, אִיר גִיוָואלְט דֶער לַאנְגֶען דִיא רְפוּאָה:

מַאמִינְקֶע, דָאס אִיז סַם? הָאט רָאזֶע גִיפְרֶעגְט:

וָואס רֶעדְסְט דוּא, מַיין קִינְד? דָאס אִיז דִיר אַרְפוּאָה, דוּא זָאלְסְט גִיזוּנְד זַיין, גֶעם מַיין לֶעבִּין, גָאט וֶועט רַחֲמָנוּת הָאבִּין!

אוּנ מִיךְ צוּ נֶעמִין פוּן דֶער וֶועלְט! הָאט רָאזֶע פְּרִיבַּאוֶועט אוֹיף דִיא מוּטֶערְס רַייד, וָואס דַארְף אִיךְ דִי רְפוּאוֹת? אִיךְ בִּין גִיזוּנְד, צוּ וָואס וִוילְט אִיר מִיךְ נָאךְ גִיזִינְטֶער מַאכִין, אִיךְ זָאל אַייבִּיג לֶעבִּין אוּנ מוּצִין זִיךְ? ... אִיךְ נֶעם דִי רְפוּאָה נִיט, גִיבּ מִיר סַם, וֶועסְט דוּא מִיר טְרַייעֶר זַיין!

דיא מוטער האט צו ווייגען אנגעהייבן, זאנ איז ארויס פון ראזעס צימער.

פארשאמט זאל יענער ווערין, האט זיא גיזאגט אין איר צימר אריין קומענדיג — ווער עס האט דיך מיט דעם בריף פארשאמט! קיין גוטס זאל אזו יוסף ניט וויסן וויא דוא, וויא קיינער פון אונזער שטוב האבין אים קיין שלעכטעס גיטאן! א, גאט, פאר וואס קומט דאס מיר? ניט שוין זעה בין! איך. אזוא זינדיג פאר דיר? . . .

דיא מוטער איז בייא איר גיוועזן נאך אמאל גיוואר ווערין. אונ אז זיא האט דער זעהען, זיא ליגט שטיל אויפין בעט, האט זיא גימיינט זיא שלאפט. זיא האט אים ניט גיוואלט וועקען אונ איז ארויס צוריק.

ראזע האט זיך אויף גיהייבין, באלד וויא דיא מוטער איז ארויס, גינומען יוסעפקעס בריף גילייענט אים נאך אמאל אונ איז צו גינאנגען צו איר שרייב טיש גינומען אבלאט פאפיר אונ אן גיהייבען שרייבין:

„יוסף, אונגליקליכער ליבער יוסף!"

—א קוואל טרערן זיינען איר ארויס פון דיא אויגען, פארגאסען גיווארין די פאפיר, דיא גאנצע וועלט האט איר גידאכט טרינקט זיך אין א ים טרערין, איר תארץ האט זיך גיריסען אונ פאר קלעמט גיווארין פון שמערצין. — זיא האט זיך פון דעסט וועגין גיוואלט צו זאמען נעמען אונ שרייבין, דער קאפ אבער האט איר גימישט אונ אירע גידאנקען האבין זיך פאר לארין אין איר ווייטע הארץ, אונ האט מער ניט גיקענט שרייבין.

א, אט איז דיא רגע, פאר וועלכע איך האב גיציטערט. האט ראזע גיזאגט. איך בין שוין ניט בייםזינען, איך קען ניט דיינקען אונ שרייבין — ניט נעם דיין אויג ארונטער, גאט! אז דוא האסט מיין שכל פון מיר צו גינומען — אדער נעם מיך בעסער אין גאנצין צוא — אונ ניט לאז מיך פאר קויפין!

דאס ווארין, ראזעס לעצטע רייד, וועלכע זיא האט נאך געפילט וואס זיא האט גירעט, פון דאן אן זעהען מיר זיא פאר זונקען אין א מרה שחורה, אין שווערין פינסטערין טרויער!

---

## ז

### וויא איטליכער זאגט:

גוט נאך בעסר וויא איך האב זיך גיוואונצין, האט משה שנייאר גיזאגט, אז ער האט דער זעהען, וואסזיין בריף האט אן גימאכט. מען דארף נאר זעהען, דער בריף זאל ניט בלייבין בייא איר, אקשיא אויף איין מעשה, זיא קען נאך זיך ארום זעהען, אונ זיך באקלערין, אז דאס אלין האב איך איר אן גימאכט, מיר איז אפילו אוואונדער, וויא אזו איז איר גאר אויפין זינען ניט ארוף גיקומען, אז דאס איז אפאלשער? דאכט זיך זיא האט דאך מיר אליין גיזאגט, זיא ווייס אז יוסף האט גישריבען נאר דיא בריף זיינען אין מיינע הענט, אבער איך בין

אויך קְלֶינֶער וִויא פְּרִימֶער . אוּנ זִיא קֶען זִיךְ גָאר נִיט פְאָרשְׁטֶעלִין , וִויא אַזוֹ וָואלְט איך שְׁרַייבִּין אויף זִיךְ אַלַיין שְׁלֶעכְטֶעס ? זִיךְ אַלַיין שׁוּלְדִיג מַאכִין ? אָ , מֶען דַארְף שֵׂכֶל הָאבִּין צוּא קֶענֶען זַיין אַ אָבְּסַאנְשְׁטְשִׁיק ! מֶען דַארְף זִיךְ אַלַיין אויךְ נִיט שׁוֹינֶען וואו עֶס פַּאסְט , זִיךְ אַנִידֶער לֵייגֶען פַאר אַקְלַאטְקֶע , אוּנ זִיךְ לָאזִין טְרֶעטֶען , כְּדֵי יֶענֶער , פַאר וֶועמֶען מִיר הָאבִּין דִיא גְרוּבּ גִיגְרָאבִּין זָאל גִיכֶער קוּמֶען צוּא אִיר אוּנ בְּרֶעכֶען הַאלְז אוּנ לֶעבִּין ! אַדַאנְק נָאט ! אִיךְ בִּין שׁוֹין פוּן מַיין צִיל נִיט וַוייט ! אִיצְט דַארְף מֶען נָאר זֶעהֶען , דֶער שִׁדוּךְ זָאל וֶוערִין גִישְׁלָאסִין , דֶער חָתָן אִיז אַפְּרֶא אָדָם וִויא עֶס דַארְף צוּא זַיין , קֶען , אָן זַיין רַבִּין , דְרַייא וֶוערְטֶער נִיט אוּפְשְׁרַייבִּין , אָט וֶועט זַיין אַ סְחוֹרָה ! אִיךְ הָאבּ דֶעם שְׁוֶוער אַזוֹ וַוייט אַרַיין גִיטְרִיבֶּען , אַז עֶר הָאט שׁוֹין גָאר מוֹרָא וֶועגִין אַיין אַנְדֶער שִׁידוּךְ צוּ קְלֶערִין , דִיא צָרָה אִיז דָא , וָואס רָאזֶע אִיז קְרַאנְק . אָבֶּער גִישְׁקְשָׁה , מְיָאֵשׁ זַיין זִיךְ טָאר מֶען קַיין מָאל ! אִיךְ הָאבּ נִיט גִיזַאלֶעוֶועט אַזוֹ פִיל מִיה אוּנ גֶעלְט , וֶועל אִיךְ אִיצְט מִסְתָמָא נִיט פַארְלָאזֶען זִיךְ אויף גָאט , אוּנ אִיךְ וֶועל טְרַייבֶּען וַוייטֶער דִיא וִוינְט מִיל אוּנ דִיא מֶעל מוּז פַארְטִיג וֶוערִין בַּאלְד , אוּנ דַאן וֶועל אִיךְ הָאבִּין אַפִּירַאנְא אַגוּטֶע פַאר מַיין מִיה , אוּנ הָאף אַז דָאס וֶועט מִיר אַלְס אַיינְטְרָאגֶען :

מֶען דַארְף קְרִינֶען פוּן אוּנְזֶערֶע דָאקְטוֹרִים , וֶועלְכֶע עֶס זָאלִין דוּרְךְ אוֹיס צוּא אַיילֶען מֶען זָאל אִיר תְּנוּאָה מַאכֶען , אַז נִיט , אִיז זִיא אֵייבִּיג אַמְרָה שְׁחוֹרְהדִינֶע , אִיךְ הָאבּ מִיט אַיינֶעם בֶּעקָאנְטְשַׁאפְט , שְׁלֹמֹה דֶר דָאקְטָאר , אִיז בַּייא דֶעם שְׁוֶוער אַנַאנְצֶע זַאךְ , אוּנ בִּפְרַט אִיצְט , אַז דֶר זוּן זַיינֶער הָאט שׁוֹין הַתְּנוּאָה גִיהַאט , וֶועט עֶר אִים גִיוִויס נְלוֹיבִּין , אָבֶּר דָאס מוּז גִיטָאן וֶוערִן בַּאלְד , בַּאלְד ! אוּנ נוֹט אוּנ פַארְטִיג !

אַזוֹ הָאט דֶער פָאדְלֶער מֶענְטְשׁ גִיטְרַאכְט , אוּנ זִיךְ זֶעלְבְּסְט גִיגְרֵייסְט אִיבֶּער זַיין הַמְצָאָה אִין אַזַא פֶערְדָארְבֶּענֶעם הֶערְץ וִויא זַיינֶע , אִיז קַיין מָאל קַיין שְׁטְרַאל פוּן אֶמֶת דוּרְכְנֶעדְרוּנְגֶען , אִים אִיז גָאר נִיט אוּפְגֶעקוּמֶען אוֹיפִין זִינֶען , אַז אֶמֶת מוּז בְּלַייבִּין אֶמֶת , אוּנ מֶען מָאג אִים אַיין וִוִיקְלֶען אִין דִיא עֶרְנְסְטֶע אוּנְוְוִירְדִיגְסְטֶע לִיגֶען אוּנ בַּאטְרוּג , דֶער אֶמֶת אָבֶּער , אִיז וִויא דִיא זָאנֶע אִין הִימֶעל , אוּנ דִי לִיגֶען אִיז נִיט מֶער וִויא אַוָואלְקֶען וָואס פַאר שְׁטֶעלְט אִיר אויף נִיט אַלַאנְגֶע צַייט , זִיא בְּרֶעכְט זִיךְ דוּרְךְ אַוֶועג אֲפִילוּ פוּן אוּנְטֶער דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע וָואלֶקֶען , וֶועלְכֶע עֶס בַּאדֶעקֶען אִיר , דֶער חָסְרוֹן אִיז נָאר אַז נִיט אַלֶע מָאל אוּסְפֶּעיֶעט זִיא פוּן אִיר בַּאהֶעלְטֶענֶעם אַרוֹיס צוּא שַׁיינֶען , אוּנ זַייעֶר אָפְט רַיינִיגְט זִיךְ דֶער הִימֶעל עֶרְסְט דַאן אָפ אַז דִיא זָאנֶע הַאלְט שׁוֹין אַיין רֶגַע פַארִין אוּנְטֶער גֵיין ! -- אַזוֹ אִיז דֶער אֶמֶת אוֹיךְ , גָאר פַאר לָארִין אִיז עֶר אוּנ וֶועט קֵיינְמָאל נִיט וֶוערִין . אָבֶּער שְׁלֶעכְט , וָואס עֶר עֶרְקְלֶערְט זִיךְ נִיט אִין זַיין רֶעכְטֶע צַייט !

עֶס קֶען זַיין , אַז וֶוער עֶס אִיז וָואלְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרְן גִיזָאגְט , יִצו וָואס טוּסְט דוּא דָאס ? יוֹסֵף אִיז דָאךְ , וִויא דוּא וַוייסְט אַזוֹ רַיין אוּנ אוּנְשׁוּלְדִיג , אוּנ דַיינֶע לִינִין וֶועלִן גִיוִויס אַמָאל עֶנְטְלוֹיפִין דַארְפִין פַר זַיין אֶמֶת ! , וָואלְט דֶער אוּנְוִוירְדִיגֶער מֶענְטְשׁ אֶפְשַׁר חֲרָטָה גִיהַאט , אָדֶער צוּם וַוייניגְסְטֶען גֶעפוּנֶען בֶּעסֶערֶע אוּנ

שטארקערע

שְׁטַאַרְקֶערֶע עֵצוֹת , וִויא פוּן זִיךְ אַרוּנְטֶער צוּא רוּקֶען דֶעם גַאנְצֶען שׁוּלְד . אָדֶער עֶר ווָאלְט זִיךְ אַזוֹ שְׁטַארְק אַיין גִיווִיקֶעלְט אִין זַיינֶע בַּאַטְרוּג , אַז דָאס ווָאלְט זִיךְ עֶרְסְט אָפְּווִיקְלֶען קֶענֶען נָאךְ אַלַאנְגֶע צַייט אַרוּם , אַז עֶר , דֶער שְׁוַוארְצֶער ווֶעט שׁוֹין נִיט מֶער הָאבִּין ווָאס מוֹרָא צוּא הָאבִּין אָדֶער ווָאס אָן צוּ ווָערִין , אִים הָאט דָאס אָבֶּער קֵיינֶער נָאךְ גִיזָאגְט , בִּיכֶער הָאט עֶר קֵיינֶע גִילֶעזִין , ווֶעלְכֶע עֶס זָאלִין אִים הֶעם בַּייא שְׁפִּיל בַּאַווייזִין , אִין דִיא אַלֶע פָּאדְלֶע זַאכִין , ווָאס דֶער יוּנְגֶער פַאר דֶערְבֶּער הָאט שׁוֹין אָפּ גִיטָאן צַייט עֶר אִיז אַ אֵיידִים אִין דֶער שְׁטוּב , הָאט אִים אַלְס מַצְלִיחַ גִיוֶועןְ , אוּנ פַאר ווָאס הָאט עֶר גִיזָאלְט מוֹרָא הָאבִּין ? ווִיא ווַיינִיג עֶר הָאט בַּיישְׁפִּילִין גִיהַאט אַיין צוּ זֶעהֶען , אַז אֱמֶת בְּלַייבְּט אֱמֶת , אַזוֹ פִיל הָאט עֶר גִיהַאט פַאקְטֶען צוּא זֶעהֶען ווִיא פַאלְשְׁקֵייט מַאכְט גְלִיקְלִיךְ , עֶר הָאט פַאר זַיינֶע אוֹיגִין גִיזֶעהֶען לֵייבֶּע סָארְקִין , ווָאס עֶר אִיז גִיווִיס גִיוֶועןְ אַמֶערְדֶער אוּנ אַזוֹלִיק , ווָאס הָאט שׁוֹין אִין זַיין לֶעבִּין בְּלוּט פֶערְגָאסִין , ווָאס הָאט קֵיין עֵסֶק אִין דֶער ווֶעלְט מֶער נִיט , גְנֵיבָה רְצִיחָה , אָדֶער אַדְמַאן , אוּנ פוּן דֶעסְט ווֶעגִין לֶעבְּט עֶר ווִיא אַ פִירְסְט , גֵייט נִיט צוּא פוּס , נֶעמְט דְרָאנְסְקֶעס , אוּנ צָאלְט צוּ רוּבֶּעל פַאר אַשָׁעָה , פָּארְט שְׁפַּאצִירִין , לֶעבְּט גוּטֶע טֶעג , מִיט ווַיין אוּנ מִיט פַארְגֶענִיגִין ; ווִיא עֶס ווַייס אַגְבִיר אַזוֹ נִיט צוּא לֶעבִּין , בַּייא אִים אִין שְׁטוּב אִיז שְׁטֶענְדִיג שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן , הָאט קֵיין מוֹרָא פַאר קֵיינֶעם , טוּט זִיךְ ווָאס עֶר ווִיל , אוּנ קוּמְט עֶר צְווִישִׁין מֶענְטְשִׁין גִיט מֶען אִים כָּבוֹד מֶער ווִיא דֶעם פַיינְסְטֶען בַּעַל הַבַּיִת , ווַייל אַרוּבֶּעל אִיז בַּייא אִים אַהוּנְט , אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ פָארְט בְּרֵייטֶער פַאר אַלֶעמֶען , אִי ווָאס , בַּאלְד ווִיא עֶר גֵייט אַוֶועק שִׁילְט מֶען אִים , אוּנ אִיטְלִיכֶער בַּאַווייזְט ווִיא פַיינְט עֶר הָאט דֶעם מֶערְדֶער , ווָאס פָאלְזֶעוֶועט זִיךְ מִיט פְרֶעמְדֶע ווָאס אִיטְלִיכֶער רוּבֶּל אִיז מִיט דֶעם אַנְדֶערֶענְס בְּלוּט בַּאגָאסִין , אָבֶּער ווָאס הָאט דָאס גִיקֶענְט אוּנְזֶער שְׁוַוארְצִין יוּנְגֶען מַאן , בַּאַווייזִין אַז אַזוֹלִיק צוּא זַיין אִיז שְׁלֶעכְט ? הָאט עֶר דֶען אִין זַיין פָּאטֶערְס הוֹיז פוּן קִינְדְווַייז אָן אָדֶער דָא אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ צַייט עֶר אִיז אַאֵיידִים אִין פָארְשְׁטֶעטֶעל אוֹיף דֶעם שֶׁענְסְטֶען מֶענְטְשִׁין בֶּעסֶערֶעס גִיהֶערְט נָאךְ רֵיידִין אַז יֶענֶער גֵייט אַוֶועק ? הָאט עֶר אֲפִילוּ פוּן זֵייעֶר פָארְשְׁטֶעטֶעלְדִיגִין קְלוּגֶען אוּנ פְרוּמֶען רַב זֶעלְבְּסְט גִיט גִיהֶערְט נָאךְ רֵיידִינְדִיג אוֹיף דֶעם גָאוֹן דֶעם שְׁטָאדְטִיגֶען רַב אַז עֶר ווָאלְט פוּן זַיין שְׁחִיטָה נִיט עֶסִין , אוּנ נִיט פַאר זוּכֶען עֶפִּיס בַּייא אִים אוֹיפֶען טִישׁ , ווַייל עֶר עֶסְט גֶעווִיס נִיט גְעזַאלְצֶענֶע פְלֵיישׁ ? — אָדֶער צוּא הָאט דֶען משֶׁה שְׁנֵייאֶר נִיט גִיווָאוּסְט , אַז אַלֶע פוּן זַיין חֶבְרָה זַיינֶען צוּ פְרִידֶען אוּנ גְלִיקְלִיךְ , אוּנ אַז פַאר גֶעלְט קְרִיגְט מֶען אַלְץ , אוּנ ווָאס הָאט עֶר ווִירְקְלִיךְ גִיזָאלְט מוֹרָא הָאבִּין ?. פְרִימֶערִין הָאט עֶר פַאר זִיךְ גִיהַאט גִינוּג פוּן ווֶעמֶען פַאר זִיךְ אַגְלַייכִין צוּא נֶעמֶען , פוּן פִיל נִצְחוֹן אוּנ קִנְאָה הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין קֵיין רֶעכֶענוּנְג וְגֶענֶעבִּין , אוּנ ווָאס זָאל אִים אַרֶען ווָאס אַמָאל נָאךְ זַיין טוֹיט אָדֶער נָאךְ רָאזֶעס טוֹיט , ווֶעט זִיךְ עַל פִּי נֵס אָדֶער עַל דֶרֶךְ הַטֶבַע אַרוֹיס ווַייזֶען , אַז יוֹסֵף אִיז פוּן זַיין הַאנְט פֶערְאוּנְגְלִיקְט — אַבִּי הַיינְט ווֶעט עֶר זַיין נִצְחוֹן אוֹיס פִירִין , זִיךְ זֶעטִיגֶען מִיט נְקָמָה אָן רָאזֶען , ווָאס זִיא אִיז קְלִיגֶער פַאר

זיין

זַיין ווַייבּ , בֶּעגְרָאבֶּען יוֹסֶפִּין וְואס עֶר אִיז שֶׁענֶער אוּנ גִילִיבְּטֶער פַאר אִים — עֶר הָאט אוּיס גִיפִירְט , אוּנ מָאג זַיין פְרֵיילִיךְ !

עֶס זַיינֶען נִיט אַרִיבֶּער אַפָּאר וָואכִין , אוּנ אִין פְרִידְמַאנְס שְׁטוּבּ הָאט מֶען אָן גִיהוֹיבִּין צוּ צוּ פוּצֶען פַאר דֶעם בַּאלְד אָן קוּמֶענְדִיגֶען גַאסְט אוֹיף וָועלְכִין משֶׁה שְׁנֵייאָר הָאט גִיוַוארְט מִיט אוּנְגִידוּלְד אוּנ מִיט פְרֵייד , אוּנ וָואס גָאלְדֶע הָאט גִיוַוארְט מִיט צִיטֶערִין , ווִיא פִיל זִיא אִיז אִין בֵּעס גִיוֶועזֶען אוֹיף יוֹסֶפִּין אוּנ וִויא פִיל מֶען הָאט פַאר אִיר גִילוֹיבְּט אִיר רָאזֶעס נַייֶעם חָתָן , הָאט זִיא אָבֶּער דָאךְ נִיט גִיקֶענְט פַארְשְׁטֶעלִין זִיךְ אַזַא יוֹסֶפִּין ווִיא עֶר אִיז פְרִיעֶר גִיוֶועזֶען — אִין עֶרְגֶעץ אַאַנְדֶער מֶענְטְשִׁין , אוּנ דֶער פַאר אִיז אִיר דֶער טָאג פוּן דִיא תְּנָאִים גִיוֶועזֶען ווִיא אַשְׁרֶעקְלִיכֶער גַאסְט , וָועלְכֶער עֶס וָועט גִיווִיס פוּן אִיר אַרוֹיס רַייסִין אַלֶע הָאפְּנוּנְג צוּא קְרִיגֶען פַאר אִיר רָאזֶען אַזַא יוֹסֶפִּין , זִיא הָאט אִיר גִיפִיל נִיט אַרוֹיס גִיוַויזִין , אוּנ הָאץ זִיא הָאט סְטְרֵיינְג פַאר זָאגְט , אַז קֵיינֶער אִין שְׁטוּבּ זָאל יוֹסֶפְס נָאמֶען דֶער מָאנֶען , זִיאזַאלֵיין אָבֶּער פְלֶעגְט אִים דֶער מָאנֶען זַייעֶר אָפְט , פֶערְגִיסִין טְרֶערִין אִיבֶּר זַיין אוּנְגְלִיק ! — אַז עֶס פְלֶעגִין קוּמֶען פַיינֶע אוֹרְחִים , אוּנ אַז זַייא פְלֶעגִין עֶפֶּעס אָנְהוֹיבִּין צוּא רֵיידִין וֶועגִין תּוֹרָה אָדֶער חָכְמָה , פְלֶעגְט דִיא פְרוֹיא פִילֶען , אַז אִיר פֶעלְט עֶפִּיס , אִין שְׁטוּבּ אִיז נִיט גִיוֶועזֶען וֶוער עֶס זָאל זִיךְ אַרֵיינְמִישְׁן אִין זֵייעֶר גֶשְׁפְּרֶעךְ , אוּנ דַאן פְלֶעגְט זִיא נָאר אַבִּיטֶערִין שְׁוֶוערִין זִיפְץ טָאן , אוּנ אִיר הַארְץ הָאט גִישְׁרִיעֶן : יוֹסֵף , יוֹסֵף ! — אַז זִיא פְלֶעגְט דוּרְךְ אִיר פֶענְסְטֶער אָפְט זֶעהֶן פַארְבַּייא גֵייעֶנְדִיג יוּנְגֶע קִינְדֶר , צוּא חָתָן אוּנ כַּלָה , צוּא בְּרִידֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶער , פְלֶעגְט זִיא זִיךְ דֶער מָאנֶען אָן יוֹסֶפִּין , ווִיא גְלִיקְלִיךְ פְלֶעגְט זִיא זַיין , אַז זִיא פְלֶעגְט אִיר רָאזֶען אַזוֹ מִיט יוֹסֶפִּין זֶעהֶן שְׁפַּאצִירֶענְדִיג ! — אַז זִיא פְלֶעגְט זִיצִין אִין טִישׁ , אוּנ אַז רוּחָמָקֶע פְלֶעגְט זִיךְ פַארְנַאנְדֶר רֵיידִין וֶועגִין עֶפֶּעס , אוּנ וָואס אִיר אִיז יוֹסֵף פוּן זִינֶען נִיט אַרוֹיס אֵיין מִינוּט , אוּנ אַז נִיט וָועלֶענְדִיג פְלֶעגְט זִיא אִים דֶער מָאנֶען אוּנ וָועלֶן אַרוֹיס רֵיידִין : יוֹסֵ . . . אוּנ אִין מִיטִין זִיךְ דֶר מָאנֶען וָואס דִי מוּטֶער הָאט צוּ גִיזָאגְט , פְלֶעגְט גָאלְדֶע מוּזִין אָפְּטְרֶעטִין פוּן טִישׁ , אוּנ זִיךְ גוּט אוֹיסְוַויינֶען בַּיי אִיר אִין צִימֶר , נָאר פְרִידְמַאן אַלֵיין הָאט פֶערְגֶעסִין יוֹסֶפִּין , נָאר נִיט דֶער מָאנְט , אַז עֶס אִיז אַמָאל גִיוֶועזֶען אַ יוֹסֵף , אוּנ אִים וַואר דָאס נִיט צוּ פֶערְדֵיינְקֶען , עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אַ אַלְטְמָאדִישֶׁער ווִיא אַלֶע אִין שְׁטוּבּ , גִיהַאט וֵוייניגֶער גִיפִיל פַאר זַיין וַוייבּ , בַּייא אִים הָאט גְלַאט קֵיין צוּרָה גִיהַאט , נָאךְ גֶעבֶּען אַ קִינְד , אוּנ מֶען זָאל גָאר זָאגִין , אַז זִיא הָאט זִיךְ פֶערְלִיבְּט , וָואס אִיז פַאר אַפֶּערְלִיבִּין זִיךְ ? ּפְלֶעגְט עֶר צוּא זִיךְ אַלֵיין רֵיידִין , וָועלְכֶע מֵיידִיל הָאט פַיינְט אַאִינְגֶעל , אוּנ וָועלְכֶער אִינְגֶעל הָאט פַיינְט אַמֵיידִיל ? בַּיי אִידֶען קֶען גָאר — אוּנ טָאר גָאר — נִיט זַיין קֵיין „לִיבֶּען זִיךְ !“ אָט דָאס אִיז אַלֶץ , וָואס דִיא יוּנְגֶע הָאבִּין הָאלְט נָאךְ צוּ טַאנְצִין וְנָאךְ דִיא קְרִיסְטִין , דִיא פְרִיצְטֶעס הָאבִּין אָנְגִיהוֹיבְּן צוּא גֵיין מִיט זָאנְטִיקֶעס , דִיא אִידִישֶׁע טוּעֶן דָאס נָאךְ , דִיא קְרִיסְטִין הָאבִּין אָנְגִיהוֹיבִּין גֵיין שְׁפַּאצִירֶען , נְקֵבוֹת מִיט זְכָרִים , אִידֶען טוּעֶן דָאס אוֹיךְ נָאךְ , טָאמֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען בַּייא קְרִיסְטִין דֶער מִנְהָג פוּן פֶערְלִיבֶּען זִיךְ , דֶער חָתָן זָאל

א לײן

אַלײן נֶעמֶען דיא כַּלָה גָאר אָן שַׁדְכָנִים אוּנ אָן שֶׁעמֶען זִיךְ ,יָנָא דיר, דָאס פֶּעלְט אוּנְז שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵׁם אויךְ נִיט ! אוּנ מַיין אַײגִין קִינְד דַארְף נָאךְ צוּם שְׁלִימַזְל זַיין דִיא עֶרְסְטֶע װָאס זָאל בַּייא אוּנְז דִי מָאדֶע אַרוֹים בְּרֵיינְגֶען ׃ נָאךְ דָאס הָאט מִיר גִיפֶעלְט צוּא עֶלְטֶערֶע יָארִין ! בַּאלְד װָעלִין זַייא שׁוֹין אַרוֹים בְּרֵיינְגֶען דִי מָאדֶע, אַז בָּחוּרִים מִיט מֵיידְלִיךְ זָאלִין טַאנְצִין צוּא זַאמֶען אויף אַחֲתוּנָה, וִויא בַּייא דִיא קְרִיסְטִין, ונוּא רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, װֶעט עֶפֶּעס נוּטְם אַרוֹים דֶער פוּן ? . . . .

דֶער צוּ נָאךְ אִיז פְּרִידְמַאן גִיוֶועֶן נִיט אַזוֹ װַייט פוּן דֶעם פוּקְס, זַיין אֵיידֶעם, אוּנ הָאט זִיךְ פוּן אִים מֶער אָנְגִיהֶערְט אויף יוֹסֵפִין עֶרְצֵיילֶענְדִיג מַעֲשִׂים לֹא יֵעָשׂוּ, אוּנ אִיז טַאקֶע אויף אִים רֶעכְט אִין כַּעַס גִיוֶועֶן, פַאר װָאס עֶר הָאט גָאר פְרִיעֶר אִין אִים אַזוֹ אַמִיאוּסֶן טָעוּת גִיהַאט אוּנ אויף אִים. אִיבֶּער אִים אַזוֹ פִיל גֶעלְט פֶערְלָארְן, אוּנ דֶער תְּנָאִים אָבְּעֶנְט הָאט אִים אוֹיסְגִיוִויזֶען וִויא אַבֶּעפְרִידִיגוּנְג פוּן נָאט, פַאר דִיא צָרוֹת אוּנ פֶערְדְרוּס װָאס עֶר הָאט אוֹיסְגִילִיטִין אִין דֶר גַאנְצֶער צַייט װָאס מֶען הָאט רָאזִין אָנְגִיהוֹיבִּין שִׁידוּכִים צוּ רֵיידִין :

װָאס אָבֶּער הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט צוּ דָאס אַלְץ ? וִויא הָאט זִיא עֶרְוַוארְטֶעט דֶעם טָאג פוּן תְּנָאִים ? דָאס קֶענִין מִיר פֶערְשְׁטֵיין דֶער פוּן, וִויא זִיא הָאט אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִירֶע טֶעג פֶערְבְּרַאכְט זַייט זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף עֶרְהַאלְטִין, קַאלְט אוּנ גְלַייכְגִילְטִיג אִיז זִיא גִיוָוארִין צוּ אַלְץ, דִי טֶעדִיצִין אוּנ זָעלְבְּסְט דָאס עֶסִין פְלֶעגְט זִיא נֶעמֶן, אַז מֶען פְלֶעגְט אִיר דֶערְלַאנְגֶען — אַז נִיט — פְלֶעגְט זִיא מִיט אַײגֶענֶעם וִוילִין צוּ קַיין זַאךְ זִיךְ צוּ רִירִין, אַז מֶען פְלֶעגְט בַּיי אִיר עֶטְוָואס פְרֶעגִן — פְלֶעגְט זִיא עֶנְטְפֶערִן "נַיין" "יַא" וִויא נִיט זָעלְבְּסְט וִויסֶענְדִיג צוּ דָא פַּאסְט צוּא נִיט — זִיא פְלֶעגְט אָפְט נֶעמֶן אַבּוּךְ עֶפֶענֶען, אוּנ קוּקִין אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ אויף דִי בְּלֶעטֶר, נִיט אוֹיפְהֵייבֶּענְדִיג אַ אוֹיג אויף עֶטְלִיכֶע שְׁטוּנְד בִּיז מֶען פְלֶעגְט זִיא דָר פוּן אִיבֶּר גִיוַואלְד אָבְּרַייסִין — זִיא הָאט אִין דֶער צַייט זָעלְבְּסְט נִיט גִיוואוּסְט װָאס מִיט אִיר טוּט זִיךְ אוּנ וַואר אוּנְגְלִיקְלִיךְ מֶער וִויפִיל מֶען הָאט גִיקֶענְט פֶערְשְׁטֵיין אִיר אוּנְגְלִיק ! — אִיר פְלֶעגְט טְרֶעפִין מִינוּטֶען, אַז זִיא פְלֶעגְט זִיךְ וִויא פוּן אַשְׁוֶוערִין טְרוֹים אוֹיפְחַאפִּין — דַאן פְלֶעגְט זִיא זִיךְ אַרוּם קוּקִין װוּ זִיא הַאלְט אִין דֶער װָעלְט, אוּנ מִיט טְרֶערִין פְרֶעגִין :

רוּחָמָה, אִיךְ בִּין נָאךְ נִיט אַכַּלָה ? מֶען הָאט מִיךְ נָאךְ נִיט פֶערְקוֹיפְט ? אָ, רוּחָמִינְקֶע, נִיט לָאז מִיךְ פֶערְקוֹיפִין ! זִיא װָאלְט אֶפְשַׁר אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ זִיךְ צוּ קוּמֶען אוּנ צוּרִיק קֶערִין צוּא אִיר גִיזוּנְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אָבֶּער בַּאלְד וִויא זִיא פְלֶעגְט דֶער זֶעהֶן אִיר שְׁוַוארְצִין שְׁוָואנֶר, פְלֶעגִין זִיךְ אִירֶע וואוּנְדֶן נַיי אָבְּלֶעבִּין, אוּנ דֶער קָאפּ פְלֶעגְט אִיר אָנְהוֹיבִּין וַוייא טָאן — אָדֶער, אַז זִיא פְלֶעגְט דֶר זֶעהֶן דִיא פַאר שַׁדְכָנִים פְלֶעגְט זִיא זִיךְ דֶערְשְׁרֶעקִין אוּנ אַרַיינְפַאלִין אִין פֶערְצְוַוייפְלוּנְג אוּנ נִיט מֶער פִילִין אִיר בִּיטֶערְן שְׁטַאנְד — —

נָאלְדֶע הָאט מִיט אִיר קִינְד מִיט גִיפִילְט, אוּנ הָאט גִיוַויינְט שְׁטִילֶערְהַייט, זִיא אִיז אָבֶּער אַמוּטֶער אוּנ הָאט אִיר צָרָה בֶּעסֶער גִיקֶענְט פַאר דֶעם אַנְדֶערְן, זִיא הָאט זִיךְ מִיה גִינֶעבְּן, אַז לַייט זָאלְן נִיט וִויסִין אַז אִיר טָאכְטֶר אִיז פוּן זִינֶען אַרָאפּ־לַייט

לַייט הָאבִּין רָאזִין וִוירְקְלִיךְ נִיט עָרְקָענְט . דִי הויז מֶענְטְשִׁין זַיינֶען אִיר אַלֶע טְרַייא גִיוֶוען אונ מֶען הָאט פוּן שְׁטוּב דָאס מִינְדֶעסְטֶע נִיט ארויס גִיטְרָאגִין — אונ וָוען נִיט דֶער דָאקְטָאר וָואס הָאט גִישְׁרִיגֶן עֶר וָועט דִיא וָועלְט פוּל מַאכִין — אויב זַיי וֶועלִין אִיר אִין גִיכִין נִיט חֲתוּנָה מַאכִין — וָוארָעם עָר אִיז גִיוֶוען אוּנְטֶערְגִיקויפְט וִויא מִיר וַוייסִין . אונ וָוען נִיט דָעם שְׁדוּךְ מִיט דֶעם סְטַארִיסְטֶעס זָאהְן , וָואס זִיא הָאט מוֹרָא גִיהַאט , זִיא זָאל נִיט אָנְוָוערִין,וָואלְט גָאלְדָע, דֶעם שְׁדוּךְ אָבְּגֶעלֵייגְט— אונ וָואלְט גִיוַוארְט בִּיז זִיא וָועט גִיזוּנְט וָוערִן , זִיא וָואלְט זִיךְ גוּט דוּרְךְ רֵיידִין מִיט דֶעם חָתָן , זָעהֶן צוּ וָועט אִיר קִינְד פַאר אִים גְלִיקְלִיךְ זַיין , זִיא הָאט נָאךְ אֶפְשַׁר גָאר גִיהָאפְט אויף יוֹסֵפִין , אָבֶּער וָואס הָאט זִיא אַלֵיין גִיקָענְט טָאן גֶעגִין אִיר מַאן אונ אִיר גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע וָואס הָאבִּין גִישְׁרִיעֶן,אַז רָאזֶע אִיז דֶעם סְטַארָעסְטֶעס זוּנְס בֶּעסֶערְטֶע , אונ דָאס אִיז אַ גְלִיק שְׁדוּךְ . וִוידֶער הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער גֶעהָארִיוָועט אונ עָר הָאט פֶּערְדְרֵייט דֶעם קָאפּ , אונ גָאלְדֶע הָאט נִיט גִיוואוּסְט וואוּ עֶס הַאלְט — דִיא שַׁדְכָנִים הָאבִּין זַייעֶר זַאךְ אוֹיס גִיפִירְט וִויא דִיא בֶּרְיוֹת , מֶען הָאט דִיא נַדְן גֶעלְט אַיינְגִילֵייגְט פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים נָאךְ אֵיידֶער מֶען הָאט גִישְׁרִיבִּין דִיא תְּנָאִים , אונ גָאלְדֶע הָאט קֵיין צֵייט גִיהַאט זִיךְ צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען , אונ נָאךְ דֶעם זִיא הָאט זִיךְ גוּט אויס גִיוֵויינְט אִין אִיר צִימֶער , אוֹיסְגִינָאסִין אִיר פוּלֶעס הֶערְץ פַאר דִיא פִיר וָוענְט , וָואס הָאבִּין אִיר שׁוֹין אִין אַזוֹ אַלַאגֶע גִיזֶעהֶן נִיט אֵיין מָאל , אִיז זִיא אַרַיינְגִיקוּמֶען צוּא רָאזִין אִין צִימֶער , רָאזֶע אִיז גִיזֶעסִין אָנְגִישְׁפַּארְט דִיא קָאפּ אויף אִירֶע הֶענְט , אונ אָן וָוערְטֶער אוּנ אָן גִידַאנְקֶען גִיקוּקְט , אָן זִיךְ אויף אַמִינוּט אָפּ צוּקֶערִין , רוּחָמָה אִיז גִיזֶעסִין אוֹיפִין בֶּעט אונ גֶענֵייט :

וָואס זִיצְט דוּא דָא אַגַאנְצִין טָאג ? הָאט דִיא מוּטֶער גִיזָאגְט , אִין דֶעם זִיא רוּחָמֶען גִימֵיינְט אַרויס צוּא שִׁיקִין פוּן דַאנֶען אונ בְּלַייבִּין מִיט רָאזֶען אַלֵיין , אִין שְׁטוּב הָאט קֵיינֶער קֵיין הָענְט נִיט , דִיא מְחוּתָּנִים וָועלִין בַּאלְד קוּמֶען אונ דִיא שְׁטוּב אִיז נָאךְ נִיט אַזוֹ אוּפְגֶערַאמְט וִויא עֶס דַארְף זַיין , אונ זִיא הָאט זִיךְ דָא אַנִידֶער גִיזֶעצְט גָאר נֵייעֶן ! אִיצְט הָאט זִיךְ אִיר פֶּערְוָואלְט , וִויא גִיפֶעלְט אַייךְ אַזַא עֵסֶק ! גֵייא טוּא זִיךְ אָן אונ הֶעלְף דֶעם אַנְדֶערִין עֶפֶּעס אויךְ טָאן , דוּא וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ פֵיינְט דִיא בַּארִישְׁנֶעס !

אִיךְ וָועל זִיךְ נִיט אָן טָאן ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רוּחָמָה , אִיךְ וֶועל אויף תְּנָאִים נִיט זַיין , זָעהֶן וִויא מֶען מַאכְט מַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ !

וָואס אִיז דָאס פַאר אַוֶוערְטֶער , רוּחָמָה ? הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דִיא מוּטֶער עֶרְשְׁרָאקִין , וָואס בִּיזְט דוּא פַאר אַ דֶעה זָאגֶערִין ? דוּא בִּיזְט מְשׁוּגָע אָדֶער חֲסַר דֵעָה , אַז דוּא זָאגְסְט אַזֶעלְכֶע וָוערְטֶער אָט אִיצְט , אונ דָא פַאר רָאזֶען ? דִיא לֶעצְטֶע וָוערְטֶער הָאט דִי מוּטֶער גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהֵייט , אַז רָאזֶע הָאט זַייא נִיט גִיקֶענְט הֶערִין :

נִישְׁקְשָׁה דוּא קָאנְסְט זָאגִין הֶעכֶּער , אונ רֵיידִין וָואס דוּא ווילְסְט , רָאזֶע פַאר

פאר שטייט ניט אונ וויים ניט וואס דוא רעדסט , זאל אזו משה שנייאר דער טורין וויסען , וויא ראזע וויים וואס מיט איר צו טוט זיך :

ביא דעם נאמען „משה שנייאר“ האט ראזע געפינט אירע דונקעלע מעלאנכאלישע אויגין אקוק געטאן אויף דיא מוטער אונ אויף רוחמען , את אביטערער שוועדער זיפין האט זיך דורכגעריסען דורך איר פערוויסטעם הארץ :

זייא געזונד , ליבע שוועסטער ! האט רוחמה געזאגט , מיט טרערען אויף דיא אויגין , זייא געזונד . גאט זאל דיין עלענד צו זעהן , אונ דיר געבין וואס ער האט ביא דיר צו גינומען ! האסט דוא נאך עטוואס כח זיך אפ צו בארען , ניט לאז זיך פער קויפען , אונ אויב ניט , זאל דיר דאס גאט צוא זעהן ! . . . רוחמה האט איר אהייסען קוס ארופגידריקט אויף אירע ליפען אונ איז ארוים , ראזע האט איר גיוואלט ענטפערן מיט אזו אקוס , עס האט אבער ביא איר גיווערט ביז זיא האט זיך דאס צוא זאמען גינומען , אונ רוחמה וואר שוין אוועק , איר איז גאר דיא ליפין צוא זאמען גיפרעסט געבליבען וויא פאר פרעסט איר איז גיווען איר עלענדעם הערץ :

ראזע , מיין קינד ! האט דיא מוטער גיזאגט , זיך באהערשענד , טוא זיך אן , ליבע ראזע !

מוטער ! . . . האט ראזע גיזאגט מיט אשווערע שטימע :

ראזעלע , זעה מיין קינד , וואס קוקסט דוא מיך אזו אן ?

מוטער ! . . . מוטער ! האט ראזע ווידער גיענטפערט :

וואס איז דיר מיין לעבין ? ראזע וואס איז דיר ? האט דיא מוטער אוים גישריען אונ אנוים טרערין האבין זיך פון אירע אויגין ארוים גיריסען :

מאמינקע ! אך מאמינקע ! האט די ארעמע ראזע קוים הערבאר ארוים גיזיפצט אונ דיא מוטערס הענט באדעקט מיט הייסע קוסען , דיא טרייע מוטער וואר גירירט , אונ זהאט שוין דא מער ניט גיקענט איין שטיין , זיא האט גיוואלט לאזין לויפען אזו אונ ענטלויפין צוא זיך אין צימר , זיך ווידער אוים ווייגען , אבער ראזע האט זיך ארויף גיווארפין אויף איר האלז , אונ זיך אן איר אזו שטארק צוא גידריקט , וויא זיא וואלט ביא איר הילף גיזוכט פון אווילדען בערין , וואס יאגט איר , אונ גישריען א מוטער ! מוטער ! . . . גאלדע האט זיך קוים בעפרייט , אונ איז אריין צוא זיך אין צימער , זיך ארוף גיווארפין אויפין בעט , אונ גילעגין וויא אהאלב צוא מישטע :

משה שנייאר האט דאס בעמערקט — אונ האט אן גיהויבין צוא צו איילין דער פון זאל ניט אבגילייגט ווערין די תנאים אויף מארגין , אוועק גישיקט יודע דעם שמש נאך דעם רב , נאך גאסאן מיט זיינע איידימס אונ נאך דיא שענסטע לייט פון פארשטעטל , אצווייטין שמש האט ער גישיקט נאך דיא מחותנים , זייא בעטין קומען וואס פריער , אונ האט גיהייסין זאגין אתרוץ אז פרידמאן דארף נאך הייגט אוועק פארין —

---

## ח

## דִיא תְּנָאִים

פִיר אַ זֵיינֶער הָאט גִישְׁלָאגִין אוּנ עֶס הָאבִּין שׁוֹין אָן גִיהֵייבִּין צוּא קְלֵייבִּין זִיךְ גֶעסְט, אוּנ נָאלְדֶעס בֶּעטִין מֶען זָאל הֵיינְט דִיא תְּנָאִים נִיט מַאכִין הָאט שׁוֹין נִיט גִיהָאלְפִין , — דֶער זֵיינֶער הָאט גִישְׁלָאגִין פִינְף — אוּנ עֶס הָאבִּין זִיךְ אָן גִיהֵייבִּין צוּ וַוייזִין מְחוּתָּנִים — נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט אוּנ יוֹדֶע דֶער שַׁמָשׁ הָאט אַגִישְׁרַיי גִיטָאן :

סְקָאצֶעל קוּמְט אַמְחוּתֶּנֶתְטֶע ! בָּרוּךְ הַבָּא מְחוּתָּן ! בָּרוּךְ הַבָּא חָתָן ! — אִין שְׁטוּב אִיז אַרַיין אַדִיקֶע אָבְּגֶענֶעסֶענֶע אִידֶענֶע , נָאךְ אִיר אִיז גִיגַאנְגֶען דֶער חָתָן אַרָאפּ גִילָאזִין דֶעם נָאז אוּנ דִיא אוֹיגִין , אוּנ מֶען הָאט אוֹיף אִים גִיקֶענְט מֵיינֶען : עֶר הַאלְט זִיךְ אָן דֶער מוּטֶערְס פַּארְטוּךְ — משֶׁה שְׁנֵייאָר אִיז צוּא אִיהם אַנִידֶער גִיזֶעצְט אֵייבֶּענְאָן — אוּנ דִי מְחוּתֶּנֶתְטֶע הָאט אָן גִיהֵייבִּין זִיךְ צוּ בְּלָאזֶען , וָואס נָאלְדֶע אִיז אִיר נִיט אַרוֹיס אַנְטְקֶעגִין , דֶער חָתָן הָאט אָנְגִיהֵייבִּין וַוארְפִּין אוֹיגִין אַרוּם אוּנ אַרָאפּ אִין אַלֶע פִיר וִוינְקֶעלֶעךְ — עֶר הָאט גִיזוּכְט , נִכָּר , אִים הָאט עֶפֶּעס גִיפֶעלְט — שְׁלֹמֹה דֶער חַזָן מִיט משֶׁהלֶע דֶעם מְשׁוֹרְרָנֶעם , דִיא בֶּערִימְטֶע שַׁדְכָנִים הָאבִּין פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס דֶעם חָתָן פֶעלְט , אוּנ הָאבִּין אָנְגִיהֵייבִּין שְׁרַייעֶן : וָואס וַוייזְט זִיךְ דִיא כַּלָה נִיט ? וואוּ אִיז זִיא ?

דַאן עֶרְשְׁט , הָאט זִיךְ פְרֵידְמַאן אַרוּמְגֶעקוּקְט אַז זִיא פֶעלְט ? פְרֶיעֶר הָאט עֶר אַלֵיין נִיט בַּאמֶערְקְט וואוּ זִיא אִיז , עֶר הָאט בֶּעסֶער גָאר אוֹיף אִיר פַאר גֶעסִין , וִויא דֶער תְּנָאִים וָואלְט צוּ אִיר גָאר קֵיין שַׁייכוּת גִיהַאט :

נָאלְדֶע , גֵייא דוּא צוּא אִיר , זָאג אִיר לָאז זִיא אַרַיין קוּמֶען , עֶס אִיז בִּזְיוֹנוֹת פַאר דֶעם מְחוּתָּן אוּנ פַאר דֶעם חָתָן ! הָאט פְרֵידְמַאן גִיבֶּעטִין :

אִיךְ בִּין קְרַאנְק ! הָאט נָאלְדֶע גִיעֶנְטְפֶערְט , אִיךְ הָאבּ גִיבֶּעטִין מֶען זָאל אָפּ לֵייגִין דִיא תְּנָאִים אוֹיף מָארְגִין אָדֶער אִיבֶּער מָארְגִין , וָואס אִיז דָא גִיוֶועןְ דִיא הַיילֶענֶעס ? מֶען הָאט מִיר נִיט גִיפָאלְגְט , טוּא אִיצְט וִויא דוּא פַאר שְׁטֵייסְט , אִיךְ הָאבּ קֵיין כֹּחַ נִיט !

פְרֵידְמַאן אִיז אַרַיין גִילָאפִין צוּא רָאזֶען , זִיא אִיז גִילֶעגִין דִיא קָאפּ אִין קִיסִין אַיין גִיגְרָאבִּין אוּנ מִיט דִיא קְנִיא אוֹיף דֶער עֶרְד :

שְׁטֵייא אוֹיף, פְּרִינְצֶעסִין מֵיינֶע ! וָואס ? אֶפְשַׁר פַאר דִיר דִיא הִיטִיל אַרוּנְטֶער גֶעמֶען, הָאט פְרֵידְמַאן אַגִישְׁרַיי גִיטָאן פוּן כַּעַס, שְׁטֵייא אוֹיף , זָאג אִיךְ ! טוּא זִיךְ אָן אוּנ גֵייא זֶעה זִיךְ מִיט דַיין חָתָן , נוּא גִיכֶער, נוּא ! מַאךְ נִיט אָן קֵיין בִּזְיוֹנוֹת, דוּא הֶערְסְט וָואס מֶען רֶעט צוּ דִיר ?

רָאזֶע הָאט אִים נָאר שְׁטַארְק אָן גִיקוּקְט, אוּנ אִיז גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא גִילֵיימְט :

הֶעלְף אִיר זִיךְ אָנְטָאן ! הָאט עֶר אַגִישְׁרַייא גִיטָאן צוּא דֶער דִינְסְט מֵיידֶעל , וֶועלְכֶע עֶס אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען מִיט אַבְּרֶעט מֵייגְלִיךְ אַנִידֶער צוּא לֵייגִין דָא דִיא שַׁדְכָנִים זָאלִין נִיט צוּ הַאפִּין פַאר דֶער צַייט :

רִישְׁקֶע הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אִידֶע בֶּעסְטֶע קְלֵיידֶער אוּנ רָאזֶע הָאט זִיךְ אָן גִיטָאן;

גיטָאן, און אִיז אִין זַאל אַרַיין, וואוהִין דֶער פָּאטֶער הָאט אִיר מִיט כַּעס גִיטְרִיבִּין:

בָּרוּךְ הַבָּא! הָאט אַנְגִשְׁרַייא גִיטָאן שְׁלֹמֹה דֶער חַזָן, וָועלְכֶער עָס הָאט פוּן גְרוֹיס צְדָקוֹת, אָדֶער פוּן פִיל פְּרָאקְטִיקַייט נִיט אוּנְטֶער שַׁיידֶעט צְווִישִׁין לָשׁוֹן זָכָר אוּנ לָשׁוֹן נְקֵבָה, בָּרוּךְ הַבָּא! סְקָאצֶעל קוּמְט דִיא כַּלָה! הָאט נָאךְ גִישְׁרִיעָן יְהוּדָה דֶער שַׁמָשׁ, סְקָאצָל קוּמְט, אַמְחוּתָנְתָטֶע קְטָערְנָע גוּטָע! . . .

אִין אִירֶע שַׁיינֶע קְלַיידֶער הָאט רָאזֶע גִילוֹיכְטִין וְוִיא זִיבִּין זָאנֶען אִין הִימִיל, אִירֶע שְׁוַוארְצֶע גִיקְרוֹיזְטֶע לָאקֶען זַיינֶען גִיפַאלִין אוֹיף אִיר מְרַאמָאר וַוייסִין הַאלְז, אוֹיף וָועלְכִין זִיא הָאט אוֹיף אַשְׁוַוארְצִין סַאמֶעטְבֶּענְדֶעל גִיטְרָאגִין, אַ מֶעדַאלְיָאן וָואס יוֹסֵף הָאט אִיר גִישָׁאנְקֶען, פוּן אִיר שׁוֹינְהַייט, דֶער צוּא נָאךְ אִיר צוּא פִּישְׁטְעָן קוּק, הָאבִּין זִיךְ אַלֶע פַאר וואוּנְדֶערְט, אוֹיף אִירֶע בַּאקֶען הָאבִּין גִיבְּרֶענְט צְוַוייא פַייעֶר רוֹיטֶע רָאזֶען, דִיא אוֹיגִין הָאט זִיא גִיהַאלְטִין אַרָאפּ גִילָאזִין אוּנ אִין דִיא לִינְקֶע הַאנְט הָאט זִיא גִיהַאלְטִין אַפָּאכֶער, מִיט דִיא רֶעכְטֶע אָבֶּער הָאט זִיא פֶעסְט גִיהַאלְטִין דֶעם מֶעדַאלְיָאן, אִיר לֶעצְטֶע עֶרְאִינֶנֶערוּנְג אָן אִיר נָאךְ אִין הַארְצִין לֶעבִּידִיגֶען אוּנְפֶערְגִילִיבְּטִין יוֹסֵפִין

דֶער צוּא גִיקְלִיבֶּענֶער זָאל, דִיא אוֹיס גִיפּוּצְטֶע נֶעסְט, אוּנ דֶער שׁוֹם אוּנ טְלוּם, הָאט אִיר אַבִּיסִיל אוֹיף גִיוָועקְט. זִיא הָאט אָן גִיהוֹיבִּין זִיךְ אַרוֹם צוּקוּקֶען וואו זִיא אִיז? וָואס מִיט אִיר אִיז? זִיא הָאט גִיזוּכְט אָן וָועמֶען זִיךְ אָן צוּא הַאלְטֶען, אִיר מוּטֶער, אִיר שְׁוֶועסְטֶער רוּחָמֶען, קֵיינֶער פוּן זַיי אִיז אָבֶּער גִיוֶועזֶען! זִיא הָאט זִיךְ עֶלֶענְד אוּנ פַאר לָאזִין גִיפִילְט, אַלַיין צְווִישִׁין מֶענְטְשִׁין וָואס אַנְדֶערֶע הָאט זִיא הַאלְבּ דֶער קֶענְט, אוּנ אַנְדֶערֶע זַיינֶען אִיר גִיוֶועזֶען נָאר ווִילְד פְרֶעמְד, זִיא הָאט זִיךְ גִיוָואלְט אוּמְקֶערִין אוּנ גַיין צוּ אִיר מוּטֶער. אָבֶּער דָא אִיז צוּ גִיגַאנְגֶען מְשֻׁלָּע דֶער מְשׁוּגָנֶער אוּנ זִיא אִיבֶּער גִיוָואלְד צוּ גִיפִירְט צוּם מְחוּתָּן, אוּנ גִיזָאגְט:

נוּא וָואס זָאגְט אִיר, אוֹיף אוּנְזֶער סְחוֹרָה? אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ, אַז מַיין וַוייבּ וָואלְט בַּייא מִיר נֶעמֶען אַ נֶט וָואלְט אִיךְ אַייךְ דִיא גַאנְצֶע שַׁדְכָנוּת אַיין לָאזִין, אוּנ זִיא נֶעמֶען וְוִיא זִיא שְׁטֵייט אוּנ גֵייט:

הָאבּ דִיר אַשְׁוַוארְץ יָאר! הָאט אַנְגִשְׁרַייא גִיטָאן שְׁלֹמֹה דֶער חַזָן, שׁוֹין צַייט אַמָאל אוֹיף צוּא הָערִין דַיינֶע גְלַייךְ וָוערְטְלִיךְ, אַמֶענְטְשׁ הָאט שׁוֹין אִין זַיין לֶעבִּין גִיהַאט אַכְט וַוייבֶּער אוּנ וִויל נָאךְ אַנַיינְטֶע·

בְּהֵמָה, אַז אִיךְ נֶעם צוּ אִיטְלִיכֶער צוּ גָאבּ, הָאט גִיעֶנְטְפֶּערְט מְשֻׁלָּע, אַלֶע יָאר אַווַייבּ מִיט הוּנְדֶערְט רוּבִּיל. אוּנ וָואס וָוער אִיךְ דָא אָן?

אַלֶע הָאבִּין זִיךְ פַאנַאנְדֶער גִילַאכְט, נָאר דֶער חָתָן זַייעֶר אַ שְׁטֶעמִידִיגֶער בָּחוּר, אוּנ אִיז נָאךְ אִיצְט צוּ מִישְׁט גִיוָוארִין פוּן דֶר כַּלָהס שַׁיינְהַייט, הָאט גִישְׁווִיגִן און נִיט אַשְׁמַייכִיל גִיטָאן, רָאזֶע אִיז אוֹיךְ גִישְׁטַאנֶען וְוִיא אוֹיף גִיהַאקְטֶע וואוּגְדִין, זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא פִילִין וואו זִיא הַאלְט אִין דֶער וָועלְט, נָאר אִיר מוּטְה וַואר גִיבְּרָאכִין, אוּנ אִיר קָאפּ וַואר נָאךְ נִיט אַזוֹ שְׁטַארְק צוּ גִיפִינֶען אַ עֵצָה וָואס צוּ טָאן, אִיר הָאט זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ דֶער מָאנֶען אַז זִיא הָאט שׁוֹין אַמָאל אַזוֹ אַמְצָעֶנֶע גִיזֶעהֶן, זִיא הָאט דִי בֵּידֶע שַׁדְכָנִים עֶרְקֶענְט, אוּנ אִיז אִיצְט פַאר זַייא

אויך

אויך פערציטערס גיווארן, זיא האט אבער איצט ניט מער גיקענט זיך ארויס רייסען פון זייערע הענט, ניט גיקענט זייא אויס זידלען, פאר זייערע רייד וויא זיא פלעגט טאן אז זיא איז נאך ניט גיוועזן אין אזו אפּאלעזעניע, א, ביטער איר, איר גיוועזער וואר שוין צו בראכין! אירע הענט גיבונדען, אונ טרינקט זיך אין מיטען ים, אונ קיין ברעג אונ שיף, קיין לייכט טורעם אונ רעטענדע האנד האט זיא גיזעהן ארום זיך!—איך בין פארפאלן, פאר לארין! פאר לארין! האט גישריען איר פערשטארבענעם הערץ, אינסטינקטיוונא, דעם קול האט קיין מענשין אויער גיהערט נאר איין גאט אין הימל האט עס פערנומען, אבער עס דולדעט פיל מער פר דעם שוואכין מענטשן האט אויף איר קול מיט קיין טרייסטענדין אנטוואורט גיענטפערט:

וואס פאר אשעמידיגע פאר דאס איז! האט אגישרייא גיטאן גאסן גאר פון דר אלטר וועלט. אויף אייער ראזען, האב איך שטענדיג גיזאגט אז זיא גיהערט צו דער אלטע וועלט, אבער דער פאר, איז שוין אייער רוחמה צוא נייא, ווייסט איר, זיא קען א אנדערס מאל ענטפערין. אז מען האפט זיך ערכט אין אשעה ארום וואס זיא האט גימיינט, איך שעם זיך אויס צו זאגין, זיא האט מיר איצט גיענטפערט אונ אזו גוט, גאר ניט זיך מישב גיוועזן; איך האפ זיא אן אויפין נאניק אונ זאג איר מזל טוב, ענטפערט זיא מיר, אייך אפ צו געבין פאר דער טאכטער! . . . דיא שדים ווייסין, פון וואנען דאכט זיך פאר שטייט אזוא אשרוצה, אז מיך וואלט ניט ארען, חאצבע "פאר מיר אליין" אונ ניט פאר מיין טאכטער.

וואו איז זיא? האט גיפרעגט דער מחותן, פאר וואס קומט זיא ניט אהער צו, איז זיא ניט אליין א כלה, איז זיא דאך אכלהס אשוועסטע, אונ דאס איז שוין גלייך צוא דיא אנדערע האנט פון דער מלכה:

זיא איז עפעס ברוגז גיווארין אויף דיא מוטער, האט זיך אפ גירופין משה שנייאר, אונ וויל אויף תנאים ניט זיין, הערט עולם, חאץ בייא אייך קומט אויס אז דיא כלה אונ דער חתן זיינען פון דער אלטער וועלט, מיר אבער דארפין זיין פון דער נייער וועלט, אונ טאן וויא נאך דער מאדע, לאזין חתן כלה זיך אביסיל דורך ריידין, דא פארשטייט איר דאך איז ניט גוט פאר זייא. לאמיר זייא לאזין אליין, הכלל איך בין ניט לאנג אויך גיוועזן אחתן, אונ גידיינק נאך וויא מיר איז גיוועזן, נוא מחותנתטע, וואס זיצט איר? דאס גיהער צו ווייבערשען צד:

גיכער, לאז צו גיין אביסיל גיכער! האט פרידמאן גישריען, איך האב האלט אין דער הגדה מאריך צוא זיין, אבער וואו עס קומט צוא דיא הריין, צוא דיא ביטערנעס, מאך איך דאס כהרף עין! מען מוז דאך די מאדע נאכטאנצין, אז ניט איז מען דאך ניט יוצא! . . . (איז דאס פאר אונז בעסער וויא חריין)?

דער עולם האט זיך פאנאנדער גילאכט פון פרידמאנס משל, אונ דיא מחותנתטע אגראבע אבגעגעסענע אידינע, וויא אסטאריסטעם אווייב דארף זיין, האט גינומען דיא כלה פארן האנט אונ זיא אריין גיפירט אין דעם דערביידיגען צימער, זיא האט דעם שעמעדיגען חתן אויך אריין גיפירט, אונ אים אסוד גיזאגט

ער

עֶר זָאל זַיין אַמֶענְטְשׁ, נִיט רַיידִין נָאר קֵיין נַארִישְׁקַייטֶען, **אוּנ אַלֵיין אִיז זִיא אַרוֹיס** גֶיגַאנְגֶען אוּנ גִילָאזִין דִי קִינְדֶער אִין פָּאלְנֶע פְרַייהַייט:

אַלַאנְגֶע צַייט זַיינֶען זַייא אַזוֹ גִיזֶעסֶען, דֶעם חָתָן הָאט דָאס הַארְץ גִיטְרַייסֶעלְט אוּנ אִין מוֹיל הָאט אִים גִיוָוארְפִין אַצָאן אָן אַצָאן, עֶר הָאט גִיוַוארְט זִיא זָאל מִיט אִים עֶטְוָואס אָן הוֹיבִין צוּ רֵיידִין, אָבֶּער זִיא אִיז גִיזֶעסֶען אַזוֹ רוּהִיג אוּנ גִיקוּקְט אִין פֶענְסְטֶער וָועלְכֶער עֶס אִיז צוּם הוֹיף אַרוֹיס, וִויא דָא וָואלְט מִיט אִיר קֵיינֶער נִיט גִיוֶוען, רוּחָמְקֶע וָועלְכֶע עֶס אִיז אוּמְגֶעגַאנְגֶען אוֹיפִין הוֹיף הָאט זִיא דֶער זֶעהֶן, אוּנ אִיר טְרַייהַייט צוּא אִיר עֶלֶענְדֶער שְׁוֶועסְטֶער, הָאט אִיר אָן גִיהוֹיבִּין צוּא צִיהֶען צוּא אִיר, זִיא אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען אִין שְׁטוּבּ אוּנ גִיוָואלְט בַּאלְד אַרַיין אִין דֶעם צִימֶער וָואס רָאזֶע אִיז אִין אִים גִיזֶעסִין, דָא אִיז אָבֶּער גִישְׁטַאנֶען נַאסַאן בַּיין טִיר אוּנ הָאט זִיךְ גִיוָואלְט צוּ הֶערִין וָואס זַייא וֶועלִין רֵיידִין, וִויא רוּחָמְקֶע אִיז צוּ גִיגַאנְגֶען צוּם טִיר הָאט עֶר אַגִישְׁרַייא גִיטָאן

וָואס דַארְפְשְׁט דוּא דָא? אָפְשַׁר לֶעהְרְנֶען זִיךְ?

אַז אִיךְ וִויל זִיךְ אֲפִילוּ לֶערְנֶען, הָאט רוּחָמָה גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיז אוֹיךְ קֵיין עֲוָלָה נִיט, וָוארוּם אִיךְ וַוייס נָאךְ נִיט צוּ אִיךְ וֶועל זִיךְ נִיט אוֹיס לֶערְנֶען, אָבֶּער אַז אִיר ווִילְט זִיךְ נָאךְ לֶערְנֶען דָאס אִיז אַיין עֲוָלָה, אִיר גִידַיינְקְט שׁוֹין אַלֵיין נִיט דַאכְט זִיךְ. וִויא פִיל מָאל אִיר הָאט שׁוֹין דָאס גִילֶערְנְט, אוּנ אִיר הָאט אַלְץ מוֹרָא טְאמֶער וֶועט אִיר פַאר גֶעסִין אַז אִיר וֶועט דַארְפִין! דֶער וַוייל דַארְפְט אִיר דָאס נִיט, אִיךְ וֶועל גָאט בֶּעטִין פַאר אַייךְ אִיר זָאלְט נִיט גִיפְּרוּבְט וֶוערִין נָאךְ אַמָאל!...

אַךְ הוּלְטַייקֶע! הָאט נַאסַאן אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, הַאלְבּ אִין כַּעַס, וָוארוּם דֶער עוֹלָם הָאט אַ הֲנָאָה גִיהַאט פוּן דֶעם עֶנְטְפֶער — וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גִיטָאן? וָואס הָאסְט דוּא זִיךְ צוּא גִיזֶעצְט צוּ מִיר?

הַלְוַאי וָואלְט אִיר זָא קֵיין אַנְדֶערִין טָאן, וִויא אִיר הָאט מִיר נָאךְ נִיט גִיטָאן, אָבֶּער אַיין אַנְדֶערְס מָאל אִיז עֶרְגֶער דֶער לָאזִין טָאן, אַלְס דָאס טָאן זֶעלְבְּסְט! — אִיר ווַייסְט וָואס אִיךְ מַיין!—. רוּחָמָה אִיז בַּייא דִי רֵייד אַרוֹיס צוּרִיק אוֹיפִין גַאס —

עֶר אִיז אַוֶועק פוּן טִיר אוּנ צוּא צוּם טִישׁ, וואוּ משֶׁה שְׁנֵייאֶר, וִויא אַמוּשְׁלָם אַאֵיידִים, הָאט גִישְׁרִיבִּין דִיא תְּנָאִים מִצַד הַכַּלָּה, אוּנ אַהֲרֹן יוּדֶע גָאלְדֶעם פְּלֶעמֶענִיק הָאט גִישְׁרִיבִּין דִיא אַנְדֶערֶע תְּנָאִים מִצַד הֶחָתָן, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גִיהַאט פַאר זַיינֶע אַיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר, אוּנ הָאט דָא גִילֵייגְט לַייבּ אוּנ לֶעבִּין אַז דֶער שִׁידוּךְ זָאל זַיין אַשִׁידוּךְ, אוּנ אִיצְט אַז גָאט הָאט אִים גִיהָאלְפִין וֶוערִין אַמְחוּתָּן מִיט דֶעם סְטַארִיסְטֶע אִיז עֶר גִיוֶוען בְּשִׂמְחָה וְהֶדְוָה, פַר דֶער נַאהָאדְקָא:

רָאזֶע מִיט דֶעם חָתָן זַיינֶען וִויא דִיא שְׁטוּמֶע גִיזֶעסִין, קֵיינֶער הָאט אַוָוארְט אוֹיס גִירֶעט, רָאזֶע הָאט נִיט גִירֶעט, וַוייל זִיא אִיז גִיוֶוען גְלַייכְגִילְטִיג — אִיר הַארְץ אִיז טוֹיט גִיוֶוען אוּנ הָאט נִיט גִיפִילְט וָואס זִיא הָאט בֶּעדַארְפְט רֵיידִין, וָואלְט זִיא גִיוֶוען בַּייא אִיר גִיזוּנְטֶען זִינֶען, וָואלְט זִיא מִיט צְווַייא וֶוערְטֶער אִים גִיזָאגְט אוּנ אִים עֶרְקְלֶערְט, אַז זִיא אִיז פַאר אִים קֵיין פָּאר נִיט, זִיא וָואלְט אִים גֶעוִויס גַאנְץ

פריינדליך

פְבַיינְדְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט אַז זִיא גִיהֶער נִיט זִיךְ , וִויא זִיא הָאט זִיךְ שְׁטֶעהֶנְדִיג גִירֶעכִינְט , אוֹיבּ עֶס וֶועט נָאר הַאלְטִין אִין אַזוֹ קְרִיטִיצְנֶע מִינוּט אִיצְט אָבֶּער אַז אִיר צוּנְג אִיז וִויא צוּא גִישְׁמִיט גִיוֶוען אִין אִיר מוֹיל , אַז אִיר זִינֶען אִיז נִיט אוֹיף אַ אָרְט גִיוֶועזֶען , הָאט זִיא נָאר אִינְגֶערְלִיךְ זִיךְ בֶּעוֵויינְט , אִיר הַארְץ אִיז צוּא גַאנְגֶען פוּן טְרוֹיעֶר , אוּנ הָאט נִיט גִיקֶענְט רֵיידִין ! אִיר פָאלָאזֶענְיֶע אִיז גִיוֶועזֶען אִין דֶער צַייט , וִויא מֶען וָואלְט זִיא אִין אַלֵייבִּין גְרוּבּ אַרַיין גִיוָוארְפִין , וואוּ דִיא אַלְטֶע לֵייבִּין זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען , אוּנ דִיא יוּנְגֶע הָאבִּין נָאר גִיקוּקְט אוֹיף אִיר מִיט וִוילְדֶע אוֹיגִין פַאר וואוּנְדֶערְט אוּנ עֶרְשְׁרָאקֶען פוּן אִיר שֵׁיינֶעם וֶועזִין אוּנ עֶלֶענְדִין בְּלִיק , אוּנ וָואס מִיט צִיטֶערְן הָאט זִיא עֶרְוַוארְטֶעט דִי אַלְטֶע לֶעוִוין , וֶועלְכֶע עֶס וֶועלִין זִיא צוּא רַייסִין אָן רַחֲמָנוּת ! דֶער חָתָן , הָאט נִיט גִיוואוּסְט מִיט וָואס אָן צוּ הוֹיבִּין רֵיידִין , וִויא פִיל עֶר פְלֶעגְט אַמָאל אִיבֶּער דֶעם טְרַאכְטִין , אוּנ אָן גִיגְרֵייט וֶוערְטֶער וָואס צוּ רֵיידִין , וִויא פִיל זַיין חַבֵר וֶועלְכֶער עֶס הָאט שׁוֹין חֲתוּנָה גִיהַאט , הָאט אִים גִילֶערֶענְט , הָאט אַלְס נִיט גִיהָאלְפִין , עֶס הָאבִּין זִיךְ פְלוּצְלִיךְ בַּייא אִים אוֹיס גִישָׁאטֶען אַלֶע אָן גִיגְרֵייטֶע רֵייד , אוּנ גִיבְּלִיבִּין וִויא אַשְׁטוּמֶער , רוּחָמָה פַאר בַּייא גֵייעֶנְדִיג פַאר בַּייא רָאזֶעס פֶענְסְטֶער הָאט רָאזֶען גִיוואוּנְקֶען , אוּנ אַז רָאזֶע הָאט זִיךְ קוֹים עֶרְקְלֶערְט וָואס זִיא מֵיינְט , אוּנ גִיוָואלְט אַרוֹיס גֵיין הָאט דֶער חָתָן גִיזָאגְט : וַוארְט אַוַויילֶע ! וָואס הַיילְסְט דוּא ?

רָאזֶע הָאט אִים אָן גִיקוּקְט , וֶוער דָאס אִיז ? וֶוער רֶעט דָאס מִיט אִיר ? אוּנ גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין בַּיין טִיר :

דוּא וֶועסְט מִיר שְׁרַייבִּין אַוַדַאי אוֹיף טַייטְשׁ ? הָאט דֶער חָתָן גִיזָאגְט , אָבֶּער אִיךְ פַאר שְׁטֵייא בֶּעסֶר אוֹיף פְרַאנְצוֹיז , דַארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא בֶּעסֶער שְׁרַייבִּין דַיינֶע בְּרִיף צוּ מִיר אוֹיף פְרַאנְצוֹיז , אוּנ צוּם טַאטֶען אוֹיף רוּסִישׁ , עֶר קֶען רוּסִישׁ אוֹיס גִיצַייכֶענְט , עֶר הָאט שׁוֹין אַמָאל מִיט נַאצַאלְסְטְוָוא גִירֶעט , צוּ דֶער מַאמֶען זָאלְסְט דוּא שְׁרַייבִּין אוֹיף אִידִישׁ , אִיךְ קֶען דִי אִידִישׁ נִיט דַאכְטִין !

אִיךְ קֶען קֵיין פְרַאנְצוֹיז ! הָאט רָאזֶע גִיעֶנְטְפֶערְט , אִיךְ קֶען גָאר נִיט שְׁרַייבִּין , וֶוער זַייט אִיר , אוּנ וָואס ווִילְט אִיר ?

דוּא הָאסְט דָאךְ אַלֶערֶער דַאכְט זִיךְ , אִיךְ הָאבּ אַמָאל גִיהֶערְט אַגַאנְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן אִים , וואוּ אִיז עֶר אִיצְט ? נִשְׁקְשָׁה · דוּא וֶועסְט אִים זָאגִין , דוּא דַארְפְסְט שְׁרַייבִּין צוּם חָתָן וֶועט עֶר דִיר אוּפְשְׁרַייבִּין אַאוּפִיר , מַיין לֶערֶער אִיז אַ אַלְטֶער פְרַאנְצוֹיז , עֶר אִיז נָאךְ גִיבְּלִיבִּין אִין שְׁכוּלָה , פוּן דִי פְרַאנְצוֹיזֶען וָואס הָאבִּין אַמָאל מִלְחָמָה גִיהַאלְטִין מִיט אוּנְזֶער קֵיסָר , אָבֶּער נִישְׁקְשָׁה , פָאִינִיצְקֶע הָאט אִים מְכַבֵּד גִיוֶועזֶען אָרֶענְטְלִיךְ , עֶר הָאט דָא דִי קָאפּ גִיבְּרָאכִין דֶער פְרַאנְצוֹיז !

פוּן וַואנֶען ווַייסְט אִיר דָאס ? הָאט רָאזֶע גִיפְרֶעגְט :

דוּא מֵיינְסְט , אַז שְׁכוּלָה אִיז אַקְלֵיין שְׁטֶעטֶעל , אוּנ מֶען ווַייס גָאר נִיט ? הָאט יֶענְטְפֶערְט דֶער חָתָן מִיט אַשְׁמַייכִיל , בַּייא אוּנְז אִיז אוֹיךְ דָא נַאזֶעטֶען אוּנ מֶען ווַייס פוּן אַלְץ , ווִידֶער הָאבּ אִיךְ דָאס אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ גִיהֶערְט עֶרְצֵיילֶענְדִיג , אַי אִיז דָאס בַּייא אוּנְז אַבֵּית הַמֶדְרָשׁ , וואוּ ? אִין גַאנְץ מָאהִיבִיל אִיז נִיטָא אַזוֹא

אשוהל

אַשׁוּהְל אֲפִילוּ , אַז רַבִּי לֵייבּוּשֶׁעס רֶבִּיס הָאט בֶּעדַארְפְט זָאגִין , אִיז דֶער בֵּית הַמִדְרָשׁ גִיוֶועז אַזוֹ פוּל אָן גִיפַּאקְט מִיט מֶענְשִׁין , אַז מֶען הָאט מִיר דָארְטְן שִׁיר נִיט דֶער שְׁטִיקְט , אוּנ מֶען הָאט פוּן אִים אֵיין וָוארְט נִיט גִיהֶערְט :

רָאזֶע הָאט וִוידֶער גִיוָואלְט אַרוֹיס גֵיין , אָבֶּער עֶר הָאט זִיא אָבְּגִיהַאלְטִין אוּנ גִיפְרֶעגְט ? הֶער , וִויא רוּפְט מֶען דִיךְ ?

וָואס מַאכְט דָאס אַייךְ אוֹיס ? הָאט רָאזֶע גֶעפְרֶעגְט , אִיבֶּערִיגֶענְס , אִיךְ הֵייס רָאזֶע :

וִויא הֵייסְט ? וָואס מַאכְט דָאס מִיר אוֹיס ! אִיךְ דַארְף דָאךְ וִויסִין , וִויא צוּא שְׁרַייבִּין , אִיךְ הֵייס פַייבוּשׁ אָבֶּער אוֹיף גוֹיֶעשְׁקִי רוּפְט מֶען מִיר סִירָאזֶע , הֶער וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעטִין , דוּא זָאלְסְט מִיךְ זָאגִין "דוּא" נִיט "אִיר" !

רָאזֶע הָאט גִיוָואלְט אַרוֹיס נִיט עֶנְטְפֶערֶענְדִיג אַוָוארְט , אָבֶּער דֶער חָתָן הָאט אִיר נִיט גִילָאזִין גֵיין פְרִיעֶר פַאר אִים :

וַוארְט , נִישְׁקָשָׁה , דוּא בִּיזְט אֵיין אִשָׁה , אוּנ דֶער רֶבִּי הָאט מִיר גִיזָאגְט , בֶּעסֶר נָאךְ צוּ גֵיין נָאךְ אַלֵייבּ אֵיידֶער נָאךְ אַ אִשָׁה :

בַּייא דִיא וֶוערְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אַרוֹיס גִירִיסֶען פְרִיעֶר פַאר אִיר , רָאזֶע אִיז גִיבְּלִיבֶּען אִין צִימֶער , זִיא הָאט גִיוָואלְט וַויינֶען אָבֶּער זִיא הָאט נִיט גִיקֶענְט , בַּאלְד אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען דִיא מְחוּתֶּנֶתְטֶע אוּנ הָאט זִיא אָן גִיהוֹיבִּין צוּ קוּסֶען , אוּנ גִירוּפִין הֶערִין וִויא מֶען וֶועט פָאר לֵייעֶנֶען דִיא תְּנָאִים , עֶס הָאט נִיט פִיל גִיוֶוערְט , אוּנ אִין שְׁטוּבּ הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַ בְּרַאזְג פוּן שִׁיסְלֶען אוּנ גוּטֶע פַּארְצִילַייעֶנֶע טֶעלֶער , וָוארוּם דִיא מְחוּתֶּנֶתְטֶע הָאט גַאנְץ גוּט אוֹיס גֶעזִידֶעלְט יְהוּדָה דֶעם שַׁמָשׁ פַאר וָואס עֶר הָאט אַרַיין גִיטְרָאגִין אַנַייעֶס לֵיימֶענֶעם טָאפּ צוּא צוּ בְּרֶעכֶען :

נִישְׁקָשָׁה , דֶער מְחוּתָּן קֶען בָּרוּךְ הַשֵׁם בֶּעשְׁטֵיין . אַז מֶען וֶועט צוּא בְּרֶעכֶען אַפַּארְצִילַייעֶנֶעם סֶירְוִויז , הָאט זִיא אַגִישְׁרַייא גִיטָאן , עֶר הָאט חָלִילָה נִיט גִיטָאן אַשִׁידוּךְ מִיט אַבִּי וֶועמֶען , מֶען זָאל מַאכִין אַתְּנָאִים אַזוֹ וָואכֶענְדִיג ! גֵייא אִין קוּכְנֶע אוּנ נֶעם וָואס דִיר וֶועט זִיךְ פַּאפַּאדְזֶען :

יוּדֶע אִיז בַּאלְד אַרַיין אִין קוּכְנֶע אוּנ הָאט גִיחַאפְּט אַטוּץ אוֹיס גִיוַואשֶׁענֶע טֶעלֶער , אוּנ נָאךְ דֶעם אַז דִיא דִינְסְט מֵיידִיל הָאט אִים מִיט דִיא קָאצֶערֶע מְכַבֵּד גִיוֶועזְן עֶטְלִיכֶע מָאל , אִיז עֶר אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אַקוּרַאט צוּ דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער פוּן תְּנָאִים , הַכֹּל בָּרוּר . שָׁרִיר וְקַיָם — אוּנ הָאט אַבְּרַאזְג גִיטָאן דִיא גִיפֶּעס , אוּנ נָאךְ אִים אַזוֹ דִיא בֵּיידֶע שַׁדְכָנִים , וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין גִינַנְבֶת צְוַויי גַאנְצֶע שִׁיסְלֶען מִיט טֵייגְלִיךְ אוּנ מִיט אַנְדֶערֶע כִּבּוּדִים , אוּנ וָואס הָאבִּין זִיךְ אִיסְפְּרַאוֶועט אוֹיס צוּלֵיידִיגִין דִיא שִׁיסְלֶען אוּנ פוּל צוּא מַאכִין דִי קֶעסֶענֶעס , אוּנ דִי בּוֹיךְ , וִויא פִיל אִין זֵייא אִיז נָאר גִיקְרָאכִין , הָאבִּין אוֹיךְ בַּאלְד אַוָוארְף גִיטָאן דִיא שִׁיסְלֶען , אוּנ דֶער קְלוּנְג אוּנ בְּרַאזְג אִיז גִיוֶועזְן וִויא פוּן אַרָאד בִּיקְס . רָאזֶען הָאט זִיךְ אִיצְט דֶר מָאנְט אִין גַאנְצִין וֶוען זִיא הָאט דִיא סְצֶענֶע גִיזֶעהֶען , אָ עֶס וַואר אַ אֶמֶתֶער חָלוֹם ! הָאט זִיא גִיזָאגְט פַאר זִיךְ אוּנ אִיז בְּלַאס גִיוָוארִין וִויא שְׁנֵייא :

יוחטקע

רוּחָמְקֶע דָער הֶערֶענְדִיג דָעם קְלַאפּ אוּנ דָערְנָעהֶענְדִיג, אַז רָאזָע אִיז אִין אִיהר צִימֶער מֶער נִיטָא, אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אוּנ זִיא הָאט קוים גִיקָענְט צוּ קוּמֶן צוּא רָאזֶען וָועלְכֶע עֶס אִיז גִיוֶוען אַרוּמְגֶערִינְגִילְט פוּן וַוייבֶּער פוּן מַאנְסְלַייט, סְטֶערְנָע גִיטֶע הָאט דָער צֵיילְט אִירֶע מַעֲלוֹת, אוּנ נִיט אֵיין מָאל הָאט זִיא דָער מָאנְט אִיר קָרוֹב יוֹסֵפִין:

אַנַאקְט! וָואס בֶּעסֶערְט אִיז! וָוער וָואלְט, דַאכְט זִיךְ, גָאר גִיזָאגְט: רָאזָע וָועט נִיט זַיין יוֹסֵפְס כַּלָּה? זָעט אִיר דָאךְ, גָאט זִיצְט פוּן אוֹיבִין אוּנ אִיז מְזַוֵּג זִווּגִים אוּנְטִין, וָואס שְׁרַייבְּט אַייךְ יוֹסֵף? הָאט סְטֶערְנָע גִיטֶע מִיט אַכְּוָון אַפְרֶעג גִיטָאן:

רוּחָמָה הָאט דָאס דֶער הֶערְט, אִיז זִיא פֶערְצִיטֶערְט גִיוָוארִין, זִיא הָאט גִימֵיינְט אַז רָאזָע וָועט אִין אוּנְמַאכְטִין בְּלַייבִּין פוּן דִי פְרַאגֶע, רָאזֶעס הַארְץ אִיז אָבֶּער פֶערְצְוֵוייפֶעלְט גִיוֶוען, אוּנ אִיז בַּייא אַלְם גְלַייךְ גִילְטִיג גִיבְּלִיבִּין:

קוּם רָאזֶע, דִיא מַאמֶע רוּפְט דִיךְ, הָאט רוּחָמָה גִיזָאגְט, רָאזֶע הָאט זִיךְ גִיפִילְט פְרַייֶער אַז רוּחָמָה הָאט זִיא אָן גִינוּמֶען פַארִין הַאנְט אוּנ אַרַיין גִיפִירְט צוּא דָער מוּטֶער. — דָא אִין שְׁטוּבּ הָאט מֶען אָן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁוָועכִין, דִיא סַארְוָוער זַיינֶען גִיוֶוען טֶעוָועלֶע גַאסַאנְס מִיט יַאנְקֶל דָעם רָאשׁ זוּן, אוּנ הָאבִּין דֶער לַאנְגְט אַגְרִיכְט נָאךְ אַגְרִיכְט, דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אַיין גִישְׁוֶועכְט אוּנ אָן גִיהוֹיבִּין צוּא זִינְגֶען. — אָבֶּער וִויא אַנְדֶערְס אִיז גִיוֶוען בַּייא גָאלְדֶען אִין צִימֶער! דָארְטֶען אַז וָוער עֶס אִיז וָואלְט אַרַיין מִיט אַשְׁטַיינֶערְנֶעם הֶערְץ הָאט גִיקֶענְט אַרוֹיס פוּן דָעם טְרוֹיעֶרִיגְן צִימֶער וַוייךְ וִויא וַואקְס, רָאזֶע הָאט נָאר אִיר קָאפּ אַרוֹיף גִיוָוארְפִין אוֹיף דָער מוּטֶערְס הַארְץ, אַלַיין אִיז זִיא אוֹיף דִיא קְנִיא גִישְׁטַאנֶען פַאר אִיר בֶּעט אוּנ גִיהֶערְט וִויא דִיא מוּטֶערְס הֶערְץ הָאט גִיקְלַאפְּט, דָאס וַואר אִיר הֶערְצִין שְׁרַייעֶן: יוֹסֵף, יוֹסֵף, וָואס הָאסְטוּ אוּנְז אָן גִימַאכְט?!

רוּחָמָה אִיז אַרוֹיס פוּן קַאמֶר, זִיא הָאט דָאס נִיט גִיקֶענְט צוּ זֶעהֶען. אוּנ אַז זִיא הָאט דֶער זֶעהֶען דָעם גַאנְצִין עוֹלָם טְרִינְקֶענְדִיג אוּנ עֶסֶענְדִיג, הָאט זִיא צוּא זִיךְ גִיזָאגְט:

אָ יוֹסֵף! דוּא הָאסְט מִיר אַמָאל עֶרְצֵיילְט, אַז עֶס זַיינֶען עַד הַיּוֹם פַאר הַאנְדְרִין אַזָעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וָואס עֶסִין דָעם אַנְדֶערְנְס פְלַייש אוּנ טְרִינְקֶען זַיין בְּלוּט, וִויא דִי אַמָאלִיגֶע ווִילְדֶע מֶענְשִׁין פוּן אַמֶערִיקֶע, אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גִיגְלוֹיבְּט, אָדֶר נִיט פַארְשְׁטַאנֶן, אִיצְט גְלוֹיבּ אִיךְ, אוּנ פַארְשְׁטֵייא שׁוֹין וָואס דוּא הָאסְט גִימֵיינְט דָער מִיט, אָט זִיצִין אַ עוֹלָם שֵׁיינֶע אִידִין, אַלֶע צַדִּיקִים וָואס מֶען בֶּענְצְט זִיךְ מִיט זַייא אוּנ טְרִינְקֶן אוּנ עֶסִין זִיךְ אָן מִיט מַיין רָאזֶעס אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט, מִיט יוֹסֵפְס פְלַייש אוּנ בְּלוּט, וִויא זָעסְט דוּא דָאס גָאט, אוּנ שְׁוַוייגְסְט? אָ אִיךְ וָועל אוֹיף הֶערְן צוּ גְלוֹיבִּין אִין אִים!...

מִיטִין טָאג זַיינֶען דִיא נֶעסְט פַאנַאנְדֶער גִיגַאנְגֶען זִיךְ קוים אוֹיף דִיא פִּיס הַאלְטֶענְדִיג אַהַיים, אוּנ הָאבִּין אַלְץ אִיבֶּער גִירֶעט אַז זַיי זַיינֶען שׁוֹין לַאנְג לַאנְגִים גִיוֶועזֶן אוֹיף אַזוֹ אַתְּנָאִים!...

# א

## פון אסטראג

לאנגע אונ שווערע טעג האבין זיך גיצויגין איינער נאך דעם אנדערין, פאר אונזער ארעמען יוספין. וועלכער עס זיצט שוין איין יאר אין אסטראג, אונ האט זיך שוין האלב צו גיוואונט צו זיין ביטערע לאגע, צו דיא נעטין, פינסטערקייט אונ איינזאמקייט; אבר וועלכער עס האט זיך נאך ניט אויף איין האר צו גוואונט: „פארגעסן זיין ראזען" קען איך זיא פערגעסן? פלעגט ער זיך זאגין, קען איך מיין לעבין פערגעסן כל זמן מיין מארך לעבט נאך אין מיין קאפ? וויא לאנג עס שלאגט נאך א אדער הייסע בלוט אין מיר? א ראזע! ניט דיא ווענט פון מיין פעסטונג, אין וועלכין איך זיץ אזו לאנג, אונ ניט דיא שרעקליכע פינסטערנים וואס דא הערשט טאג וויא נאכט, קען מיר, דיין ליבעס טייערעס געזיכט פאר שטעלין! דוא ביזט מיין ליכט אויך דא, אונ איך זעה דיך פאר מיינע אויגין, פאר מיינע האלב בלינדע אויגין מיט דיין ליבליכין שמייכיל, מיט דיין עדעלעס לויכטענדעס אנטליטץ, אונ דוא אליין ביזט מיין ליכט אין דיא פינסטערע גרוב! ווען ניט דוא, ווען ניט דיינע ליבע זיסע רייד וועלכע עס קלינגען נאך אין מיינע אויערין, ראזע, וואלט איך שוין לאנג פריייא גילעגין אויף פעטערסבורגער בית עולם, אונ וואלט ניט דארפין מער הערין דעם קלאנג פון די קייטין פון דיא איינגעקייטע אריכטאנטען, וועלכע עס זיינען אין דעם אנדערין צימער, אז ניט דיא איין האפענונג: דיך אמאל נאך צו זעהן, אונ ווען ניט מיין געוויסהייט, אז דוא ביזט מיר נאך אזו טרייא וויא איך דיר, וואלט איך דיא ליידין ניט קענען אריבער טראגין, איצט זיין איך זיך נאר אויס צו איטליכען ביסען, אונ שלינג אים אראפ מיט האפענונג אויסגעלייזט צו ווערין, אונ צו קומען צו פליהען צו דיר! דיך גיפינען מיר נאך אזו טרייא וויא איך האב דיך גילאזין, דוא פערשטייסט, אז מען האט אויף מיר דאס אויסגיטראכט, איך האב מיט פאלשע געלט ניט גיהאנדעלט, א וויא פאדלע עס קענען מענטשין זיין, מיך אזו אונגליקליך מאכין פאר גאר נישט, פאר וואס דוא ליבסט מיך! . .

דיא רייד יוספס, אזו וויא אמיינע אנדערע רייד אזעלכע האט מען דער לאנגט דעם קלעדאוואטעל וועלכער עס האט זיך געמיהט מיט אלע מעגליכקייט ארויס צו ברייגען זיין אמת צום ליכט, ווארום אין דעם איינענעם טאג וואס יוסף איז גישטאנען פאר אים צום דאפראס, האט מען פעסט גינומען דעם סטראז פון רבי יצחקס קאנטאר, פערפעצאטעוועט זיינע אלע זאכין, אונ עס האט זיך עקאזעוועט אז יוספס חשד, וואס ער האט ארויף גיווארפין אויף דעם סטראז, איז ניט איין אויסגיטראכטער, ווארום מען האט גיפונען ביי אים פיל בריף פון יוספין צו ראזען, אונ פון ראזען אונ רוחמה צו אים, די בריף האט מען איבער זעצט דורך אסאבענע

פארוצעניע

פארוצֶענְיֶע , אונ זַייא הָאבְּין גִינוּג גִיגֶעבְּין צוּ פֶערְשְׁטֵיין אַז יוֹסֵף אִיז אַרַיין גִיפאלְן אוּנְשׁוּלְדִיג , דֶער צוּ אִיז נָאךְ גִיקוּמֶען רַבִּי יִצְחָק פוּן לַייפְּצִיג , וָואס עֶר אִיז דָארְטְן גִיוֶוען דִיא גַאנְצֶע צַייט פִיל פֶערְנוּמֶען אונ נִיט גִיקֶענְט קוּמֶען הֶלַאפֶּאצֶען וֶועגִין יוֹסֵפִּין , אונ הָאט גִטָאן אַלְס וָואס אִים אִיז מֶעגְלִיךְ גְוֶוען , עֶר הָאט נִיט גִיזַאלֶעוֶועט גֶעלְט אונ מִיה , נָאר אִים צוּ בֶּעפְרַייעֶן , דִיא גַאנְצֶע צַייט , וָואס עֶר אִיז אִין אוֹיסְלַאנְד גִיוֶוען הָאט עֶר פַאר יוֹסֵפִּין גָאר נִיט גִיקֶענְט , וַוייל זַיינֶע גִישֶׁעפְטִין זַיינֶען גִיוֶוען זֵייעֶר פֶערְוִוירְט , אִיצְט אַז עֶר אִיז גִיקוּמֶען , הָאט עֶר נִיט גִירוּהְט — זָעהֶן אִים הָאט עֶר נִיט גִיקֶענְט .

דֶער פְּרָאקוּרָאר , וָועלְכֶער עֶס הָאט גִילֵייעֶנְט יוֹסֵפְס בְּרִיף , אונ מִיט אִים גִירֶעדט לִיצְנָא הָאט מִיט אִים פִיל מִיטְלַייד גִיהַאט , אונ זִיךְ פָארְגִינוּמֶען דֶעם אֱמֶת אַרוֹיס צוּקְרִיגֶען , אונ הָאט יוֹסֵפִּין מִיט אַבְּיָן גִיזֶעצְט אַלֵיין אִין אַזוֹ אַצִימֶער וואוּ זַיין קוֹל וָועט זִיךְ הֶערִין , אונ דָארְטִין הָאט עֶר גִיזֶעצְט אַאִידִישֶׁען גֶעשְׁוָוארֶענֶעם שְׁרַייבֶּר , אונ מֶען הָאט אִיבֶּער גִינוּמֶען אַלֶע זַיינֶע רֵייד , דָאס אַלְס אִיז אָבֶּער נָאךְ נִיט גְוֶוען אַרִיכְטִיגֶע דַאקַאזַאטֶעלְסְטְוָוא וָואס דֶער מִיט זָאל מֶען אִים קֶענֶען בֶּעפְרַייעֶן , דֶער פַאר הָאט דֶער מִשְׁפָּט זִיךְ גִיצוֹיגִין נַיין חֳדָשִׁים לַאנְג , עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ גָאט דֶער בַּארִימְט אונ דֶער זוֹלִיק וָועלְכֶער עֶס הָאט מִיט יוֹסֵפִּין זַיין פַּאלְטָא פֶערְבִּיטִין , הָאט זִיךְ פַּאפַּאדְזָעט אִין אַסְטְרָאג , אונ אַז מֶען הָאט בַּייא אִים אַיין אָבְּאִיסְק גִימַאכְט אונ צוּ גִינוּמֶען זַיינֶע אַלֶע זַאכִין הָאט מֶען גִיפוּנֶען אִין אַקַאכְטִין דֶעם פַּאלְטָא מִיט יוֹסֵפְס צְווייא בְּרִיף , דָאס וַואר בַּאלְד צוּ גִישְׁטֶעלְט צוּם סְלֶעדָאוואַטִיל אונ דֶער הָאט בַּאלְד זִיךְ דֶער מָאנְט דֶעם אִינְהַאלְט וִויא יוֹסֵף הָאט גִיזָאגְט אוֹיף דֶעם דַאפְּרָאס דֶעם עֶרְסְטִין מָאל , דֶער פְּרָאקוּרָאר דָאס דֶער זָעהֶענְדִיג , הָאט אָנְגִינוּמֶן סְטְרָאגֶע מֶערֶעס , אונ הָאט גִינוּמֶען יוֹסֵפְס פַּאלְטָא אִין וָועלְכִין מֶען הָאט דִיא פַאלְשֶׁע גֶעלְט גִיפוּנֶען , אונ דֶעם פַּאלְטָא דֶער לַאנְגְט יוֹסֵפִּין עֶר זָאל דֶער קֶענֶען וָועלְכֶער אִיז זַיינֶער , יוֹסֵף הָאט מַסְכִּים זַיינֶעם בַּאלְד עֶרְקֶענְט , עֶר הָאט נָאךְ גִיזָאגְט , אַז אִין דִיא אַרְבֶּעל אִיז דָא אַזוֹ אַ אוּנְטֶער שְׁלַאק וִויא אִין דֶעם סוּרְדוּק וָועלְכִין עֶר הָאט אִין קַאנְטָאר גִילָאזְן , עֶס הָאט נִיט גִיזָערְט אונ מֶען הָאט דֶעם סוּרְדוּק פוּן קַאנְטָאר גִיבְּרַאכְט אונ עֶס הָאט זִיךְ אַקַאזֶעוֶועט רִיכְטִיג , אָבֶּער כָּל זְמַן אַז יֶענֶע הָאבִּין זִיךְ נִיט מוֹדֶה גִיוֶוען , הָאט מֶען אִים גִיהַאלְטִין אִין אַסְטְרָאג וִויא גִיוֶוען , אונ אַזוֹ אִיז עֶר פֶערְפִינְצְטֶערְט גִיוָוארִין בִּיז דֶעם טָאג וָואס מִיר זֶעהֶן אִים אִיצְט !

אִין אַיין שֵׁיינֶעם פְּרִיא מָארְגִין הָאט עֶר דֶער הֶערְט אַקְלַאנְג פוּן שְׁלִיסְלֶען , מֶען הָאט דִיא טִיר גִיעֶפִינְט אונ אִים גִיהֵייסִין גֵיין , נָאךְ אִים אִיז גִינַאנְגֶען אַקַאנְגֶעבַאי פוּן פִינְף סָאלְדַאטִין , עֶר אִיז שְׁוַואךְ גִיוֶוען , דִיא אַרִיסְטַאנְסְקֶע קְלֵיידֶער , הָאבִּין אִים נִיט גִילָאזְט גֵיין אַזוֹ גִיךְ , דֶער צוּ נָאךְ אִיז עֶר בִּמְעַט אִין צַייט אַיאָר גָאר אָפְּגִיוואוֹנְט גִיוָוארִין פוּן גֵיין , אונ הָאט נֶעבִּיךְ גִימוּזְט לַיידִין פוּן זַיין קַאנְגֶעבַאי וָועלְכֶע עֶס פְלֶעגִין אִים זֵייעֶר אָפְּט דֶער לַאנְגֶען מִיט דֶעם לִינְקֶען זַייט בִּיקְס אִין זַייט פַאר זַיין שְׁלֶעפִּין זִיךְ וִויא אַקְלֵיין קִינְד , יוֹסֵף הָאט צוּ גִישְׁוִויגֶען , וָוארוּם וָואס הָאט עֶר גִיזָאלְט טָאן ? עֶר הָאט נִיט גִיוואוּסְט וואוּ הִין מֶען פִירְט אִים , עֶנְדְלִיךְ

הָאט

הָאט מֶען אִים צוּ גִיפִירְט צוּ דֶעם נַייֶעם אַסְטְרָאג, אוּנ דָא הָאט מֶען אִים אַרַיין גֶעפִירְט אִין אַחֶדֶר וואוּ עֶס אִיז גִיוֶועסִין דֶער סְטָארָאז פוּן רַבִּי יִצְחָקְס קַאנְטָאר, אִין אַרֶעסְטַאנְסְקֶע קְלַיידֶער:

רַבִּי חַיִּים דַאכְט זִיךְ! הָאט יוֹסֵף אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, מִיט אַגֶעוַויין, וָואס הָאט אִיר מִיר אָנְגֶעמַאכְט? אִיר זַייט דָאךְ שׁוֹין אַעֶלְטֶערֶער אִיד, אִיר וֶועט דָאךְ דָאס פַאר גָאט דַארְפִין עֶנְטְפֶערִין! פַאר אִים וֶועט אִיר נִיט קֶענֶען לַייקֶענֶען! קוּקְט אוֹיף מִיר אוּנ זֶעהְט וִויא אִיךְ זֶעה אוֹיס, קוּקְט אוֹיף מַיינֶע אוֹיגֶען, אוֹיף מַיין גֶעזִיכְט, צוּ בִּין אִיךְ דֶען דֶער אֵייגֶענֶער יוֹסֵף, וָועלְכֶער עֶר אִיז צוּ אַייךְ אַזוֹ גוּט גִיוֶוען? אָ, הָאט גָאט אִין הַארְצֶען, הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף אַפָּאר יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין, וָואס הָאבִּין נָאר וָואס דִיא אוֹיגִין גִיעֶפִינְט גוּטְס צוּ זֶעהֶן, אוֹיף מַיינֶע אָרֶעמֶע עֶלְטֶערִן, וָואס זַייעֶר גַאנְצֶער פְּרַייסְט אוּנ לֶעבִּין בִּין אִיךְ זַייא! נִיט קוֹילֶעט מִיךְ, מַיין לֶעבִּין אִיז בַּייא מִיר אַזוֹ נִיט טַייעֶר, עֶס לֶעבִּין נָאךְ, מַיינֶע עֶלְטֶערִין, עֶס לֶעבְּט נָאךְ מַיין רָאזֶע אוּנ אִירֶע גוּטֶע עֶלְטֶערִין, וָועלְכֶע עֶס וַויינֶען אוּנ קְלָאגִין אִיבֶּער מִיר, קַיין צְוַייטֶער מֶענְטְשׁ אוֹיסֶער אַייךְ, רַבִּי חַיִּים הָאט אַזוֹ פִּיל זִיפְצֶען אוּנ וַויינֶען פוּן מִיר גִיהֶערְט, אִיבֶּער מַיין רָאזֶען! אִיר וֵוייסְט וִויא טַייעֶר מִיר אִיז יֶעדֶער בְּרִיף אִירֶער גִיוֶוען אוּנ אִיר הָאט מִיר נִיט אַוֶועק גִיגֶעבִּין, דֶער מָאנְט אַייךְ לִיבֶּער מֶענְטְשׁ, אִיר הָאט דָאךְ אוֹיךְ פוּן גָאט אַנְשָׁמָה, אוּנ אַמָאל דַארְפִין זִיךְ פַאר גָאט שְׁטֶעלִין, אָבֶּער מַיינֶע אוּנ מַיין רָאזֶעס אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט וָועלִין נִיט שְׁוַייגִין, נִיט מַאכְט מֶען זָאל מִיךְ פוּן דַאנֶען צוּרִיק בְּרַיינְגֶען אִין מַיין פִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ וואוּ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין צַייט אַיָאר גִיפִינְסְטֶערְט אוּנ אוֹיסְגֶעלִיטִין, אָ גָאט דוּא זַייא דָער עֵדוּת צְווִישִׁן אוּנְז, דוּא וֵוייסְט דָאךְ גִיוִויס!...

דֶער אַלְטֶער הָאט אָנְגִינוּמֶען יוֹסֵפִין פַארִין הַאנְט אוּנ גִיזָאגְט: — נִיט וַויינְט פַאר מִיר אוּנ נִיט בֶּעט מִיר, טַייעֶרֶער יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גִישִׁיקְט אַייךְ רוּפִין אוּנ פַאר אַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין זִיךְ בֶּעקֶענֶען אוֹיף מַיינֶע זִינְד, — "סוֹף גַנָּב לִתְלִיָּה", אַכְט אוּנ פוּפְצִיג יָאר הָאבּ אִיךְ אִין גְנֵבָה אוּנ רְצִיחָה אָבּ גִילֶעבְּט, אִיצְט הָאבּ אִיךְ זִיךְ שׁוֹין אוֹיפִין לֶעבִּין נִיט צוּ רִיכְטִין, וְוִיל אִיךְ הָאץ אַייךְ אֵיינֶעם בֶּעפְרַייעֶן — זָאלְט אִיר וִויסִין זַיין אִיר הָאט זְכוּת אָבוֹת, בַּייא אוּנְז אִיז דֶער פְּלַאן גִיוֶוען אַייךְ צוּ דֶער טְרִינְקֶען, אוֹיבּ אוּנְז וָואלְט זִיךְ נִיט אַיין גִיגֶעבִּין מִיט דִיא גֶעלְט וָואס מִיר הָאבִּין אַייךְ אוּנְטֶער גִיוָוארְפִין — דִיא גַאנְצֶע צַייט וָואס אִיךְ זִיץ, פְלֶעג אִיךְ אַייךְ אִיטְלִיכֶע נַאכְט אִין חָלוֹם זֶעהֶן, אַמָאל אַוַויינֶעדִיגֶען, אַמָאל אַטוֹיטִין, אוּנ אִיךְ שְׁטַייא אוֹיף אַקְרַאנְקֶער אִיטְלִיכֶען פְּרִיא מָארְגִין, אִיךְ בִּין זִיךְ אִיצְט אַלְץ מוֹדֶה — אִיךְ בֶּעט אַייךְ, זַייט מִיר מוֹחֵל אִיךְ הָאבּ גֶעגִין אַייךְ שְׁוֶוער גִיזִינְדִיגְט! בֶּעט גָאט פַאר מִיר, עֶר זָאל מִיר הָאץ נָאךְ מַיין טוֹיט מוֹחֵל זַיין!

אִיךְ בִּין אַייךְ מוֹחֵל פוּן גַאנְצִין הַארְצִין, אוּנ בִּין בָּטוּחַ, אוֹיבּ אִיר קֶערְט נָאר צוּרִיק מִיט אַגַאנְצִין הַארְצִין צוּ אִים וֶועט עֶר אַייךְ אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין!

דֶר סְטָארָאז הָאט אַקְלוּנְג גִיטָאן, אוּנ דָא זַיינֶען אַרַיין נַאצַאילְסְטְוָוא אוּנ דֶער אַרֶעסְטַאנְט הָאט עֶרְצֵיילְט אַז עֶר אִיז גִיוֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא חֶבְרָה לַייט, בַּייא

וועלכע

װעלכע ליב סארקין איז דר אנפירער, אונ האט מיט אבין גדינט אין אקאנטאר, כדי מען זאל אים ניט נאך קוקין װאס איז זיין עסק, ער האט אויך אן גיצייגט װיא פיל סטראזין ער װייס אין פעטערבורג פון דיא קארטין מענטשין, דער פראקוראר האט גינומען יוספין פארין האנט אונ אים גיהייסין ברייגגען צו זיך, ביז דיא פאפירן װעלן צו גישטעלט װערן אין פאלאטא, יוסף האט אים פריינדליך בעדאנקט, אונ איז מיט אדיזורנעם אפיצער אװעק צום פראקוראר, אויף מארגן פריא האט יוסף פאלוצעט אסװידעטעלסטװא, אז ער מאג װאוגן אין פעטערסבורג ביז װאנען ער װעט קריגין אפאס פון דער היים, אונ נאך דעם אז דר פראקוראר האט אים פערשפראכען אפ צו שיקין אלע בריף זיינע מיט דער קאפיע פון זיין גאנצער דיעלא, איז יוסף ארויס אליין אויפן גאס אן אסטאראז, ער איז צו מישט גיװארן פון פרייד, אונ האט באלד גינומען אדראנסקע אונ גיהייסן פארן צו רבי יצחקין, דיא גאנצע צייט אין אסטראג זיצען איז אים ניט אזו לאנג גיװען װיא דיא האלב שטונד פארין פון פראקוראר. ביזען קאנטאר, א! איך דאנק דיר גאט, פאר דיין חסד, דוא האסט מיר נאך אמאל גיװיזען דיין ליבע זאנע אונ איך בין װידער פרייא! װער פילט נאך אויף דער גאנצער װעלט דעם װארט: "פרייא" װיא איך! אגאנצין יאר אין אסטראג גיזעסן, אונ דא האבן דיא גאסן אין דער גאנצער צייט אזו גירוישט אונ גיקלונגען פון טויזענדער מענטשין, װערענד מיר האט גידוכט, אז דיא גאנצע װעלט איז אויס גישטארבן ארום מיין שטילען פינסטערן אסטראג. — עס איז גאר ניט נכר אין אװעלט, אז װער עס פעלט! אזו װעט אויך אשאטין ניט בלייבן, אז איך װעל אװעק שטארבין. אונזער לעבן איז ניט מער װיא א הויך איבער אשפיגעל, װעלכע עס גייט אריבער, אונ לאזט קיין סלאד נאך זיך! דיא גאסין אונ דיא שטעט װעלן דאן אויך אזו שומען אונ רוישין, אז איך װעל ליגין אונטער אבארג ערד, אונ צו פאלין צו ערד! א, איך װיל נאך לעבין! כל זמן מען לעבט האט מען אהאפענונג פרייא צו זיין, אונ װאס נאך דעם לעבין איז, בלייבט שטום . . . איך װיל לעבין צו ליב מיין ראזען! האט יוסף כמעט אויפין קול ארויס גירעט, אין דער מינוט האט זיך דיא דראנסקע אב גישטעלט אונ יוסף האט קוים גיקענט אריין אין קאנטאר פון פרייד, רבי יצחק װאר אין זיין צימער בעשעפטיגט, דער בוכהאלטער האט אים ניט ערקענט אונ גיפרעגט, װאס דארפט איר?

איך דארף אייך. העער שפירא, איך דארף דעם פרינציפאל זעלבסט, רבי יצחקין, האט יוסף גיזאגט קוים דיא טרערין איינהאלטענדיג:

װער זייט איר? האט דער בוכהאלטער גיפרעגט פערװאונדערט אויף יוספס פעװעגטער שטימע, אין דעם איז רבי יצחק אריין אין קאנטאר מיט אבלאט ציישונג אין האנט, יוסף האט אויף אים אקוק גיטאן, רבי יצחק האט אים אויך ניט ערקענט:

װאס גוטס? יונגער מענטש! האט רבי יצחק פריינדליך מיט אשמייכעל געפרעגט?

גאט אין הימעל! האט יוסף אגישרייא גיטאן מיט אגיוויין, בין איך שוין אזוי פאר ענדערט גיווארן, אז אפילו רבי יצחק ערקענט מיך אויך ניט? זיינען שוין מיינע אויגין אזוי פיל פערלאשין, אז איר קענט שוין אן זייא מיך ניט ערקענען וויא אמאל? א. רבי יצחק, איך בין דער אונשולדיגער ליידענדער, איך בין אייער אמאליגער יוסף!...

יוסף, אונגליקליכער יוסף! האט רבי יצחק אגישרייא גיטאן, טרערין זיינען אים ארויס פון דיא אויגן, אונ האט יוספין ארום גינומען מיט זיינע טרייע הענט, יוסף איז אים אונטער דיא הענט אין אונמאכטין גיבליבין, אונ אז ער האט זיך אויף גיכאפט האט ער זיך גיפונען אין בעט, לעבן אים איז גיזעסן רבי יצחק מיט אבעזארגטעס גיזיכט, אונ גיהאלטין אים פארין האנט.

וואס מאכסט דוא יוסף, האט רבי יצחק גיפרעגט, אז ער האט דער זעהן אז יוסף האט דיא אויגין גיעפינט.

רבי יצחק, דאס זייט איר? האט יוסף קוים ארויס גירעט.

ערקענסט דוא מיך ניט יוסף? וואס איז דיר? שיקין רופין איין דאקטער? איז דיר ניט גוט?

ניין, ניין, טייערער רבי יצחק! איך ערקען אייך, אונ בין גיזונד, איך האב נאר זיך אליין ניט גיגלויבט וואו איך בין, וויא פיל מאל פלעגט מיר טרעפין אז איך פלעג אזוי חלש בלייבין, אונ פאלין אויפן ברוק אויף דיא ציגיל, אונ אפ ליגין צו שעות לאנג, אונ ניט פילין צו איך לעב צו ניט, אופחאפענדיג פלעג איך אפין ארום זיך, אונ זיך ווידער בעגיסין מיט הייסע טרערין, אז איך פלעג אקוק טאן מיין קליינעם שמאלען פענסטעריל, וועלכער עס איז מיט גראטעס פערשטעלט, אז איך פלעג זיך ארום קוקין מיין פינצטערין וואונונג אין וועלכין עס האט קיין שטראל פון ליכט אונ קיין פונק פון האפענונג מיר אריין גילייכט, דאן פלעג איך דעם קאפ אן וואנט שלאגין, פרובין ברעכין דיא טיר אונ זוכין דעם טויט, איצט בין איך חלש גיבליבן אין אייערע הענט, טייערער מענטש, אונ זיך אויף גיכאפט אין אייער בעט, אין אייערע טרייע הענט, אונ איך זעה מער ניט דיא גראטעס, ניט דיא נאסע קאלטע ווענט, אונ ניט מיין פערשלאסענע טיר! א, לאזט מיך צום פענצטער, איך וויל זיך אנשלינגען פרישען לופט פאר אגאנץ יאר וואס מען האט אים פון מיר גירויבט! איך בין פרייא, איך מוז היינט אין אלע גאסין אומלויפין, איך בין פרייא! גאט, וויא גוט איז דיין פרייהייט! דוא האסט אלעמען פרייא בעשאפין, דוא האסט דיין פרייע לופט אלעמען גלייך גיגעבן, נאר מענטשן רויבין בייא אונז דיא פרייהייט, זעלבסט דיא פרייע לופט קען מען בייא אונז אוועק נעמען! איך בין פרייא! איך בין גליקליך! מען הוט מיך שוין מער ניט!...

רבי יצחק האט גיקענט יוספין אונ גיוואוסט וואס אין אים טוט זיך, איצט דער פאר האט ער אים גילאזט זיך אויס ריידין, זיך אויס וויינען, ווארום ער האט גיוואוסט אז דאס וועט אים בלייבין אין הארצין פערשטיקט קען אים מער

שַׁאטִין וִויא זַיין בֶּעוֶועגְטֶער כַיידְן , אוּנ אַז יוֹסֵף אִיז שׁוֹין עֶנְטְשְׁוִוינְגְען גִיוָוארִין הָאט עֶר צוּ אִים גִיזָאגְט :

נוּא מַיין זוּן אִיצְט מוּז דִיר שׁוֹין גוּט וָוערְן . אוּנ דוּא וָועסְט שׁוֹין פוּן הַיינְט אָן גְלִיקְלִיךְ זַיין ! יוֹסֵפִין אַז מֶען הָאט אַרוֹיס גִילָאזְן פוּן אַסְטְרָאג הָאט אִים פַּרְעֹה גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט , אוּנ עֶר הָאט דֶער נָאךְ גִישְׁפֵּייזְט דִיא גַאנְצֶע לַאנְד , דִיךְ הָאט גָאט אַרוֹיס גִיפִירְט פוּן דַיין גְרוּבּ , אוּנ עֶר אַלֵיין וֶועט דִיךְ גְלִיקְלִיךְ מַאכְן , אוּנ דוּא וֶועסְט זַיין אַטְרֵייסְט פַאר דַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנ פַאר אַלֶע דִיא וָואס הָאבְּן גִיוֵויינְט אִיבֶּער דִיר , דוּא וֶועסְט דַיינֶע לֵיידִין אִין נַחַת דֶער צֵיילִין , דוּא וֵוייסְט מַיין קִינְד וָואס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גִיזָאגְט : (בִּרְכַּת ה׳ הִיא תַעֲשִׁיר וְלֹא יוֹסִיף עֶצֶב עִמָּהּ) , אַז גָאטְס וֶועגְען מַאכְט רַייךְ אוּנ גְלִיקְלִיךְ אִיז מֶען שׁוֹין נִיט מֶער בֶּעזָארְגְט , עֶס זָאל חָלִילָה נִיט אַרוֹיס קוּמֶען אַטְרוֹיעֶר דֶער פוּן , פַּרְעֹה הָאט יוֹסֵפִין גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט , אִיז דֶער נָאךְ אַרוֹיס גִיקוּמֶען דֶער גָלוּת מִצְרַיִם , אִידִישֶׁע בְּלוּט הָאט זִיךְ דָארְטְן אִין דִיא גַאסְן גִיגָאסְן , אָבֶּער דִיךְ מַיין קִינְד , הָאט גָאט אַלֵיין פוּן דַיין גְרוּבּ אַרוֹיס גִיצוֹיגְן , נִיט אִיךְ , נִיט מַיינֶע גֶעלְט , אוּנ נִיט קַיין מֶענְטְשׁ אִיז דָא אִין שְׁטַאנְד גִיוֶוען דִיךְ עֶטְוָואס צוּ הֶעלְפְן , גָאט אַלֵיין הָאט דַיין עֶלֶענְד אוּנ אוּנְשׁוּלְד גִיזֶעהֶען אוּנ הָאט זִיךְ עֶרְבַּארֶעמְט אוֹיף דִיר , בֶּעוִויזֶען דַיין אֶמֶת , אוּנ דִיךְ פְרַייא גְמַאכְט , אַהָאפֶענוּנְג אַז עֶר וֶועט שׁוֹין פוּן דִיר זַיין הַאנְט נִיט אַרָאפּ נֶעמֶען , אוּנ דִיךְ פִירִין צוּ גוּטְס אוּנ גְלִיק בִּיז דַיין לֶעבִּין :

אַייעֶרֶע רַייד זַיינֶען בַּוּימִיל אוֹיף מַיינֶע ווּאוּנְדִין , אוּנ אִיךְ פִיל זִיךְ פוּן זַייא גִיהַיילְט ! נָאךְ אִין אַסְטְרָאג , אַז מַיין קָאפּ פְלֶעגְט נָאר טָאן אוּנ טְרַאכְטְן , פְלֶעג אִיךְ וֶועלְן גִיפִינֶען . נָאךְ וֶועמֶען עֶס אִיז צוּ מִיר גְלַייךְ , וָואס זָאל אַזוֹ פִיל לַיידִין אוּמְזִיסְט וִויא אִיךְ , דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶער מָאנְט אוּנ גִיפוּנֶען אַ אוּמְזִיסְטֶען לַיידֶענְדִין יוֹסֵפִין , אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַלְס פֶערְגְלַייכְט צוּ אִים , עֶר אִיז אוֹיךְ אַמָאל טַייעֶר גִיוֶוען , אוּנ דֶער גַאנְצֶער פִירֶער גִיוֶוען בַּייא זַיין בַּעַל הַבַּיִת , אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַזוֹ גִיוֶוען , אִים הָאט מֶען אַרַיין גִיוָוארְפְן אִיבֶּער זַיין אוּנְשׁוּלְד אִין אַגְרוּבּ , מִיךְ הָאט מֶען אוֹיךְ אַזוֹ גְטָאן , נָאר דֶעם אוּנְטֶערְשַׁייד הָאבּ אִיךְ אַלְס גִימוּזְט עֶרְקֶענֶען , עֶר הָאט אִין זַיין זִיצֶען זִיךְ גִיקֶענְט טְרַייסְטִין , עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט אַמָאל דֶר פַאר שְׁטְרָאפְט אִים גָאט , עֶר הָאט זַיינֶע בְּרִידֶער בַּארֶעט , אוּנ דָאס וַוייזְט אוּנְז דָאךְ אָן דִיא תּוֹרָה . וִויא גְרוֹיס דִיא זִינְד פוּן בַּארֵיידְן אִיז , אַז דוּרְךְ דֶעם בַּארֵיידְן הָאט יוֹסֵף אַזוֹ פִיל שְׁטְרָאף מְקַבֵּל גִיוֶוען אוּנ דוּרְךְ דֶעם אִיז דֶער גַאנְצֶער גָלוּת גִיוָוארְן , עֶר הָאט זִיךְ אַמָאל גִיקֶענְט זָאגְן : "אִיךְ בִּין עֶס וֶוערְט" ! "גָאט שְׁטְרָאפְט מִיךְ נִיט אוּמְזִיסְט" ! עֶר הָאט בַּייא זִיךְ מֶענְטְשֶׁען גִיזֶעהֶען , גִיהַאט מִיט וֶועמֶען אַוָוארְט אוֹיס צוּ רֵיידֶען , אוּנ אִיךְ ? אָ , וָואס הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶעזִינְדִיגְט ? וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ בֶּערֶעט ? וֶועמֶען שְׁלֶעכְטֶעס גִיטָאן אָדֶער אוֹיף וֶועמֶען שְׁלֶעכְטֶעס גִיטְרַאכְט ? אוּנ דָאךְ , בִּין אִיךְ גֶעזֶעסְן אוּנ גֶעלִיטֶען ! נִיט אֵיין מֶענְטְשְׁן אוּנ נִיט לֶעבֶּעדִיגֶעס וֶועזֶען הָאבּ אִיךְ אַרוּם מִיר גֶעהַאט , פוּן וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶעקָאנְט אַוָוארְט הֶערְן , אִיךְ בִּין פַאר מַיין לִיבֶּע גִיזֶעסְן , אוּנ וָואס אִיז דָא זִינְדְלִיךְ דַארִין ?

האט

הָאט דֶען גָאט נִיט מִיט לִיבֶּע דִיא וֶועלְט בֶּעשַׁאפְֿין ? גָאט אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, עֶר הָאט נָאר מֶענְטְשִׁין אוּנ שְׁלַאנְגֶען שְׁלֶעכְטֶע בֶּעשַׁאפִֿין וֶועלְכֶע עָס פֶֿערְגִיפְֿטֶען אוּנְז אוּנְזֶער לִיבֶּע אוּנ לֶעבֶּען . . .

אַזוֹ אִיז שׁוֹין דִיא וֶועלְטִיל אוּנְזֶערֶע ! הָאט רַבִּי יִצְחָק מִיט אַזִיפְֿץ גִיזָאגְט נִיט אֵיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶער אִיז דָארְטֶען מִיט דִיר אִין אַסְטְרָאג גֶעוֶעסֶען, וֶוער וַייס, וִויא פִֿיל נָאךְ אוּמְזִיסְטֶע טְרֶערִין עָס בֶּענְטְצִין דָארְטִין דֶעם צִיגֶעל בְּרִיק אוּנ דִיא פַֿאר פֿוּילְטֶע שְׁטְרוֹיא זֶעק, וֶועלְכֶע מֶען גִיט אַזֶעלְכֶע אַיידֶעלֶע קִינְדֶער וִויא דוּא דַארוֹיף אָפּ צוּ קוּמֶען זַייעֶרֶע זִינְד, וָואס מֶען הָאט אוֹיף זַייא אַרוֹיף גִיוָוארְפִֿן ? מֶענְטְשִׁין זַיינֶען קֵיין מַלְאָכִים, מֶען קֶען נִיט וִויסִן וֶוער עָס אִיז שׁוּלְדִיג, אוּנ וֶוער אוּנְשׁוּלְדִיג, מֶען הָאט דֶעם זַאקְאנִנִיט צוּ שְׁלֶעכְטְס גִיגֶעבְּן, דוּא דַארְפְֿסְט גָאט דַאנְקֶען : עֶר הָאט דִיר צוּ גִישִׁיקְט גוּטֶע רִיכְטֶער, עֶרְלִיכֶע לַייט, אוּנ זַייא הָאבִּין דֶעם אֱמֶת אַרוֹיס גִיפֿוּנֶען, שְׁטֶענְדִיג מוּז דֶער אֱמֶת אַרוֹיס, פַֿאר דֶעם אֱמֶת לַיידֶעט יֶעדֶער אִין זַיין לֶעבְּן, אֶפְשַׁר פִֿיל מֶער וִויא פִֿיל אַנְדֶערֶע לַיידֶען פַֿאר זַייעֶר שֶׁקֶר. אָבֶּער וָואס זָאל מֶען טְאן, אַז דֶער אֱמֶת אִיז שְׁטֶענְדִיג פְֿרֶעמְד אוּנ נִיט אַלֶע דֶער קֶענֶען אִים ? — פַֿאר דַיין טְרַייעֶ הַארְץ הָאסְט דוּא גֶעלִיטֶען, פַֿאר דַיין אוּנְשׁוּלְד, אִיךְ וַויין אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ פַֿאר וָואס דוּא הָאסְט גֶעלִיטֶען, דַאנְק אִיצְט גָאט, מַיין זוּן, אוּנ אִיךְ וַויין אִיצְט פֿוּן פְֿרֵייד אִיבֶּער דַיין בֶּעפְֿרַייאוּנְג — פַֿאר גָעם לִיבֶּער יוֹסֵף — פַֿאר גָעם אַלְץ, זַייא אַמֶענְטְשׁ, זוּכֶע קֵיין רַאכֶע — זַייא גְלִיקְלִיךְ דֶער מִיט וָואס דַיין אֱמֶת אִיז נִיט מֶער פְֿרֶעמְד !

לִיבֶּער רַבִּי יִצְחָק, אִיר הַייסְט מִיר פַֿאר גֶעסִן אִין־דֶער־מִינוּט וָואס מַיינֶעוּאַלֶע וואוּנְדֶען זַיינֶען נָאךְ אָפִּין, אִיךְ וֶועל גָאט בֶּעטֶען אִיךְ זָאל דָאס קֶענֶען פַֿאר גֶעסִן — וִויא וָואלְט אִיךְ דָאס גֶערְן טְאן, אַז דָאס גַאנְצֶע שְׁלֶעכְטְס וָואלְט זַיין דֶער מִיט פַֿאלֶענְדֶעס, אָ, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער אַשְׁרֶעקְלִיכֶען פָֿארְגֶעפִֿיל, אַז דֶער שׂוֹנֵא מַיינֶער הָאט נָאךְ זַיין בֵּייז נִיט גִיעֶנְדִיגְט, גָאט וַויים וָואס מִיר עֶרְוַוארְטֶעט נָאךְ פֿוּן מָאהִיבִיל ? וָואס הָאט אִיר גִיהֶערְט ? וָואס וַוייסְט אִיר לִיבֶּער רַבִּי יִצְחָק, פֿוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין אוּנ פֿוּן רָאזֶען ?

יוֹסֵף, אִיךְ פֶֿערְדַיינְק דִיר נִיט, אַז דוּא בִּיזְט אַזוֹ גֶעשְׁטִימְט, מֶען קֶען אִין אַיאָר זִיצֶען אִין אַסְטְרָאג אַזוֹ מֶעלַאנְכָאלִישׁ וֶוערִין אוּנ אָנְהוֹיבִּין צִיטֶערִין פַֿאר דִיא צוּקוּנְפְֿט, אָדֶער נִיט גְלוֹיבִּין אִין דִיא גֶענֶענְוָוארְט — אִיךְ וַויים פֿוּן רָאזֶען נִיט, אִיךְ בִּין דֶעם וִוינְטֶער אִין לַייפְּצִיג גִיוֶוען, דוּא וֶועסְט נָאךְ וִויסֶען וָואס אִיךְ הָאבּ דָארְט צוּ טְאן גִיהַאט — פֿוּן דַיינְטְוֶועגִין, הָאבִּין הִיא מַיינֶע מֶענְטְשִׁן גִיטָאן, וָואס נָאר זַייא הָאבִּין גִיקֶענְט. פֿוּן פְֿרִידְמַאנֶען הָאבּ אִיךְ נָאר אֵיין בְּרִיף גִיהַאט, עֶר בֶּעט מִיר, אִיךְ זָאל פֿוּן דַיינְט וֶועגִין טָאן, וָואס אִיךְ קֶען — דִיא אִיבֶּערִיגֶע בְּרִיף הָאט מֶען דָא אִין קַאנְטָאר עֶרְהַאלְטִין, עָס זַיינֶען אָנְגִיפַֿאלִין אוֹיף מִיר, פַֿאר וָואס שְׁוַוייג אִיךְ — דֶער בּוּכְהַאלְטֶער דַיין גוּטֶער פְֿרַיינְט הָאט פַֿאר רֶעכְט גִיפֿוּנֶען מִיר דִיא בְּרִיף נִיט אָבּ צוּ שִׁיקְן — אִיךְ בִּין שְׁרֶעקְלִיךְ פַֿאר בִּיטֶערְט גִיוֶוען אִין דֶער צַייט, בַּייא מִיר אִיז אַ אַיינִיקֶעל גִישְׁטָארְבִּין. — יוֹסֵף, עָס הָאט נָאךְ צַייט —

אִיךְ

אִיךְ וֶועל דִיר אַלְץ עֶרְקְלֶערִין ׳ זַייא נָאר זִיכֶער דַיין רָאזֶע אִיז גִיזוּנְט — פוּן דַיינֶע עֶלְטֶערְן דִיא בְּרִיף קֶען אִיךְ דִיר שׁוֹין אַוֶועק גֶעבִּן — זַייא זַיינֶען בַּייא מִיר, בַּייא דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ רָאזֶעס בְּרִיף אוֹיךְ, וֶועלְכֶע עֶר הָאט בַּייא דֶעם סְטָארָאז אָפּ גֶענוּמֶען —

יוֹסֵף הָאט דִיא עֶלְטֶערִינְס בְּרִיף דוּרְךְ גִילֵייעֶנְט, זַייא זַיינֶען אֵיינְגֶענְטְלִיךְ גִיוֶוען נָאר צוּ רַבִּי יִצְחָקִין, אוּנ יוֹסֵף הָאט זִיךְ עֶרְקְלֶערְט וָואס רַבִּי יִצְחָק הָאט פַאר אִים גִיטָאן —

אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט דַאנְקֶען ! עֶס אִיז נִיט דָא אוֹיף אַזוֹ פִיל גוּטְס, אַדַאנְק ! הָאט יוֹסֵף אַגִישְׁרַייא גִטָאן אִים דִי הַאנְד קוּסֶענְדִיג, נָאט הָאט מַיין עֶלֶענְד גִיזֶעהְן, עֶר פִילְט מַיין הֶערְץ אִיצְט אוֹיךְ, אוּנ וַייס וָואס אִיךְ בֶּעט פוּן אִים ! . . .

יוֹסֵף אִיךְ בֶּעט פוּן דִיר ־קֵיין דַאנְק ׳ הָאט אִים רַבִּי יִצְחָק אִיבֶּער גִישְׁלָאגֶען, אוֹיבּ דוּא בֶּעטְסְט עֶפֶּעס נָאט פַר מִיר, טָא בֶּעט אִים בֶּעסֶער : עֶר זָאל מִיר אָן דִיר נַחַת לָאזִין זֶעהְן, אוּנ דָאס וֶועט שׁוֹין זַיין דַיין גְרֶעסְטֶער דַאנְק, וָואס ־קֵיין בֶּעסֶערְן וִוינְץ אִיךְ זִיךְ ! קוּם פָאלְג מִיר, דוּא בִּיזְט גֶעוִוים הוּנְגֶערִיג דוּא הָאסְט נָאךְ אַוַדַאי הַיינְט נִיט גִיגֶעסִין, קוּם לָאמִיר עֶטְוָואס אִיבֶּער בַּייסִין, מִיךְ הוּנְגֶערְט אוֹיךְ :

אִיךְ וִויל נִיט עֶסִין, הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט, מִיר אִיז פוּל דָאס הַארְץ, אִיךְ קֶען אִיצְט נִיט עֶסִין, אִיךְ וָואלְט בֶּעסֶער אַרִיבֶּער פָארִן צוּ אַדָאקְטָאר, מִיךְ הָאט דָארְטִין דִיא סִירָאסְט אוֹיפְגִיגֶעסִין׳ אִיךְ פִיל אַוֵוייטָאג אִין הַארְצִין, נָאט וַייס, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט גִיבְּרַאכְט פוּן דֶעם פֶערְפְלוּכְטִין אָרְט .

יוֹסֵף הָאט זִיךְ נָאךְ דִיא רֵייד טְרוֹיעֶרִיג פֶערְטְרַאכְט, אוּנ נָאר אַשְׁוֶוערֶער זִיפְץ הָאט אוֹיפְגִיוֶועקְט רַבִּי יִצְחָקִין פוּן זַיינֶע שְׁוֶוערֶע גִידַאנְקֶען, עֶר הָאט אִין יוֹסֵפְס אוֹיגִין טְרֶערִין גִיזֶעהְן .

וָואס וֵויינְסְטוּ וִוידֶער ? הָאט רַבִּי יִצְחָק גִיפְרֶעגְט, נִיט זָארְג, דוּא וֶועסְט נָאךְ גִיזוּנְד זַיין, נִיט פַאל בַּייא זִיךְ אַרָאפּ, אִיךְ שִׁיק שׁוֹין נָאךְ אַדָאקְטֶער, עֶר וֶועט דִיךְ ׳ מִיט נָאטֶעס הִילְף, דַיין גִיזוּנְטֶעס הֶערְץ צוּרִיק קֶערִין, אוּנ דוּא וֶועסְט גִיזוּנְד זַיין וִויא גִיוֶוען !

יַא ! הָאט יוֹסֵף מִיט אַזִיפְץ גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ גְלוֹיבּ, אַז מֶען וֶועט מִיר מַיין גִיזוּנְד צוּרִיק קֶערִין, אָבֶּער דָאס וַייס אִיךְ גִיוִוים, אַז ־קֵיינֶער אִין דֶער וֶועלְט וֶועט מִיר שׁוֹין דֶעם יָאר לֵיידִין צוּרִיק ־קֶערִין, וֶוען מֶען רוֹיבְּט אַיָאר פוּן גַאנְצִין לֶעבִּין אִיז נָאךְ נִיט אַזוֹ פֶערְדְרִיסְלִיךְ, וִויא אַיין שֵׁיינֶעם טָאג פוּן דֶעם פְרִיהְלִינְג ׳ פַאר דֶעם, וָואס זֶעהְט נָאר אַיין פְרִיהְלִינְג אִין גַאנְצִין לֶעבִּין ! — וֶוער וֶועט מִיר דֶעם יָאר לִיבֶּע, דֶעם שֵׁיינֶען פְרִיהְלִינְגְס יָאר מִיט זַיינֶע לִיבֶּע בְּלוּמֶען אוּנ בְּלִיטְהֶען, וֶועלְכֶע אִיךְ וָואלְט אִין אִים גִיהַאט, צוּרִיק קֶערִין ? מֶען הָאט מִיךְ קְרַאנְק גִימַאכְט, אִיךְ בִּין זַייא דָאס מוֹחֵל, נָאר טָאמֶער הָאבִּין זַייא מַיין רָאזֶע . אָפּ גִירִיסֶען פַאר דֶער צַייט, אָ, דָאס קֶען אִיךְ נִיט מוֹחֵל זַיין !

נִיט זָארְג יוֹסֵף דַיין רָאזֶע אִיז דִיר נָאךְ טְרַייא וִויא גִיוֶוען, אוּנ נִיט מַאךְ זִיךְ קֵיין שְׁמֶערְצִין אִיבֶּער דֶעם פֶערְלָאפֶענֶעם יָאר ! דוּא דַאנְק נָאט, וָואס דוּא הָאסְט

אים

אִים אִיבֶּער גִילֶעבְּט , דָאס וָואס פַּאר פַּאלִין קָערְט מֶען שׁוֹין נִיט צוּרִיק , דִיא מֶערְדֶער וָועלְכֶע עָס הָאבִּין אוֹיף דִיר דֶעם אוּנְגְלִיק גִיבְּרַאכְט , הָאבִּין עָס גַאנְץ גוּט גִיוואוּסְט אַז וָוען עָס וֶועט קוּמֶען דֶער טָאג וָואס זַייא וָועלִין דִיר דַארְפִין בֶּעצָאלִין פַאר אַלְס וָואס זַייא הָאבִּין דִיר צוּ טָאן , וָועלִין זַייא דִיר פַאר דִיא גִירוּזִיבְּטָע צַייט פוּן דַיין גְלִיק אַייבִּיג שׁוּלְדִיג זַיין , וַוייל אַמֶענְטְשׁ קָען נָאר אַזָעלְכֶעס מִיט קֵיין רַייכְטְהוּם קוֹיפִין , זַייא אָבֶּער , הָאט דָאס נִיט גִיאַרְט , אוּנ נִיט דֶעם יָאר אַלֵיין הָאבִּין זַייא פוּן דִיר גִיוָואלְט רוּיבִּין , דַיין גַאנְצִין לֶעבִּין , וָוען נִיט גָאט . — עֶר אִיז אַמֶערְדֶער דֶער שְׁוַוארְצֶער סוּרִין , עֶר וָואלְט זִיךְ אִין דַיין בְּלוּט בָּאדִין , אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ דוּא דַארְפְּסְט מִיט אִים פַאר בְּרֵיינְגֶען דַיין גַאנְצִין לֶעבִּין אִין אֵיינֶעם , דַאן וַויינְט מִיר דָאס הֶערְץ אוֹיף דִיר ! אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ : אַזוֹ אַשֵׁיינֶע רָאזֶע הָאט גָאט בֶּעשַׁאפִין צְווִישֶׁן אַזָעלְכֶע ווִילְדֶע שֶׁעדְלִיכֶע דֶערְנֶער . דַאן צִיטֶער אִיךְ פַאר אִיר , אִיךְ צִיטֶער פַאר דִיר אוֹיךְ מַיין לִיבּ קִינְד , אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד דֶעם דָארִין , דֶעם שְׁוַוארְצִין שְׁלַאנְג פוּן דַיין גָארְטִין אַרוֹיס טְרַייבִּין , אוּנ וָואלְט אִיךְ דִיךְ קֶענֶען אַנְדֶערְס גְלִיקְלִיךְ מַאכִין יוֹסֵף , מַיין לֶעבִּין וָואלְט אִיךְ דֶער פַאר לֵייגִין . דַיינֶע צָרוֹת הָאבִּין דִיךְ נָאךְ נֶעהֶענְטֶער צוּ גֶעדְרִיקְט צוּ מַיין הֶערְצִין , אִיךְ וָואלְט דִיר פַאר קֵיין פַאל לָאזִין פָארִין צוּרִיק אִין מָאהִיבִיל זֶעהֶן זִיךְ מִיט דַיין גִיפְטִיגֶען בֶּעזְסָאוֶעסְטְנֶעם שׂוֹנֵא אוּיג אִין אוּיג ! גָאט וַוייס , וָואס אַזָעלְכֶער קֶען נָאךְ דִיר אָפּ טָאן ? דוּא בִּיזְט אִין גִיפַאר מִיט אִים יֶעדֶע מִינוּט , הִיט זִיךְ פַאר אִים ! הִיט דַיין לֶעבִּן , עֶר אִיז בַּייא פִילֶען טַייעֶר ! . . . רַבִּי יִצְחָק , הָאט אָנְגִיהוֹיבִּן צוּ קְלַאפִּן מִיט דֶעם פוּיסְט אוֹיפִן טִישׁ אוּנ גִישְׁרִיעֶן :

גִיבּ מִיר אִים גָאט , אִין הַאנְד , אִיךְ וֶועל אִים בֶּעוַוייזִין וָואס הַייסְט בְּלוּט וָועלִין פֶערְגִיסְן , עֶר אִיז אָבֶּר וִויא אַשְׁלַאנְג , גִיט אַבִּים אוּנ אַנְטְלוֹיפְט , אוּנ קֵיינֶר קֶען אִים חַאפִּן , צוּם אוּנְגְלִיק הָאט קֵיינֶער אוֹיף אִים וָואס צוּ וַוייזִן ! אִיךְ זָארְג פַר דִיר יוֹסֵף !

נִיט זָארְגְט טַייעֶרֶער פְרַיינְד , עֶר אִיז גָאר נִיט אַזוֹ שְׁלֶעכְט , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ אִים , אִים בֶּעוַוייזִין אַז אִיךְ בִּין אִים אוֹיף אַלְס מוֹחֵל , אוּנ וִויל פֶערְגֶעסְן אַלְס וָואס עֶר הָאט גִיטָאן , אִיךְ וֶועל אִים אַלְס לָאזִין אוּנ צוּ זַיינֶע זִיךְ נִיט צוּ צוּ רִירֶען צוּ אַהָאר , עֶר אִיז מִיר אַשׂוֹנֵא מֶער נִיסְט וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא אִיךְ זָאל בַּייא אִים נִיט עֶפֶּעס אָפְּנֶעמֶען , אָבֶּער אַז אִיךְ וֶועל מִיר נֶעמֶען מַיין רָאזֶען , אוּנ זַיין גְלִיקְלִיךְ מִיט אִיר . וואוּ גָאט וֶועט אוּנְז פִירֶען , וָואס וֶועט עֶר הָאבִּין צוּ מִיר ? נֵיין , אַמֶענְטְשׁ קֶען שׁוֹין גָאר אַזוֹ שְׁלֶעכְט נִיט זַיין ! . . . יוֹסֵף הָאט דָאס גִיזָאגְט מִיט אַגֶעווִיסְהַייט , וַוייל אִין זַיין אַדֶעלֶעם הֶערְץ הָאט גָאר נִיט גִיקֶענְט אַרַיין קוּמֶן דֶער גִידַאנְק , אַז עֶס זַיינֶען דָא פִיל מֶענְטְשִׁין וָואס וֶוערִין דֶעם אַנְדֶערְן אַשׂוֹנֵא פַאר זַייעֶר אַקְלֵיינֶע אִינְטֶערֶעסֶע , אוּנ וִויא זַייא הֵייבִּין נָאר אָן אִים רוֹדֵף צוּ זַיין , קֶערִין זַייא זִיךְ נִיט אוּם אֲפִילוּ דַאמָאלְס אַז זַייא הָאבִּין שׁוֹין זַייעֶרֶעס גִיוואוּנֶען , אוּנ יָאגִין אִים אַזוֹ לַאנְג בִּיז יֶענֶער פַאלְט נֶעבִּיךְ אַרַיין אִין דִיא גְרוּבּ וָואס מֶען גְרָאבְּט פַאר אִים , יוֹסֵף אִיז נָאךְ אִין דֶעם נָאךְ נִיט אָפִּיטְנֶע גִיוֶען אוּנ הָאט גִיהָאפְּט זַיין עֶרְגְסְטִין פַייְנְט צוּ אִיבֶּער קֶערִין פַאר אַגוּטִין פְרַיינְד , אָדֶר גִימַיינְט לְכָל הַפָּחוֹת

פוּן

פון דעם ווילדין וואָלף צו מאַכין אַשְׁטִילֶע שֶׁעפֶּעלֶע, אונ האָט זיך גאָר ניט דער מאָנט אַז אַשְׁלַאַנְג שְׁטאַרְבְּט מיט דיא גיפט וואָס ער וועט גיבּאָרין, אַוואָלף בְּלַייבְּט אַבּייזֶע טְהִיר בִּיז זיין טוֹיט, וואָלט יוֹסֵף דאָס איבּער גיטראַכט וואָלט ער אֶפְשַׁר אַקְלָער גיטאָן אַז טאָמער שְׁפִּילְט דאָ בּייא מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶרין דער נִצָּחוֹן דיא גאַנְצֶע ראָלֶע, טאָמער מיינְט אָט דער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְטְשׁ גיט אַזוֹ זיינֶע גוּצֶען אונ געלט, וויא זיינֶע גוּצֶען אין כָּבוֹד, אונ דאָס קען אים גאָר יוֹסֵף ניט פֶערְזִיכֶערן אַז דאָס וועט אים גיט פֶעלין, ווען ער וועט אים אַשְׁוואַנְגער ווערין, טאָמער איז מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר קיין זאַך ניט אויסֶען, מער ניט וויא ראָזען אונגְלִיקְלִיך צו מאַכין, איבּער גאָר אַלֵיצְנֶעם כַּעַס, וואָס דער נידערְטְרֶעכְטִיגער מֶענְטְשׁ טְראָגְט אויף איהר פון לאַנג, אונ וועט דעם כַּעַס ניט שְׁטִילֶען וויא לאַנג ער וועט זיא ניט זעהן אונגְלִיקְלִיך — דיא לִיבֶּע האָט אים נאָך וויא איצט דיא אויגן פַר בְּלֶענְט, אָדער דיא פְרֵייד, וואָס ער איז אוֹיס געלַייזְט גיוואָרן האָט אים גֶעמאַכְט פֶערְגֶעסֶן, אַז עֶס איז שוֹין אַיאָר צייט אַרִיבֶּער, אונ אין אַיאָר צייט לויפֶען אַסַאך וואַסֶערְן אַרִיבֶּער, אונ ווער ווייס וואָס דיא וואַסֶערן האָבֶען אין דעם יאָר צייט מיט זיך פון אים אַוועק גֶעשְׁטְרֶעמְט? . . . דער לאַקיי האָט גֶעבְּראַכְט עֶסֶען — אונ איז בַּאלְד אַוועק נאָך אַדאָקְטאָער.

יוֹסֵף האָט גֶענוּמֶען דעם עֶרְשְׁטֶען בִּיסֶען, אונ טְרֶערֶען איז אים אָנְגֶעקְוואָלֶען אַפּוּלֶע האַלְז אונ אים גֶעלאָזְט אַראָפּ שְׁלִינְגֶען.

דוּא האָסְט זיך אָפְּגֶעווּאוֹינְט יוֹסֵף, פון דיא בְּרוֹיט, האָט רַבִּי יִצְחָק גֶעזָאגְט, אַז ער האָט דאָס בֶּעמֶערְקְט.

דער בִּיסֶען בְּרוֹיט האָט מיך דער מאָנְט אָן מיינֶע צָרוֹת אין אַסְטְראָג אונ איך ווייז איצט פְרֵייד׳עֶן טְרֶערֶען, איך האָב דעם בִּיסֶען בְּרוֹיט אַריין גינוּמֶען אין מוֹיל אונ האָב אים ניט אַזוֹ פִיל אַרוּם גֶעקוּקְט, אים ניט מוֹרָא גיהאַט צוּא קייֶען מיט דיא ציינֶער, אָבֶּער דאָרְטֶען פְלֶעג איך אִיטְלִיכֶען בִּיסֶען פְרִיעֶר מיט טְרֶערֶען בֶּענִיסֶען. אונ דער נאָך מוֹרָא האָבֶען צו צו לאָזֶען אַצָאן צו אַצָאן, וואָרוּם ניט איין מאָל האָב איך מיינֶע ציינֶער צו בְּראָכֶען פון דיא שְׁטֵיינֶער אונ צִינְגֶעל וואָס איז אין דעם בְּרוֹיט, ווער קען דאָס אַלְס איבּער דער ציילֶען וואָס איך האָב גֶעלִיטֶען!

אָבֶּער גענוּג דיר ווַיינֶען, ווייכְטוּ, דוּא בִּיזְט דאָך גֶעוואָרֶען אַקִינְד, בַּאלְד ווַיינֶען! האָט רַבִּי יִצְחָק גיזאָגְט, פֶע, פַאר אַמֶענְטְשׁ מיט שֵׂכֶל זיינֶען טְרֶערֶן צוּא שַׁאנְדֶע.

איך האָב אויך אַמָאל אַזוֹ גֶעזָאגְט, טְרֶערֶען פַּאסְט ניט פַאר אַרֶעכְטֶן מאַנְס פֶּערְזָאן — צָרוֹת פון לֶעבִּין דאַרְפִין אים נאָך האַרְטֶער אונ שְׁטאַרְקֶער מאַכֶען — אונ איך ווייס איצט ניט צו זיינֶען מיינֶע צָרוֹת שְׁטאַרְקֶער גֶעוועֶן וויא גֶעוואוֹינְלִיך אונ האָבִּן נאָך מיין יוּנְגֶעס הֶערְץ גֶעבְּראָכֶען, אָדֶע מיין האַרְץ איז וויא אַייזֶען שְׁטאַרְק אַזֶעלְכֶע צָרוֹת אַרִיבֶּער צוּא טְראָגֶען — ״טְרֶערֶען״, זאָגְט מֶען איז דאָס בְּלוּט דעם הֶערְצֶענְס, מיין האַרְץ איז נאָך ניט גֶעבְּראָכִן אָבֶּער פִיל פֶּערְוואוּנְדֶעט אונְד בְּלוּטֶעט איצט אונְטֶער דיא וואוּנְדֶען. — רַבִּי יִצְחָק, צו אַפּוּלֶע גְלאָז דאַרְף מען

מֶען נָאר אֵיין טְרָאפֶּען עֶס זָאל אַרִיבֶּער ! — אִיךְ הָאף נָאךְ אָבֶּער אַמֶענְטִשׁ צוּא וֶוערְן וִויא מֶען דַארְף , וִויא אִיךְ דֵיינְק אוּנ הָאבּ גִיוָואלְט זַיין !

גֶענוּג אוּנְז רֵיידָען הָאט רַבִּי יִצְחָק גֶעזָאגְט , אִיךְ וֵוייס דוּא הָאסְט אֵיאָר נָאךְ אֵיינְאַנְד נִיט גֶערֶעט , אוּנ דוּא וִוילְסְט זִיךְ אוֹיס רֵיידָען אוֹיף אֵיין מָאל , אוּנ דוּא עֶסְט דֶער וַוייל גָאר נִיט .

אִיךְ וֵייס , הָאט יוֹסֵף גֶעזָאגְט , אַז מֶען קֶען זִיךְ גָאר מִיט אַמָאל נִיט אוֹיס רֵיידָען דָאס גַאנְצֶע הַערְץ , אוּנ בִּפְרַט אִיךְ , צוּ אִיצְטִיגֶר צַייט , אִיךְ רֵייד , פוּן דֶעסְטְוֶועגְן וֶוערְט מִיר דָאךְ פִיל בֶּעסֶער , אָ מִיט וִויא פִיל אִיז שְׁוַוייגֶען עֶרְגֶער וִויא רֵיידֶען !

אוּנ אַזוֹ הָאבֶּען זֵייא גִיקָאנְצֶעט זֵייעֶר פְרִיכְטָאג , דֶער דָאקְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט יוֹסֵפֶן גֶעהֵייסֶן גֶענִיסֶן מֶער פְרַייעֶ לוּפְט , אוּנ אִים אָן גִיזָאגְט שְׁפַּאצִירֶען זִיךְ פֶערְגֶעגִינֶן אָן טָאן , אוּנ אוֹיבּ עֶס אִיז מִיגְלִיךְ זָאל עֶר נִיט וואוֹנֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג וָוארוּם אִים פַאר שַׁאדֶעט דִיא לוּפְט

יוֹסֵפֶן הָאט אֵבְּלִיטִין גִיטָאן דִיא הָאפֶענוּנְג צוּ זֶעהָען בַּאלְד זַיין רָאזֶען

---

## ב

### פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג

דֶעם עֶרְסְטֶען טָאג אִיז יוֹסֵף צוּא הוֹיז גֶעבְּלִיבֶּן , אוֹיף מָארְגֶען הָאט עֶר שׁוֹין גֶעפוּנָען נַייעָ קְלֵיידֶער אוּנ וֶועס — בַּאלְד נָאךְ פְרִיכְטָאג , אִיז רַבִּי יִצְחָק מִיט אִים גֶעפָארְן , אוּנ הָאט אִים בֶּעוִויזֶען וִויא גְלִיקְלִיךְ אוּנ פֶערְגֶענִיגֶענְט מֶען קֶען נָאךְ לֶעבְּן , אוּנ עֶס אִיז נִיט כְּדַאי צוּ שְׁטַארְבְּן אֲפִילוּ אַז עֶס טְרֶעפְט אַקַאטַאסְטְרָאפֶע , עֶס זַיינֶען פוּן אָבֶענְד גֶעקוּמֶען רַבִּי יִצְחָקְס בֶּעקֶענְטֶע , אוּנ יֶעדֶער הָאט גֶעאַייסֶערְט זַיין פְרֵייד אִיבֶּער דִיא בֶּעפְרַייאוּנְג , מַאנְכֶע הָאבְּן אִים צוּם אַנְדֶענְקֶען גֶעשֶׁענְקֶע גִימַאכְט , אָבֶּער דָאס בֶּעסְטֶע גֶעשֶׁענְק הָאט אִים גִימַאכְט רַבִּי יִצְחָקְס בּוּכְהָאלְטֶער , דָאס וַואר אַפַּאקֶעט מִיט בְּרִיף פוּן רָאזֶען צוּ יוֹסֵפִין וָואס דָאס הָאט אַלְץ אִיבֶּער גִינוּמֶען דֶער סְטָארָאז —

יוֹסֵף הָאט דִיא בְּרִיף אִיבֶּער גִילֵייעֶנְט מִיט טְרֶערִין -

— אָ גָאט ! הָאט עֶר גִיזָאגְט זִיא הָאט גִילִיטֶען , אָבֶּער אוֹיס ! קֵין שֵׁם ה׳ לַהֲשֵׁךְ — אוֹיס פִינְסְטֶער . רָאזֶע אִיךְ פְלִיה צוּ דִיר , אִיךְ וֵוייס , דַיין הַארְץ אִיז מִיר טְרַייא גִבְּלִיבְּן , אִיךְ מָאג נָאךְ קוּמֶען צוּ דִיר , אִיךְ וַוארְט נִיט אוֹיף אַ אַנְטְוָוארְט פוּן אַייךְ ! —

וִויפִיל רַבִּי יִצְחָק הָאט אִים אָבְּגִירֶעט , עֶר זָאל נָאךְ וַוארְטִין אוּנ נִיט פָארִין — עֶס הָאט נִיט גִיהָאלְפִין .

דֶער טָאג שַׁבָּת אִיז אִים לֵיינְגֶער וִויא דִיא גַאנְצֶע צַייט , אוּנ וִויא רַבִּי יִצְחָק הָאט נָאר הַבְדָלָה גִימַאכְט . אִיז שׁוֹין גִישְׁטַאנֶען אַדְרֶאנְסְקֶע . אוּנ יוֹסֵף אִיז שׁוֹין פַארְטִיג גִיוֶוען צוּ דֶער רַייזֶע , רַבִּי יִצְחָק אִיז מִיט גִיפָארִין מִיט אִים בִּיזִין וַואגְזַאל — אִין וֶועג הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ גִיפְּרוּבְט , אִיהְם אָפְּרֵיידִין , אוּנ הָאט גִיזָאגְט :

פָאלְג מִיר יוֹסֵף , נִיט פָאר אִיצְט , דוּא וַוארְט אָפּ בִּיז אִיךְ וֶועל פוּן דַאנֶען

קענען

קֶענֶען אַוועק פָארִין , דָאס וֶועט נִיט מֶער גִיוֶוערִין וִויא אַחוֹדֶשׁ אָדֶער צְוַוייא , אונ דַאן , אָדֶער מִיר וֶועלִין פָארִין בֵּיידֶע , אָדֶער אִיךְ וֶועל אַלֵיין אַרַיין פָארִין אונ זֶעהְן וָואס דָארְטִין אִיז , אונ דִיר מוֹדִיעַ זַיין , דוּא וַוייסְט דָאךְ וִויא טַייעֶר דוּא בִּיזְט בַּייא דַיינֶע עֶלְטֶערִין , אונ אִיךְ הָאבּ דִיךְ עָרֵב גִיוֶועזִין ! יוֹסֵף בֶּעדַאכְט זִיךְ , אִיךְ בֶּעט דִיךְ !

אִין דֶער רֶגַע אִיז דִיא דְרָאנְסְקֶע אַרוֹיף גֶעפָארִין אוֹיפֶען וַואגְזַאל הוֹיף אונ פוּן פְּלַאטְצְפָארֶעם הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט דֶער עֶרְסְטֶער קְלוּנְג , יוֹסֵפְס אוּנְגֶעדוּלְד הָאט דֶער לַאנְגְט דוּרְךְ דֶעם בִּיז דִיא לֶעצְטֶע שְׁטוּפֶע :

אִיךְ פָאר , רַבִּי יִצְחָק ! הָאט עֶר אַגִישְׁרַייא גִיטָאן , אִיךְ מוּז פָארִין ! מִיךְ צִיהְט , אִיךְ בִּין נִיט אִין שְׁטַאנְד זִיךְ צוּרִיק צוּ הַאלְטֶען !

פָאר גִיזוּנְד , לִיבֶּער זוּן ! שְׁרַייבּ אָבֶּער בַּאלְד אַלְס וָואס מִיט דִיר וֶועט זִיךְ גָאר טָאן ! זַייא אַמֶענְטְשׁ , דָאס הֵייסְט , זַייא שְׁטַארְק אונ שְׁטַארְק דִיךְ אַמֶענְטְשׁ צוּ בְּלַייבִּין צוּ וָואס דִיר וֶועט נָאר טְרֶעפִין ! יוֹסֵף , טָאטֶער , זָאל גָאט אוֹיס הִיטֶען , וֶועט זִיךְ דָארְטִין נִיט אַזוֹ אוֹיס לָאזִין וִויא דוּא הָאפְּסְט , טָא הָאבּ אִין זִינֶען , אַז דִיא וֶועלְט גֵייט נָאךְ נִיט אוּנְטֶער , דוּא בִּיזְט נַיינְצֶעהְן יָאר , דוּ קֶענְסְט נָאךְ פִיל גוּטְס הָאבִּין , דוּא הִיט דַיין גִיזוּנְד וָוארוּם דַיין לֶעבִּין אִיז בַּייא פִיל זַייעֶר טַייעֶר , דַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין דִיךְ מִיט טְרֶערִין עֶרְצוֹיגִין , דוּא קָאסְט זַיי בְּלוּט אונ גִיזוּנְד , מִיר קָאסְט דוּא שׁוֹין אוֹיךְ , אונ אוֹיבּ חָלִילָה , דוּא וֶועסְט אָט דֶעם טַייעֶרִין לֶעבִּין נִיט הִיטֶען . בְּלַייבְּסְט דוּא פַאר דַיינֶע עֶלְטֶערִין אונ פַאר מִיר אוּנְדַאנְקְבַּאר , אִיךְ וָואלְט גָאר קֵיין מָאל אִיבֶּער גִירֶעט , אַז אִיךְ טוּא מִיט דִיר חֶסֶד , אִיךְ הָאבּ אָבֶּער אִיצְט פַאר דִיר פִיל מוֹרָא , אונ מוּז דִיר דָאס וִויא אַ אַזְהָרָה דֶער מָאנֶען , הִיט זִיךְ ! אונ נִיט זַייא אוּנְז אוּנְדַאנְקְבַּאר , דוּא זָאלְסְט מִיךְ נָאר נִיט פַאר גֶעסִין ! אוֹיפִין עֶרְגְסְטִין פַאל זָאלְסְט דוּא זִיךְ בַּאלְד וֶוענְדִין צוּ מִיר מִיט אַבְּרִיף , אונ אִיךְ וֶועל טָאן וָואס מֶעגְלִיךְ אִיז !

זַייט גֶעזוּנְט , אונ זַייט זִיכֶער , אַז אַייעֶרֶע רֵייד וֶועלִין מִיר נִיא אונ נִימֶער אָפּ נִימֶעקְט וֶוערִין פוּן מַיין זִכָּרוֹן , אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט פֶערְגֶעסִין , רַבִּי יִצְחָק !

רַבִּי יִצְחָק הָאט פַאר אִים אַבִּילֶעט גִינוּמֶען , אִים דֶער לַאנְגְט אונ אִים צוּם הַארְצִין צוּ גִידְרִיקְט מִיט הַייסֶע קוּשִׁין , יוֹסֵף הָאט אִים אַזוֹ גִיעֶנְטְפֶערְט , עֶר אִיז אַרַיין אִין וַואגָאן , רַבִּי יִצְחָק אִיז נָאךְ נִיט אַוֶועק , אונ אַז דֶער פָאיֶעזְד הָאט זִיךְ שׁוֹין גִירִירְט פוּן אָרְט , אונ יוֹסֵף הָאט אִים דוּרְכִין פֶענְסְטֶער גִיזָאגְט דֶעם לֶעצְטִין "זַייט גִיזוּנְד" — הָאט עֶר נָאךְ אַגִישְׁרַייא גִיטָאן נָאךְ גֵייעֶנְדִיג נָאכִין פָאיֶעזְד :

גִידַיינְק , דַיין מוּטֶערְס טְרֶערִין , אונ וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר צוּ מָאנֶען — פָאר גִיזוּנְט , גִיזוּנְטֶערְהַייט זִיךְ צוּ זֶעהְן ! — אונ אֵיידֶער יוֹסֵף הָאט נָאךְ אוֹיסְפֶּעיֶעט צוּ עֶנְטְפֶערִין — הָאט עֶר שׁוֹין רַבִּי יִצְחָקִין נִיט גִיזֶעהְן , נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט , אונ רַבִּי יִצְחָק הָאט שׁוֹין דֶעם פָאיֶעזְד אוֹיךְ נִיט מֶעהְר גִיזֶעהְן —

---

## ג׳

# אַגוּטֶער סִימָן אַחֲתוּנָה אִין שְׁטָאט

דְרַייא טֶעג הָאט גְיוֶועְרְט יוֹסֵפְס רַייזֶע, עֶר וָואלְט דִיא דְרַייא טֶעג אֶפְשַׁר נִיט אַרִיבֶּער גִילֶעבְּט פוּן אוּנְגֶעדוּלְד, נָאר רָאזֶעס בְּרִיף, וָועלְכֶע עֶר הָאט גִיהַאט הָאבִּן אִים דִיא לַאנְגֶע שְׁטוּנְדִין פֶערְקִירְצְט, עֶנְדְלִיךְ אִיז גִיקוּמֶען דִיא הַייסֶערְוִוינְשְׁטֶע מִינוּט, דִינְסְטָאג זֶעקְס אַזֵייגֶער פַאר נַאכְט, יוֹסֵף הָאט דֶער זֶעהְן דִיא שְׁפִּיצֶען קִירְכֶען פוּן טָאהִיבִיל, וָועלְכֶע עֶס זֶעהְן זִיךְ עֶטְלִיכֶע וֶויאָרְסְט פוּן וַוייטְן, אִים הָאט אִין הַארְצִין אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ קְלַאפִּין אוּנ נַייעֶ גֶעפִיהְלֶען, שְׁרֶעק אוּנ עֶרְוַוארְטוּנְג הָאבִּין גֶעשְׁטְרִיטֶען אִין זַיין בְּרוּסְט, עֶס אִיז נָאךְ גוּט גִיוֶועןֶ וָואס דִיא וֶועג אִיז אִיצְט אַלְץ גִיוֶוען בַּארְג אַרָאפּ, יוּנ דִיא פֶערְד זַיינֶען גִילָאפִּן אוּנְגִישְׁטֶערְט, נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט זַיינֶען אַרִיבֶּער אוּנ דֶער וָואגִין אִיז אַלְץ גִיקוּמֶען נֶעהֶנְטֶער צוּם שְׁטָאט, דוּרְךְ פָארֶענְדִיג דֶעם בְּרָאם זָאט דֶער יָאמְשְׁטְשִׁיק גִיזָאגְט: דָאס וֶועט אוּנְז אַגוּטֶער סִימָן זַיין, אִין שְׁטֶעטִיל אִיז אַחֲתוּנָה, אִיךְ הֶער קְלֶעזְמֶער שְׁפִּילֶען!

נָאט זָאל גֶעבִּין דַיינֶע רֵייד זָאל אֶמֶת זַיין! הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט, אִים אִיז אוּפִין זִינֶען אַרוּיף גִיקוּמֶען, אַז זַיין פְּלוּצְלִיכֶען אָנְפָארִין קֶען שַׁאטְן זַיין רָאזֶען, אוּנ דֶער פַאר הָאט עֶר אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ קְלֶערִין וֶועמֶען עֶס אִיז צוּ שִׁיקֶען אָן זָאגִין, אָדֶער גָאר צוּ פֶערְפָארִין עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ וואוּ, בִּיז וַואנֶען זַייא וָועלִין בַּייא פְּרִידְמַאנֶען וֶועגִין אִים דֶער וִויסֶען, עֶר אִיז אַרָאפּ פוּן וָואגִין אוּנ גִיהֵייסִין דֶעם יָאמְשְׁטְשִׁיק נָאךְ פָארִין נָאךְ אִים שְׁטִיל:

רַבִּי אָשֵׁר! הָאט יוֹסֵף אַגִישְׁרַייא גִיטָאן צוּ אַפֶערְבַּייא גֵייעֶנְדֶען אִידֶען, וָועלְכֶער עֶס הָאט גִיהַאלְטֶען אַשְׁטְרִיקֶעל אִין הַאנְד אוּנ גִיטְרִיבֶען דִיא בְּהֵמָה זַיינֶע אַהֵיים:

דֶער אִיד הָאט זִיךְ אָבְּגִישְׁטֶעלְט אוּנ אַקוּק גִיטָאן אוֹיף יוֹסֵפִין:

יוֹסֵף! וָואס מַאכְסְט דוּא? הָאט עֶר אַגֶעשְׁרַייא גִיטָאן, נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט אִים אָנְקוּקֶענְדִיג, אָ, טַייעֶרֶער יוֹסֵף! דוּא הָאסְט מִיךְ אוֹיךְ פֶערְגֶעסִין! זָאג מִיר וָואס אִיז מִיט דִיר?

זָאגְט מִיר טַייעֶרֶער פְרַיינְד, וָואס מַאכְט מֶען בַּייא פְּרִידְמַאנֶען אִין שְׁטוּבּ?

זַייא זַיינֶען, בָּרוּךְ הַשֵּׁם, גִיזוּנְד, הַלְוַאי אוֹיף מִיר גִיזָאגְט! דֶער וָואס אִיז גִיוֶוען רַייךְ בְּלַייבְּט רַייךְ, אוּנ דֶעם וָואס מֶען לָאזְט אַבַּבְּצֶען גִיפִינְט מֶען אַקַבְּצֶען, אִיךְ בִּין גִיוֶוען אַמְלַמֵּד אוּנ גִיבְּלִיבִּין אַמְלַמֵּד, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ הַיינְט מִיט פוּפְצֶעהְן רוּבִּיל מֶער וִויא דֶעם עֶבֶּרְדִיגֶען זְמַן בִּין אִיךְ שׁוֹין רַייכֶער גִיוָוארִין, וָואס? עוֹלָם כְּמִנְהָגוֹ נוֹהֵג, דִיא וָועלְט פִירְט זִיךְ וִויא זִיא אִיז, וִויא מֶען צִיהְט זִיא אָן, אוּנ קַיין נִסִים אִיז אִין אִיר נִיטָא! נָאר וַוייסְט דוּא יוֹסֵף, וָואס עֶס אִיז הַיינְט בַּייא פְּרִידְמַאנֶען? הַיינְט אִיז דָאךְ חֲתוּנָה בַּייא רָאזֶען!

גָאט אִין הִימֶעל! הָאט יוֹסֵף אַגִישְׁרַייא גִיטָאן, אוּנ הָאט זִיךְ אַחַאפּ גִיטָאן פַאר אָשֵׁרְס הַאנְט, אִיר הָאט אַ טָעוּת, עֶס קֶען נִיט זַיין! הָאט עֶר גִישְׁרִיעֶן נָאךְ אַנַאנְד!

אָשֵׁר דֶער מְלַמֵּד, וָועלְכֶער עֶס אִיז גִיוֶוען אַמַשְׂכִּיל אַ אִיד, אוּנ דֶער צוּא זֵייעֶר

איין

אַיין אָרֶעֶנְטְלִיכֶער אוּנ קְלוּגֶער אִיד, הָאט בַּאלְד זִיךְ דֶער מָאנְט, וָואס עֶס הָאט זִיךְ אַמָאל גִיהֶערְט אִין שְׁטָאט אוֹיף יוֹסֵפִין מִיט רָאזֶען, אוּנ הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז זַיין בְּשׂוֹרָה אִיז גִיוֶוען יוֹסֵפִין וִויא אַקוֹיל אִין הַארְצִין, דֶער פַאר הָאט עֶר אַדְרַייא גִיטָאן אוּנ מִיט אַשְׁמֵייכֶעל גִיזָאגְט :

יַא, אִיךְ הָאבּ אַ טָעוּת, דָאס אִיז אַחֲתוּנָה טַאקֶע בַּייא זַייא אִין שְׁטוּבּ, אָבֶער גָאר דָא בַּייא אֵיינֶע פוּן דִיא פַארְשְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע :

אִיר וֶועט זַייא גַיין אָנְזָאגִין, לִיבֶּער רַבִּי אָשֵׁר ? הָאט יוֹסֵף גִיפְרֶעגְט, אוּנ אִין זַיינֶע אוֹיגִין אִיז נִכָּר גִיוֶוען אַז זַיין קָאפּ אִיז אִים נִיט אוֹיף אַ אָרְט, אָשֵׁר הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט, אוּנ פֶערְשְׁטַאנֶען בַּאלְד וָואס עֶר דַארְף דָא טָאן :

יוֹסֵף פָאלְג מִיר, דוּא פַאר פָאהְר צוּ מִיר, נִשְׁקָשֶׁה, מִיר וֶועלִין דִיךְ צוּ נֶעמֶען פַאר אַגַאסְט. אוּנ דֶער נָאךְ וֶועלִין מִיר זִיךְ שׁוֹין מְיַשֵּׁב זַיין וָואס צוּ טָאן :

אִיךְ גַייא מִיט אַייךְ ! אִין דֶעם זַיינֶען פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ נֶעסִיל אַרוֹיס גִילָאפִין אַגַאנְצֶע קַאטַאנְדֶע אִינְגְלַאךְ אוּנ מֵיידְלַאךְ, אוּנ פוּן וַוייטִין הָאבִּין זִיךְ גִיזָעהָן אַיין עוֹלָם אִידִין מִיט וַוייבֶּער, דָאס אִיז שׁוֹין גִיוֶוען פוּן דֶער חוּפָּה, יוֹסֵף הָאט זִיךְ טִיף פֶערְטְרַאכְט, „אִיךְ זֶעה דָארְטִין מַיין רָאזֶען“ ! הָאט עֶר נָאךְ אַגִישְׁרַייא גִיטָאן אוּנ זִיךְ אַרוֹיף גִיוָוארְפִין אוֹיף זַיין פְרַיינְד :

דִיא אַלֶע פֶערְבַּייא גַייעֶנְדֶע זַיינֶען נָאר גִילָאפִין זֶעהֶען דִיא כַּלָּה, הֶערִין דָאס שְׁפִּילֶען פוּן דִיא בֶּערִימְטֶע קְלֶעזְמֶער, אוּנ מֶער נִיט, וִויא אָשֵׁר דֶער מְלַמֵּד הָאט גִיזֶעהֶן דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען חָתָן, אוּנ גִיהֶערְט דָאס וֵויינֶען פוּן זַיין הַארְצִין, הָאץ אִין זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין זִיךְ קַיינֶע טְרֶערִין גִיזֶעהֶען :

דָארְטִין פוּן דֶער אַנְדֶערֶע זַייט הָאט מֶען גִיפִירְט אוּנְטֶער דִיא הֶענְט אַ כַּלָּה, וֶועלְכֶע עֶס הָאט גִיחַלֶּשְׁט בַּייא יֶעדֶע פִינְף טְרִיט, אוּנ וָואס לַייט הָאבִּין גִיזָאגְט דֶער תַּעֲנִית הָאט אִיר פַאר שַׁאדֶעט. אוּנ דָא הָאט גֶעפִירְט דֶער אָרֶעמֶער מְלַמֵּד, דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען חָתָן, וֶועלְכֶער עֶס הָאט אוֹיךְ גִיחַלֶּשְׁט, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט ! וֶוער פוּן דִיא צְוַייא וַואר אוּנְגְלִיקְלִיכֶער ? . . .

יוֹסֵף אִיז אַרַיין צוּ דֶעם מְלַמֵּד אִין שְׁטוּבּ, אוּנ דָאס הַארְץ וַואר אִים שׁוֹין גִינוּג פֶערְשְׁטֵיינֶערְט, רוּהִיג הָאט עֶר אוֹיס גִיהֶערְט פוּן דֶעם קְלוּגִין אִידִין, וֶועלְכִין יוֹסֵף הָאט שׁוֹין לַאנְג גֶעלִיבְּט, אַלְס וָואס עֶר הָאט אִים עֶרְצֵיילְט, וָואס דָא אִיז גִיגַאנְגֶן אוֹיף אִים דִיא רֵייד אוּנ וָואס מֶען הָאט אִין שְׁטָאט אַבִּיסִיל צוּ גֶערֶעט, אַז רָאזֶע אִיז נִיט בַּייא דֶעם גַאנְצִין זִינֶען, דֶער מֶענְטְשׁ, וֶועלְכֶער עֶס אִיז יָארִין לַאנְג אָבּ גִיזֶעסִין אוֹיף אִיוֹב, אוּנ נָאךְ זַיין מַיין, פֶערְשְׁטַאנֶען, אוֹיךְ מִיט גִיפִילְט מִיט אִיוֹבִין, אוּנ וִויא אַמֶענְטְשׁ וֶועלְכֶער עֶס הָאט שׁוֹין מִיט אַ אָפֶענֶע אוֹיג גִילֶעבְּט אוּנ פֶערְשְׁטַאנֶען גוּט דֶעם זִינֶען פוּן קֹהֶלֶת — (וָוארוּם קֵיין אַנְדֶערֶע פִילָאזָאפִישֶׁע סְפָרִים הָאט עֶר גִיהַאט) — הָאט גִיפוּנֶען יוֹסֵפִין אַגְלַייכִין צוּ דִיא בֵּיידֶע מֶענְטְשִׁין ; וִויא אִיוֹב הָאט נִיט גִיזִינְדִיגְט אוּנ גָאט הָאט אִים גִישְׁטְרָאפְט הָאט עֶר דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען יוֹסֵפִין אִיצְט גִיזֶעהֶן, וֶועלְכֶער עֶס אִיז אִיצְט אוֹיךְ גִיזֶעסִין — וֶוער וֵייס, אוֹיבּ נִיט אִין נָאךְ עֶרְגֶערֶע וואוּנְדִין פַאר אִיוֹבִין ? אוּנ צוּ קֹהֶלֶת הָאט עֶר אִים

ניגליבען

גיגליכען, וועלכער עס האט אמאל שיר השירים גיזונגען, מיט אזו פיל גליק אוי ליבע אונ דער נאך גיקומען וויא אבעטלער, וויא אזינדיגער אין זיין אייגענער לאנד, וואו קיינער האט אים גיוואלט ערקענען, אונ איז נאר פאר בייא גינאנגען פאר זיינע טייערע לוסט גערטנער אונ פאלעסטע, אין וועלכע מען האט אים גיט אריין גילאזין! יוסף איז אויך מיט אים, בייא נאכט אום גינאנגען אין דיא אלע אים אמאל בעליבטע ערטער. מיט קהלת געפיל, ניט איין מאל איז ער פערבייא גינאנגען פאר בייא פרידמאנס פענסטער, גיהערט דאס שפילען, גיזעהען דאס טאנצין, גיזעהען זיין ליבע ראזען, פאר וועלכע ער האט אזו פיל גליטען, אזו פיל טרערין פערגאסין, זיא גיזעהען אין אווייסע קלייד, נאר איר גיזיכט וואר פאר דעקט מיט דעם ווייסין דעקטוך, ער האט אלעמען גיזעהען אונ ערקענט, אונ איז פון דעסטוועגין ניט גישטארבען דארטין אויפן ארט, וויא אים האט זיך גיוואלט, אים האט זיך שטארק גיוואלט זעהען דעם חתן ראזעס, ער האט זיין געזיכט גיוואלט זעהען, אים האט זיך גידוכט. אז ער וועט אים מיט איין בליק דער קענען; צו ראזע וועט פאר אים גליקליך זיין, ער האט אים אבער דא ניט גיזעהן, ער וואלט נאך דא אזו ביז טאג גישטאנען, ווען ניט אשר, וועלכער עס האט קיין הארין גיהאט אים צוריק צוא ציהען פון זיין ליבען ארט, ווען ניט ער וואלט בעמערקט, אז זיין גיזיכט איז טויט בלאס, אונ אז זיינע אויגין זיינען צו מישט, ער האט זיך זייער ערשראקן אונ האט יוספין מיט גוואלד אוועק גישלעפט אהיים, יוסף האט נאר אגישרייא גיטאן: „גוואלד פאר וואס לעב איך נאך? „פאר וואס שטארב איך ניט“? . . . אין שטוב האבין אנדערע גיהערט דעם קול, אבער זייא האבין פון שטוב אויפין גאס ניט גיקענט ארויס קוקין, פון דער פינסטערעס גאס קוקט זיך אריין אין דיא ליכטיגע שטוב בעסער, וויא פון אליכטיגע שטוב ארויס צו קוקען אויף דיא פינסטערע גאס, אזו קוקין דיא ארעמע לייט פון זייער פינסטערן ווינקעל, גיכער אויף דעם רייכין אין זיינע שיינע בעלייכטעטע צימערין, איידער דער רייכער קוקט פון זייא ארויס אמאל אויף דיא ארעמע לייט אין זייערע עלענד אונ פינסטערנים!

אונ אזו האט אויך דער ארעמער יוסף דיא אלע לויכטענדע גיזיכטער גיזעהן, אבער קיינער האט פון שטוב זיין פינסטערע טרויעריגע צורה בעמערקט! . . .

מיין הארין! האט יוסף גיזאגט שטילערהייט גייענדיג אהיים, נאך דעם מלמד, וועלכער עס האט אים פארין האנד גיפירט אונ אפשר גיפילט וואס עס טוט זיך אין זיין ארעמען הערצין. — מיין הארץ איז דא בייא ראזען גיבליבן! האט ער זיך ווייטער גיזאגט, גאט! אונ דוא זעהסט דאס, אונ דוא לאזט מיך ליידין! — דיא אלע טאנצענדע. אלע פריילעכע צורות, וועלכע איך האב איצט גיזעהן האבין מיך אמאל געליבט, ראזע האט מיך דאך געוויס גיליבט, אונ איצט? . . . אין אזו אקליינע צייט. שוין אזו פערגעסין! ראזע האט חתונה גיהאט פאר א אנדערין! זיא איז שוין מער ניט מיינע דאס איז גיוויס! אונ איך לעב נאך פון דעסטוועגין, אונ קען נאך גיין מיט מיינע פיס! . . . עס זיינען פאלש אלע רייד,

וואס

וָואס מֶען רֶעט אוּנ וָואס מֶען גְלוֹיבְּט ! אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט אֵיינְמָאל גֶערֶעט אוּנ גִיגְלוֹיבְּט , אַז אָן אִיר וָועל אִיךְ נִיט לֶעבִּין , אוּנ אִיצְט לֶעבּ אִיךְ נָאךְ , אוּנ לַייד נָאךְ ! יוֹסֵף אִיז גִיקוּמֶען אַהֵיים צוּ אָשֵׁר דֶעם מְלַמֵּד אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטִיבֶּעלֶע . אוֹיפִין טִישׁ הָאט גִיבְּרֶענְט אַקְלֵיינֶע לִיכְטִיל . אוּנְטֶערִין וַואנְד הָאט זִיךְ גִיהֶערְט וִויא דִיא בְּהֵמָה שְׁרַייט . דֶעם מְלַמְּדְס וַוייבּ אוּנ קִינְד הָאבִּין שׁוֹין גִישְׁלָאפִין , רַבִּי אָשֵׁר הָאט גִיבֶּעטִין יוֹסֶפִין עֶר זָאל זִיךְ אוֹיךְ שְׁלָאפִין לֵייגִין , אָבֶּער יוֹסֵף הָאט גִיזָאגְט , עֶר קֶען גִיט שְׁלָאפִין , עֶר מוּז שְׁרַייבִּין , דֶער עֶרְלִיכֶער מַאן הָאט מוֹרָא גִיהַאט צוּ לָאזִין יוֹסֶפִין אַלֵיין , עֶר הָאט אִים הוֹשֵׁד גִיוֶועזְן , אַז עֶר וֶועט זִיךְ אַמִיתָה אָן טָאן , אוּנ הָאט דֶער פַאר צוּ גִינוּמֶען דֶעם מֶעסֶער אוּנ זַיינֶע גִיצַייג , מִיט וָואס דֶער מְלַמֵּד פְלֶעגְט בַּייא נַאכְט , נָאךְ דֶעם אַז עֶר פְלֶעגְט זַיינֶע תַּלְמִידִים לָאזִין פְרַייא — מַאכִין הִילְצֶערְנֶע פִיפֶּקְעס , עֶר הָאט זִיךְ גִילֵייגְט אוֹיפִין קַאנַאפֶּע , וָועלְכֶע עֶס אִיז הַארְט לֶעבִּין טִישׁ גִישְׁטַאנֶען , אוּנ הָאט זִיךְ פָארְגִינוּמֶען נִיט עֶנְטְשְׁלָאפִין צוּ וֶוערִין , יוֹסֵף הָאט זִיךְ אַנִידֶער גִיזֶעצְט שְׁרַייבִּין , אוּנ הָאט גִישְׁרִיבִּין בִּיזִין גְרוֹיסִין טָאג , דִיא לִיכְט אִיז אוֹיס גִיגַאנְגֶען , אוּנ דוּרְכִין לָאדִין הָאבִּין זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּן דוּרְךְ צוּ גַנְבֶענֶען דִי בְּלַאסֶע שְׁטְרַאלִין פוּן בֶּעגִינֶען , יוֹסֵף , וֶועלְכֶער עֶס הָאט שׁוֹין דְרַייא נֶעכְט נִיט גִישְׁלָאפִין אִיז גִיפַאלִין אִיבֶּער זַיין פֶּעדֶער . אוּנ עֶנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין , אוּנ אַז דֶער מְלַמֵּד אִיז אוֹיפְגִישְׁטַאנֶען אוּנ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ זָאגִין זַיינֶע תְּהִלִּים מִיט זַיין גִיוואוֹנְלִיכֶען טְרוֹיעֶרִיגֶען נִגוּן , הָאט יוֹסֵפְס הַארְץ פוּן שְׁלָאף נָאךְ גִיוַויינְט נָאךְ אִים , עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגִיהוֹיבִּן אוּנ גִיקוּקְט אוֹיף דֶעם אָרֶעמֶען אַלְטִין מְלַמֵּד , וֶועלְכֶער עֶס אִיז גִיזֶעסִין אִין דִיא שְׁטִילֶע שְׁטוּבּ אוּנ גִישְׁנִיצְט זַיינֶע לוּלְקֶעס אוּנ אִימֶער גִיזָאגְט אַזוֹ הַארְצִיג , אַזוֹ רִירֶענְד , יוֹסֵף הָאט גִיפִילְט וִויא אִיטְלִיכֶער וָוארְט אִיז אִים אִיבֶּער זַיין פֶּערְוואוּנְדֶעטֶעס הֶערְץ גִיגַאנְגֶען , עֶר הָאט גִיוַויינְט אוּנ דֶעם בְּרִיף וַוייטֶער אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייבִּין , אַז זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין שׁוֹין מֶער קַיין טְרֶער גִיהַאט , הָאט עֶר זַיין בְּרִיף גִיעֶנְדִיגְט , אִים אַוֶועק גִיגֶעבִּין דֶעם מְלַמֵּד עֶר זָאל עֶס אִיבֶּער גֶעבִּין שְׁנֵייאָרֶקְעֶן — שְׁנֵייאָרֶקְע אִיז אָבֶּער צוּ טְרָאגִין גִיוֶועזְן פוּן דֶער הָתוּנָה , אוּנ הָאט צוּ גִינוּמֶען דֶעם בְּרִיף אִים בֶּעהַאלְטִין אִין בּוּזִים קֶעסֶענֶע , אוּנ אַזוֹ אִים גָאר פַאר גֶעסִין — אַז דֶער מְלַמֵּד אִיז גִיקוּמֶען מִיטִין טַלִּית אוּנ תְּפִלִּין צוּרִיק פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ . הָאט עֶר גִיפוּנֶען יוֹסֶפִין לִיגְט אוּנ פִיבֶּערְט , עֶר וַואר רֶעכְט קְרַאנְק . —

---

## ד

## רוּחָמָה

בַּייא פְרִידְמַאגֶען הָאט קֵיינֶער גִיוואוּסְט פוּן יוֹסֶפִין , דֶער מְלַמֵּד הָאט גִיוואוּסְט וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ יוֹסֵף אִיז , אוּנ גִירֶעכִינְט וָואס קֶען אִים שׁוֹין הֶעלְפִין , אַז מֶען וֶועט אִים וִוידֶער צוּ נֶעמֶען דָארְטִין אִין שְׁטוּבּ אוּנ אַז עֶר וֶועט זֶעהֶען זַיין פֶערְלָארֶענֶע רָאזֶען יֶעדֶע מִינוּט , אַגַב הָאט עֶר גִיוואוּסְט , וָואס מֶען הָאט אוֹיף יוֹסֶפִין צוּ רֶעט אִין שְׁטָאט אוּנ וִויא אִין כַּעַס מֶען אִיז דָארְטִין אוֹיף אִים . דֶער צוּ נָאךְ הָאט אִים

יוֹסֵף אַלֵיין גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל קֵיינֶעם עֶרְצֵיילֶען , אוּנ עֶר הָאט אִים דָאס מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען יוֹסֵף אִיז גֶעלֶעגֶען בַּייא דֶעם מְלַמֵד אַגַאנְצֶע וָואך אוּנ זִיךְ מְיָאֵשׁ גֶעוֶועזֶען פוּן לֶעבֶּען , עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם טוֹיט , זַיינֶע שְׁמֶערְצֶען וָואס מֶען וִויל אִים שׁוֹין גָאר פוּן פְרִידְמַאנְס שְׁטוּבּ נִיט דֶער קֶענֶען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען פִיל בִּיטֶערֶער וִויא דֶער טוֹיט , עֶר אִיז אָבֶּער נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען , אִיבֶּער גְוַואלְד לֶעבְּט מֶען אוּנ אִיבֶּער גְוַואלְד שְׁטַארְבְּט מֶען ! אָבֶּער מִיט דֶעם גוּטֶען ווִילֶען קֶען מֶען אָפִּילוּ דֶעם טוֹיט נִיט קְרִיגֶען , אַזוֹ וִויא דֶעם לֶעבֶּען !

פַאר וָואס נִיט ? הָאט יוֹסֵף אַמָאל זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפְרֶעגְט , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִין מַיין לֶעבֶּען גֶענָאסֶען , אִיךְ הָאבּ נָאר נִיט גֶעטְרָאפֶען , אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט , אִיךְ לִיבּ מַיין רָאזֶען . אוּנ גַאטָאוו פַאר אִיר מַיין לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען , פַאר וָואס זֶע , זָאל אִיךְ אִיצְט נָאךְ וַוייטֶער לֶעבֶּען ? אִיךְ הָאבּ אִיצְט מֶער נִיט אוֹיף וָואס צוּ הָאפֶען , גֶענוּג מִיר לֶעבֶּען ! מִיט דִיא רֵייד אִיז עֶר אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען , אוּנ אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען , דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען שַׁבָּת פַאר נַאכְט , אוֹיפֶען גַאס הָאט גֶעבְּלָאזֶען אַקַאלְטֶער ווִינְטֶעל , אוּנ גֶעקַאפֶּעט אַקְלֵיינֶער רֶעגֶען , אֲשֶׁר אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ דַאבְנֶען מַעֲרִיב , אוּנ דִיא וַוייבּ הָאט גֶעווִיגְט דָאס קְלֵיין קִינְד , אַלַאנְגֶע צַייט אִיז יוֹסֵף גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפֶען הוֹיף , אוּנ גֶעטְרַאכְט וָואס זָאל עֶר טָאן , צוּ גֵיין צוּם טַייךְ אוּנ דָארְטֶען מִיט אֵיין שְׁפְּרוּנְג קְרִיגֶען זַיין טוֹיט . — אָדֶער עֶר זָאל נָאךְ וַוארְטֶען ? אָבֶּער אַוָואס וַוארְטֶען ? הָאט עֶר דֶען נִיט שׁוֹין אַלְס פֶערְלָארֶען מִיט זַיין רָאזֶען .

אִיךְ מוּז דָאס הַיינְט קָאנְצֶען ! הָאט עֶר אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן , מִיט הָאֶרֶץ , אוּנ מָארְגֶען זָאל אִיךְ שׁוֹין פְרַייא זַיין פוּן דִיא ווַאוּנְדֶען וָואס מַיין הָערְץ פַּיינִיגְט זִיךְ הַיינְט פוּן זֵייא ! אָבֶּער אִיךְ ווִיל נָאךְ פְרִיעֶר גֵיין צוּ רָאזֶען אוּנ אִיר דֶער מָאנֶען , אַז עֶס הָאט אַמָאל גֶעלֶעבְּט אַ יוֹסֵף , וָועלְכֶען זִיא הָאט גֶעלִיבְּט , אוּנ וֶועלְכֶער עֶס הָאט אִיבֶּער אִיר יִסוּרִים גֶעלִיטֶען , אִין אַסְטְרָאג גֶעזֶעסֶען , אוּנ וָועלְכֶען זִיא הָאט פֶערְגֶעסֶען ! יַא , זִיא הָאט מִיךְ פֶערְגֶעסֶען ! אִיךְ גְלוֹיבּ אַז נִיט,וָואלְט אִיר דִיא גוּטֶע מוּטֶער נִיט גֶעגֵיט הַתּוּנָה הָאבֶּען ! גוּט אִיךְ גֵייא אִיצְט צוּ זֵייא אוּנ מוּז דָאס אִיר זָאגֶען ! אִיר זָאגֶען אַז אִיךְ לִיבּ זִיא נָאךְ אִיצְט , אִיךְ גֵייא !

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען בַּיין טִיר פוּן פְרִידְמַאנְס שְׁטוּבּ , בַּייא דִיא אֵייגֶענֶע טִיר , וָואס פְלֶעגְט זִיךְ פַאר אִים אַמָאל מִיט פְרֵיידֶעפֶען , אִיצְט אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ מוֹרָא גֶעהַאט אַרַיין צוּ גֵיין , גָאלְדֶע וֶועלְכֶע עֶס אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיין פֶענְסְטֶער אוּנ גֶעזָאגְט אַשְׁרֵי תְמִימֵי דָרֶךְ , הָאט גֶעזֶעהֶן וִויא עֶס אִיז פֶערְבַּייא גֶעפָארֶען פַאר בַּייא דֶעם פֶענְסְטֶער אַדְרָאנְסְקִי , אוּנ בַּאלְד דֶער הֶערֶענְדִיג טְרִיט אִין פִּרְהוֹיז הָאט זִיא גֶעמֵיינְט אַז דָאס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיר דֶער דָאקְטָאר , אוֹיף וֶועלְכֶען זִיא הָאט גֶעוַוארְט אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיף גֶעהוֹיבֶען אִים גֵיין אַנְטְקֶעגֶען,מִיט אַמָאל הָאט זִיךְ גֶיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ זִיא הָאט דֶער זֶעהֶן יוֹסֵפְן .

מוּטֶער ! הָאט עֶר אַגְעשְׁרֵייא גֶעטָאן , גָאלְדֶע אִיז פֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארִין :

יוֹסֵף , דוּא ? הָאט זִיא מִיט אַגֶעשְׁרֵייא אִים גֶעפְרֶעגְט , וָועלְבֶער גוּטֶער , אָדֶער שְׁוַוארְץ יָאר הָאט דִיךְ דָא גֶעבְּרַאכְט :

מוטער

מוטער ! האט יוסף גיענטפֿערט אונ איר האנט גינומען קוסן :

נאלדע האט מיט כעס איר האנט ארויס גינומען פון זײנע, אונ גיזאגט :

הער יוסף, אויב דוא האסט נאך האץ איין פונק סאוועסט אין הארצין זאלסט דו אוועק פון דאנען · אונ מיט מיר וייטער ניט ריידין, דו ביזט זינדיג אונ וואס ווילסט דוא נאך איצט, אפיקורס, פון מיין גיזונד ? פון מיין לעבין ? ארויס, איך חיל דיך ניט קענען מער !

מוטער, וואס האב איך גיזינדיגט ? א גאט, וואס איז פון מיר גיווארין אז קיינער דערקענט מיך ניט ?

דוא האסט גאט פאר לאזין, האט ער פון דיר דיין אמאהליגע צורה ארונטער גינומען, דוא ביזט ארשע, א אפיקורס אונ ניט רייד מיט מיר וייטער !

אבער הערט מיך אויס, ליבע מוטער, איר האט דאך מיך גיליבט אמאל, איך וויל אייך אלס דער ציילין אונ איר וועט זעהען אז איך בין אונשולדיג, גאט נעמט דאך אויך צו די זינדיגע, א הערט מיך אויס איין מינוט, לאזט מיר נאך אפאר ווערטער מיט ראזען אויס ריידין, מער פאר לאנג איך ניט פון אייך . —

גאט זאל דיר אזו באצאלין, וויא דוא האסט אונז באצאלט פאר אונזער זאלץ אונ ברויט, פאר אונזער טרייהייט, זאלכט ניט שמייען די מיר צוא עפענען, איך וויל דיך ניט קענען · הלואי וואלט איך דיך ניט גיקענט · דוא אפיקורס להכעיס · נאך גיקומען צו פארין מיט אדראנקע אום שבת בארימען זיך · אז ער מאג שוין אלץ · ארויס, דוא וועסט מיט ראזען ניט מער זוכה זיין אוואָרט אויס צו ריידין, ארויס דוא שטן !

איך וויל נאר זאגין, האט יוסף מיט אגיוויין גיזאגט, אז איך בין איר אלס מוהל, זיא איז געביך אונשולדיג, מען האט אויף מיר, מי יודע וואס, דא אויס גיטראכט, מיר איז שוין מער קיין הדוש, אז איר האט מיך גיקענט אזו צוא נעמען · האט זיא גימאגט מיך אין גאנצין פאר געסין ! נאלדע האט שוין דאס ניט גיהערט, זיא האט נאר אוואָרף גיטאן די טיר אונ ארײן אין שטוב אונ פאר שלאסין דיא טיר פון אינעווייניג, יוסף איז וויא פאר שטיינערט גיבליבין אויס ווייניג, אונ קוים גיטראפין וויא צו דער גיין אהיים ! . . .

איך גייא אהיים ? מיין היים איז איצט פון בריק אין וואסער, א גאט, וואס האב איך דער לעבט ? אט אזו האט זיך מיט מיר אויס גילאזין, איך קען עס ניט אריבער טראגין, איך מוז היינט מאכין אסוף, אלע מיינע האפענונגען האבין מיר זיך איבער גיקערט צו מיין אונגליק אונ אז איך וועל ווארטין ביז מארגין, מוז איך ווארטין אויף נייע וואונדען, אבער איך קען שוין מער ניט, גאט דוא ווייסט דאס ! נאך אפאר ווערטער צו ראזען שרייבין אונ גענוג ! . יוסף איז ארײן אין שטוב, אונ גידאוועגט מעריב מיט איין הארץ וואס גאט אליין האט נאר גיפילט, אונ באלד זיך גיזעצט שרייבין :

עלענדע ראזע

ווער איז מער עלענד, דער לעזער אדער דער שרייבער דאס ווייסט דוא, איך

איך מַיין: עס איז נִיטָא אַיין עֶלֶענְדֶער פַר מִיר — רָאזֶע, פַאר מַיין טוֹיט הָאבּ איך גִיוָואלְט דֶעם עֶרְסְטֶען מָאל פַאר זוּכִין דָעם טַעַם פוּן רַאבֶּע, אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען צוּ אַייךְ דִיר זָאגִין דוּא הָאסְט גִיזִינְדִיגְט פַאר גָאט, דוּא הָאסְט דַיין שְׁבוּעָה נִיט גִיהַאלְטִין, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גִיוָואלְט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אִין מַיינֶע לַיידִין אוּנ מַיין יוּנְגֶען טוֹיט — אִיצְט אִיז מִיר קְלָאר גִיוָוארִין, אַז דוּא בִּיזְט נִיט שׁוּלְדִיג, אוּנ מַיין מִתְוַדֶּה זַיין, אִיז נָאר פַאר דִיר, פֶערְצַייהֶע מִיר, דָאס פוּן גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצִין בִּין אִיךְ זִינְדִיג גִיוֶוען גֶעגֶען דַיינֶע טְרַייהַייט — רָאזֶע, וַויים אָבֶּער, אַז דַיין אוּנְשׁוּלְדִיג הָאבּ אִיךְ גִילִיטִין, אִיךְ פֶערְצַייהֶע דַיין מוּטֶער פַאר אִיר אוֹיפְנַאהְמֶע, זִיא אִיז גִיוִויס אוֹיךְ נִיט שׁוּלְדִיג — דִיא הַאנְט וֶועלְכֶע עס הָאט מִיר גִיקֶענְט אוּנְטֶער וַוארְפִין אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג פַאלְשֶׁע גֶעלְט, אוּנ מִיךְ אַרַיין וַוארְפִין אוּנְשׁוּלְדִיג אִין אַ גְרוּבּ, אַ יָאר צַייט. הָאט גִיקֶענְט דָא מַאכִין פוּן מַיין נָאמֶען אוּנְד אוּנְשׁוּלְד גָאט וַויים וָואס — אוֹיף קַיילֶע צוּא מַאכִין זַיינֶען דִי מֶענְשִׁין הֶעלְדִין — אוּנ משֶׁה שְׁנֵייאֶר מֶעג זִיךְ רִיהְמֶען! — אִיךְ וִויל נָאר דַיין מוּטֶער זָאגִין אַז אִיךְ בִּין אוּם שַׁבָּת צוּ אִיר נִיט גִיקוּמֶען צוּ פָארִין, דִיא גַאנְצֶע רֵייד אִירֶע, אִיז מִיר פְרֶעמְד —

רָאזֶע, אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט, גֶעגִין מִיר יוֹצֵא זַיין שְׁרַייבּ צוּ מַיינֶע עֶלְטֶערִין, אַז מַיינֶע צָרוֹת הָאבִּין מִיךְ בִּיזִין טוֹיט גִיבְּרַאכְט, אוּנ אִיךְ בֶּעט זַייא, זַייא זָאלִין מִיךְ לִייבְּט פֶערְגֶעסִין —

רוּחָמָקִין זָאג, אַז זִיא זָאל זִיךְ הִיטִין פוּן אִיר שְׁוָואגֶער משֶׁה שְׁנֵייאֶר — אִיר הַארְץ, הָאפֶע אִיךְ אִיז מִיר נָאךְ טְרַייא, אוּנ אִיר עֶלֶענְד רוּפְט דִיא לֶעצְטֶע טְרֶערִין אַרוֹיס פוּן מַיינֶע אוֹיגִין — מַיינֶע בְּרִיף, וֶועלְכֶע מֶען וֶועט זַיי דוּרְךְ פָּאלִיצְיֶע אָבְשִׁיקִין וֶועלִין מַיין אוּנְשׁוּלְד עֶרְקְלֶערִין, אִיךְ קֶען אָבֶּער בִּיז יֶענֶער צַייט נִיט וַוארְטִין, אִיבֶּרִיגֶענְס הָאבּ אִיךְ נִיט צוּא וָואס צוּא וַוארְטִין, מִיט דִיר רָאזֶע הָאבּ אִיךְ אַלְץ פֶערְלָארִין!... אִיךְ גֶעגְרִיסֶע דַיין פָאטֶער, אִיךְ גִירִיסֶע שְׁנֵייאֶרְקִין, אִיךְ גִירִיסֶע דִיא גוּטֶע לִיבֶּע רוּחָמָה, אִיךְ גֶערִיסֶע פַאר מַיין טוֹיט אַלֶעמֶען! — מִיט אַלֶעמֶען גוּט, דֶען נָאךְ מַיין טוֹיט קֶען מִיר שׁוֹין קֵיינֶער עֶטְוָואס טָאן —

אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ מַיין טוֹיט. וַוייל אִין דָער מִינוּט וָואס דוּא וֶועסְט קוּמֶען צוּ דָער שׁוּרָה, וֶועל אִיךְ שׁוֹין לִיגִין צוּם גְרוּנְט אוּנ מִיר וֶועט שׁוֹין אַלְץ אֵיינְס זַיין, צוּא אִיךְ הָאבּ גְלִיקְלִיךְ אָדֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִילֶעבְּט — צוּא וַויים מֶען מַיין אוּנְשׁוּלְד אָדֶער נִיט! בַּיי אָשֵׁר דֶעם מְלַמֵּד בִּין אִיךְ צְוַוייא וָואכִין קְרַאנְק גִילֶעגִין, אִיךְ בִּין זִויא אַ נָאהֶענְטֶער מְחוּתָּן אוֹיף דַיין חֲתוּנָה פוּן פֶּעטֶערְבּוּרְג אוֹיף דִיא פְלִיגְלֶען דָער הָאפְנוּנְג אוּנְד אוּנְגֶעדוּלְד גִיקוּמֶען צוּ פְלִיהֶען. נוּן הָאבּ אִיךְ גֶעטַאנְצְט, אוּנ קְרַאנְק גִיוָוארִין, אִיךְ הָאבּ שְׁנֵייאָרְקִין גֶעשְׁרִיבִּין עֶר הָאט מִיר נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט — דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז מִיר פַיינְדְלִיךְ גִיוָוארִין — זַייא גִיזוּנְד — אִיךְ בֶּעט דִיא זַאכִין מַיינֶע צוּ לָאזִין בַּיי רַבִּי אָשֵׁר מַיין בֶּעסְטִין אוּנ לֶעצְטִין פְרַיינְד — מִיר ווִילְט זִיךְ נָאךְ שְׁרַייבִּין, מִיר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁוֶוער מִיט מַיין פֶעדֶער זִיךְ צוּ שֵׁיידִין אָבֶּער אַנְדֶערְס קֶען נִיט זַיין, בְּלַייבּ גִיזוּנְד, דָאס זָאגְט דִיר. דָעם לֶעצְטִין מָאל, דַיין אַמַאלִיגֶער יוֹסֵף!

יוסף האט דעם בּריף גיענדיגט, אונ זיך גוט ארומגיזויקעלט? ער האט אים גיוואלט אליין ראזין אין האנד איבּער גענבּין, אונ האט זיך גילאזען גיין צוא פרידמאנען, טאמיר וועט ער איר דער זעהן אויפין גאס, ציטערנד איז ער ארויס גיגאנגען, אונ האט גיוואַרט, ענדליך האט זיך דיא טיר גיעפינט, אונ רוחמקע איז ארויס גילאָפין, יוסף האט זיא ערקענט אונ ארוף גיטאן ניט מיט איר נאמן:

וואס דארפט איר? האט זיא גיפרעגט.

יוסף האט זיך אפגיקערט אונ גיזאגט, נא טייערע קינד אבּריף פון דיינעם א גאהענטין מענטשין, דוא גיב דאס איבּר דיין שוועסטר, איר וועט וויסין ווער דאס האט גישריבּין, זייא גיזונד, ליב קינד!

רוחמה האט גיהערט, וויא ער האט דאס מיט בּיטערע טרערין גיזאגט, דער קול איז איר בּעקענט גיוועזן, אָבּער זיא האט אים ניט באלד ערקענט:

ווער זייט איר? האט זיא ניפרעגט, אונ גיוואלט זיך גוט איין קוקין אין זיין גיזיכט, יוסף האט ניט גיקענט ענטפערן אונ איז אוועק גיגאנגען, זיא האט גיוואלט נאך לויפין אונ אקוק טאן, אונ זיא האט נאר גיזעהען וויא ער איז אוועק צום בּריק שטאט, זיא איז אריין אין שטוב איבּער גילייענט דעם בּריף, אונ וויא איז זיא דער שראקין גיווארין אז דאס וואר יוספּס בּריף! זיא האט ניט גיוואַרט אונ האט זיך גילאזט לויפין צום בּריק, יוסף האט גיט גיקענט אראפּ שפּרינגען מיט אמאל, ווארום אויפין בּריק האבּין נאך גיברענט דיא לאטערנען, אונ דער בודישניק איז אומגיגאנגען הין אונ צוריק, ער האט אלס גיוואַרט בּיז ער וועט זיך דער ווייטערין פון אים, אונ דאן, וועט ער מיט איין שפּרונג אראפּ, אָבּער דא זיינען אונטער גיקומען מענטשין, דא זיינען צוא געפארין אגאנצער אבאז פורען, וואס האט זיך גיצויגין א האלבּ שעה נאך איינאנד. אונ דר אונגליקליכער מענטש האט זיך גימוטשט מוצין:

אפילו דעם טויט פערגינט מען מיר אויך ניט! האט ער אנגעשרייא גיטאן ארונטער גייענדיג פון בּריק. — פאר וואס זאל זיין דער טייטין זיך, א עבירה? האט דען ניט איטליכער פּראווע אויף זיך, אונ ווער וויל זיך דאס אייביג מוצין? אָבּער זייא זאגין: „אלעבּעדיגער מענטש האט אהאפּענונג“, נוא וואס פאר אהאפּנונג האבּ איך נאך? וועל איך דען מיין ראזען פערגעסין? וועל איך דען ניט אייביג ליידין, אז איך וועל זיך דער מאנען אויף היינטיגען טאג? אויף מיין ליבּע, אויף מיין אונגליק? איך בּין אפּערלארענער, פערפאלענער מענטש! מען האט מיך אלע טרייסט בּערויבּט, צו גינומן אלע לעבּענס זיכקייט, מיך אנידער גישטעלט אין פלאמען פייער, אונ מען הייסט מיר נאך לעבּין! איך קען ניט לעבּין! גאט דוא ווייסט דאס!

אין א אטהעם איז רוחמה גיבּליבּין לויפענדיג, איר האט זיך שוין אויסגידוכט, אז זיא וועט שוין גיפינען בּיין בּריק אגאנצין נארד, וועלבּע עס וועלין אים זוכין, זיא האט אים שוין גיזעהן ליגענדיג ארויסגעצויגענעם פון טייך א דער טרונקענעם, זיא האט בּייא דיא גידאנקען קוים דיא פיס גיקענט הויבּין, אונ

איז

אִיז פוּן דָעסְטְוֶועגִין מִיט דִיא לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת וַויִיטֶער גִילָאפִין, בִּלַאס חִיא רֶעד טוֹיט אִיז זִיא צוּא גִיקוּמֶען צוּם בְּרִיק אוּנ הָאט אִים דֶער זֶעהֶן, זִיא הָאט נָאךְ אוֹיסְפֶּעְיֶעט צוּ הֶערִין זַיְינֶע רַייד, זִיא הָאט זִיךְ אַוֶועקְ גִיטָאן אוֹיף אִים אוּנ אִיז אִין אוּנְמַאכְטִין גֶעבְּלִיבִּין:

נָאךְ דָאס הָאט מִיר גִיפֶעלְט! הָאט יוֹסֵף אַזָאג גִיטָאן אִין כַּעַס, וֶוער אִיז דָאס? פוּן וַואנֶען הָאט זִיךְ דִיא גִינוּמֶען? עֶר הָאט גִיוָואלְט אִירֶע הֶענְט אַרָאפּ מַאכִין פוּן זַיין הַאלְז. אָבֶּער עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז זִיא חַלָשְׁט, אוּנ אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען מִיט אִיר אַבִּיסִיל נֶעהֶענְטֶער צוּם פַאנַאר:

אָ רוּחָמָה! וָואס אִיז דִיר הָאט עֶר אַגִישְׁרֵיי גִיטָאן, אִין דֶעם עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט אִיר טוֹיטֶעס גִיזִיכְט, גָאט, הֶעלְף מִיר, אִיךְ בִּין אַלֵיין, אִין הַאלְבֶּע נַאכְט! עֶר הָאט זִיא פוּן וֶועג אַרָאפּ גִיטְרָאגִין אוּנ זִיא גִינוּמֶן בְּרֵיינְגֶען צוּ זִיךְ, אָבֶּער עֶס הָאט נִיט גִיהָאלְפִין, זִיא אִיז גִילֶעגִין אַטוֹיטֶע פַאר אִים, אִיר לִיבֶּעס גִיזִיכְט הָאט זִיךְ נִיט בֶּעוֶועגְט, דִיא אוֹיגִין וַוארִין שְׁטָאר אוּנ הַאלְבּ פֶערְשְׁלָאסִין, יוֹסֵף הָאט זִיא גִינוּמֶען קוּשִין אוּנ זַיְינֶע הַייסֶע טְרֶערִין זַיְינֶען אִיבֶּער אִיר גִיזִיכְט גִיפַאלִין, צוּם אוּנְגְלִיק אִיז קֵיינֶער נִיט פֶערְבַּייא גִיגַאנְגֶען! אַזוֹ אִיז אִין דֶער וֶועלְט, וֶוען מֶען עֶנְטְלוֹיפְט פוּן מֶענְטְשִׁין, בֶּעגֶעגֶענְט מֶען זַייא אוּמֶעטוּם, אוּנ וֶוען מֶען זוּכְט זַייא גִיפִינְט מֶען נִיט אֵיינֶעם!

עֶס זַיְינֶען אַרִיבֶּער גִיגַאנְגֶען פִינְף מִינוּט, אוּנ רוּחָמָה הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּא זִיךְ צוּא קוּמֶען, זִיא הָאט גֶעפֶענְט דִיא אוֹיגִין אוּנ גִיזֶעהֶן אַז זִיא לִיגְט אוֹיף יוֹסֵפְס הֶענְט:

יוֹסֵף! הָאט זִיא אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן! נִיט שְׁטַארְבּ!

בֶּערוּהִיגֶע דִיךְ לִיבֶּעס קִינְד! וָואס אִיז דִיר?

יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ דַיין בְּרִיף גִילֶעזִין, דוּא הָאסְט מִיר אִים אַלֵיין דֶער לַאנְגְט, נִיט שְׁטַארְבּ לִיבֶּער יוֹסֵף! דוּא הָאסְט נָאךְ נִיט אַלֶע הָאפְּפֶענוּנְג פֶערְלָארִין! אִיךְ ווֵייס דַיין אוּנְגְלִיק, אָבֶּער רָאזֶע אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, זִיא אִיז נִיט בַּייא אִיר זִינֶען, זִיא הָאט גִיוֵויינְט אוּנ גִיקְלָאגְט גִינוּג, אָבֶּער עֶס הָאט נִיט גִיהָאלְפִין! יוֹסֵף, דוּ בִּיזְט נָאךְ אַיין אִיד?

רוּחָמָה, זָאג מִיר וָואס אִיז דָאס פַאר אַפְרַאגֶע? וָואס דֶען זָאל אִיךְ זַיין?

אוּנְגְלִיקְלִיכֶער יוֹסֵף! הָאט רוּחָמָה מִיט אַגִיוֵויין גִיעֶנְטְפֶערְט, דוּא הָאסְט נִיט אַלֵיין מִיט דַיְינֶע הֶענְט גִישְׁרִיבִּין, אַז דוּ וֶועסְט זִיךְ טוֹיפֶען? אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעֶן: דֶער בְּרִיף אִיז אַפַאלְשֶׁער! מֶען הָאט מִיר נִיט גִיגְלוֹיבְּט, אַלֶע הָאבִּן גִישְׁרִיעֶן; עֶס אִיז דַיין הַאנְדְשְׁרִיפְט! אָ דֶער בְּרִיף הָאט רָאזֶען אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט, זִיא הָאט פוּן דַאמָאלְס אָן אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ רֵיידִין, זִיא הָאט אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ וֵויינֶען, נָאר אִיךְ אַלֵיין ווֵייס, אַז אִיר הַארְץ וֵויינְט נָאךְ אוֹיךְ אִיצְט, זִיא וֶועט דָאס נִיט דֶער הַאלְטִין, אַז זִיא וֶועט דֶער וִויסִין, וָואס מִיט אִיר הָאט זִיךְ צוּ טָאן! מֶען הָאט זִיא פַארְקוֹיפְט, אַוֶועק גִיגֶעבִּין צוּ אַגְרָאבִּין נַאר אִין דִי הֶענְט, וֶועלְכֶער עֶס הָאט קֵיין שֵׂכֶל זִיא צוּ

דֶערְקֶענֶען

דֶערְקֶענֶען , יוֹסֵף , זִיא אִיז נִיט גְלִיקְלִיכֶר פַר דִיר , אָבֶּער וָואס קֶען מֶען הֶעלְפִין ? אִיר לִיגְט שׁוֹין דִי קֵייטִין אוֹיפִין הַאלְז !....

רוּחָמָה ! וֶוער הָאט דָאס אַזוֹ פִיל גִיטָאן ?

קֵיין אַנְדֶערֶער , וִויא מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר , עֶר דֶער גַזְלָן ! אוּנ גָאט שְׁטְרָאפְּט אִים גָאר נִיט !

יַא , עֶר קֵיין אַנְדֶערֶער ! עֶר הָאט אַלֶע מֵיינֶע בְּרִיף אִיבֶּער גִינוּמֶען , פוּן מִיר רָאזֶעס בְּרִיף אוּנ דֵיינֶע גֶערוּיבְּט , מִיר פַאלְשֶׁע גֶעלְט אוּנְטֶער גִיוָוארְפִין אוּנ אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען מִיךְ אִין אַסְטְרָאג , אִין אַפִינְסְטֶערִין נַאסֶע גְרוּבּ , אַגַאנְץ יָאר גִיהַאלְטִן , עֶר הָאט אוֹיף מִיר אוֹיס גִיטְרַאכְט אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִיטוֹיפְט , פֶערְנוּמֶען דֶעם טַאטֶענְס גֶעלְט , אוּנ עֶרְגֶער פַאר אַלְס , עֶר הָאט מֵיין רָאזֶען פֶערְקוֹיפְט . אוּנ פוּן הַיינְט אָן הָאבּ אִיךְ קֵיין הָאפְפֶענוּנְג מֶער ! לִיבֶּע רוּחָמָה, זַייא מִיר גֶעזוּנְד, אִיךְ קֶען נָאךְ אַזוֹ פִיל פֶערְדְרוּס נִיט לֶעבִּן , נִיט שְׁטֶער מִיךְ , אִיךְ וִויל שְׁטַארְבִּן !

אָ יוֹסֵף נִיט טוּא דָאס , וֶוען דוּא ווילְסְט , אַז אִיךְ זָאל דָאס אוֹיךְ נִיט טָאן ! יוֹסֵף , דוּ הָאסְט גָאךְ אַהַארְץ ווֶעלְכֶע עֶס לֶעבְּט פַאר דִיר , וֶועלְכֶע עֶס אִיז פוּל הֵייסֶע לִיבֶּע צוּ דִיר , דוּ זֶעהְסְט זִיא אִיצְט אִין דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע מִינוּט פַר דֵיינֶע אוֹיגִין ! יוֹסֵף אִיךְ לִיבּ דִיךְ , אוּנ מַאךְ מִיךְ הַיינְט נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ אַזוֹ וִויא רָאזֶע אִיז אוּנְגְלִיקְלִיךְ ! אָדֶער מִיר וֶועלִין בֵּיידֶע אַרוּנְטֶער פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער :

נֵיין רוּחָמָה , גְלַייכֶער שׁוֹין בֵּיידֶע פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער . אֵיידֶער זִיךְ נָאךְ לָאזִין לֶעבִּין , אוּנ זִיךְ פַּיינִיגֶען יָארִין לַאנְג אוּנ דֶער נָאךְ קוּמֶען צוּ דִיא אֵייגֶענֶע וֶועג אוֹיף וֶועלְכֶע מִיר שְׁטֵייעֶן אִיצְט , נִיט בֶּעט מִיךְ לֶעבִּין , וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין פוּן לֶעבִּין לַאנְג מְיַאֵשׁ גִיוֶועֶן !

יוֹסֵף , נִיט רֵייד פוּן טוֹיט , אִיךְ הֵייבּ אָן עֶרְסְט צוּ לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט ! אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַמָאל גִילִיבְּט וִויא אַבְּרוּדֶער , אִיצְט יוֹסֵף לִיבּ אִיךְ דִיךְ אָנְשְׁטָאט מֵיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע רָאזִין , נִיט פֶערְצְוַוייפְלֶע , גָאט הָאט מֵיין הַארְץ גִיעֶפִינְט פַאר דִיר , אִיךְ וֶועל זִיךְ סְטַארַאיֶען דִיךְ גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכִין ! אִיךְ קֶען נִיט , אוּנ וִויל נִיט טְרַאכְטִין וֶועגִין טוֹיט ! דוּא לִיבְּסְט מִיךְ יוֹסֵף , אִיךְ וֵוייס דוּא לִיבְּסְט מִיךְ , אוּנ נִיט וִויל , אַז אִיךְ זָאל אַזוֹ אַיוּנְגֶע זִיךְ אַטוֹיט אָנְטָאן ! אִיךְ לִיבּ דִיךְ יוֹסֵף , אוּנ דוּ וֶועסְט נָאךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין !

לִיבֶּע רוּחָמָה ! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט מִיט אַגֶעוֵויין , וָואס וֶועט דֶער סוֹף זַיין דֶער פוּן ? וֶועט דֶען מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר שְׁוַוייגִין אִיצְט ? אוּנ וֶועט נִיט זוּכִין אַטוֹיט אוֹיף מִיר ? צוּא וָואס זָאלְסְט דוּא מִיךְ ווידֶער אַרַיין פִירֶען אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער דֶערְגֶער פוּלֶע וֶועג, וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ פוּן אִיר אִיצְט קוֹים אַרוֹיס גֶעפּוּטֶעט ? אִיךְ לִיבּ דִיךְ, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נָאךְ אִיצְט כֹּחַ פוּן דִיר זִיךְ צוּא שֵׁיידִין , גָאט פַאר וָואס אִיז מִיר נִיט גִינוּג דִיא צָרוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אוֹיסְגֶעלִיטָען ?

דָער מָאן זִיךְ לִיבֶּער יוֹסֵף , אָן דֵיינֶע עֶלְטֶערִין , דוּא הָאסְט זַייא נָאךְ קֵיין נַחַת גִיוִויזִין אִין דֵיין לֶעבִּין , מֵיין מוּטֶער וֶועט דֵיין אוּנְשׁוּלְד בַּאלְד אוֹיךְ דֶר וִויסִין , אוּנ וֶועט קְלָאגִין אוּנ גְוַיינֶען אוֹיף דִיר , נֵיין , אִיךְ וֶועל דִיר דָאס נִיט לָאזִין. דוּא הָאסְט

קֵיין

קֵיין פְרַאוֶוע אִיבֶּער זִיךְ אַלֵיין אוּנְז אַלְעמֶען צוּ אִיבֶּערְפִירֶען , אִיךְ וֶועל גִיוִוים נִיט לֶעבִּין אָן דִיר , רָאזֶע וֶועט אוֹיךְ זַיין זִיבִּין מָאל אוּנְגְלִיקְלִיכֶער וִויא זִיא אִיז אִיצְט, טוּא דָאס נִיט פוּן אִירְטְווֶועגִין , דוּ קֶענְסְט אִיר דָאךְ אַטְרַייעָר פְרַיינְד בְּלַייבִּין חָאץ זִיא אִיז שׁוֹין נִיט דַיינֶע, אוּנ פָּאזְוָואִילֶע אִיר , זִיךְ צוּ טְרַייסְטִין דֶער מִיט , אַז זִיא וֶועט נָאךְ וִויסִין , אַז זִיא הָאט אַיין הַארְץ אִין גַאנְצֶער וֶועלְט וֶועלְכֶע עֶס פִילְט אִירֶע לֵיידִין !

רוּחָמָה ! וָואס בִּיזְט דוּא גִיוָוארִין אִין דֶעם יָאר ? אִיךְ וָואלְט נִיט גִיגְלוֹיבְּט אַז דוּא וֶועסְט דָאס מִיר אַזוֹ זָאגִין , אִיךְ הָאבּ דִיךְ נָאךְ אַקִינְד גִילָאזִין :

צָרוֹת מַאכִין קְלוּג ! זָאגְט דִיא וֶועלְט , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רוּחָמָה , אַ סַךְ הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגִילִיטִין , דַיינֶע צָרוֹת זַיינֶען מִיר אִין הַארְצִין גִילֶעגִין , רָאזֶעס עֶלֶענְד הָאט מִיךְ גִילֶערִינְט לִיבִּין דִיךְ , יוֹסֵף , אִיךְ זָאג דִיר דֶעם אֱמֶת , דַיין לֶעצְטֶער קוּס צוּ דַיין גֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט מִיר הָאט מִיר אַנַייעֶם גֶעפִיל גִיגֶעבִּין , אִיךְ הָאבּ אִים אִין זִיךְ בֶּעהַאלְטִין , נִיט גִיסְמַייעֶט אִיבֶּר צוּ טְרַאכְטִין אוּנ עֶרְקֶענֶען וָואס פַר אַגֶעפִיל דָאס אִיז , אִיךְ הָאבּ נָאר גִיהֶערְט אַז דוּא הָאסְט דַיינֶע לִיפִּין פוּן מִיר אָפּ גִירִיסִין וִויא מִיר הָאט מַיין הַארְץ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּא פֶעהְלֶען :

יוֹסֵף , אִיךְ בִּין זִיךְ מוֹדֶה , אִיךְ הָאבּ שְׁטִילֶערְהַייט מַיין שְׁוֶועסְטֶער מְקַנֵא גִיוֶועןְ , אָבֶּער חָלִילָה נִיט גִיוַוארְט אוֹיף אַזוֹ אַיין אוֹיסְלָאז , אִיךְ הָאבּ גִיטָאן פוּן דַיינְט וֶועגִין אוּנ פוּן אִירְט וֶועגִין , וִויא פִיל מִיר אִיז נָאר מֶעגְלִיךְ גִיוֶועןְ , אִיךְ הָאבּ גִוַואלְד גִישְׁרִיעֶן , אַז דֶער בְּרִיף אִיז אַ פַאלְשֶׁער , סֶען הָאט מִיר נִיט גִיגְלוֹיבְּט רָאזֶע אִיז מָרָה שְׁחוֹרָה גִיוָוארִין , אוּנ נָאר צַייטֶעוַוייז פְלֶעג אִיךְ מִיט אִיר רֵיידִין וֶועגִין דִיר , זִיא פְלֶעגְט זִיךְ דַאן וִויא פוּן אַבִּיטֶערִין שְׁוֶוערִין חָלוֹם אוֹיף הֵייבִּין אוּנ בְּרוּמֶען אוּנ שְׁרַייעֶן , אַז מִיר פְלֶעגְט אָן נֶעמֶען אַ אֵימָה , אוּנ דָא אִיז אוּנְטֶער גִיקוּמֶען דִיא חֲתוּנָה אִירֶע . פוּן דִיר הָאבִּין מִיר נָאר אוֹיף גִיהֶערְט צוּא הֶערִין דֶער קְלַאנְג אִיז גִיגַאנְגֶען דוּא הָאסְט זִיךְ גִיטוֹיפְט , דִיא מוּטֶער הָאט שְׁטְרַיינְג פֶערְזָאגְט : מֶען זָאל דַיין נָאמֶען נִיט דֶער מָאנֶען , נָאר שְׁטִילֶערְהַייט , וַויים אִיךְ , פְלֶעגְט זִיא דִיךְ יֶעדֶע מִינוּט מִיט טְרֶערִין דֶער מָאנֶען , אִיךְ הָאבּ גִימַיינְט , אַז רָאזֶע וֶועט דֶעם חֲתוּנָה טָאג נִיט אִיבֶּער לֶעבִּין , זִיא הָאט גִיוִויס צֶעהֶען מָאל גִיחַלֶשְׁט אָבֶּער קֵיינֶער הָאט גִיוואוּסְט וָואס , דֶער עוֹלָם הָאט גִיגֶעסִין אוּנ גִיטְרוּנְקֶען , אִיר פְלֵייש אוּנ אִירֶע טְרֶערִין , אוּיס ! מִיט רָאזֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער אַכְזָר אִיסְפְּרַאוֶועט , זִיא הָאט אִיצְט קֵיינֶעם אוֹיף דֶער וֶועלְט , וָואס זָאל אִיר הַארְץ קֶענֶען הֵיילִין , יוֹסֵף דוּא אַלֵיין , דוּא נִיט טֵייט אוּנְז בֵּיידִין , אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט אַוֶועק לָאזִין , דוּא מוּזְט מִיר פֶערְשְׁפְּרֶעכִין צוּ בְּלַייבִּין דָא הִיא , דוּא מוּזְט מִיר אַהַאנְד גֶעבִּין דוּא זָאלְסְט נָאךְ לֶעבִּין חָאץ אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דוּא זָאלְסְט מִיךְ לִיבִּין , אִיךְ פֶערְלַאנְג דָאס פוּן דִיר נִיט לִיבֶּער יוֹסֵף וֶוען דוּא קֶענְסְט דָאס נִיט , נָאר דוּא ווַייס , אַז אִיךְ וֶועל נָאר אַזוֹ לַאנְג לֶעבִּין , וִויא לַאנְג אִיךְ וֶועל וִויסִין אַז דוּא לֶעבְּסְט , אוּנ מוּזִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט טֵייטִין , אַז דוּא יוֹסֵף וֶועסְט דָאס טָאן ! ... אִיךְ דַארְף דִיר אָבֶּער זָאגִין , אַז אִיךְ וִויל נָאךְ לֶעבִּין !

ליבע

לִיבָּע רוּחָמָה ! וָואס הָאבּ אִיךְ דִּיר גִיטָאן ? אִיךְ האבּ גִימֵיינְט : אִיךְ וָועֶר שׁוֹין אוּיס גִילֵייזְט , אָבֶּער צוּם אוּנְגְלִיק , ווִילְסְט דוּא דָאס נִיט ! דוּא בִּיזְט וָוערְט , אִיךְ זָאל פַאר דִיר אוֹיךְ עֶטְוָואס אָפְּפָערִין , אָבָער ווִיסִין זָאלְסְטוּ , אַז דֶעם שְׁוָוערְסְטִין אָפְּפֶער בְּרֵיינְג אִיךְ דִיר , אִיךְ וֵויס , אִיךְ וֶועל נָאךְ צָרוֹת הָאבִּין , לֵיידִין פַּיין , יֶעדֶע מִינוּט וָואס אִיךְ וֶועל רָאזֶען דֶער מָאנֶען , אִיךְ הָאבּ אִיר אַמָאל מַיין נַאנְצִין לֶעבִּין גִישָׁאנְקֶען , אוּנ קֶען אִים צוּרִיק נִיט נֶעמֶען , אוּנ גָאט וֵויס , אוֹיבּ אִיךְ עֶנְטְשְׁלִיס זִיךְ אִיצְט צוּ לֶעבִּין אִיז דָאס טָאמֶער וֶועל אִיךְ אִיר אַמָאל קֶענֶען טְרֵייסְטֶען אוּנ אוֹיף דֶעם אוֹפֶן בְּלֵייבּ אִיךְ דַיינֶער !

נָאר נִיט טֵייט זִיךְ ! הָאט רוּחָמָה גִיעֶנְטְפֶערְט .

דוּא מוּסְט אָבֶּער זִיךְ סַאגְלַאסִין דַארוֹיף , אִיךְ זָאל אִיצְט מִיט דִיר זִיךְ שֵׁיידִין , אִיךְ ווִיל נִיט , אִיךְ זָאל נָאךְ אַזוֹ פִיל לֵיידִין , נָאךְ לֶעבִּין אַנֶעקְוֶועלְטִין לֶעבִּין , אִיךְ גֶעפִּין זִיךְ נָאךְ פֶעהִיג צוּם שְׁטוּדִירֶען , אִיךְ וָועל עֶס טָאן , רַבִּי יִצְחָק הָאט מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין צוּא שְׁטִיצֶען . דָאס קֶענֶען דוֹיֶערִין פִינְף אָדֶער זֶעקְס יָאר , בִּיזְט דוּא סַאגְלַאסְנֶע דַארוֹיף לִיבָּע רוּחָמָה , קֶען אִיךְ דִיר לִיבָּע פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען , אוּנ אוֹיבּ נִיט לָאז מִיךְ !

לִיבֶּער יוֹסֵף ! טוּא ווִיא דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט , וִויא דוּא ווִילְסְט , נָאר פֶערְשְׁפְּרֶעךְ מִיר אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ נִיט טֵייטִין !

אִיךְ פֶערְשְׁפְּרֶעךְ דִיר , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף , אִיךְ שְׁוֶוער דִיר :

אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר , הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רוּחָמָה , קֵיין מֶענְטְשׁ אוֹיף דֶער וָועלְט הָאט דִיר זָא גִיגְלוֹיבְּט ווִיא אִיךְ , דוּא וֶועסְט שְׁרֵייבִּין צוּ מִיר ?

נֵיין ! גְלֵייכָער אַז קֵיינֶער זָאל דֶער פוּן נִיט ווִיסִין , דַיין שְׁוָואגֶער וֶועט דָאס נִיט ווִיסִין , וָועט פַאר אוּנְז בֶּעסָער זַיין , דוּא דֶער צֵייל קֵיינֶעם , אִיךְ וֶועל אַוָועק פָארִין , אוּנ בַּייא אַיךְ אִין שְׁטוּבּ מָאג מֶען וֵויינֶען אָדֶער שִׁילְטִין מַיין נָאמֶען , אִיךְ מוּז דָאס אָבֶּער אַלְס אַרִיבֶּער טְרָאגִין . אַז עֶס וָועט קוּמֶען דִיא צַייט , אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין זַיין אִין שְׁטַאנְד דִיךְ צוּא נֶעמֶען צוּא זִיךְ וֶועל אִיךְ קוּמֶען , אוּנ מִיט דִיר זִיךְ נִיט מֶער שֵׁיידֶען , גֵייא אַהֵיים , זַייא רוּהִיג , דִיר שְׁטֵייט אַ סַךְ פָאר , אָבֶּער אִיךְ פַאר לָאז זִיךְ אוֹיף דַיין שֵׂכֶל , אַז דוּא וֶועסְט דָאס אַלְס אַרִיבָּער טְרָאגִין , פִינְף אָדֶער זֶעקְס יָאר וֶועסְט דוּא וַוארְטִין אוֹיף מִיר , דֶעם סִימָן , אַז אִיךְ לֶעבּ וֶועסְט דוּא הָאבִּין , אַז אִיךְ וָועל נִיט שְׁרֵייבִּין , וָוארוּם דִיא עֶרְסְטֶע זַאךְ וָואס אִיךְ וֶועל אָנְזָאגִין נָאךְ מַיין טוֹיט , מֶען זָאל דָאס דִיר מוֹדִיעַ זַיין , דוּא קֶענְסְט זִיכֶער זַיין , אַז קֵיינֶע צְוֵוייטֶע אִין דֶער וָועלְט וֶועט אִיצְט מַיין הַארְץ נֶעמֶען , מַיין לֶעבִּין וָואס אִיךְ לֶעבּ אִיצְט הָאסְט דוּא מִיר אִים גִיגֶעבִּין , אִיךְ וָואלְט שׁוֹין אִיצְט לַאנְג שְׁטִיל צוּם גְרוּנְד גִילֶעגִין , דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מֶער קֵיין פְּרַאוֶוע אוֹיף אַנְדֶערֶע , נָאךְ מֶער לִיבָּע רוּחָמָה וַוייל דוּא בִּיזְט רָאזֶעס שְׁוֶועסְטֶער אוּנ אִיךְ וֶועל דוּרְךְ דִיר אִיר קֶענֶען אַ גֶעהִילְף זַיין , דוּא גֵייא אִיצְט אַהֵיים , גָאט אַלֵיין אִיז צְווִישִׁין אוּנְז אַעֵדוּת , מִיר זָאלִין דָאס שְׁוַוייגִין , בִּיז וַואנֶען דִיא צַייט וָועט קוּמֶען , אִיךְ גֵייא אִיצְט אוֹיךְ אַהֵיים , מָארְגִין גַאנְץ פְרִיא פַאר אִיךְ

אוועק , אפילו זעלבסט מיין בעסטין פריינד וועל איך ניט ערציילין וואס צווישין אונז האט זיך גיטאן :

יוסף האט זיא צוא ניפירט ביזן טיר , זיך צוא זעגענט מיט איר אויף זעקס יאהר — אונ איז אוועק אהיים , צוא זאמען גינומען זיינע זאכין , אונ איידער עס איז נאך טאג גיווארין איז ער שוין גיוועזן ווייט פון שטאט :

---

# ה

## גאלדעס לעצטער חבר מיט יוספין :

אין אפאר וואכין ארום , אז מען האט שוין אן גיהויבין צוא ריידין אז יוסף איז דא גיוועזן , אונ אז דאס איז שוין אן גיקומען צו ראזעס אויערין אויך — איז פרידמאגען אן גיקומען א פאוועסטקע אז מען טרעבעוועט זיין טאכטער ראזען צום סלעדאוואטעל — גאלדע האט איר ניט גיקענט לאזין אליין , אונ איז מיט איר מיט געגאנגען , אונ וויא זיינען זייא ערשראקען גיווארין , אז מען האט זייא פארגילייענט אלס וואס האט זיך צוא טאן מיט יוספין , אונ מען האט זייא איבער גיגעבין זיינע אלע בריף אונ אויך דיא לעצטע וועלבע ער האט גישריבען צוא זיין מוטער אונ צוא ראזען . ראזע איז אין סלעדאוואטעלנע הלשם גיבליבען , קומענדיג אהיים , האט מען פון זייא ביידען אווארט ניט גיהערט , ראזע נאר איז גיזעסין אונ זיך נעמיהט לייענענדיג די בריף , אונ אויף מארגין אין דער פרי האט מען שוין גיזעהען ביא ראזען אין צימער פלעסעליך מיט רפואות , זיא איז קראנק גיווארין , במעט ביז אסוף זומער איז ראזע ניט ארויס פון שטוב , איר הארץ האט אן גיהויבין שוואכער ווערין , אויף איר געזיכט האט גיברענט איין אונפערלאשענער פייער , דער מאן האט זיא גיליבט , ער איז אבער אאינגעל גיוועזן אונ ניט פערשטאנען וויא זיא צוא שעצען , זיא האט זייער זעלטען גירעט מיט אים , איר לעצטע האפפענונג איז גיוועזן , זיא וועט באלד שטארבען , אונ וועט ניט לאנג זיך דארפין קוועלין אונ פייניגען מיט אירע אלטע דערמאנונגען ,

אין שטאדט איז די רייד גיגאנגען : יוסף האט זיך דר טרונקען , ראזע האט דאס גיהערט . אונ פלעגט שטענדיג אום גיין ביין טייך , טאמער וועט מען אים גיפינען , ניט איינמאל האט זיא זיך גיוואלט דער טרינקען , אבער זיא האט שוין גיטראגין אקינד אונטערין הארצין , אונ דער גידאנק , אז זיא רויבט ביא איין אנדערין דעם לעבין , האט איר ניט גילאזט טייטין זיך , אונ אזו איז זיא גיוועזן דאפפעלט אונגליקליך . זיא האט גיקענט איר מאן אז ער איז ניט אמענטש צום נישעפט , אונ אז ער וועט אקאפייקע ניט קענען פאר דינען אז ער וועט אראפ פון קעסט , אבער דאס האט איר קיינע גרויסע דאגות גימאכט , זיא האט שוין זא וויא זא איר גליק פאר לארין , אונ מיט וואס וואלט זיא שוין גליקליכער גיוועזן אז איר מאן וואלט פארדינט מיליאנען אז זיא פלעגט אלס ארום גיין מיט דעם גידאנקען : „איך לעב ניט , איך בין שוין לאנג גישטארבין , איך בין נאר

אאונרוהיגער

אאוּנְרוּהִיגֶער רוּהַ, וָועלְכִין מֶען נִיט קֵיין מְנוּחָה אוֹיף יֶענֶער וָועלְט, אָבֶּער שׁוֹין צַייט זִיךְ אוֹיס צוּ לַייטֶערִין, כַּף הַקֶּלַע קֶען שׁוֹין אוֹיךְ נִיט זַיין עֶרְגֶער! אַזוֹ הָאט דִיא עֶלֶענְדֶע רָאזֶע גִילֶעבְּט אִירֶע צַייטִין, גִיוַויינְט נָאךְ יוֹסֶפִּין אוּנ אִיר לִיבֶּע צוּא אִים הָאט נָאךְ אַלְס גִילֶעבְּט אִין אִיר הַאץ זִיא הָאט נָאר נִיט חוֹשֵׁד גִיוֶוען אַז עֶר לֶעבְּט נָאךְ:

נָאלְדֶע הָאט אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער גִילֶעבְּט פַאר אִיר, אִיר הָאט נָאךְ גִיפְּלָאגְט דֶער גִידַאנְקֶען אַז אִיבֶּער אִיר הָאט זִיךְ יוֹסֵף עֶרְטְרוּנְקֶען — "וֶוען נִיט אִיךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ אִים אַזוֹ הַארְט בַּאהַאנְדֶעלְט. וָואלְט עֶר דָאס אֶפְשַׁר נִיט גִיטָאן!" פְלֶעגְט אִיר הַארְץ זָאגִין שְׁטֶענְדִיג, מִיר אִיז עֶרְגֶער פַאר יוֹסֶפְס עֶלְטֶערִין, זַייא הָאבִּין נָאר אֵיין קִינְד פַאר לָארִין, אִים אֵיין מָאל גִיזֶעהֶען שְׁטַארְבֶּען, אוּנ אִיךְ הָאבּ צְוַוייא קִינְדֶער פַאר לָארִין, "אוּנ זֶעה מַיין רָאזֶען אַטוּיטֶע יֶעדֶע מִינוּט אוּנ רֶגַע! נָאלְדֶע הָאט אַמָאל גִינוּמֶען אוֹיסְטְרַייסְלֶען דִיא קֶעסֶענֶעס עֶרֶב שַׁבָּת פוּן שְׁנֵייאָרְקֶעס סוּרְדוּק, עֶר זָאל חָלִילָה נִיט פַארְטְרָאגֶען עֶטְוָואס אוּם שַׁבָּת, אִיז אַרוֹיס גִיפַאלֶען יוֹסֶפְס בְּרִיף וָועלְכִין עֶר הָאט גִישְׁרִיבֶּען צוּא שְׁנֵייאָרֶקֶען, זִיא הָאט עֶרְקֶענְט זַיין הַאנְד שְׁרִיפְט אוּנ הָאט אִים בַּאלְד גִינוּמֶען לַייעֶנֶען:

לִיבְּסְטֶער בְּרוּדֶער! טַייעֶרֶער שְׁנֵייאָר!

אַיָאר צַייט, אִיז בַּייא דִיא וָועלְט נִיט אַזוֹ שְׁרֶעקְלִיךְ. וִויא אִיז אָבֶּער, אַז מֶען הַייבְּט אָן דֶעם נַאנְצִין יָאר אוֹיף אֵיינְצִיגֶע סֶעקוּנְדִין צוּ בֶּעטְרַאכְטִין אוּנ אַז יֶעדֶע סֶעקוּנְדֶע בְּרֵיינְגְט נַייֶע צָרוֹת, נַייֶע פְּלָאגִין, אוּנ אַז עֶס טְרֶעפְט סֶעקוּנְדֶען וָואס זַייא זַיינֶען שְׁוֶוערֶער אִיבֶּער צוּא דוּלְדֶען וִויא גַאנְצֶע יָארִין, אָ, דַאן אִיז אַיָאר צַייט, "אַגַאנְצֶע עֶווִיגְקַייט"! דַאן, אַז דֶער יָאר גַייט אַרִיבֶּער. אוּנ מֶען קוּקְט זִיךְ אַרוּם, וָואס מֶען אִיז אִין דֶער צַייט אוֹיס גִישְׁטַאנֶען. אוּנ אַז מֶען דֶער זֶעהְט, אַז דָאס אַלְס אִיז גִיוֶוען נָאר אִין אֵיין יָאר, הֶערְט מֶען אוֹיף אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּא גְלוֹיבִּין, אָדֶער מֶען אִיז וִויא צוּא מִישְׁט, מֶען גְלוֹיבְּט נִיט דִיא פְרִיעֶרְדִיגֶע זַאכִין וָואס הָאבִּין זִיךְ צוּ טָאן, אָדֶער מֶען הַייבְּט אָן צוּ צְוַוייפְלֶען אִין דִי אִיצְטִיגֶע צַייט:

שְׁנֵייאָר, נָאר אֵיין יָאר בִּין אִיךְ אִין אַסְטְרָאג גִיזֶעסִין, נָאר אֵיינֶע חֲדָשִׁים הָאבּ אִיךְ פוּן רָאזֶען קֵיין בְּרִיף גִיהַאט, אוּנ הֵייבּ אָן צוּ רֶעכֶענֶען וָואס אִיז דָא מִיט מִיר, אוּנ מִיט אִיר גִיוָוארִין? אִין דֶעם אֵיין יָאר הָאבּ אִיךְ גִיהַאט אַזֶעלְכֶע מִינוּטֶען, וָועלְכֶע עֶס וַוארִין מִיר וִויא שְׁוֶוערֶע בִּיטֶערֶע יָארִין לַאנְג, דָאס וַוארִין דִיא עֶרְסְטֶע מִינוּטֶען אַז אִיךְ פְלֶעג וַוארְטִין אוֹיף רָאזֶעס בְּרִיף, קֵיין מֶענְטְשׁ אִין דֶער וָועלְט הָאט מִיט מִיר דַאמָאלְס מִיט גִיפִילְט וַוייל דָאס הָאט שְׁטִיל גִילִיטִין נָאר מַיין בֶּעטְרִיבְּטֶעס הַערְץ. אוּנ וַוייטֶער גִיהָאפְּט טָאמֶער וֶועט מָארְגִין אִיר בְּרִיף מִיר אָן קוּמֶען, אוּנ אַז דֶער מָארְגִין פְלֶעגְט קוּמֶען אוּנ מֶען פְלֶעגְט מִיר בְּרֵיינְגֶען אָפֶּערְקְלֶעקְטֶען בְּרִיף, אָדֶער גָאר אַ אוּנְגִישְׁרִיבֶּענֶעס בּוֹיגִין פַּאפִּיר, ווַייס אִיךְ נִיט וִויא בִּין אִיךְ דַאמָאלְס נִיט מְשׁוּגָע גִיוָוארִין פוּן דֶעם בִּיטֶערִן גֶעפִיל וָואס דָאס הָאט אוֹיף גִיוֶועקְט אִין מִיר, אוּנ וִויא פְלֶעג אִיךְ וַויינֶען שְׁטִילֶערְהֵייט בַּייא מִיר אִין צִימֶער בְּעֵת אִיךְ פְלֶעג זִיצִין אָפְט בִּיז טָאג אוּנ שְׁרַייבִּין צוּ רָאזֶען, גָאט אוּנ דִיא

אלע

אַלֶע בְּרִיף וואו זַיינֶען זַייא אַהִין גִיקוּמֶען ? דַיין שְׁוָואגֶער , אָ מַיין אוּמְזִיסְטֶער שׂוֹנֵא הָאט מִיר דָאס אַלְס גִיטָאן , דָאס וַואר אִים נָאךְ וַויינִיג , אוּנ הָאט מִיר פַאלְשֶׁע גֶעלְט אוּנְטֶר גִיוָוארְפִין , אוּנ בִּין דוּרְךְ דֶעם אַנְאנְצֶען יָאר אִין אַפִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ פֶערְהוּשְׁכְּט גִיוָוארִין , אָבֶּער אוֹיךְ דָא הָאבּ אִיךְ מַיינֶע לִיבֶּע נִיט פַאר גֶעסִין , בַּייא יֶעדֶען בִּיסֶען אַרַאפְּטַאנְסְקֶען בְּרוֹיט , בַּייא יֶעדֶען מָאל אוֹיף שְׁטַיין אוּנ לֵייגֶען זִיךְ אוֹיף דִיא פַאר פוֹילְטֶע בִּיסֶעל שְׁטְרוֹיא , הָאבּ אִיךְ רָאזֶען דֶער מָאנְט , זִיךְ גִישְׁטַארְקְט אוּנ נִיט גִיוָאלְט שְׁטַארְבִּין , אִיךְ הָאבּ נָאךְ גִיהָאפְט , גִיוַוארְט אַז מַיין אֶמֶת וֶועט אַרוֹיס שַׁיינֶען אֲפִילוּ דוּרְךְ מַיין פִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ , אַז אִיךְ פְלֶעג זִיךְ דֶער מָאנֶען רָאזֶעס שַׁיינֶעם צִימֶער , דִי רֵיינְלִיכְקַייט , דִיא רוּהִיגְקֵייט וָואס דָארְטֶען הֶערְשְׁט , אוּנ דִי טְרַייהַייט פוּן דַיין מוּטֶער צוּ אִיר — אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וִויא גוּט אִיר אִיז , זַיינֶען מִיר דִיא נַאסֶע וֶוענְט מִיט דֶעם קוֹיטִיגֶען בְּרִיק , נִיט אַזוֹי סְטְרַאשְׁנֶע גִיוֶועזֶען , דַאן וַוארִין דִי קְלִינְגֶענְדֶע קֵייטֶען מִיט דֶעם יָאמֶר גִישְׁרַייא וָואס עֶס הָערְט זִיךְ יֶעדֶע מִינוּט אִין דֶעם וואוֹנוּנְג , נִיט אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ וִויא זָאנְסְט ! — מַיין רָאזֶע אִיז פְרַייא , וואוֹינְט בַּייא אִירֶע עֶלְטֶערִין , אוּנ קֶען גֵיין וואוּ הִין זִיא וִויל אוּנְגֶעשְׁטֶערְט ! אוּנ מִיר אִיז שׁוֹין גוּט ! „פְלֶעג אִיךְ זָאגִין , מִיט יֶעדֶער פֵייגֶעלֶע וֶועלְכֶע אִיךְ פְלֶעג זֶעהֶן פֶערְבַּייא פְלִיעֶנְדִיג פְלֶעג אִיךְ צוּ אִיר מַיינֶע הֵייסֶע וִוינְשֶׁע שִׁיקֶען , אוּנ יֶעדֶע פֵייגֶעלֶע וָואס פְלֶעגְט זִיךְ אוֹיף דִי גְרַאטֶעס פוּן מַיין פֶענְסְטֶערְל שְׁטֶעלִין , פְלֶעגְט מִיר עֶטְוָואס אָנְזָאגִין , אִיךְ פְלֶעג מֵיינֶען אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא אוּנ זִיךְ פֶערְהָלוֹמֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶען לַאנְג , אִין אַלֶע מַיינֶע תְּפִלּוֹת וָואס אִיךְ פְלֶעג מִתְפַּלֵל זַיין פוּן דֶעם בִּיטֶערִין אָרְט הָאט מַיין הַארְץ גִישְׁרִיעֶן פַאר רָאזֶען , אוּנ אַזוֹי פְלֶעגְט מִיר טְרֶעפִין פַארְקֶערְט . אַז אִיךְ פְלֶעג אָנְהֵייבֶּען צוּ קְלֶערִן וִויא אַזוֹי בִּין אִיךְ אַהֶערְצוּ אַרַיין גִיפַאלֶען , אוּנ זִיךְ דֶער מָאנֶען אַז דָאסגִקוּמְט מִיר פוּן משֶׁה שְׁנַייאָרְס הֶענְט , וָואס עֶר וֶועט נֶעוִוים דֶער מִיט אַלֵיין נִיט יוֹצֵא זַיין , אוּנ טָאן רָאזֶען וָואס עֶר וֶועט נָאר קֶענֶען , דַאן , לִיבָּר שְׁנַייאֶר , פְלֶעג אִיךְ ווִילְד וֶוערִן אוּנ זִיךְ וַוארְפֶען בְּרֶעכִין דִי טִיר , אוּנ פְלֶעג אָבֶּער פַאלִין צוּרִיק אוֹיפֶען צִיגֶעל בְּרִיק , זִיךְ רַייסֶען דִי הָאר אוּנ רַייסֶען דִיא פְלֵייש אוֹיף זִיךְ , אוּנ פְלֶעג דַאן קֵיינֶע שְׁמֶערְצֶען פִילֶען , וָוארוּם דִיא שְׁמֶערְצֶען פַאר מַיין רָאזֶען , וָואס מַיין הֶערְץ הָאט גִיפִילְט , וַוארֶען פִיל גְרֶעסֶער אוּנ גְרוֹיזַאמֶער . אֵיינְמָאל הָאט מֶען מִיךְ אִין קֵייטֶען אַיינְגֶעשְׁמִיט פַאר מַיין בְּרֶעכֶען דִיא טִיר , אִיךְ הָאבּ פוּדֶען שְׁוֶוערֶע קֵייטֶען גִיטְרָאגִין אוּנ אַלְס פַאר מַיין רָאזֶען . נָאט הָאט מַיין עֶלֶענְד צוּא גִיזֶעהֶען אוּנ הָאט מִיךְ בֶּעפְרַייט , וָואס וַואר מַיין עֶרְסְטֶע פְרַאגֶע ? אִיךְ הָאבּ נָאר גִיפְרֶעגְט , וָואס מַאכְט אַיְיעֶר גִיזִינְד ? וָואס מַאכְט רָאזֶע ? „רַבִּי יִצְחָק הָאט מִיךְ נִיט גִיוָואלְט לָאזִין פָארֶען אַהֶערְצוּ ; אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גִימוּזְט אִים גֶענֶען זַיין אוּנ בִּין גִיקוּמֶען , שְׁנֵייאֶר ! וָואסֶערֶע לַאנְגֶע מִינוּטֶען הָאבּ אִיךְ גִיהַאט ? אִיךְ הָאבּ קוֹים דֶער לֶעבְּט דֶעם בְּרָאם צוּא דֶער זֶעהֶען , אִיךְ הָאבּ אִים דֶער זֶעהֶען , דוּרְךְ גִיפָארִין , אוּנ דָא הָאט מִיר דֶער יַאמֶשְׁטְשִׁיק אָנְגִיזָאגְט : אַגוּטֶער סִמָן , „אַחֲתוּנָה אִיז אִין שְׁטָאט , וָואס פַאר אַסִמָן אִיז דָאס גִיוֶוען ! אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא דִיא קְלֶעזְמֶער הָאבִּין גִישְׁפִּילְט , אוּנ

וּוער

אַער וואָלט מיר דאַמאָלס גיזאָגט ; אָט דאָרטין פירט מען איצט דיין ראָזען צוא
דער חופּה ? איך וואָלט ניט דער לאָזען , איך וואָלט צוא גילאָפין אונ זיך בעסער
גילאָזט טייטען אָנשטאָט זיא צו זעהן אַפּערקויפטע אויף אייביג ,אָדער איך וואָלט
גיוואַרט אויף איר אייגענעם אַנטוואָרט דאָס זיא האָט שוין מיך פאַרגעסען ,
אָבער איך וואַר צוא מישט אונ האָב ניט גיוואוסט וואָס מיט מיר טוט זיך , אין
עטליכע מינוט אַרום האָט מען מיר אָנגיזאָגט , אַז דאָס איז בייא ראָזען חתונה ׳
איך האָב אַלע זינען פערלאָרין , גישטאַנען אונ גיטראַכט , גיקוקט אונ דער זעהען
דעם עולם אידען , מען האָט שוין ראָזען געפירט פון דער חופּה ,׳איך האָב גיהערט
וויא דיא קלעזמער האָבין גישפּילט אונ יעדען פיר מיט דעם שמיק איבערן פידעל
איז מיר גיוועזן וויא מיט אַטופּין מעסער איבער מיין פערוואונדעטעם האַרץ ,
זייא האָבין ווירקליך מיט טופּע מעסער גיוועלט פאַנאַנדער שניידען מיין האַרץ
וועלכע עס איז צוא געוואַקסען צוא ראָזען , אָבער דאָס וואַר אומזאָנסט ! זייא
האָבין מיר נאָך יסורים אָן גיטאָן , וואונדען גימאַכט אָבער איך בין נאָך אַלס צוא
גיוואַקסען צוא איר ! . . .

עס לעבט נאָך מיין האַרץ אונ מאַטערט זיך , אונ ליידעט , וויל ראָזען נאָך
זעהן אונ ריידין מיט איר אונ דר נאָך רוהיג שטאַרבין , צו פרידן שטאַרבין ! . . .

אונ דאָס אַלס ליבער שנייאר , האָט זיך גיטאָן אין איין יאָר צייט ! א אַיאָר ,
אַשרעקליכער יאָר . ער איז גיווים וועמען עס איז קורץ גיוועזן , יענער האָט זיך ניט
אַרומגיקוקט וויא ער איז אים אַוועק גילאָפין,ער האָט אין אים נאָר גישט אויספּעניעט
צו טאָן , אָבער מיר איז ער צוא לאַנג גיוועזן , איך האָב מיין גאַנצין לעבין אין
אים אָבגילעבט , איך האָב מיין גאַנצין גליק אין אים פערלאָרין , אונ ער האָט
מיר אַלע האָפנונגען בערויבט , איך האָב זיך ניט גיגלויבט אונ אַקוק גיטאָן אין
שפּיגעל צו בין איך ניט אַלט גיוואָרין , אָבר דער שפּיגעל האָט מיר נאָר בעוויזין
מיין ווייסעם טויטעם גיזיכט , אונ מיינע האָר שוואַרץ וויא גיוועזן :

אַזוי ליבער שנייאר , הייסט עס , האָב איך שוין מיין ראָזין פערלאָרין ? יאַ , עס
איז בעשטימט אויף אייביג פערלאָרין ! אונ וואָס וועט איצט מיט מיר זיין ?

מיין ליכט האַלט שוין ביין אויסגיין , עס שמילצערט נאר טיף אין לייכטער
אַבלאָער , כמעט שוואַרצר פייעריל , עס הויבט זיך אויף אונ לאָזט זיך צוריק
אַרונטער וויא אַמענטש וואָס עס טריינקט זיך , עס לייכט ניט , עס בעווייזט נאר
וואָס פאַר אַשוואַרצע פינסטערנס עס הערשט אַרום . אט גיט זיך אַהויב , וויא
עס וואָלט נאָך זוכין הילף , אָבער עס גיפינט ניט ! שנייאר , איך קען עס ניט צו
זעהן . איך מוז דיא ליכט פערלעשין אונ מאַכין אַסוף ! . . .

מיין זעלע שמעלצערט , גליט נאָך אין מיר , אָבער זיא לייכטעט ניט . זיא
ווייס נאָר וויא פינסטער אַרום מיר איז ! שנייאר . איך וויל זיא אויסלעשין אונ
מאַכין אַסוף צוא מיינע צרות !

מיט איין בלאָז לעש איך דיא ליכט אויס אונ מיט איין שפּרונג פון בריק אין
וואַסער ווערט מיין זעלע פערלאָשין !

סוף

מִיט אַיין שְׁפְּרוּנְג קֶען אִיךְ מַיינֶע אַלֶע צָרוֹת פַאַרְגֶעסְן , אוּנ צוּ וָואס זָאל אִיךְ וַוארְטִין בִּיז דָר אַכְזָר , דָר טוֹיט וֶועט זִיךְ עֶרְבַּארֶעמֶען אוֹיף מִיר מִיךְ צוּ בֶּעפְרַייֶען? צוּ וָואס זָאל אִיךְ זִיךְ אַייבִּיג מוּטְשִׁין אוֹיף דָער וֶועלְט ? אוֹיס ! אִיךְ הָאבּ מַיין לִיבְּט פֶערְלָאשִׁין , אוּנ מָארְגִין אִין דָער צַייט וֶועט מִיט מִיר אַזוֹ אוֹיךְ זַיין ! . . .

שְׁנַייאֶר אִיךְ זֶעה זִיךְ שׁוֹין אִין טַייךְ , אִיךְ לִיג אוֹיפִין בְּרֶעג , אַרוּם מִיר קְלַייבִּין זִיךְ פִּישׁ , עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ , אָבֶּער אַלְס בֶּעסֶער וִויא אִיצְט לֶעבִּין בְּלַייבִּין אִין אַייבִּיגֶע צְווַאנְגֶען מִיט אַ אַייבִּיגֶע פֶערְוואוּנְדֶעטֶע הָערְץ .

עֶס בְּלַייבְּטוּ אַזוֹ , אִיךְ וֶועל זִיךְ דֶערְטְרִינְקֶען , מֶען וֶועט מִיךְ גִיפִינֶען , מִיךְ אַרוֹיס שְׁלֶעפִּין צוּם בְּרֶעג , אַרִיבֶּער דֶעקִין מִיט אַזַאק , אוּנ אַ גַארָאד וֶועט זִיךְ קְלַייבִּין אַרוּם מִיר , פְרוּמֶע עֶרְלִיכֶע אִידֶען , וֶועלִין זָאגִין : „עֶר אִיז אַ מְאַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת„ — „עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין אַמִיתָה אָן גִיטָאן , לַייגְט אִים בַּיי אַבְּרֶעג פְּלַאנְקֶען — זַייט אִים מְקַבֵּר קְבוּרַת חֲמוֹר !„ אוּנ דִי גֶעבִּילְדֶעטֶע וֶועלִין זָאגִין : „אָט אִיז אַנַאר , גִיט גִיהַאט וָואס צוּ טָאן הָאט עֶר זִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען !„ אָבֶּער מַיין הַארְץ וַייס נַאנְץ גוּט , אַז קֵיינֶער פוּן דִיא זָאגֶער וַוייסִין אוּנ פִילִין מַיינֶע וואוּנְדֶען , זַייא וַוייסִין גִיט אַז אִיךְ טְרִינְק זִיךְ טָאג אוּנ נַאכְט אִין טְרֶערִין ! אָ זַייא וָואלְטֶען דָאס נָאר פְּרוּבִין פִילִין — אִיךְ וִוינְטְשׁ זַייא דָאס נִיט — דַאן וָואלְטִין זַייא אוֹיךְ אַזוֹא טָאן , וַוייל קֵיין אַנְדֶער עֵצָה אוּנ אוֹיס גַאנְג אִיז נִיטָא ! נָאר דִיא אַיינֶע קֶען אִיצְט מַיין פַייעֶר לֶעשֶׁען . . !

שְׁלֶעכְט נָאר , וָואס קֵיינֶער וַוייס מַיין אֶמֶת נִיט ! דִיא וַואסֶער וֶועט מִיךְ צוּא נֶעמֶען , אִיךְ וֶועל פַאלִין צוּם גְרוּנְד מִיט אַשְׁטֵיין אוֹיפִין הַאלְז — וַוייל אִיךְ וִויל גִיט מֶען זָאל מִיךְ גִיפִינֶען — אָבֶּער מַיין אֶמֶת וֶועט נִיט אַרוֹיף שְׁווִימֶען ! דֶעם אֶמֶת וַוייס נָאט , אָבֶּער עֶר שְׁוַוייגְט צוּ פִיל ! . . .

אַלְזוֹ שְׁטַארְבּ אִיךְ פַאר מַיין אֶמֶת , דָאס הַייסְט , פַר מַיין אוּנְשׁוּלְד , אִיךְ הָאבּ מַיין שְׁבוּעָה , אֲפִילוּ מַיין וָוארְט נִיט גִיבְּרָאכִין , אוּנ וֶוען אוֹיף מִיר לִיגְט עֶפֶּעס אַשׁוּלְד , אִיז דָאס נִיט צוּ קֵיין אַנְדֶערִין וִויא צוּ מַיינֶע עֶלְטֶערִין אוּנ צוּ רַבִּי יִצְחָקִין !

אָ וִויא מֶען קֶען דָאס אִין דֶעם אַנְדֶערֶנְס פַּאלָאזֶענֶיע נִיט אַרַיין ! מֶענְטְשֶׁן מַיינֶען אָפְּט דֶעם אַנְדֶערִין אַטוֹבָה צוּא טָאן , אוּנ טוּעֶן פוּן טְרַייהַייט דִיא עֶרְגְסְטֶע רָעָה , רַבִּי יִצְחָק הָאט בַּייא מִיר אַוֶועקְגִענוּמֶען , אִיךְ זָאל זִיךְ קֵיין בֵּייז אָנְטָאן , עֶר הָאט מִיר אָן מַיינֶע אָרֶעמֶע עֶלֶענְדֶע עֶלְטֶערִן דָר מָאנְט , אִיךְ הָאבּ אִים פֶערְשְׁפְּרָאכֶן , אָבֶּער אִיצְט קֶען אִיךְ עֶס נִיט הַאלְטִין אוּנ דִי עֲבֵרָה נֶעם אִיךְ מִיט זִיךְ ! אִיךְ קֶען נִיט לַיינְגֶער וַוארְטִין . אָ ! מַיינֶע אָרֶעמֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין ! אִיר הָאט נָאךְ פוּן מִיר קֵיין נַחַת גִיהַאט ! פִיל שְׁמֶערְצִין אוּנ לֵייד הָאסְט דוּא לִיבֶּע מוּטֶער , פוּן מִיר גֶעטְרָאגֶען צַייט דוּ הָאסְט מִיךְ גִיבָּארִין — מִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיכֶען , אוּנ אִיצְט מוּז אִיךְ דִיר דַיינֶע אִיבְּרִיגֶע יָארִין פֶערְבִּיטֶערִן !„ — קֵיין אַנְדֶער זַאךְ אִין לֶעבִּין לִיגְט מִיר אַזוֹ שְׁוֶוער אִיצְט אוֹיפִין הַארְצִין , וִויא מַיינֶע עֶלְטֶערְנְס בֶּעטְרִיבְּנִיס , אִיךְ וַוייס , אַז אִיךְ בֶּעגֵייא זִיךְ נִיט מִיט זַייא וִויא אַ עֶרְלִיךְ קִינְד דַארְף זִיךְ בֶּעגֵיין מִיט אַזֶעלְכֶע טְרַייעֶ עֶלְטֶערִין , אָבֶּער דָאס וַוייס אִיךְ , וֶוען זַייא וָואלְטִין וִויסִין מַיין אִיצְטִיגֶע

אבסטאיאטעלסטווא

אַבְּסָטָאַיאָטֶע סְטְוָוא אַקוּרַאט וָואלְטִין זַייא מִיר נָאךְ אַלַיין הָעלְפִין אִין וָואס אִיךְ וִויל טָאן ! וָוארוּם זַייא וָואלְט דָאךְ עֶרְגֶער זַיין צוּ זֶעהְן זַייעֶר קִינְד אִין אַייבִּיגֶען פַּיין אוּנ לַיידִין ! אִיךְ וָועל צוּ זַייא שְׁרַייבִּין , זַייא אַלְס עֶרְקְלֶערִין , אוּנ זַיי וָועלִין מִיר מוֹחֵל זַיין !

גָאט וֶועט מִיר אוֹיךְ נִיט שְׁטְרָאפִין , עֶר קָען מִיךְ , עֶר הַייס , אַז דֶער מֶענְטְשׁ אִיז נִיט אַייזֶען , נִיט שְׁטַיין , אוּנ וָוען מֶען טוּט אִים אָן שְׁמֶערְצִין , פִּילְט עֶר , אוּנ אִים זַיינֶען דִיא שְׁמֶערְצִין , וָוען זַייא זַיינֶען אוּנְמֶענְטְשְׁלִיךְ , שְׁוֶוער אַרִיבֶּר צוּא טְרָאגִין , אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹ אַ פִילָאזָאף וִויא אִיזֹב אוּנ הָאבּ נִיט אַזוֹ אַ שְׁטַארְקִין מוּטְה וִויא עֶר , אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ גִיוואוּנְצִין דֶעם טוֹיט ! פֶערְפְלוּכְט זַיין טָאג ! . . .

שְׁנַייאָר , אוֹיבּ דוּ גִידֵיינְקְסט אַז דוּא בִּיזְט מִיט מִיר אַמָאל גִיפָארִין אִין שְׁטָאט דוּא הָאסְט מִיט מִיר דַאמָאלְס פִיל גִירֶעט , אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַאר דִיר מוֹדֶה גִיוֶוען אַז אִיךְ לִיבּ זִיא אוּנ דוּ בִּיזְט דֶער פוּן גְלִיקְלִיךְ גִיוָוען , דוּא הָאסְט מִיר גִיזָאגְט : רָאזֶע קֶען גָאר פַאר קַיין אַנְדֶערִן גְלִיקְלִיךְ זַיין , אִיךְ הָאבּ דַאמָאלְס אַבִּיטֶערִין פַארְגֶעפִּיל גִיהַאט , וִויא רָאזֶע אִיז אוּנְגְלִיקְלִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע הֶענְט ! שְׁנַייאָר , זָאג מִיר אִיצְט , אַז דָאס וַואר אַפַאלְשֶׁע פָארְגֶעפִּיל , זָאג מִיר אַז אִיךְ הָאבּ בִּיז אִיצְט אַלְס גֶעחָלוֹמְט , אַז רָאזֶע אִיז נָאךְ מַיינֶע , אַז אִיךְ זֶעה נָאר אַבִּיטֶרִין חָלוֹם !

אָ , אִין מַיין הַארְצִין זַיינֶען נָאךְ אָבֶּער דָא דִיא וואוּנְדִין וָואס הָאט מִיר דֶער פִּידִיל אָנְגִימַאכְט , עֶרְסְט נִיט לַאנְג בִּין אִיךְ בַּיי אַייךְ אוּנְטֶערִין פֶענְסְטֶר גִישְׁטַאנֶען , גִיזֶעהְן אַלְס , אָדֶער נָאר אַיין טַייךְ טְרֶערִין גִיזֶעהְן וואוּ מַיין רָאזֶע טְרֵיינְקְט זִיךְ , אוּנ דָאס וַואר קַיין חָלוֹם ! וִויא קוּם אִיךְ דָען אַהֶרְצוּ ? וָואלְט אִיךְ דָען צוּא אַייךְ נִיט פֶערְפָארִין , וֶוען רָאזֶע וָואלְט נָאךְ גִיקֶענְט זַיין מַיינֶע ? עֶס קֶען מִיר שׁוֹין דָאס קֵיינֶער זָאגִין : „דוּא הָאסְט נָאךְ וָואס צוּ הָאפִין אוֹיף אִיר !” עֶס אִיז אַלְס גִיקָאנְצֶעט , אִיךְ הָאבּ מַיין גְלִיק פֶערְשְׁפִּילְט אוּנ מוּז מַיין לֶעבִּין אוֹיךְ פֶערְלִירִן ! . . .

אָבֶּער אִיךְ מוּז נָאךְ מִיט אִיר אַמָאל רֵיידִין ! אִיךְ מוּז מִיט דַיין לִיבֶּע אוּנ טְרַייֶע מוּטֶער רֵיידִין , אִיךְ וִויל אַז זִיא זָאל מִיךְ אַבִּיסִיל בֶּערוּהִיגְן , אִיךְ זָאל מִיט אַזָעלְכֶע בִּיטֶערֶע גִיפִילֶען נִיט שְׁטַארְבִּין , זִיא אִיז דָאךְ אַקְלוּגֶע , אוּנ אִיר אוּנ רָאזֶעס לֶעצְטִין וואוֹרְט וָועל אִיךְ אִין דִיא לֶעצְטֶע סֶעקוּנְדֶע פוּן מַיין לֶעבִּין אִיבֶּער זָאגִין !

אִיךְ קֶען מֶער נִיט שְׁרַייבִּין , אִיךְ וָועל אֲפִילוּ נִיט אִיבֶּער לַייעֶנֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגִישְׁרִיבִּין , אִיךְ וִויל נִיט פֶערְרִיכְטִין , מֶען פֶערְצַייהְט אַקְרַאנְקֶען פַאר אַפֶּעלֶער , אוּנ אִיךְ בִּין גִיפֶערְלִיךְ קְרַאנְק , נִיט וַוייט פוּן טוֹיט , קוּם צוּ מִיר לִיבֶּר שְׁנַייאָר , אִיךְ וִויל דִיר נָאךְ עֶטְוָואס זָאגִין אוּנ דִיר בֶּעוַוייזִין וִויא מַיין טְרַייהַייט צוּ דִיר לֶעבְּט נָאךְ אַזוֹ הַייס אִין מִיר ! אִיךְ שְׁרַייבּ דָאס אֶפְשַׁר שׁוֹין דֶעם לֶעצְטִין מָאל , אוּנ דוּא בִּיזְט דֶער , צוּ וֶועמֶן אִיךְ הָאבּ מַיין לֶעצְטִין בְּרִיף גִישְׁרִיבִּין , קוּם צוּ מִיר עֶס רוּפְט דִיךְ דַיין יוֹסֵף !”

גָאלְדֶע הָאט דֶעם בְּרִיף גִילַייעֶנְט , נָאךְ לִיכְט בֶּענְצִין אוּנ גֶעוַויינְט וִויא אַיין מוּטֶער קֶען וַויינֶען נָאךְ אַ אַיינְצִיגֶען זוּן . זִיא הָאט אִיצְט זִיךְ גָאךְ מֶער שׁוּלְדִיג

גימאכט

גִימַאכְט וִויא פְרִיעֶר — דָאס לִיבּ קִינְד הָאט גִיוָואלְט זִיךְ אוֹיסְוַויינֶען פַאר מִיר! הָאט זִיא צוּא זִיךְ גִירָעט אַנַאנְצֶע נַאכְט, אוּנ אִיךְ הָאבּ אִים מִיט בֵּיידָע הָענְט אָבְּגִישְׁטוּיסָען, אִיךְ הָאבּ אִים אוֹיף זַיינֶע וואוּנְדֶען נָאךְ זַאלְץ גִישָׁאטִין, אוּנ אִים דֶער טְרַיינְקְט מִיט אַשְׁווֶערֶע בִּיטָערֶע הָערְץ! מִיךְ זָאל גָאט שְׁטְרָאפִין פַאר אִים!

אַנַאנְץ וָועטְשָׁערָע הָאט זִיא אִין מוֹיל נִיט גִינוּמָען קַיין שְׁפַּייז, אוּנ הָאט זִיךְ שְׁלָאפִין גִילַייגְט מִיט אַפֶּערְקְלֶעמְטָען בִּיטָערִין גִיפִיל. וָואס דוּרְךְ דָעם הָאט זִיא זַייעֶר שְׁוָוערָע חֲלוֹמוֹת גִיזֶעהֶן; אִיר הָאט זִיךְ גִידַאכְט וִויא אוֹיפְן נַאס אִיז פִינְסְטָער, אוּנ וִויא זִיא שְׁטֵייט אַלַיין, מִיט אַמָאל הָאט זִיא דר זֶעהֶן אִין עֶלֶענְדִין רוּחַ, אוּנ דָאס אִיז גִיוָוען יוֹסֵף: — מוּטָער הָאט עֶר אַנְגֶעשְׁרַייא גִיטָאן, אִיצְט גְלוֹיבְּט אִיר מִיר דָאךְ שׁוֹין, אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִיטוֹיפְט, אוּנ בִּין גִיט גִיקוּמָען צוּ פָארִן צוּ אַייךְ אוּם שַׁבָּת מִיט אַדְרָאנְסְקֶע, זֶעט אִיר, אִיךְ בִּין אַדֶערְטְרוּנְקֶענֶר, אוּנ דָארְטִין נִיט מָען מִיר קַיין מְנוּחָה נִיט, אִיבָּער דָעם, וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַלַיין גִיטֵייט, אוּנ נָאךְ זִיךְ אֲפִילוּ קַיין קַדִישׁ גִילָאזֶען, אוֹיבּ אִיר וִוילְט מִיט מִיר חֶסֶד טָאן אוּנ זִיךְ אוֹיסְקוֹיפִין פוּן אַעֲבֵרָה, זָאלְט אִיר דִינְגֶען וָועמֶען עָס אִיז מָען זָאל נָאךְ מִיר קַדִישׁ זָאגִין !» אִין דָעם אִיז גִיוָוארִין אַגְרוֹישֶׁער שְׁטוּרָם אוּנ יוֹסֵף אִיז פַארְפַאלִין גִיוָוארִין אִין מִיטִין ווִירְבֶּעל ווִינְד, זִיא הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ אָנְגֶעהֵייבִּין צוּא שְׁרַייעֶן פוּן שְׁלָאף בִּיז עָס הָאבִּין דֶר הָערְט דִי שְׁטוּבּ מֶענְטְשִׁין אוּנ מָען הָאט אִיר אוֹיפְגִיוָועקְט, אוֹיף מָארְגִין הָאט זִיא גִישִׁיקְט רוּפִין שְׁמַעְיָהוּ דָעם בַּטְלָן אוּנ אִים גִיהֵייסִין לֶערְנֶען אַ פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת אוּנ זָאגִין קַדִישׁ, אוּנ אַז שְׁמַעְיָהוּ הָאט גִיפְרֶעגְט וִויא אִיז דֶער נָאמֶען פוּן דָעם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם, הָאט זִיא נִיט וֶועלִינְדִיג גֶעזָאגְט «יוֹסֵף», אוּנ זִיא הָאט אִים בְּסוֹד דֶרְצֵיילְט וָואס אִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוֹמְט, שְׁמַעְיָהוּ וַואר אַעֶרְלִיכֶער אִיד אוּנ הָאט דֶער צוּ יוֹסֵפִין זַייעֶר הָאלְט גִיהַאט, וָוארוּם יוֹסֵף הָאט אִים אַמָאל עֶרְקְלֶערְט אַשְׁטִיק חוֹבוֹת הַלְבָבוֹת, וָואס שְׁמַעְיָהוּ מִיט זַיין חֲסִידוּתְ'ע קָאפּ אִיז שְׁוָוער גִיוָוען צוּ פֶערְשְׁטֵיין דָעם רַיינֶען זִינֶען דֶער פוּן, אוּנ וִויא עֶר אִיז גִיוָוען אַעֶרְלִיכֶער אִיד אֶן רַמָאוֹת, הָאט עֶר גִיפוּנֶען עַל פִּי דִין, אַז עֶר אִיז מְחוּיָב צוּ זָאגִין נָאךְ אִים קַדִישׁ, וַוייל עֶר הָאט דָאךְ גִילֶערְנְט פוּן אִים אַגַאנְצְן פֶּרֶק, אוּנ שְׁמַעְיָהוּ הָאט זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט פָארְגִינוּמֶן צוּ פַאסְטִין עֶטְלִיכֶע תַּעֲנִיתִים פוּן זַיינֶעטְוֶועגִין כְּדֵי עֶר זָאל גִיכֶער נִתְקַבֵּל וָוערִן אִין גֵיהִנֹם. אוּנ פוּן דָארְטִין אִיז שׁוֹין קַיין זַאךְ נִיט אַרוֹיס צוּ חַאפִּין זִיךְ! מַכָּה גֶעלְט, אִיז דָא גִיווִיס קַיין רֵייד גֶעוֶועֶן, דָאס עֶרְסְטָע זַאךְ וַוייל דָאס אִיז גִיוָועֶן שַׁבָּת, צְוֵוייטָענְס, וָואלְט גָאר שְׁמַעְיָהוּ גִינוּמֶען גֶעלְט פַאר זָאגִין קַדִישׁ נָאךְ זַיינֶעם — וִויא עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְגִידְרִיקְט — אַרָבִּין? נָאלְדֶע אָבֶּער, וָואס הָאט פַיינְט גִיהַאט מַטְרִיחַ צוּ זַיין וָועמֶען עָס אִיז אוּמְזִיסְט — הָאט גִישִׁיקְט שְׁמַעְיָהוּס וַוייבּ אַנְדָבָה פוּן פוּלֶען הַאנְט - אוּנ דָאס פֶערְשְׁטֵייט זִיךְ בְּלִי יְדִיעַת שְׁמַעְיָהוּ — וָוארֶעם שְׁמַעְיָהוּ פְלֶעגְט גָאר דִי וַוייבּ נִיט פְרֶעגִין, פוּן וַואנֶען הָאט זִיא צוּ קָאכֶען וַוארִימָעס אָדֶער צוּ קוֹיפִין אַלֶעבֶּעל בְּרוֹיט — עֶר אִיז בָּטוּחַ גִיוָועֶן אַז אֵלִיָהוּ הַנָּבִיא מִיט וָועלְבִּין עֶר גֵייט שְׁפַּאצִירֶען אִיטְלִיכֶע נַאכְט אִין חָלוֹם, וָועט אִים נִיט פֶערְלָאזִין אוּנ עָס וֶועט שׁוֹין זַיין אַמָזָל בְּרָכָה אִין

טְעֶפְּעל, אַנַב הָאט עֶר גְיוואוּסְט וָואס דִיא גְמָרָא זָאגְט, אַז אַ אִשָּׁה אִיז אַ נוֹלָם, אוּנ אִין זַיין וַוייבּ הָאט עֶר אַיינְגִיזֶעהֶן וִויא אֱמֶת דִיא גְמָרָא הָאט דָאס גִיזָאגְט, אוּנ עֶר פְלֶעגְט זִיא מַשְׁבִּיעַ זַיין מִיט אַ שֵׁם זִיא זָאל בְּרֵיינְגֶען וָואס מֶען דַארְף פַאר דָעם חוֹמֶר, אוּנ זִיא גֶעבִּיךְ גֶעטְרִיבֶּען מַכַּת הַשֵּׁם אָדֶער מַכַּת הֶרֶעב. הָאט גֶעוואוּסְט דָעם סוֹד פוּן קַבָּלָה, אוּנ פְלֶעגְט מַחֲזִיר־זַיין עַל הַפְּתָחִים אוּנ מְקַבֵּל זַיין פוּן אִיטְלִיכֶען — וָואס שְׁמַעְיָהוּ פְלֶעגְט פִילֶען דָערְפוּן אַטַעַם גַן עֵדֶן, וָוארָעם פוּן נַיאַנֶען וָועט נֶעמֶען אַ נוֹלָם אוֹיבּ נִיט פוּן גַן עֵדֶן?...

---

## ו

## שׁוֹין כִּמְעַט צוּ שְׁפֶּעט:

פוּן יֶענֶעם שַׁבָּת אָן אִיז גָאלְדֶע גִיוָוארְן אַבִּיסֶעל אַנְדֶערְס, זֵייעֶר אָפְט, פְלֶעגְט זִיא פַאסְטֶען, זָאגִין תְּהִלִּים, גָאר אַחוּץ דָעם יוֹם תְּהִלִּים, וָואס זִיא הָאט בִּיז אִיצְט אוֹיךְ נִיט פֶערְפָעלְט, זִיא פְלֶעגְט טֵיילִין אָרֶעמֶע אַלְמָנוֹת, אוּנ גֵיין זֵייעֶר אָפְט אוֹיפִין בֵּית עוֹלָם, זִיא פְלֶעגְט גֵיין צוּא אָרֶעמֶע קְרַאנְקֶע, טְרֵייסְטֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין, וָואס בַּייא זֵייא אִיז אַקִינְד גִישְׁטָארְבִּין, אוּנ גִיהָאלְפִין וָוער עֶס הָאט גָאר בֶּעדַארְפְט אִיר הִילְף וָואס אִיר וַואר מֶעגְלִיךְ צוּ טָאן:

אַיינְמָאל, דָאס אִיז גִיוֶוען אַקוּרַאט מִיט אַטָאג פְרִיעֶר פַאר יוֹסֶפְס יָאר צַייט — נָאךְ גָאלְדֶעס רֶעכֶענוּנְג — אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען צוּא גָאלְדֶען, דִיא קְהָלְסֶע מוּמֶע אוּנ גֶעזָאגְט:

וַוייסְט אִיר גָאלְדִינְקֶע, וֶוער עֶס שְׁטַארְבְּט אָפּ בַּייא אוּנְז אִין שְׁטֶעטֶעל? וֶוער? הָאט גָאלְדֶע גֶעפְרֶעגְט מִיט אַיין אוּנְרוּהֶע, אִיבֶּער סְטֶערְנֶע נִיטֶעס גֶעלֶעבְּטֶערֶעל:

נִיט שְׁרֶעקְט זִיךְ נָאר! הָאט סְטֶערְנֶע גוּטֶע אַזָאג גִיטָאן. אִין דָעם זִיא הָאט בֶּעמֶערְקְט דָעם דוּנְקֶעלֶען וָואלְקֶען, וָואס עֶס אִיז גָאלְדֶען אִיבֶּערְן צוּרָה אַרִיבֶּער, קַיין גְרוֹיסֶער הֶיזֵק נִיט. חְלֶעבֶּען, וֶוער עֶס וֶועט נָאךְ אִיר וַויינֶען דַאכְט זִיךְ וֶועט אוֹיךְ נִיט זַיין בֶּעסֶער:

זָאגְט שׁוֹין אָבֶּער וֶוער? הָאט גָאלְדֶע גִיבֶּעטֶען:

אָט שְׂרֶקֶע דִיא הוּלְטַייקֶעס מוּטֶער, לֵייבֶּע קָארְקִינְס שְׁווִיגֶער!

כֶּע הְלֶעבִּין! הָאט גָאלְדֶע גִיזָאגְט, וָואס הָאט אִיר צוּא אִיר אַז אִיר מַאכְט אָפּ פוּן אִיר מִי יוֹדֵעַ וָואס?

וָואס הָאט זִיא אוֹיס גִיהָאדֶעוָועט אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער? דֶער כְּלָל אִיז, אַז מֶען אִיז אַלֵיין גוּט אוּנ פְרוּם, הָאט מֶען קִינְדֶער אוֹיךְ גוּטֶע אוּנ פְרוּמֶע, לָאם אִיךְ זָאגִין עֶפֶּעס אוֹיף אַיעֶרֶע קִינְדֶער? זֵייא קֶענֶען גָאר נִיט זַיין נִיט פְרוּמֶע, הָאבִּין אַגוּטֶע פְרוּמֶע מוּטֶער, אָט זַיינֶען זֵייא אוֹיךְ אַזוֹ, וָואס דֶען מֵיינְט אִיר? אָט אַזוֹ וַואקְסְט דָאס אוֹיס אַקִינְד. דָאס אִיז דָאךְ נָאךְ נִיט קַיין טוֹיזִינְד יָאר, אִיר גִידֵיינְקְט נִיט וָואס עֶס הָאט זִיךְ אָפּ גִיטָאן מִיט אִיר מִיט יִרְמְיָהוּס בָּחוּר, עֶפֶּעס אַזוֹ גִיךְ פֶערְגֶעסְט זִיךְ

זִיךְ אַזוֹ אַ מַעֲשֶׂה ? אִיךְ גִידֵיינְק נָאךְ דַאכְט זִיךְ וִויא דֶער בָּחוּר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט בֶּעגְרָאבִּין פוּן בִּזְיוֹנוֹת, אוּנ זִיא דִיא הוּלְטַייקֶע אִיז אוּמְגֶעגַאנְגֶען זִיךְ בְּעַרִימֶען [illegible] מִיט, זִיא הָאט גִימֵיינְט עֶרְוָועט זִיא נֶעמֶען דֶער פַאר, אָבֶּער יִרְמְיָהוּ הָאט זִיךְ דַאמָאלְס גִישְׁטֶעלְט אוּנ נִיט דֶער לָאזִין, אָט אַז זִיא הָאט דֶער זֶעהֶן, אַז דָאס הָאט אִיר נִיט אָפּ גִיגָאלְטֶען, אִיז זִיא גָאר צוּא לָאזִין גִיוָוארִין, אוּנ גָאט פָּארְט, אָט הָאט זִיא גִיקְרָאגֶען אַזוֹ אַמַאן וִויא זִיא אִיז וֶוערְט ! וָואס פַאר אַמֵיידֶעל זִיא אִיז גִיוֶוען אַזוֹ אַ וַוייבֶּעל אִיז זִיא ! זֶעהְט אִיר דָאךְ, אִיךְ הָאבּ אַלְס גִיזָאגְט, אַז מִיר גִיפֶעלְט נִיט דִיא גַאנְצֶען אָט דַאמָאלְסְט פוּן דֶעם לֶערֶער, הָאצְבֶּע עֶר אִיז מַיינֶער אַ קָרוֹב גִיוֶוען, אָט הָאט עֶר זִיךְ גִיטוּיפְט, דִיא שֵׁדִים וַוייסֶען אִים וָואס עֶר הָאט זִיךְ צוּ טָאן, אוּנ גָאט הָאט אַייעֶר רָאזֶקֶען צוּ גִישִׁיקְט אִיר בֶּעסֶערְטֶען, אוּנ אַז עֶר אִיז נִיט אַזוֹ קָלוּג אִיז וָואס ! מוּזֶען דֶען אַלֶע זַיין שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ? אַבִּי עֶר אִיז אַ עֶהְרְלִיךְ קִינְד, הָאט פַיינְט דִיא נַייֶע וָועלְט, מַיין מַאן זָאגְט, אַז עֶס טְרֶעפְט אַ אַנְדֶערְס מָאל, אַז גָאר אַפְּרָאסְטֶער מֶענְטְשׁ קֶען זִיךְ נָאךְ אַנְרֶעסֶערֶער צַדִיק זַיין, אוּנ הָאבִּין מֶער עוֹלָם הַבָּא פַאר דֶעם גְרֶעסְטִין לַמְדָן, וָואס אַרְט אַייךְ אִין דֶער אֶמֶתִ'ן אַז עֶר קֶען נִיט לֶערְנֶען ? וָואס הָאט גִיטוֹיגְט אַז אַייעֶר אַמָאהְלִיגֶער יוֹסֵף הָאט שׁוֹין גַאנְץ גוּט גִיקֶענְט לֶערְנֶען, אַז עֶר הָאט נָאר דִי גְמָרָא גִיהַאלְטִין אוֹיף הִיטְרָאסְט ? גְלַייכֶער אַז גָאט הָאט אִים צוּא גֶענוּמֶען פוּן דֶער וָועלְט, הָאבּ אִים אַפִינְסְטֶערֶע שְׁוַוארְץ יָאר !..

וָועט אִיר מִיר גְלוֹיבִּין, סְטֶערְנֶע גוּטֶע, הָאט גָאלְדֶע גִיזָאגְט נָאךְ דֶעם זִיא הָאט אוֹיסְגֶעהֶערְט אִירֶע גַאנְצֶע רֵייד, וָואס יֶעדֶער וָוארְט אִיז אִיר גְלַייךְ גִיוֶוען וִויא זַאלְץ אוֹיף דִיא וואוּנְדֶען — וֶועט אִיר מִיר גְלוֹיבִּין, אַז אִיךְ הָאבּ גָאר קֵיין צַייט הַיינְט צוּא רֵיידִין ? בַּייא מִיר זַיינֶען הַיינְט אַסַךְ אוֹרְחִים, אוּנ מֶען מוּז זֶעהֶען אַז אִיטְלִיכֶער זָאל צוּא פְרִידֶען זַיין ! נָאר זָאגְט מִיר, אִיר זַייט דָאךְ גֶעוִוים נִיט אַזוֹ אוּמְזִיסְט אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ מִיר, אִיר הָאט דָאךְ נִיט נָאר מִיר גִיוָואלְט אָנְזָאגֶען אַז גְרוּנֶע סָארְקֶעס מוּטֶער שְׁטַארְבְּט, נִיט אֱמֶת ?

אַוַדַאי ! אִיךְ הָאבּ הַיינְט אוֹיךְ קֵיין צַייט נִיט, אִיר וַוייסְט דָאךְ בַּאלְד אִיז אֱלוּל, אוּנ מֶען דַארְף זִיךְ אַקְרֶסְט אַרוּמְקוּקֶען, נָאר זָאגְט מִיר, אוּנ אַז יֶענֶע אִיז "אַ אִיךְ וֵוייס נִיט וָואס" דַארִיבֶּער זָאל אִיךְ נִיט גֵיין מִיט אִיר וִדּוּי זָאגֶען ? אַדְרַבָּה נָאר צוּא אַזֶעלְכֶע, עֶס אִיז דָאךְ טַאקֶע זִיךְ אַמוּסֶר אַרָאפּ צוּא נֶעמֶען, אָט בִּין אִיךְ גִיוֶוען בַּייא אִיר פַאר שַׁבָּת, הָאט זִיא מִיר גִיבֶּעטֶען אִיךְ זָאל אַייךְ בֶּעטִין, אִיר זָאלְט אַזוֹ גוּט זַיין קוּמֶען צוּ אִיר, זִיא דַארְף אַייךְ עֶפֶּעס זָאגֶען, וָואס מַיינְט אִיר אַוַדַאי הָאט זִיא אַקְנִיפֶּעל מִיט עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל אוּנ וִויל דָאס אַייךְ אִיבֶּער גֶעבֶּען צוּא טֵיילֶען, אַ חָזִיר בְּלַייבְּט אַחָזִיר בִּיז דֶער פְּגִירָה ! הָאט סְטֶערְנֶע גוּטֶע מִיט כַּעַס אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן, שְׁטַייטְשׁ, צוּ וֵוייס דֶען אַזַא נִיט, אַז בַּייא מִיר אִיז אַדַאנְק גָאט פַארַאנְגֶען אֵייגֶענֶע אוּנ אִיךְ דַארְף אַזֶעלְכֶע גֶעלְט נִיט, אוּנ פַאר וָואס הָאט זִיא מוֹרָא גִיהַאט דָאס מִיר אַוֶועק צוּא גֶעבִּין ? וִויא מֵיינְט אִיר גָאלְדֶע, וָואלְט אִי־ ר גִיוואוּסְט וֶוער אִיז נוֹיט בֶּעדֶערְפְטִיג ?

פוּן פַאר שַׁבָּת אָן הָאט אִיר זִיא שׁוֹין מֶער נִיט גִיזָעהֶען ? הָאט גִיפְרֶעגְט נָאלְדֶע וָואס מַאכְט זִיא הַיינְט ?

זִיא לֶעבְּט נָאךְ ! הָאט כְטֶערְנֶע נוּטֶע גִיעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹינֶע שְׁטַארְבֶּען נִיט מִיט מֹשֶׁה רַבֵּינוּס טוֹיט, זַייא מַאטֶערִין זִיךְ אַפְרִיעֶר גוּט אָן אוּנ אַז זַייא קְרֶענְקֶען אוֹיס זַייעֶר מוּטֶערְס מִילְךְ אָט דַאן הָאט עֶרְסְט דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת שְׁלִיטָה צוּ צוּטְרֶעטֶען, מַיין רְאוּבֵן זָאגְט ; אַז מֶען פַאר פֶעלְט אַיין מָאל הַבְדָלָה צוּ הֶערִין דַארְפִין זִיךְ אָן מַאטֶערִין פַארִין טוֹיט, אוּנ דִי נְשָׁמָה גֵייט אַזוּ שְׁוֶוער אַרוֹיס פוּן חוֹמֶר וִויא שְׁוֶוער עֶס אִיז אוֹיס צוּ פְּלָאנְטֶערִין וָואל פוּן דָערְנֶער, זִיא הָאט מִיר דָאס גִיבֶּעטִין אֲפִילוּ נָאךְ פַאר שַׁבָּת, אָבֶּער מַיינְט אִיר, דִי קָאפּ אִיז צוּ דְרַייט, אוּנ מִיר אִיז אִין אַיין אוֹיעֶר אַרַיין אוּנ פוּן דֶעם אַנְדֶערִין אַרוֹיס, נָאר אִיצְט, גוּט, וָואס אִיךְ בִּין דָא פַארְגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶער מָאנְט, גֵייט טַאקִי שׁוֹין צוּ אִיר, אַ קֻשְׁיָא אוֹיף דֶעם טוֹיט, עֶר קֶען קוּמֶען גָאר נִיט גֶערִיכְט, אוּמְשְׁטֵיינְס גִיזָאגְט, וָואס אִיז אַמֶענְטְשׁ כְּחוֹמֶר בְּיַד הַיּוֹצֵר, וִויא אַאִיבֶּער גִיבְּרֶענְטֶער שְׁטְרוֹיא, אָט לֶעבְּט מֶען אוּנ אַז דֶער יֵצֶר הָרָע וִויל, אִיז עֶר דָאךְ דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אוֹיךְ זָאגְט מַיין אַלְטֶער ; מַאכְט עֶר פוּן זַיין חוֹמֶר אַשׁ אוּנ רוֹיךְ :

גָאלְדֶע הָאט קוֹים דֶער וַוארְט, אַז כְטֶערְנֶע נוּטֶע הָאט אוֹיף גִיהֶערְט צוּא רַיידִין, זִיא הָאט אַרוֹיף גִיוָוארְפִין אוֹיף זִיךְ דִיא פַאצַיילֶע אוּנ גִיגַאנְגֶען צוּא דֶער טוֹיט קְרַאנְקֶע, אִין שְׁטוּבּ הָאט זִיא קַיינֶעם גִיפוּנֶען, וַוייל שָׂרְקֶע מִיט אִיר מַאן זַיינֶען גִיוֶועזֶן אִין מַאקַארְיֶע אוֹיפִין יָרִיד — אַנְדֶערֶע הָאבִּין גִיזָאגְט, אַז רֶבִּי לֵייבּ אַלֵיין הָאט זִיךְ פַארְפַאדְזֶעט, אוּנ זִיצְט אִין אַסְטְרָאג, דַארִיבֶּער אִיז שָׂרְקֶע גִיפָארִן אַהִינְצוּ וואו עֶר זִיצְט אִים אוֹיס צוּא לַייזִין, אָבֶּער עֶס מָאג זַיין וִויא עֶס אִיז, גָאלְדֶע אִיז אַרַיין גִקוּמֶען אוּנ הָאט בַּייא דֶער קְרַאנְקֶע נָאר אַקְלֵיינֶעם אִינְגֶעל גִיפוּנֶען, וָועלְכֶער עֶס הָאט בַּאלְד אַגִישְׁרַייא גִיטָאן : מַאמֶע, אָט אִיז גִיקוּמֶען נָאלְדֶע פְּרִידְמַאנְס, מִיר פֶערְשְׁפָּארְט אַ טִרְחָה

נָאלְדֶע, זָאלְט אִיר גִיזוּנְד זַיין הָאט דִיא קְרַאנְקֶע גִיזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נָאךְ פַאר אַיָארִין נָאךְ אַייךְ עֶטְלִיכֶע מָאל גִישִׁיקְט, אָבֶּער מֶען הָאט מִיר נִיט גִיפָאלְגְט, אִיצְט אַז אִיךְ הַאלְט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף אַהָאר אִיז מַיין לֶעצְטֶער שְׁטִיקֶעל טְרַייכְט וָואס אִיר זַייט צוּ מִיר גִיקוּמֶען.

נִיט מִיהֶעט זִיךְ אַזוֹא פִיל, גִישְׁקֶשֶׁה אִיךְ וֶועל שׁוֹין הֶערִין אַלְס וָואס אִיר ווִילְט, רֶעט נָאר נִיט אַזוֹא הוֹיךְ אוּנ גִיךְ ! הָאט גָאלְדֶע גִיזָאגְט דִיא קְרַאנְקֶעס הַאנְד אָן נֶעמֶענְדִיג :

זָאלְט אִיר גִיזוּנְד זַיין ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דִיא קְרַאנְקֶע, מִיךְ אִיז שׁוֹין גִיטָא ווָאס צוּ זַאלִיוֶועןן, מִיט אַמִינוּט פְרִיעֶר אָדֶער מִיט אַמִינוּט שְׁפֶּעטֶער, אַדַאנְק נָאט, וָואס אִיר זַייט גִיקוּמֶען אוּנ אִיךְ קֶען מִיט אַייךְ רַיידִין : אִיר ווַייסְט וִויא גִישְׁמַאק עֶס אִיז אַז מֶען הָאט שְׁלֶעכְטֶע קִינְדֶער ? זָאל אַייךְ גָאר גָאט אוֹיס הִיטִין פוּן אַזֶעלְכֶע יִסוּרִים, יִסוּרִים אוּנ בִּזְיוֹנוֹת אִין לֶעבִּין, אוּנ גֵיהִנֹּם אוּנ קְלָלוֹת נָאכִין טוֹיט, אָט נָאר נֶעמְט דֶעם רַייד אִיךְ, וָואס אִיךְ דַארְף אַייךְ אַמִינוּט פַאר מַיין טוֹיט דֶער

צַיילִין

צֵיילִין , אַז אִיךְ הָאבּ אַשְׁלֶעכְטֶע טָאכְטֶער מִיט אַשְׁלֶעכְטִין אֵיידִים , אוּנ אוֹיךְ אָנְזָאגֶען , אַז אֵייעֶר אֵיידִים אִיז אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער פַאר מַיינֶעם !

גָאלְדֶע הָאט אַשְׁוֶוערְן־זִיפְץ גִיטָאן , דִיא קְרַאנְקֶע הָאט זִיךְ אָפְּגֶערוּהְט :

נִיט הָאט קַיין פַאר אִיבֶּעל ! הָאט דִיא קְרַאנְקֶע וַוייטֶער גִיזָאגְט , אִיךְ מַיין חָלִילָה פַארִין טוֹיט קַיין לָשׁוֹן הָרָע צוּא זָאגִין , מִיר דוּכְט , אִיר קֶענְט מִיךְ , אַז גָאט הָאט מִיךְ אוּמְזִיסְט גִישְׁטְרָאפְט מִיט אַזֶעלְכֶע שְׁלֶעכְטֶע קִינְדֶער , נָאר מִסְתָּמָא אִיז עֶר גִירֶעכְט , אוּנ אִיר וַוייסְט , אַז אִיךְ וָואלְט דָאס גָאר אֶפְשַׁר אֲפִילוּ אַייךְ אַלַיין נִיט זָאגִין בִּפְרַט נִיט אַ אַנְדֶערִין , נָאר דָא הַאלְט וֶועגִין דֶעם גְלִיק פוּן אֵייעֶר טָאכְטֶער מוּז אִיךְ אַייךְ דֶער צֵיילִין אִין גַאנְצִין , פַאר אַיָארֶען שָׁבוּעוֹת אִיז גִיקוּמֶען אֵייעֶר מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר , אִיךְ קֶען אִים נָאךְ , אַז עֶר אִיז אַאִינְגֶעל גִיוֶוען — דִי בְּנֵים יְהוּדִים זַיינֶען קֵיינְמָאל קַיין רֶעכְטְס — אוּנ מִיט אִים אִיז גִיקוּמֶען טֶעוֶועלֶע נַאסַאנְס אֵיידִים אוּנ הָאבִּין אִין קָארְטִין גִישְׁפִּילְט אוּנ צוּא רֶעט אַלֶע מִינִים נִבּוּל פֶּה אִין אַגַאנְץ אַהַיילִיגֶע נַאכְט , דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא דֶער צֵיילְט עֶפֶּעס פוּן אַ יוֹסֵפִין וָואס אִיר הָאט אִים גִיוֶועלְט נֶעמֶען פַאר אֵייעֶר רָאזֶען פַאר אַחָתָן , אוּנ וָואס אֵייעֶר מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט אִים נִיט גִיוָואלְט , וַוייל עֶר וִויל , אַז רָאזֶע זָאל הָאבִּין אַגְרָאבִּין יוּנְג פַאר אַמַאן אוּנ אַזוֹ הָאט אִים אִיטְלִיכֶער גִיגֶעבִּין עֵצוֹת אַז מֶען זָאל אוֹיף אִים אַקְלַאנְג אַרוֹיס לָאזֶען , אַז עֶר אִיז אַ גָאר נִישְׁט , אוּנ מַאכִין פַאלְשֶׁע בְּרִיוֶועלְךְ , אֵייעֶר אֵיידִים אִיז דָאס אַלְס נִיט גִיפֶעלִין , בִּיז מַיין לַייבֶּע הָאט גִיגֶעבִּין אַעֵצָה , מֶען זָאל אִים פַּטָרִין אוּנ עֶס וֶועט אַהָאן נִיט אַקְרַייא טָאן , גָאלְדִינְקֶע , וָואלְט אִיר גִיהֶערְט וָואס מֶען הָאט דָא צוּא רֶעט , דֶער הָאט גִיזָאגְט אַזוֹ אַ גְלַייךְ וֶוערְטְל , אוּנ דֶער הָאט גִיוואוּנְצִין אַייךְ אַזוֹ אַסוֹף וִויא מַיינֶעם , טְרַייבְּט אִים אַרוֹיס דֶעם יוּנְגַאץ , וָואס פַארְגֶעסְט וִויא פִיל קְרֶענְקְט דָאס אַמוּטֶער בִּיז מֶען הָאדֶעוֶועט אוֹיס אַקִינְד אִיר חֲתוּנָה צוּא מַאכִין , אוּנ וִויא פִיל טְרֶערִין פַאר גִיסְט יֶעדֶע שְׁוִוינֶער , בָּאר אַגוּטִין אֵיידֶעם צוּ קְרִיגֶען ! זָאגְט מִיר נָאר לִיבֶּע גָאלְדֶע , הָאט אֵייעֶר רָאזֶע חֲתוּנָה גִיהַאט פַאר דֶעם יוֹסֵפִין , אָדֶער פַאר אַיין אַנְדֶערִין ? אוּנ וואוּ אִיז דֶער יוֹסֵף ? הָאט מֶען אִים חָלִילָה נִיט אָפּ גִיטָאן אַמַעֲשֶׂה רַע ? וַוייא , אוּנ וִוינְד אִיז צוּ מִיר , אִיךְ בִּין דָאךְ אֶפְשַׁר נָאךְ אוֹיךְ שׁוּלְדִיג , פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָאס פַאר אַיָארִין נִיט גִיזָאגְט , אָבֶּער גָאט אִיז מַיין עֵדוּת , אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט . אוֹיף מָארְגִין פְרִיא הָאט מַיין אֵיידֶעם מִיר גִיוָואלְט סַם אַיין נֶעבִּין , עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶערְן־פַארַאנַאן אַלְס גִיהֶערְט , אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גִיוָואלְט נֶעמֶען , הָאט מֶען מִיךְ אַרוֹיס גִיוָוארְפִין אוֹיפִין גַאס , מִיךְ גִישְׁלָאגִין , דִיא טָאכְטֶער מִיט דֶעם אֵיידִים , בִּיז אִיךְ בִּין נִיבְּלִיבִּין אָן לָשׁוֹן , אוּנ דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא בִּיז אִיצְט קַיין מֶענְטְשִׁין צוּא מִיר צוּ נִילָאזִין אִיךְ פְלֶעג אַלְס בֶּעטִין אִינְגֶעל גַיין צוּא אַייךְ , עֶר הָאט אָבֶּער מוֹרָא גִיהַאט פַאר לַייבִּין , אוּנ אִיז נִיט גִיגַאנְגֶען , אִיצְט זָאגְט מִיר וָואס מַאכְט דֶער יוֹסֵף ?

זָאל עֶר שׁוֹין אַגוּטֶער בֶּעטֶר זַיין ! הָאט גָאלְדֶע גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ גֶעוויין ;

דִיא קְרַאנְקֶע הָאט אַגֶעשְׁרַייא גִיטָאן , אוּנ זִיךְ אוֹיף גִיהוֹיבִּין מִיט אַזוֹ אַיי

שטארקייט

שטארקייט — וואס דארף איך נאך לעבן אויף דער וועלט ? האט זיא געשריען • איך האב אזעלכע רציחות געבראכט אויף דער וועלט וואס זאלין אזעלכע אונשולדיגע קינדער טייטען ? ביי דיא רייד , האט דיא קראנקע אויארף גיטאן דעם קאפ צום וואנט , אונ איז גיפאלין אויפן קיסען א טויטע , עס זיינען ניט אריבער צעהן מינוט אונ דיא אונגליקליכע בעטריבטע פרויא האט דעם לעצטען מאל גיעפענט אירע אויגין אקוק גיטאן מיט א שמייכיל אויף נאלדען , אונ באלד פערשלאפין אויף אייביג :

קיין מענש אין דר וועלט האט אזוא פיל טרערין פערגאסין נאך דער עלענדער פרויא , וויא אונזער טיפבעטריבטע נאלדע . זיא האט זיך מתעסק גיוועזען בעת טהרה , זיא אנגעטאן אין אירע אייבינע קליידער , נאך גינאנגען נאך איר ארון אונ איר בעגלייט ביז איר אייביגעס הויז , אונ אז דער גאנצער עולם איז שוין אראפ פון בית עולם , איז נאלדע ערשט איבער גייעס צו צו דעם נייען קבר . אונ בענעצט דא דעם פרישען בערגעל מיט אירע טרערין , גערעדט מיט שווערע זיפצין , אוים גיגאסין איר שווערעס הארץ אונ געבעטין נאט זאל שוין רחמנות האבין אויף דער פערטריבענע זיילע פון דעם דער טרונקענעם יוסף — אים שוין געבין זיין מנוחה צווישין אלע אויסגעלייטערטע נשמות — — אין שטעטל האט מען אפילו פיל גירעט וועגין דעם , חאין עס איז קיין חדוש גיוועזען צו זעהען אין דער לעצטער צייט נאלדען אויף א לויה . אבער וויינען אונ נאך אזוא פיל וויינען נאך אזו גישט רעכטש — וויא מען האט נעבך שרקעס מוטער אין שטעטל אומזיסט גיהאלטין — דאס האבין אלע גיזאגט איז ניט אומזיסט — נאר שטערנע גוטע האט גיפונען א תרוץ אונ גיהאט צו ריידין הדשים לאנג —

נאלדען פלעגען דיא בלוטען צווא קאכט ווערין אז זיא פלעגט דער זעהען איר שווארצין איידים ! אבער וואס זאל איך מיט אים טאן ? פלעגט זיא זאגין — איך בין וויא יענער קראנקער וואס האט אים אנגעהייבין א האנד צו פוילין , אונ ער לאזט בעסער זיין גאנצין קערפער צוא פוילט ווערין , איידער זיך צו לאזין דיא פוילע האנט אבשניידין — איבערינגנס איז שוין צו שפעט , אונ איך האב שוין כמעט ניט וואס צוא העלפין — מיין ראזקען האט ער שוין בעגראבין , שנייארקען , פערשטויסען , נאט דער לעבעדיגער וייס וואס עס וועט נאך מיט רוחמה זיין ? —

---

## ז

## אדאקטער אין שטוב :

טעג אונ טייכין שטייען קיין מאל אויף איין ארט , דיא טייכין פליסען אונ נייען זייער וועג אויך דאן , אז אלע מענטשין שלאפין אונ זעהען ניט וויא דיא וואסער ציט זיך ווייטער אונ ווייטער , אונ אפילו אין דער צייט , אז דער קאלטער ווינטער ווארפט אריבער איבער זייא זיין ווייסע אונ דיקע אייז דעקע , דיא וואסער אבער פון אונטין שטייט ניט אויף איין ארט , אונ האץ פון אויבין פארט סען אונ

אונ מען בויט , אונ עס ווערט גאנצע מערק :אויף אים , אבער זיין אונטערסטע מהעמינקייט הערט ניט אויף אף איין מינוט אויך , אונ אין דאס אליין זעהט שוין דער געבילדעטער מענטש דעם אונטערשייד צווישין זיינע מעשים , צווישין דיא מעשים אונ באשעפענעס פון דעם אלמעכטיגען , יעדע זאך וואס דער מענטש מאכט נאר , האט איר געוויסען גאנג אונ צייט , אזיינער , ווערט אן גישטעלט אויף אטאג , אונ צום העכסטען אויף א יאר צייט , דער יאר אבער לויפט אריבער , אונ דער זייגער הערט אויף , שטעלט זיך אפ , גאט האט אבער זיין זייגער איין מאל אנגישטעלט , אונ פון דאמאלס אן גייט אלץ אן א אופהער , אונ ווערט אזו לאנג גיין זיין גאנג , וויא לאנג ער וועט , מיט זיין אייגענעם רצון ניט אפ שטעלין , דער זייגער פון אונזער לעבין איז דיא ליבע זאנע , אונ אונזער ערדע איז דער ווייזער אויף דעם גרויסארטיגען ציפער בלאט , וועלכער עס דרייט זיך ארום אים , אונ באצייכענט אונז ריכטיג דיא צייט , אונ אימער אונד אימער גייט אלס אזו ארום , אונ שטעלט זיך קיין מאל , אויך אין דער מינוט ווען מיר שלאפין , ווען מיר פארגעסען אויף זיך זעלבסט , לויפט אלס אונזער צייט ארא… ווייטער , אויך ווען עס ליגט דער שווערער אייז איבער אונזער הארץ אונ געפי׳ל אונ ווען מיר מיינען , אז דיא גאנצע ערד האט אויף גיהערט לעבין , אונ עס שטייט דיא צייט , אויך דאן , האט דיא צייט גיטאן דאס אירינע . אונ גימאכט איר קרייז , וויא גיוואוינטליך , נאר מיר חאפין זיך אויף אונ קוקען זיך ארום וואס מיר זיינען אונ ווערין פאר וואונדערט אויף דיא פאר ביא גילאפענע צייט וואס מיר האבין ניט באמערקט !

דיא צייט האט זיך גיטאן דאס אירינע אויך דאן ווען ראזע האט דיא צייט ניט גיפילט אונ געלעבט כמעט אאונפילבארין לעבין , וועלכע עס האט זיך נא… ניט מצער גיווען וואס דער שיינער פריהלינג גייט אריבער , אונ זיך ניט גישראקען פאר דעם קאלטען ווינטער וועלכער עס קומט , ניט עס האט איר גיארט צוא דער טאג איז אוואלקענדיגער אדער אלויטערער , אונ וויא גרינג אונ איינפאך איז איר דיא צייט גיווען , זא שווער אונ דויער האפט איז דיא אייגענע צייט גיווען איר שוועסטער , וועלכע עס האט מיט יעדען אבגעלעבטען טאג זיך פאר נעני… צוא באטראכטין , אז דער צאל פארביינגאנגענע טעג פון די פינף אדער זעקס יאר וואס יוסף האט איר בעשטימט , ווערט אלס גרעסער , אונ דיא קומענדיג… ביז דעם באשטימטען טאג ווערין אלס ווייניגער , אונ דער לעצטער טאג ווערט דורכזיכטיגער אונ נעהענטער פריהער האט זיא גיציילט מיט איינצלנע טעג , דר נאך , אז עס איז אגאנצע וואך אריבער , האט זיא גיציילט מיט וואכין , דער נאך מיט חדשים , מיט האלב יארין , אונ יארין , נון ציילט זיא שוין דעם זעקסטין יאר אונ יוסף קומט ניט , דיא צייט האט איר אן גיהויבין שווערער אונ לייננער צו ווערין וויא דיא גאנצע פינף יאר , זיא האט איצט אבגעלייגט די גאנצע פינף יאר אונ האט צוריק אן גיהויבין צו ציילין טעג ווייז , עס איז שוין אריבער דער זאמער דער

ווינטער

וויגמער, עס איז שוין ברוך השם פסח אויך אריבער אונ רוחמה האט אן גיהויבין טרויעריג אונ אונרוהיג צו ווערין :

נאר זיין יאר איז ערסט פאר ראש חדש אלול! האט זיא גיזאגט, איך מוז נאך גידולדיג זיין !

אויך איר האט מען אנגיהויבין שדוכים צוא ריידין, זיא האט אלס .רוהיג אויסגיהערט, אונ איז אירע עלטערין קיין מאל דר ווידער גיוועזן, זיא האט זיך יעדען מאל אויסגעפוצט פאר דיא מחותנים, גיגאנגען שפאצירין מיט די חתנים וואס האבין זיך פר איר גישדכנט, אונ זיא איז דער פון גאר ניט אונרוהיג גיוועזן, ווארום זיא האט גיוואוסט אז פארקויפין איבער גיוואלד וועט מען איר ניט, אונ אז זיא פלעגט זאגין דער מוטר: דעם וויל איך ניט, ער גיפעלט מיר ניט פלעגט די מוטער א ווארט ניט איבר ריידין אונ הייסין דעם שדכן אויפהערין צו ריידין דעם שדוך :

דער שווארצער פון זיין זייט האט דא אויך מסתמא געטאן וואס ער האט גיקאנט, נאר דיא קאפ איז אים ניט אויסגעדארט אונ ער האט בעמערקט, אז גאלדע טוט אקוראט פאר קערט וויא ער ראטהעט, האט ער אויפגיהערט צוא מישען זיך בגלוי, אבער בסתר האט ער גילייגט דעם לעבין, אז רוחמה זאל אויך קריגען אזו אמאן וויא ראזע אונ דאן בלייבט ער שוין גיווים דער יורש, ווארום שנייארקע האט חתונה גיהאט אין א אנדער שטאט, אונ האט גאר אנגיהויבין אנאנגץ אנדערן גישעפט צוא טאן, אונ פאר אים האט ער גיווים ניט וואס מורא צוא האבין אזו וויא פאר ראזעס מאן — "אבער דיא רוחמקע, פלעגט ער זאגין, פון איר קען מען גאר ניט פטור ווערין, מען מוז מיט איר אויך מאכין א קונץ, אז מיר האט זיך איין גינעבין ראזין צוא פערשלייערין מיט אזו אבוליך, נאך דעם, זיא האט יוספין אזו גיליבט, וועט מיר דאס זיין איר צו מאכין גרינג וויא אהאר פון מילך, מען דארף אקארסט זיך נעמען פאר דעם שווער אים עדערין, אים זאגין, אז אין שטאט רעט מען צו אויף זיין פאלאזעניע, מען זאגט: ער האלט א מויד פון איין אונ צוואנציג יאר, דאס איז א סימן, אז ער איז ניט רייך, דער שווער ציטערט דאך דער פר אונ מיר וועלין מאכין, אז זיא וועט איבער גיוואלד מוזין ענטפערן אמן! אונ טאקע בעווייזין אים דעם פרימער, וויא עס צוא טוט זיך אין שטאט אין דיא הויכע פענסטער, וויא עזריאל ראטמאן האט גיטאן מיט זיין טאכטער זעלדין, וועלכע עס האט ניט גיוואלט אהרן שרונס זון דעם בהמה, וועלכער עס איז טאץ וטאץ וויא אונזער פייבוש ראזעס מאן, עזריאלן האט גאט גיהאלפין, אונ ער האט זיך גיוואלט איינקויפין אין יחוס האט אים ניט גיארט וואס ער נעמט אאיידים אפרא אדם, אונ אז דיא טאכטער האט גיזאגט. זיא וויל אים ניט, האט ער איר ארויס גילאזין דיא פייער פלאמדיגע פעץ, אז יענע איז דרייא וואכין אומגיגאנגען מיט פארשוואלענע באקין אונ גיזאגט א תירוץ זיא האט צאן שמערצין, דארטין זיינען אפילו גיוועזן שדכנים לייבין, חיים שלמה ראשעלעס, לייבע פוינע שרונס קאסיר, אונ אז חיים שלמה ראשעלעס האט

בִּיזָאנְט אוּנ גִישְׁוָוארִין בַּיין בָּארְד אוּנ פֵּאוֹתִין, אַז דֶער חָתָן אִיז אַלַייט אַ צַאצְקָע אַאִינְגָעל, אָט הָאט עֶר טַאקִי אוֹיס גִיפִּירְט, אִיךְ וָועל אַייךְ דִיא הִינְט, שְׁלֹמֹה דֶעם חַזָן מִיט מֶשֶׁהלֶע דֶעם מְשׁוּגָענֶעם גֶעבִּין הַאלְז אוּנ אֶקֶען, אוּנ אַקְקארְסְט נֶעמֶן זִיךְ מִיט דִיא גְרוֹיסֶע שַׁדְכָנִים זֶעלִיג דֶער שַׁדְכָן עֶר אִיז אַלַייט, עֶר קוּמְט אַרַיין מִיט דִיא גְרָאבָּע בּוֹיךְ, אוּנ עֶר וֶועט דֶעם שְׁוֶוער אוֹיסְזִידְלֶען קֶענֶן. אַז דֶר שְׁוֶוער וֶועט נִיט וֶועלִין, אוּנ אַז זֶעלִיג וֶועט גַיין עֶטְלִיכֶע מָאל וֶועט עֶר אוֹיסְפִּירֶען, דָאס הָאט נָאךְ דַאכְט זִיךְ נִיט גִיטְרָאפִין אַז עֶר זָאל נִיט אוֹיסְפִּירֶען, גוּט, אִיךְ וָועל דָאס אוֹיךְ אוֹיסְפִּירִין, גִיפַאלִין אוֹיף אַפַּאל, וִויא אִיךְ בִּין אַאִיד! אוּנ אַז מִיר וֶועט קָאסְטִין דֶער שְׁדוּךְ הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, אִיז אַלְס כְּדַאי, מִיר קָאסְט דָאךְ דֶעם שְׁוֶוערְס יֶעדְעֶר קִינְד, וִויא פִּיל הָאט מִיר רָאזֶע גִיקָאסְט! אוּנְזֶער שְׁטָאט אִיז אַגְלִיקְלִיכֶע פַאר מִיר, דִיא קְלֵיינֶע לַייט קוּקִין אַלֶע מָאל נָאךְ דִי גְרוֹיסֶע, אוּנ גָאט שִׁיקְט אוּנְז צוּ אַזָעלְכֶע גְבִירִים וָואס פוּן זַייא קֶענֶען מִיר זִיךְ לֶערְנֶען אַלְץ רֶעכְטְס! וִויא פִּיל כַּלוֹת הָאבִּין שׁוֹין פֶּעץ בֶּעקוּמֶען אוֹיף דֶעם רֶעכֶענוּנְג, וָואס עַזְרִיאֵל-הָאט אָנְגִיפַּאצְט זַיין כַּלָה, אָט גָאר הַיינְט בִּין אִיךְ פַארְבַּייא גִיגַאנְגֶען פַאר בָּרוּךְ דֶעם שְׁנַיידֶער, הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט אַגִישְׁרַייא אוּנ אַיְלָלָה, דִיא מֵיידִיל זַיינֶע וַויינְט, אוּנ עֶר רַייסְט זִיא פַאר דִיא הָאר, אוּנ שְׁרַייט: וָואס? דוּ וֶועסְט מִיר זַיין זֶעלְדֶקֶע רַאטְמַאנְס וָואס ווִיל אִיר חָתָן נִיט? אַךְ אוֹיסְגִירוּנֶען הָאט זִיא גֶעמָאנְט וֶוערִין, אַיידֶר זִיא הָאט גָאר הִיא דִיא מָאדֶע אַרוֹיס גִיבְּרַאכְט!" אִיךְ הָאבּ אִין זִיךְ אֲפִילוּ אַשְׁמֵייכִיל גִיטָאן וָואס פַאר אַגְלַייכִין דָאס אִיז, עַזְרִיאֵל רַאטְמַאנְס טָאכְטֶער וָואס אִיז אַגֶעבִּילְדֶעטֶע, אוּנ הָאט אֵייגֶענֶע צֶעהֶן טוֹיזִינְד רוּבִּיל, צוּ בָּרוּךְ דֶעם שְׁנַיידֶערְס מֵיידִיל, וָואס מַאטֶערְט זִיךְ אַלַיין אִיטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶע צוּ פֶערְדִינֶען. — אָדֶער אַהֲרֹן שְׁרוּנְס זוּן, צוּזְקוּסְקֶע דֶעם שְׁנַיידֶערְס זוּן, חָאטְשׁ אִין אֱמֶת זַיינֶען דִיא חֲתָנִים בֵּיידֶע גְלַייךְ, אָבֶּער, וִויא אִיטְלִיכֶער נֶעמְט אַלְס דֶעם פְּרִימֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסִין, אִיךְ הַיים גִיווִים, אַז בָּרוּכְס מֵיידִיל הָאט גָאר נִיט נָאךְ גִיקוּקְט נָאךְ זֶעלְדֶע עַזְרִיאֵלְס, אָבֶּער בָּרוּךְ הָאט זִיךְ פָארְט אַזוֹ גִיטְרַאכְט. אוּנ מִיר אִיז בְּעֵת מַעֲשֶׂה אַיינְגִיפַאלֶען: מֶען דַארְף דָאס דֶעם שְׁוֶוער אַבּוֹרְץ טָאן, גוּט, זֶעלִיג דֶער שַׁדְכָן מִיט דֶעם מָשָׁל וֶועלִין אַלְס צוּא וֶוענִין בְּרֵיינְגֶען — .

אוּנ אַזוֹ אִיז אוֹיף רוּחָמֶען גִיקוּמֶען אַזוֹא אַטָאג, וָואס דֶער פָּאטֶער הָאט אִיר וַייטֶער אָרֶענְטְלִיךְ מְכַבֵּד גִיוֶועזֶן, אִיבֶּער אִיר אוֹיס קְלַייבִּין", זִיא הָאט נִישְׁט גִיעֶנְטְפֶערְט אַוָוארְט, זִיא הָאט גִיוואוּסְט! וָואס זִיא ווִיל אוּנ גִיהָאפְּט, כָּל זְמַן דִיא צַייט אִיז נָאךְ נִיט אַרִיבֶּער! נָאר, אַז דִיא מוּטֶער הָאט אִיר אַמָאל מִיט טְרֶערִין גִיבֶּעטִין, זִיא זָאל אִיר עֶרְקְלֶערִין וָואס אִיז זִיא אַזוֹ מָאדְנֶע, אַז אִיר גִיפֶעלְט קֵיין חָתָן נִיט, הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אַז זִיא הָאט זִיךְ פָארְגִינוּמֶען נִיט חֲתוּנָה צוּ הָאבִּין פַאר אַיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר, אוּנ דַארִיבֶּער ווִיל זִיא צוּם וַוייניגְסְטֶען נָאךְ וַוארְטִין בִּיז זִיא וֶועט וֶוערִין אָקוּרַאט אַיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר, דִיא מוּטֶער צוּ זִיא הָאט דָאס גֶעגְלוֹיבְּט צוּא נִיט, אָבֶּער זִיא הָאט נִיט גִיוָואלְט אִיר נַייטֶען אוּנ אָן טָאן יְסוּרִים, וָוארוּם פוּן דֶער אֵיינֶע הָאט זִיא נָאךְ גִיהָאפְּט נַחַת, וִוידֶער הָאט זִיא

גיזעהען

גִיזָעהָען חִיא זִיא אִיז דִיא לֶעצְטֶע צַייט טְרױעֶרִיג גִיוָואְרִין , אוּנ אוּפְגִיהֶערְט צוּא רֵידִין , זִיא הָאט זִיךְ זַייעֶר דֶערְשְׁרָאקֶען טָאמֶער אִיז בַּייא אַלֶע אִירֶע קִינְדֶער דֶער פֶעלֶער פוּן מָרָה שְׁחוֹרָה , זִיא הָאט אָבֶּער פְרִיעֶר פַאר אַלְס שוּלְדִיג גִימַאכְט אִירֶע בִּיכֶער וָואס זִיא הָאט פוּן הַאנְט נִיט אַרוֹיס גִילָאזֶען , אוּנ פְלֶעגְט בִּיסְלִיכְוַויְיז זָעהֶן , זִיא זָאל וַויינִיגֶער לֶעזֶען , רוּחָמָה אָבֶער אִיז גִיוָואְרִין דֶער פוּן אוּנְרוּהִיגֶער , וָוארוּם דִיא בִּיכֶער הָאט זִיא גִילֶעזִין מִיט לוּסְט , אוּנ הָאט נִיט גִיפִילְט וִויא אִירֶע לַאנְגֶע שָׁעוֹת גַייעֶן פַארְבַּייא , אָבֶער אַז זִיא הָאט נִיט גִיהַאט וָואס צוּא לֶעזֶען פְלֶעגְט זִיא סְקוּצַאיֶען :

אִין דִיא גַאנְצֶע צַייט הָאט רוּחָמָה אַיינְמָאל יוֹסַפִין נִיט דֶער מָאנְט , נָאר רָאזֶע פְלֶעגְט אִים שְׁטֶענְדִיג דֶער מָאנֶען מִיט וַויינֶען :

אִין אַיין שֵׁיינֶעם פְרִיא מָארְגִין , דָאס וַואר אִין דִי עֶרְסְטֶע פְרֵיילִיכֶע לִיכְטִיגֶע מַאי טֶעג , דִי גַאנְצֶע שְׁטֶעטֶעל הָאט נָאךְ גִישְׁלָאפִין , אַלֶע לָאדֶען זֵיינֶען נָאךְ פַאר מַאכְט גִיוֶוען , נָאר דֶער לָאדֶען פוּן רָאזֶעס צִימֶר וַואר שוֹין אָפֶען אוּנ פוּן אִיר טִיר זֵיינֶען אִיצְט אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען רָאזֶע מִיט רוּחָמֶען שְׁפַאצִירֶען , וִויא דֶער דָאקְטָער הָאט זֵייא גִיהֵייסֶען , גַאנְץ וַוייט בַּיין וֶועלְדֶעל הָאבִּין זֵייא גִיזֶעהֶען אַפָּאסְט אָן קוּמֶענְדִיג , אֵיידֶער דִיא בֵּיידֶעל אִיז אַרָאפּ פוּן בַּארְג אִיז דֶער פַּאסַאזִירֶער אַרוּנְטֶער גִיקְרָאכִין , אוּמְגֶעגַאנְגֶען שְׁטִיל אוּנ פַארְטְרַאכְט , זִיךְ אַרוּמְגִיקוּקְט פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּנ זִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט בַּייא יֶעדֶען נַייעֶן בּוֹימֶעלֶע וָועלְכִין עֶר הָאט דֶער זָעהֶען — "דָאס הָאט אַלְס דִיא צַייט גִימַאכְט" הָאט עֶר זִיךְ אִינֶערְלִיךְ גִירֶעט , אָ , וָואס דִי צַייט אִיז ! וִויא פִיל נַייעֶס מַאכְט זִיא אִיבֶער , אִיךְ גִידֵיינְק נָאךְ דֶעם עֶרְסְטִין מָאל , וִוינְטֶער אַז אִיךְ בִּין אַהֶערְצוּ גִיפָארִין , דָא וַואר טוֹיט , קַיין גְרִינֶע בְּלַאט הָאבּ אִיךְ דָא גִיזָעהֶען , קַיין פַייגֶעלֶע הָאט מִיר דָא אַזוֹ לִיבּ אוּנ פְרֵיילִיךְ בַּאנֶעגִינְט מִיט אִיר לִיבִּין זִיסִין גִיזַאנְג וִויא אִיצְטָער ! אוּנ דָאךְ , אָ , אִיז מִיר אִיצְט נִיט פְרֵיילִיכֶער וִויא דַאמָאלְס ! —

דֶער פַאסַאזִירֶער הָאט זִיךְ וִוידֶער אַרוּף גִיזֶעצְט , נָאר גִיבֶּעטִין שְׁטִילֶער , גַאנְץ לַאנְגְזַאם פָארִין , זַיינֶע אוֹיגִין זֵיינֶען אוּמְגֶעלָאפִין אִין אַלֶע זַייטִין , וִויא עֶר וָואלְט אִין יֶעדֶען גְרֶעזֶעלֶע אוּנ שְׁטֵיינְדֶעלֶע עֶטְוָואס בַּאקֶענְטֶעס זָעהֶן , זַיין הַארְץ וַואר אִים אָבֶּער נָאךְ פוּלֶער וִויא זַיינֶע אוֹיגִין :

אִיצְט אִיז זוּמֶער , הָאט עֶר צוּ זִיךְ גִיזָאגְט , אוּנ דַאמָאלְס וַואר וִוינְטֶער ! עֶס וַואר וִוינְטֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט , אָבֶער נָאךְ פְרִיהְלִינְג אִין מַיין הַארְצֶען , אִיצְט אִיז פַארְקֶערְט , עֶס אִיז לוּסְטִיג , וַוארֶעם אוּנ הֶעל אַרוּם מִיר , אָבֶער דָער פַאר וִוינְטֶר , פִינְסְטֶר אוּנ טְרױעֶרִיג אִין מִיר ! אָ , וָועלְכֶע שְׁטוּרֶעמְס בִּין אִיךְ שוֹין אוֹיסְגִישְׁטַאנֶען אִין מַיין יוּנְגֶען לֶעבִּין ! וָועלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע פְרָאסְט אוּנ פוּרְכְטְבַּארֶע אוּנְגִיוִויטֶר אִיבֶּר מִיר אִיז שוֹין אַרִיבֶּער , אוּנ דֶער אַייז פוּן מַיין הַארְצִין אִיז נָאךְ אַלְס נִיט צוּ בְּרָאכִין , אוּנ זָעהְט נָאךְ נִיט אָן אַיין פְרֵיילִיכֶען זָאנְנֶען שְׁטְרַאהְל !

אָן דָארְטִין שְׁטֵייט דֶער וֶוערְבּ (אַזוֹ אַ בּוֹים) , אַז אִיךְ בִּין דָא דֶעם צְוַוייטֶען מָאל גִיפָארִין הָאבּ אִיךְ גִיזָעהֶען וִויא סֶען הָאט אִים אִין הֶעלְפְט אִיבֶּר גִישְׁנִיטֶען , אָן

אָן שְׁטֵייעֶן נָאךְ אַזָעלְכֶע וֶוערְבִּין וָואס מֶען הָאט דַאמָאלְס אַזוֹ אָבְּגִישְׁנִיטֶען, אוּנ אִיצְט טְרָאגִין זַייא נַייֶע צְוַוייגִין מִיט נַייֶע בְּלֶעטֶער עֶס אִיז נָאר נִיט נִכָּר אַז מֶען הָאט זַייא אוּנְטֶער גִישָׁארִין אַמָאל, נָאט, פַאר וָואס אִיז דֶער מֶענְטְשׁ נִיט אַזוֹ ? . . . מֶען הָאט דַאמָאלְס אוֹיךְ מַיין הַארְץ אַזוֹ צוּא הַאקְט, אוֹיסְגֶערִיסֶען מִיט שְׁלֶעכְטֶע הֶענְט, פַאר וָואס פַארְוַואקְסְט אָבֶּער דִיא וואוּנְדֶען נִיכְט אַזוֹ וִויא אָפּ גִיהַאקְטֶע בּוֹימֶער ? פַאר וָואס דַארְף אִיךְ נָאךְ אַייבִּיג פִילֶען יֶענֶע יְסוּרִים חָאצְבָּע אִין מַיין הַארְצִין יַאוֶועֶן זִיךְ נַייֶע גִיפִילֶען ? . . .

אַזוֹ הָאט עֶר מִיט זִיךְ גִירֶעט, אִין דֶעם הָאט עֶר דֶער זֶעהֶן אַז עֶס גֵייעֶן צְוַוייא דַאמֶען, עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט מֶען זָאל אִים דֶערְקֶענֶען, אוּנ הָאט זִיךְ אָפְּגִיקֶערְט, זַייא זַיינֶען פֶערְבַּייא גִיגַאנְגֶען אוּנ נִיט בַּאמֶערְקְט וֶוער דָאס אִיז פַאר בַּייא גִיפָארִין; וָואלְטִין זַייא דָאס אָבֶּער יַא בַּאמֶערְקְט ? . . .

אַזוֹ גֵייעֶן מִיר אָפְּט פַארְבַּייא פַאר אוּנְזֶער גַאנְצִין גְלִיק, אוּנ בַּאמֶערְקֶען אִים נִיט, וֶוען עֶר קֶערְט נָאר זַיין גִיזִיכְט פוּן אוּנְז אָפּ :

דִיא דַאמֶען זַיינֶען וַוייטֶער אַוֶועק גִיגַאנְגֶען, אוּנ דִיא פוּר אִיז אַלְס נֶעהֶנְטֶער גִיקוּמֶען צוּם בְּרָאם :

דוּא הֶערְסְט עֶטְוָואס ? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶער פַּאסַאזִירֶער דֶעם יַאמְשְׁטְשִׁיק, דוּרְכְפָאהְרִינְדִיג דֶעם בְּרָאם :

נִיט אַקוֹל פוּן אַמֶענְטְשִׁין ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער יַאמְשְׁטְשִׁיק, דֶער פַּאסַאזִירֶער הָאט זִיךְ ווִידֶער פַארְטְרַאכְט, אוּנ גִיקוּקְט אַלְס וַוייטֶער, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ ווִידֶער עֶרְשְׁרָאקֶען אַהֵייבּ גִיטָאן אוּנ גִיפְרֶעגְט :

פַאר וָואס הֶער אִיךְ ? מִיר דוּכְט מֶען שְׁפִּילְט, אִיז נִיט אַיין חֲתוּנָה אִין שְׁטָאט ?

וָואס רֶעט אִיר ? הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער יַאמְשְׁטְשִׁיק פַאר וואוּנְדֶערְט אַזוֹא פְרִיא אַחֲתוּנָה ?

אַךְ ! אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט מְשׁוּגָע, אִיךְ הֶער פָארְט מֶען שְׁפִּילְט ! הָאט גִיזָאגְט דֶער פַּאסַאזִירֶער :

יַא ! יַא ! הָאט זִיךְ אַתַאפּ גִיטָאן דֶער יַאמְשְׁטְשִׁיק, אִיךְ הוֹיבּ שׁוֹין אוֹיךְ אָן צוּא הֶערִין :

פָאר גִיכֶער ! הָאט דֶער פַּאסַאזִירֶער אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן :

דֶער יַאמְשְׁטְשִׁיק הָאט אַשְׁמִיץ גִיטָאן דִיא פֶערְד אוּנ בַּאלְד הָאבִּין זַייא דֶער זֶעהֶען פוּן וַואנֶען דָאס קוּמְט דֶער שְׁפִּילֶען, עֶס זַיינֶען גִיגַאנְגֶען אַגַאנְצֶער פָאלְק סָאלְדַאטִין, וֶועלְבֶע עֶס זַיינֶען נָאר וָואס אִין שְׁטָאט אַרַיין, מִיט שְׁפִּילֶען אוּנ מִיט גִיזַאנְג, דֶער פַּאסַאזִירֶער הָאט זִיךְ בַּארוּהִיגְט אוּנ אָפּ גִיצוֹיגֶען דֶעם אָטְהֶעם פְרַייעֶר :

פַאר בַּייא פָארֶענְדִיג, פַאר בַּייא פְרִידְמַאנְס שְׁטוּבּ הָאט עֶר גִיהַייסֶען דֶעם יַאמְשְׁטְשִׁיק פְרֶעגִין ; אוֹיבּ מֶען קֶען דָא פַארְפָארִין ? דֶער סְטָארָאז אִיז בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעלָאפִין אוּנ גִיחַאפְּט דִי זַאכִין אוּנ אַרַיין גִיטְרָאגִן אִין אַשֵׁיינֶעם צוּגִיקְלִיבֶּענֶעם צִימֶער, דֶער גַאסְט אִיז אוֹיךְ אַרַיין אוּנ בַּאפְרִידִיגְט דֶעם יַאמְשְׁטְשִׁיק אָרֶענְטְלִיךְ :

וֶוער אִיז דֶער ? הָאט גִיפְרֶעגְט דֶער שְׁטָארָאז דֶעם יַאמְשְׁטְשִׁיק :

דאס

דָאס אִיז אַדַייטְשׁ , אַדָאקְטָאר ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דָער יַאמְשְׁטְשִׁיק :
פוּן וַואנֶען וַוייסְט דוּא ?

אִיךְ הָאבּ גִיזָעהֶען , וִויא עֶר הָאט אִין פָּאצְט פַארְשְׁרִיבֶּען דֶעם סְמַאטְרִיטָעלְס אַקִינְד , — וָועלְכָער עֶס אִיז אִיצְט קְרַאנְק — אַלֶעקְסַאנְדְרָאווִיטְשׁ , אָט פִיר אִיךְ אִים מִיט זִיךְ , אִיךְ וֶועל דָאס אַוֶועק גֶעבִּין אִין אַפְּטֵייק :

אִין אַהַאלְבּ שָׁעָה אַרוּם זַיינֶען דִיא בַּעֲלֵי בַּתִּים פוּן שְׁטוּבּ אוֹיף גִישְׁטַאנֶען , אוּנ אַז זַייא הָאבִּין גִיפְרֶעגְט בַּייא דֶעם סְטָארָאז וָוער אִיז דָאס דָא פַארְפָארִין ? הָאט עֶר אַבְּיַאוֶועט , אַז דָאס אִיז אַדָאקְטָער :

דָאס אִיז אַסִימָן מִיר וֶועלִין אַלֶע גִיזוּנְד זַיין , הָאט גִיזָאגְט גָאלְדֶע מִיט אַשְׁמֵייכִיל , אַז עֶס אִיז דָא אַדָאקְטְר אִין שְׁטוּבּ אִיז אַלֶע מָאל אַגוּטְר סִימָן ! דָאס אִיז וִויא מֶען זָאגְט : אַז עֶס אִיז דָא בְּרוֹיט אִין שְׁטוּבּ אִיז מֶען נִיט הוּנְגֶערִיג , אַז עֶס אִיז דָא אַדָאקְטֶער אִין שְׁטוּבּ , זַיינֶען אַלֶע גִיזוּנְד , פוּן דֶעסְטְוֶועגִין קְלֶער אִיךְ אַפְרֶעג טָאן בַּייא אִים , וֶועגִין רָאזֶעס רִיוְועצְקֶען !

דוּא וֶועסְט נָאךְ צַייט הָאבִּין ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט פְרִידְמַאן , אִיךְ זָאג דִיר דֶעם אֶמֶת, אִיךְ הַאלְט פוּן זֵיי אַשְׁמֶעק טַאבַּאק נִיט, זֵיי זַיינֶען נָאר הוֹילֶע אָבְמַאנְשְׁטְשִׁיקֶעס, גָאט אִיז אַדָאקְטָער אוּנ גָאר !

דֶעם גַאנְצִין טָאג אִיז דֶר גַאסְט גִיזֶעסִין אִין שְׁטוּבּ , פַאר נַאכְט הָאט זִיךְ אָבֶּער דָאס קִינְד זַייעֶר פַאנַאנְדֶער גִישְׁרִיעֶן , אוּנ גָאלְדֶע הָאט דוּרְךְ אוֹיס גִיוָואלְט ; רָאזֶע זָאל אַרַיין גֵיין מִיט דָאס קִינְד צוּם דָאקְטָר , אַגַב , זָאל זִיא אִים טַאקִי אַפְרֶעג טָאן וֶועגִין זִיךְ , טָאמִיר שַׁאדֶט דָאס קִינְד אִירֶע מִילְךְ , רָאזֶע הָאט אַרַיינְגִישִׁיקְט דֶעם סְטָארָאז פְרֶעגִין אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיצְט אָן נֶעמֶען , דֶער סְטָארָאז אִיז אַרוֹיס מִיט דֶעם אַנְטְוָוארְט : אִין אַפָּאר מִינוּט , רָאזֶע הָאט דָא דִיא פָּאר מִינוּט אָפְּגִיוַוארְט אוּנְטָערִין טִיר , אוּנ וִויא הָאט זִיא זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט, אַז אִיר אִיז עֶפֶּעס פְּלוּצְלִיךְ אַרוּף גִיקוּמֶען אוֹיפִין זִינֶען , וִויא זִיא הָאט אַמָאל גִיוַוארְט אוּנְטֶער דִיא אֵייגֶענֶע טִיר , בְּעֵת זִיא אִיז גִיגַאנְגֶען גִיוָואר וָוערִין צוּ יוֹסֵף , בַּאלְד אוֹיף מָארְגִין נָאךְ דֶעם וִויא זִיא הָאט זִיךְ מִיט אִים אִין זַייעֶרֶע לִיבֶּע בֶּעקַאנְט , וִויא אַנְדֶערְס וַואר יֶענֶער פְרִיא מָארְגִין ! הָאט גִישְׁרִיעֶן אִיר הַארְץ ! פוּן וַואנֶען אָבֶּער יַאוֶועט זִיךְ אִין מִיר דֶער גֶעפִיל ?

„אַמֶענְטְשֶׁענְס הַארְץ אִיז אַזַיינֶער„ הָאט אִיר אַמָאל אִיר יוֹסֵף גִיזָאגְט , עֶר זָאגְט אָן אַפְרִיעֶר עֶטְוָואס שְׁלֶעכְטְס אָדֶר גוּטֶעס וָואס קוּמְט נָאר , נָאר מִיר וַוייסִין נִיט צוּ פֶערְשְׁטֵיין גוּט דִיזֶע גִיהֵיימְנִים פָאלֶע שְׁפְּרַאכֶע, וִויא אָפְט הָאט שׁוֹין יֶעדֶער בֶּעמֶערְקְט , אַז מִיר הַייבִּין אָן צוּ טְרַאכְטִין , וֶועגִין אוּנְזֶער כְּמֵעט אַפֶּערְגֶעסֶענֶעם פְרַיינְד , אוּנ וָואס אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם דֶערְזֶעהֶן מִיר דֶעם אֵייגֶענֶעם פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגִין צוּ אוּנְזֶער עֶרְשְׁטוֹינוּנְג !

רָאזֶע הָאט זִיךְ טִיף פֶערְטְרַאכְט , זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ בֶּעטְרַאכְטִין , וָואס פוּן אִיר אִיז גִיוָוארִין , אוּנ וָואס פוּן יוֹסֵפִין ? — אִיךְ לֶעבּ נָאךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין פָארְט , הָאט זִיא גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהֵייט , אוּנ עֶר ? גָאט וַוייס אוֹיבּ עֶס אִיז נָאךְ אַזֵכֶר גִיבְּלִיבִּין

געבליבּן פון אים ? — אין אַזעלכֶע גידאַנְקֶען הָאט זיא ניט בֶּעמֶערְקט וויא דיא טיר הָאט זיך גיעֶפֶענְט, אונ וויא פַר איר איז גישְׁטַאנֶען אַיונגֶר שֵׁיינֶער מֶענְטְשׁ, יֶעווְרָאפֵּייאִישׁ גיקְלֵיידֶעט :

„שׁוין מיט אַקינְד אויף דיא הֶענְט ! הָאט דֶער דָאקְטָאר אין זיך גיזָאגְט, אַךְ גָאט, וויא דיא נַאטוּר בְּלַייבְּט טְרַייא אין אירֶע זַאכִין, אונ טוּט דָאס איהְרִיגֶע חָאץ דיא מֶענְטְשִׁין הַאנְדְלֶען אונ וַואנְדְלֶען גֶעגֶען איר, אונ בְּלַייבֶּען איר שְׁטֶענְדיג אוּנְגֶעטְרַייא ! . . .“

עֶר הָאט יא עָרְקֶענְט, אונ איז בְּלַאס גיוָוארִין, אונ זיך ניט מֶער גיקֶענְט בֶּעהֶערְשֶׁען, עֶר איז צוּריק אַרַיין אין צימֶר זיך אַרָאפּ גֶעלָאזֶען אויפֵן זָאפֶע, מיד אונ שְׁוַואךְ וויא עָר וָואלְט אַגְרוֹיסֶע מִלְחָמָה אוֹים גישְׁטַאנֶען, רָאזֶע איז אַלְס גישְׁטַאנֶען בַּיין טיר, אונ זיא הָאט דָאס כִּמְעַט ניט בֶּעמֶערְקְט, דֶער דָאקְטֶער הָאט דָאס דֶער זֶעהֶן, עֶר הָאט אָבֶּער ניט גיוואוּסְט קֵיין עֵצָה, אונ הָאט זיך אַיין כֹּחַ אָן גיטָאן אונ מיט אַ ציטֶערֶנְדֶע שְׁטימֶע הָאט עָר גיזָאגְט :

גוּטֶע פְרוֹיא, עֶנְטְשׁוּלְדיגֶען זיא גֶעפֶעלִיגְסְט, דָאס איך בּין יֶעצְט ניכְט אויפְגֶעלֵייגְט פיר פָּאצְיֶענְטִין !

רָאזֶע הָאט עֶרְסְט זיך פוּן איר פַאר טְרַאכְטַקֵייט אויפְגִיחַאפְּט, איר איז דיא שְׁטימֶע בֶּעקַאנְט גיוֶוען, זיא הָאט די אַלְטֶע לַאנְג פֶערְקְלוּנְגֶענֶע זִיסֶע מוּזיק דַארִין גיהֶערְט, אין וֶועלְכֶע זיא הָאט אַמָאל מיט אַזוֹ אַ לִיבְּהַייט זיך פֶערְגָנִיגְט, זיא הָאט אויפְגִיהוֹיבִּין איר דוּנְקֶלֶע שֵׁיינֶע אויגֶען אונ אַקוּק גיטָאן אויף דֶעם שְׁפְּרֶעכֶענְדֶען מֶענְטְשִׁין :

„יוֹסֵף ! “הָאט זיא אַגִישְׁרַייא גיטָאן ! „מַיין יוֹסֵף !“ אונ בַּייא דיא רַייד הָאט זיא זיך אַחַאפּ גיטָאן פַאר אַפֶּערֶענְץ שְׁטוּל, זיא זָאל אין אוּנְמַאכְטִין ניט פַאלֶען, יוֹסֵף הָאט דֶער זֶעהֶן דיא גיפַאהְר וָואס דָא איז דָאס קִינְד פָארְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאט עֶר זיך אַהֵייבּ גיטָאן אונ גיחַאפְּט רָאזֶען פַארִין הַאנְט, אונ דָאס קִינְד בַּייא איר צוּא גינוּמֶען, עֶר וּהָאט איר בַּאלְד צוּא זיך גיבְּרַאכְט, זיא הָאט אים פֶערְשְׁטָארְבֶּען אָנְגֶעקוּקְט.

רָאזֶע, זַייא רוּהִיג, איך בּין גָאךְ דֶער אֵיינֶעגֶער יוֹסֵף וָואס פְרִיהֶער ! רָאזֶע, בערוּהִיגֶע זיך, איך בּין דיר „דַיין“ זֶעלְבֶּער יוֹסֵף !

אָבֶּער איך ניט מֶער, „דַיין רָאזֶע !“ וּהָאט רָאזֶע גיעֶנְטְפֶערְט מיט טְרֶערִין, יוֹסֵף, איך קֶען שׁוין דַיין רָאזֶע ניט מֶער זַיין ! הָאט זיא וַוייטֶער גיזָאגְט מיט אַבִּיטֶערֶע שְׁטימֶע אין דֶעם זיא הָאט אויף איר קִינְד בֶּעוִויזֶען וָועלְכֶעם יוֹסֵף הָאט אויפֶען הַאנְט גיהַאלְטֶען :

יוֹסֵף הָאט אויךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען —יַא רָאזֶע ! זָא איזְט שׁוין, אונ זָא מוּז שׁוין בְּלַייבִּין ! מֶען הָאט אוּנְז גישִׁידֶען, אָבֶּער אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער זַיינֶען נָאךְ אַלְס דיא גיוֶוען, אַזוֹ רַיין אונ טְרַייא וויא גיוֶוען, אַלְס הָאט אוּנְזֶער שׂוֹנֵא אוּנְז גיקֶענְט טָאן, מיך בּיזֶען טוֹיט גיבְּרַאכְט, אין אַכְטְרָאג מיך אַרַיין גיזֶעצְט, יְסוּרִים אָנְגֶעמַאכְט וָואס קֵיין מֶענְטְשׁ אויסֶער דיר הָאט דָאס נָאךְ גיפְּרוּבִּירְט לַיידִין, דיך פֶערְקוֹיפְט

אין

אִין פְּרֶעמְדֶע הֶענְד , עֶנְדְלִיךְ אוּנְז צוּא שֵׁיידִין , אָבֶּער צוּ אוּנְזֶער פְֿרֵייהַייט , צוּא אוּנְזֶער גֶיוִויסִין הָאט עֶר זִיךְ נִיט צוּ גִירִירְט , רָאזֶע , אִיךְ בִּין דִיר נָאךְ יֶעצְט וִויא אַמָאל , אוּנ אוֹיבּ דוּא בִּיזְט גְלִיקְלִיךְ פַאר דַיין מַאן , בִּין אִיךְ אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ אוֹיף אֵייבִּיג !

יוֹסֵף , פוּן הַיינְט אָן וֶועל אִיךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין ! דוּא לֶעבְּסְט נָאךְ , אוּנ אִיךְ וֶועל נָאךְ הָאבִּין אַמֶענְצִין , וָואס קֶען מִיךְ , וָואס אִיז מִיר טְרַייא אִין דֶער וֶועלְט ! דָאס דַארְף מִיר גִינוּג זַיין ! גָאט הָאט אַגֶערֶעסֶערִין גְלִיק מִיר נִיט פֶערְגִינְט , אָבֶּער דָא אִיז גָאט נִיט שׁוּלְדִיג , אַזוֹ וֶוערְט אַלֶע מֶענְשְׁלִיכֶע שׁוּלְדִין אוֹיף גָאט אַרוּפְּגֶעקֶערְט ! משֶׁה שְׁנֵייאָר דֶער טִירַאן , אָ עֶס לֶעבְּט נָאךְ אַגָאט , עֶר וֶועט עֶס נִיט שְׁוַוייגִין !

רָאזֶע שְׁטֶעל מִיךְ פָאר פַאר דַיין מַאן , אוּנ זָאג אִים , אַז אִיךְ וֶועל אִים דֶער טְרַייעֶרְסְטֶער בְּרוּדֶער אִין דֶער וֶועלְט זַיין ! וואוּ אִיז עֶר ?

מַיין מַאן ! אָ גָאט , אִין הִימִיל ! מֶען הָאט מִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט ! אוּנ אַלְס דֶער מוֹרִין ! אִיךְ הָאבּ כִּמְעַט צְוַוייא יָאר מַיין מַאן נִיט גֶעקֶענְט , אִיצְט קֶען אִיךְ אִים , אוּנ וַויים וִויא וַוייט אוּנְגְלִיקְלִיךְ אִיךְ בִּין ! יוֹסֵף אִיךְ קֶען דִיר אַלְס אִין דֶער מִינוּט נִיט אוֹיס דֶערְצֵיילֶען , דוּא וֶועסְט נָאךְ אַלְס וִויסִין , יוֹסֵף דוּא וֶועסְט מִיךְ דָאךְ אִיצְט נִיט לָאזִין אַזוֹ ? זָאג מִיר , וָואס אִיז מִיט דִיר גִיוֶועז ? פַאר וָואס הָאט מֶען גֶעזָאגְט אַז דוּא הָאסְט זִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען ? דוּא הָאסְט דָאךְ אַלֵיין גִישְׁרִיבֶּען !

אוֹיבּ אִיךְ לֶעבּ נָאךְ , אוּנ אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אִין מַיין לֶעבִּין עֶטְוָואס צוּא הָאפִּין , הָאבּ אִיךְ דָאס אוּנְזֶער רוּחָמָה צוּ פֶערְדַאנְקֶען , זִיא הָאט מִיךְ פוּן וַואסֶער כִּמְעַט אַרוֹיס גִיצוֹיגִין •

יוֹסֵף הָאט אִיר אַלְס עֶרְצֵיילְט , רָאזֶע הָאט אִים מִיט עֶרְנְסְט גִיהֶערְט .

דוּא בִּיזְט זִיא וֶוערְט , לִיבֶּער יוֹסֵף . הָאט רָאזֶע גִיזָאגְט , אוּנ דוּא וֶועסְט אֶפְשַׁר מִיט אִיר גְלִיקְלִיכֶער זַיין וִויא מִיט מִיר , זִיא אִיז מֶער גֶעבִּילְדֶעט פַאר מִיר , אִיךְ וַויים שׁוֹין גָאר נִישְׁט , זִיא הָאט דִיא צַייט אַזוֹ פִיל גִילֶערֶענְט אוּנ גִילֶעזֶען , אוּנ דוּא בִּיזְט דָאךְ שׁוֹין אִיצְט אוֹיךְ אַנְדֶערְס . אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבִּין אַפָארְשְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע וַוייבִּיל , אָ יוֹסֵף , דוּא הָאסְט עֶס נִיט גִירֶעכֶענְט ! טְרֶערִין זַיינֶען רָאזֶען אַרוֹיס פוּן דִיא אוֹיגֶען , יוֹסֵף הָאט אַשְׁוֶוערִין בִּיטֶערְן זִיפְץ גִיטָאן :

רָאזֶע , דוּא גִידַיינְקְסְט וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר אַמָאל גִיזָאגְט , אַז שׁוֹין יֶענֶער אִיז גִיבִּילְדֶעט , דֶער וָואס הָאט אַנֶעפִּיל צוּא דִיא בִּילְדוּנְג , אוּנ פֶערְשְׁטֵייט וָואס דִיא בִּילְדוּנְג אִיז , רָאזֶע אִיךְ קֶען דִיךְ , אוּנ וֶועל דַיין הַארְץ אוּנ גֶעפִּיל קַיינְמָאל פֶערְגֶעסֶען , זַייא זִיכֶער אַז אִיךְ בִּין דֶער זֶעלְבֶּער גֶעבְּלִיבִּן וָואס גִיוֶועזְן , פַאר וָואס זָאלִין מִיר אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין וּנִיט אָנְזָאגֶען ?

רָאזֶע הָאט גֶעלָאזִין דָאס קִינְד אוֹיף זַיינֶע הֶענְט אוּנ גִילָאפִּין בְּרֵיינְגֶען אִירֶע עֶלְטֶערֶען :

יוֹסֵף לֶעבְּט נָאךְ ! יוֹסֵף לֶעבְּט ! הָאט זִיא אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן אִין שְׁטוּבּ אַרַיין קוֹמֶענְדִיג , מִיט אַזוֹ אַקוֹל , וִויא עֶס הָאט אַמָאל גֶעשְׁרִיעֶן שָׂרַח בַּת אָשֵׁר אַז מֶען הָאט אָנְגִיזָאגְט יַעֲקֹב אָבִינוּ אַז זַיין זוּן יוֹסֵף לֶעבְּט •

אין

אין שטוב איז גיוואָרין אַ גערודער , רוחמה איז קוים אַלעבידיגע אַריין אונ ניפאַלען אים אויפין האַלז אונ גאָלדע האָט אים גיקוסט מיט גיוויין אונ טהרערין . אונ גישריען : איך גלויב מיינע אויגין ניט ! גיוואַלד קינדער צוא איז דאס ניט אַחלום ? —

זייט זיכער ליבע מוטער , איהר זעט מיך איצט מיט אייערע אויגען וואַכענד אונ ניט אין חלום , פאַר דער וועלט נאָר אַ דאָקטאָר — פאַר אייך בין איך יוסף , אייער קינד וואָס עהרט אונד ליבט אייך וויא אַמוטער ! —

די פרייד אין שטוב וואַר אָהנע גרענצין , פרידמאַן זעלבסט וואַר אויך צופרידען אונ האָט אים דערלאַנגט זיין שלום עליכם מיט פאָטערליכע קוסען .

יוסף האָט זיין איסטאָריע ערציילט , גאָלדע אויסהערענדיג האָט אַרום גינומען רוחמהן מיט יוספין , זייא שטאַרק גיקוסט — אונ גישריען : גוואַלד וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבין ! נאָר איין ראָזע איז נעביך גישטאַנען פון ווייטין אונ גישפילט אַראָלע אין דר סצענע וויא אַ צושויענדע פערזאָן — איר האַרץ האָט אפשר אויך גישריען , אונטער שווערע וואונדען !

---

# ח

## וועמען מיינט מען היינטיגע שדים ?

אויב עס איז דא אין דער וועלט אַאֶמת גליקליכער מענטש וועלכער עס פערגעסט פון זיין גליק דיא צרות וואָס ער האָט אַמאָל גיהאַט , איז דאס קיין אַנדערער וויא דר ליבענדער , וואָס האָט איבר זיינע ליבע אַסך צרות אויסגעליטען אונ אַלס אַריבער גיטראָגין , צוא פרידען ביז זיין האָפפנונג איז פאָרט גיקומען . אונ איז שוין מיט זיינע ליבע בעזיכערט אַז קיינער וועט אים זיא בערויבען , אַזוֹ איז גיווען אונזער גליקליכע רוחמה . פיל האָט זיא גיליטען פאַר איר ליבע , זיא האָט איר גיליבטין געליבט אויך דאַן , אַז זיא האָט קיין האָפפנונג געהאַט אויף אים אַז זיא האָט אים גליקליך גיזעהן אין דיא אָרעמס פון איר געליבטע שוועסטער , זיא האָט אים היים געליבט אויך דאַן אַז מען האָט אויף אים אַקלאַנג אַרויס געלאָזין אַז ער האָט זיך געטויפט , אַז זיא האָט געלעזען דעם פאַלשען בריף וואָס משה שנייאר האָט גימאַכט אין זיין נאָמען , אונ חאָץ זיא האָט ניט גיגלויבט , אָבר אין איר האַרצין איז יעדר וואָרט גיגאַנגען וויא אַשפיז , זיא האָט אים אויך דאַן געליבט אונ געליטען , אַז זיא האָט דערוואוסט וויא פיל ער ליידעט פאַר זיין ליבע צו איר שוועסטער , אונ געוואָלט פון דעסטוועגען אופאָפפערין זיך אין גאַנצין , אים ליבען ביזען גרוב אָן האָפפנונג , נאָר זעהען אים גליקליך מיט איר שוועסטער , ענדליך אַז אין דער פינסטערער שרעקליכע נאַכט אַזוֹ וויא אַליכט פאַרין אויס גיין האָט זיך אין איר זעלע בעוויזען אַפונק האָפפנונג דעם היים געליבטין צו בעזיצין , האָט זיא זיך אַלס געפייניגט נאָך מיטן די שרעק וואָס שטעלען פאַר זעקס גאַנצע יאָרין צו וואַרטין אויף אים , אונ אַזוֹ איז

זיא

וִיא פוּן פֶערְצֶעהְן בִּיז אֵיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר אוֹיפְגִיוַואקְסִין מִיט דִיא לִיבֶּע, אוּנ הָאט קֵיין צְוֵוייטֶע לִיבֶּע אוּנ לֵיידֶענְשַׁאפְט אִין דֶער וֶועלְט גִיוואוּסְט. נוּן אִיז דֶער טָאג גִיקוּמֶען אוּנ זִיא אִיז מִיט אִים גְלִיקְלִיךְ, אִיר לִיבֶּע אִיזְט פֶערְגֶעגְט, דִי מוּטֶער טְרֵייסְט זִיךְ דֶער מִיט, אוּנ דֶער פָאטֶער זֶעהְט דָאס אַלְס צוּא, אוּנ הָאט אָבֶּער קֵיין בְּרֵירָה, עֶר ווָאלְט יוֹסֶפִין גִיווִיס נִיט אַיינְגֶעלָאזִין, אוּנ אִים זַיין רוּחָמֶען מִיט דִיא גְרֶעסְטָע פֶערְגֶענִיגֶען גִיגֶעבִּין, אַז עֶר ווָאלְט גִיקוּמֶען צוּא אִים ווִיא אַמָאל, נִיט גִירָעט טַייטְשׁ, אוּנ נִיט גִיהַאט אוֹיף זִיךְ דָעם נָאמֶען "אוֹיסְגִישְׁטוּדִירְטֶער", אִיצְט אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁרָאקִין — גָאט וַויים אוֹיבּ מַיין קִינְד ווֶעט פַאר אִים קֶענֶען הַאלְטִין אִידִישְׁקַייט? פְלֶעגְט עֶר זָאגִין שְׁטֶענְדִיג פַאר זִיךְ — עֶר ווֶעט אִיר נָאךְ נֵייטִין זִיא זָאל גֵיין אִין אַייגֶענֶע הָאר, אָט ווִיא אַלֶע אִידִישֶׁע דָאקְטוֹרִים טוּעֶן; דֶער אֵיין גִידַאנְק הָאט אִים נִיט גִילָאזִין רוּהִיג זַיין, עֶר הָאט אָבֶּער הַאלְבּ מוֹרָא גִיהַאט פַאר יוֹסֶפִין, עֶר אִיז אַדָאקְטֶער, אַקַשְׁיָא אוֹיף אַמַעֲשֶׂה, עֶר קֶען זִיא נָאךְ אֶפְשַׁר מִיט גִיוַואלְד אָפּ נֶעמֶען, אַגַב הָאט עֶר גִיזֶעהֶן אַז יוֹסֶף קֶען הָאבִּין דִיא שֶׁענְסְטֶע שְׁטֶעלֶע אוֹיף עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד רוּבִּיל דָאחָאד אַיָאר, ▪ אוּנ דֶער צוּ הָאט עֶר נָאךְ גִיזֶעהֶן ווִיא רוּחָמָה קֶען אָן אִים נִיט לֶעבִּין, הָאט עֶר בֶּעסֶר צוּ גִישְׁווִיגֶען אוּנ גִילָאזֶען גָאלְדֶען אִין דִיא הֶענְט.

נָאלְדֶע פוּן אִיר זַייט אִיז גְלִיקְלִיךְ גִיוֶוען מִיט יוֹסֶפִין; דָאס עֶרְסְטֶע זַאךְ, הָאט זִיא נָאךְ נִיט פַארְגֶעסִין, אַז זִיא אִיז אַלֵיין גִיוֶוען אַמָאל אַמֵיידֶעל, אוּנ ווִיא פִיל הָאט זִיא צוּא וֵויינְט אוּנ צוּ קְלָאגְט אַז מֶען הָאט אִיר אַרָאפּ גִישָׁארִין אִירֶע שֵׁיינֶע לַאנְגֶע הָאר אוּנ אִיר אַרוּף גִיוָוארְפִין אַלַאמְקֶע אוֹיפִין קָאפּ, אִיר אַרוּם גִינָאלְט דֶעם שְׁטֶערִין אַז זִיא פְלֶעגְט זִיךְ אַלֵיין הַאדְזֶען אוֹיף זִיךְ אִין שְׁפִּיגֶעל אַקוּק צוּ טָאן, אוּנ ווָאס זִיא הָאט זִיךְ נָאר קֵיין מָאל קֵיין רֶעכְט גִיקֶענְט מַאכִין, פַאר ווָאס זָאל אַמֵיידִיל מָאגֶען גֵיין מִיט אֵייגֶענֶע הָאר, אוּנ אַ וַוייבִּיל נִיט? אָדֶער הָאט זִיא דֶען נִיט גִיפְרֶעגְט בַּייא דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט: אוֹיבּ עֶס אִיז טַאקִי דָא אַאֶמְתֶער אִסוּר, אַז מֶען טָאר נִיט בַּאווַייזִין דִיא אֵייגֶענֶע הָאר? דַאכְט זִיךְ, בַּייא וֶועמִין נָאר זִיא הָאט גִיפְרֶעגְט הָאט אִיר אִיטְלִיכֶער נָאר דֶער צֵיילְט אַז עֶס גִיפִינְט זִיךְ אִין גְמָרָא, אַז אַיין אִשָּׁה הָאט נִיט בַּאווִיזִין אִירֶע הָאר אֲפִילוּ פַאר דִיא וֶוענְט פוּן אִיר שְׁטוּבּ הָאט אִיר גָאט גִיבֶּענְטְשְׁט מִיט זִבּוּטֶע קִינְדֶער, הָאט זִיא דֶען נִיט גִיזֶעהֶען אִין אִיר לֶעבִּין אַזֶעלְכֶע, ווָאס זַיינֶען אֶפְשַׁר גִיוֶוען נָאךְ גְרֶעסֶערֶע צְנוּעוֹת ווִיא דִי גְמָרָא אִידִינֶע אוּנ הָאבִּין קִינְדֶער רְשָׁעִים? אוּנ ווִידֶער, קֶענֶען דֶען אַלֶע הָאבִּין תְּנָאִים? אִיבֶּער דִיא גִידַאנְקֶען, הָאט זִיא זִיךְ אַרֶעכְט גִימַאכְט, אַז אוֹיבּ אִיר קִינְד וֶועט אֲפִילוּ גֵיין מִיט אַייגֶענֶע הָאר אִיז אוֹיךְ קֵיין גְרוֹיסֶע עֲבֵרָה, אוּנ דַארִיבֶּער וֶועלִין קֵיין קִינְדֶער נִיט שְׁטַארְבִּין, צְווֵייטֶענְס הָאט זִיא גִיזֶעהֶען אִין שְׁטָאט אַלֶע גְבִירִימְסֶע ווַייבְּלֶעךְ גֵייעֶן מִיט אֵייגֶענֶע הָאר, אוּנ פַאר ווָאס זָאל אִיר קִינְד עֶרְגֶער זַיין? נָאר ווָאס אִיז אִיר גִיבְּלִיבִּין אַיין דַאֲגָה, טָאמֶער ווֶעט יוֹסֵף מַאכִין אַיין טְרֵפָה קִיךְ? אִיז זִיא בָּטוּחַ גִיוֶוען, אַז דָאס וֶועט יוֹסֵף נִיט טָאן, ווָארוּם יוֹסֵף אִיז נִיט דֶער מֶענְטְשׁ ווָאס קוּקְט נָאר צוּא טָאן ווָאס עֶר ווִיל, הָאט

דער

דער אַנדערער האָט דער פון שמערצין ,׳ אונ אַזוֹ איז דיא מוטער געוועזן רעכט גליקליך אַזוֹ וויא איר רוחמה וועלכע עס האָט גאר גיט געפרובירט אַקלער טאָן וועגין דיא נארעשקייטען , אונ האָט זיך נאָר פארגניגט מיט יוסף׳ן , באַוויזען אים וויא פיל זיא האָט אין דער צייט גיליידענט , אונ וויא אַנדערש זיא איז איצט :

נאר אַזוֹ וויא אין יעדען גליק מוז זיך אַריין מישען עטוואס שלעכט , וויא יעדער שיינער זאנגען בילד מוז טראגין דעם שאטין אויך אַרום זיך , איז געוועזן דא אין רוחמה׳ס גליק אויך , ווארום זיא האָט גראד דיא צייטין זייער פיל שמערצין גיהאט פון ראָזען , איבער איר מאן וועלכער עס האָט איבער משה שנייארן פארלארין זיין געלט , אונ נאָך אנגערירט לייטעשע אויך , משה שנייארין איז גאָך גיט גינוג געוועזן וואס ער האָט אויס געפירט זייגס , אונ ראָזען אונגליקליך געמאכט , זיא פאר קויפט צוא זא איין מענשין , וועלכער עס קען זיא ניט , ער האָט זיך נאָך מיה געגעבין , איר מאן אויך אונ גליקליך צוא מאכין , אונ דעם אונ גליקליכין : איז קיין ברירה געבליבין ניט צוא אַנטלויפין פון פעטערבורג , דיא בעלי חובות האָבין זיינע וועקסלין דער לאנגט אין סוד אונ אין איין שיינעם מארגין איז מען געקומען צוא ראָזען אָבשאצין אירע זאכין — ראָזע האָט זיך געשטארקט , אונ האָט מיט ענטשלאָסענהייט אַ וועק געגעבין אירע צירונג קליידער , דרשה געשאנק , אונ וואס זיא האָט גאר געהאט אין איר גבול , זיא האָט ניט געוואָלט פון לייטעשע גיניסען , אונ האָץ זיא האָט פון די סארלטאנאוועטע געלד אַגראַפין אין דיא אויגין געזעהען — אָבער עס האָט גענאסין דער פון , איר מאן , דער פאטער פון אירע קינדער ! וועלכע זיא ליבט . .

יוסף האָט זיך אויף איר שטארקהייט פארוואונדערט , וויא זיא האָט מיט פרייד אַלס אַוועק געגעבין , וויא זיא האָט ניט איין זיפץ גיטאן , גאר דער נאָך , אַז זיא האָט אפילו די קינדערשע קאסטיומלך אַוועק געגעבין אונ אַז די פאליצייסקע זיינען ארויס געגאנגען האָט זיא ארומגינומען אירע ליבע קינדער , זייא היים צו גידריקט צום הארצין אונ געזאָגט : אָ מיינע לויכטינגע , ליבע קינדער , איר זייט איצט אַזוֹ עלענד אונ ארעם וויא אייער אונגליקליכע מוטער , איר האָט שוין ניכטס !

יוסף האָט דיא רייד גיהערט , דאס האַרץ איז אים צו גאנגען , ער איז צוא גילאָפין צו ראָזען , איר גינומען פארען האנד אונ געזאָגט :

ליבע ראָזע , האָסט דוא פארגעסין , אַז איך לעב נאָך ? פאר וואס זאָגסט דוא אַז דוא ביזט עלענד ? האָב איך דייגע קינדער גיט געקענט זיין אַ פאָטער , אָבער אַ ערציהער , האָף איך צוא גאָט , וועל איך זייא זיין ! איך שווער דיר היינט , אַז קיין ליבע אונ קיין האָפפונג אין דער וועלט האָט מיך אָפגעהאַלטען פון דער טרינקען זיך , מער ניט , אַז רוחמה האָט מיר ערציילט , וויא דוא ביזט ניט גליקליך , אונ מיר באַוויזען וויא איך קען דיר נאָך ווען עס איז אַטרייכט זיין , אַז איך וועל לעבין , ראָזע , דאס אַליין איז מיין לעבין איצט , זייא דוא נאָר גליקליך ! דוא האָסט גוט גיטאָן וואס דוא האָסט דיינע לעצטע אַוועק געגעבין , דעם גרעסטין פרייד וועסט דוא מיר מאכין אַז דוא וועסט מיך ניט האַלטין פאר אַפרעמדען ,

אַז דוא װָעסְט זִיךְ רַאסְפַּארָאזַאיָען אוֹיף מַיינֶע , אִיךְ װָעל בַּייא דִיר אִין מַיין לֶעבִּין קַיין רֶעכֶענוּנְג אָפְּגֶעמֶען , אוּנ אִיךְ הָאף , אַז ורוּחָמָה װָעט דָער מִיט אוֹיךְ צוּ פְרִידֶען זַיין :

אִיךְ דַאנְק דִיר יוֹסֵף , הָאט רָאזֶע גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט טְרֶערֶען , יוֹסֵף הָאט אוֹיךְ גִיוַויינְט :

רוּחָמָה אִיז אִין דָער מִינוּט אַרַיין גִיגַאנְגֶען אוּנ זַייא בֵּיידִין גִיפוּנֶען וַויינֶענְדִיג , יוֹסֵף הָאט אִיר בַּאלְד עֶרְצֵיילְט װָאס דָא אִיז אוּנ װָאס עֶר הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען , דִיא גוּטֶע רוּחָמָה אִיז דָער פוּן אֲפִילוּ הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען גִיוֶוען , אָבֶּער זִיא הָאט זִיךְ זַייעֶר גִישְׁרָאקֶען פַאר יוֹסֵפְס גִיזוּנְד , וָוארוּם עֶר הָאט אָן גִיהוֹיבִּין שְׁטֶענְדִיג צוּ זוּכִין וִויא רָאזֶעס מַאן אַרוֹיס צוּ פִירִין פוּן זַיין אוּנְגְלִיק אוּנ אִים שְׁטֶעלֶען אוֹיפֶען פוּס , רוּחָמָה אִיז חָלִילָה נִיט אַייפֶערְזִיכְטִיג גִיוֶוען , נָאר זִיא הָאט אָבֶּער אַלְס נִיט גִיקֶענְט רוּהֶען פַאר דֶעם גִידַאנְק , אַז יוֹסֵף קֶען אִין גַאנְצִין נִיט גְלִיקְלִיךְ זַיין וִויא לַאנְג עֶר װָעט רָאזֶען נִיט גְלִיקְלִיךְ מַאכִין , אוּנ דָאס הָאט רוּחָמָה שׁוֹין גַאנְץ גוּט גִיזֶעהֶען , אַז דָאס קֶען נִיט זַיין , רָאזֶע הָאט נָאר דַאמָאלְסְט גִיקֶענְט גְלִיקְלִיךְ זַיין . . . אָבֶּער אִיצְט אִיז שׁוֹין אַלְס פַארְלָארִין ! . . .

צְוַוייא װָאכִין זַיינֶען אַרִיבֶּער , מֶען הָאט שׁוֹין אָן גִיהוֹיבִּין צוּ טְרַאכְטִין װֶעגִין תְּנָאִים , דֶער שְׁוַוארְצֶער אִיז גִיוֶוען אִין וַוארְשָׁא אוּנ הָאט נִיט גִיווּאוּסְט װָאס דָא צוּ טוּט זִיךְ , אָבֶּער אַפָּאר טֶעג פַאר דִיא תְּנָאִים אִיז עֶר גִיקוּמֶען , עֶר אִיז גִיקוּמֶען הַאלְבֶּע נַאכְט , אוּנ אִין שְׁטוּבּ הָאט קֵיינֶער גִיהֶערְט , אִין דֶער פְרִיא הָאט עֶר זִיךְ דָער ווּאוּסְט װָאס דָא טוּט זִיךְ , אַז עֶס אִיז גִיקוּמֶען יוֹסֵף אַדָאקְטֶער , אוּנ עֶר אִיז דָא אִין שְׁטוּבּ , מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר הָאט זִיךְ אִין אָן הַייבּ דֶער שְׁרָאקִין , נָאר דָער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ אַהַאפּ גִיטָאן , אוּנ זִיךְ בַּאלְד אָן גִיטָאן אוּנ גִיגַאנְגֶען צוּ יוֹסֵפִין :

יוֹסֵף הָאט אִים כִּמְעַט נִיט דָערקֶענְט , עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אִין גַאנְצֶען אִיבֶּער גֶעבִּיטֶען : פוּן אַמָאהְלִיגֶען לַאנְגֶען רָאק , אִיז אִיצְט גִיוָוארִין אַקוּרְצֶער רֶעקֶעל , פוּן דֶעם אַמָאהְלִיגֶען שְׁוַוארְצִין אוֹיס גֶעוַוייקְטֶען חֲסִדוּתֶן גֶערְגֶעלֶע , אִיז אִיצְט גִיוָוארִין אַ אַפְרִיקַאנֶער קוּפְּיֶעץ , שְׁוַוארְץ וִויא טִינְט מִיט אַשְׁוַוארְצֶע אַרוּמְגֶעשָׁארֶענֶע בָּארְד , מִיט בְּרִילִין אוֹיף דִי אוֹיגֶען , מֶער נִישְׁט אַז דָער אַיין פַארְקְרִימְטֶער נָאז אִיז אִים גֶעבְּלִיבִּין פוּן פְרִיעֶר , אַרַיין קוּמֶענְדִיג הָאט עֶר דֶער זֶעהֶען יוֹסֵפִין זִיצֶענְדִיג אוּנ גִילֶעזִין אַבּוּךְ , עֶר אִיז צוּא גִילָאפִין צוּ אִים מִיט אוֹיסְגִישְׁפְּרַייטֶע הֶענְט אוּנ אַרוּף גִיפַאלִין אִים קוּשֶׁען , יוֹסֵף הָאט זִיךְ קוֹים אַרוֹיס גֶערִיסִין :

אִיר הָאט נָאךְ קַיין נֶעגֶעל וַואסֶער אָבְּגֶעגָאסֶען , הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט , אוּנ עֶס אִיז אַסַכָּנָה זִיךְ צוּא קוּסֶען , וִויא לַאנְג מֶען הָאט נָאךְ דִיא שֵׁדִים פוּן זִיךְ נִיט אַרוּנְטֶער גִיטְרִיבֶּען :

וָוער קוּקְט אִיצְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען ? הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר גִיזָאגְט , נִיטָא קַיין שֵׁדִים אוֹיף דָער וָועלְט :

אִיךְ הָאבּ אַמָאל אוֹיךְ אַזוֹ גִיזָאגְט , הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט , נָאר אִיצְט קֶען אִיךְ עֶס נִיט לַייקֶענֶען , וָוארוּם אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אִין מַיין לֶעבִּין אַזֶעלְכֶע מַזִיקִים אוּנ

משהיתים

ס'שְׁחִיתִים גֶעזֶעהֶען, וָואס מֶען הָאט מִיר פוּן זַייא אֲפִילוּ אִין דִיא בָּבָא מַעֲשֶׂה גִיט עֶרְצֵיילְט . . .

אִיךְ הַאלְט אָבֶּער פוּן דֶער גְמָרָא, הָאט משֶׁה שְׁנֵייאָר גִיעֶנְטְפֶערְט, זִיךְ גִימַאכְט נִיט פַארְשְׁטֵייעֶנְדִיג יוֹסֵפְס מֵיין, דִי גְמָרָא זָאגְט, אַז אַבַּיֵי וְרָבָא הָאבִּן זֵיי פַארְטְרִיבִּין אִין דִי מִדְבָּרִיוֹת, אוּנ דָא אִין שְׁטָאט דַארְפִין מִיר פַאר זֵייא נִיט מוֹרָא הָאבִּין.

יַא, דָאס הָאבִּין זֵייא דֶעם קוּנְץ גִישְׁפִּילְט מִיט יֶענֶע שֵׁדִים, דִיא הַיינְטִיגֶע אָבֶּער מַאכֶען דִי שְׁטָאט פַאר אַמִדְבָּר, טְרֶעפְט דֶען נִיט, אַז אַיין כַּלָה וָוערְט נִזוֹק פַאר דֶער חוּפָּה, אַז זֵייא רַייסֶען אִיר אַרוֹיס פוּן חָתָנְס הֶענְט אוּנ פַארְקוֹיפֶען אִיר פַאר אַ שֵׁד, אוּנ דֶעם חָתָן פַארְפִירֶען זֵייא מִי יוֹדֵעַ וואוּ? גְלוֹיבְּט אִיר דֶען גִיט אִין אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים?

אָבֶּער לָאמִיר בְּרָאסֶען דִיא שֵׁדִים, וָואס דַארְפֶען מִיר זַייא, לָאז זַייא נֶעמֶען דֶער שְׁוַוארְץ יָאר!

דֶער שְׁוַוארְץ יָאר אִיז זֵייעֶר לִיבְּסְטֶער בְּרוּדֶער, הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט יוֹסֵף, אִיר הֵייסְט זַייא בְּרָאסֶען, גִיט מִיר אַדְרַבָּה אַיין עֵצָה: וִויא וֶוערְט מֶען פְּטוּר פוּן זַייא? אַמָאל פְלֶעגְט זַייא הֶעלְפֶען קְרִיאַת שְׁמַע, הַיינְט קֶען זִיךְ נָאר גָאט אַלֵיין מִיט זַייא אִיסְפְּרַאוֶוען, אוּנ אִיךְ הָאף עֶר וֶועט מִיךְ אוֹיס לֵייזֶען פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְט! . . .

זָאג מִיר אָבֶּער יוֹסֵף וָואס מַאכְסְט דוּא? זֶעה, דוּא בִּיזְט דָאךְ אַלֵייט! אִיךְ הָאבּ דִי גְרֶעסְטֶע הֲנָאָה דֶער פוּן, וִויא אִיךְ בִּין אַאִיד! יוֹסֵף הָאט זִיךְ אָפְּגֶעקֶערְט נִיט גִיוָואלְט וַוייטֶער רֵיידֶען מִיט זַיין עֶרְגְסְטֶען שׂוֹנֵא:

זֶעהְסְט דוּא יוֹסֵף, דוּא הָאסְט אַמָאל גִימֵיינְט · אַז אִיךְ בִּין דִיר אַשׂוֹנֵא, אַז אִיךְ הָאבּ דֶעם שִׁידוּךְ נִיט דֶער לָאזֶען מִיט רָאזֶען, גְלוֹיבּ מִיר, נִיט דִיר בִּין אִיךְ אוֹיסֶען גִיוֶוען אַיין רָעָה צוּ טָאן, וָוארוּם וָואסָערֶע שְׁלֶעכְטְס הָאסְט דוּא מִיר גִיטָאן? אִיךְ הָאבּ דָאס אִיר דִי טוֹבָה נִיט פַארְגִינְט, אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶען · אַז פוּן דִיר קֶען אַרוֹיס וַואקְסֶען אַגְרוֹיסֶר מֶענְטְשׁ, הָאבּ אִיךְ דָאס טַאקֶע נִיט גִיוָואלְט דֶער לָאזֶען, דוּא זָאלְסְט פַארְפַאלֶען וֶוערִין אִין דִי מִיסְט פוּן פָארְשְׁטֶעטֶעל, אִיךְ הָאבּ גִיוואוּסְט, אַז רָאזֶע הָאט אַפֶּעלֶער · זִיא וֶוערְט מְשׁוּגַע, וֶוען זִיא הָאט נָאר שְׁבִרוֹת לֵב, אוּנ דֶער רַחֲמָנוּת וָואס עֶס וָואלְט גִיוֶוען אוֹיף דִיר פַאר אַזוֹ אַ וַוייבּ הָאט מִיךְ נִיט דֶער לָאזֶען: אִיךְ זָאל דָא שְׁטֵיין פוּן וַוייטֶען, גֶעדֵיינְקְסְט דוּא, אַז דוּא בִּיזְט נָאךְ אַבַּטְלָן גִיוֶוען, וֶוער הָאט דִיךְ אַרַיין גֶעפִּירְט צוּא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ? וָוער הָאט דִיר גִילֶערֶענְט לֵייעֶנֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען? וֶוער הָאט דִיר אַפֵּיינֶעם נָאמֶען גִימַאכְט? נַאקְאנֶעץ, וָוער הָאט דִיךְ מַצִיל גִיוֶוען פוּן צָרוֹת? וִויא שְׁלֶעכְט וָואלְט דִיר גִיוֶוען, דֶערְמָאן זִיךְ, אַז דוּא וָואלְסְט שׁוֹין גִיהַאט דְרַייא קִינְדֶערְלִיךְ מִיט אַזוֹ אַ פְּלַאגֶע אַוַוייבּ אוּנ גִיוֶוען אַזוֹ בִּיטֶער אָרֶעם וִויא רָאזֶע, הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט?

מְאַ וָואס זֶע ווִילְט אִיר דֶען אִיצְט פוּן מִיר? הָאט יוֹסֵף גִיפְרֶעגְט אִין דֶעם הָאט שִׁיר דִיא שְׁלַאק נִיט גֶעקְרִיגֶען הֶערֶענְדִיג דִיא נִיכְטְס ווִירְדִע רֵייד פוּן זַיין פַאר דֶערְבֶּער:

אִיךְ ווִיל גָאר נִיט! הָאט משֶׁה שְׁנֵייאָר גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ ווִיל מֶער נִיט, דוּא זאלסט

זָאלְסְט מִיךְ נִיט פַארְגֶעסִין , דוּא זָאלְסְט מִיר בַּאדַאנְקֶען פַאר מַיין גוּטְס אוּנ זָאלְסְט ווִיסֶען , אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעמִיהְט דִיךְ גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶען !

אָ , אִיךְ וַויים ! אִיךְ וַוייס אוּנ קֶען נִיט פַארְגֶעסִין ! הָאט יוֹסֵף אַגֶעשְׁרַייא גִיטָאן , זָאגְט מִיר , וָואס מֵיינְט אִיר ? אִיךְ בִּין אַ קְלַיינֶער אִינְגֶעל אוּנ וַוייס נִיט וֶוער אִיר זַייט ? אוֹיף אַלְס בִּין אִיךְ אַייךְ מוֹחֵל , אָבֶּער דָאס וָואס אִיר הָאט רָאזֶען אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט דָאס זָאל אַייךְ גָאט אוֹיךְ נִיט פַאר גֶעבִּין . אָ , אִיר זַייט אַמֶערְדֶער ! אִיךְ קֶען אַייךְ , אִיר זָאלְט ווִיסֶען זַיין אַז אִיךְ וַוייס אַלְס , אוּנ הָאבּ אַייךְ אִיצְט אִין הַאנְד אוֹיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכִין , נָאר דֶעם שְׁוֶוערְס נָאמֶען , אוּנ דִיא שְׁווִיגֶערְס גִיזוּנְד הִיט אִיךְ ! לָאז אַייךְ גָאט בַּאצָאלִין ! ווִיא רִיכְטִיג אִיז דָאס וָואס מֶען זָאגְט : ״אַוָואלְף בַּייט אִיבֶּער זַיינֶע הָאר , אָבֶּער נִיט זַיין נַאטוּר״ , אִיר זַייט דֶער אַייגֶענֶער בַּאטְרִיגֶער וָואס פְרִיעֶר , חָאץ אִיר זַייט אִיצְט אַנְדֶערְס גִיוָוארִין , הָאץ אִיר הָאט אַייעֶר בָּארְד אוּנ פֵּאוֹתִין אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען , הָאט אִיר אָבֶּער אַייעֶר הַארְץ נִיט פַארְבֶּעסֶערְט , פָאלְגְט מִיר , גַייט אַרוֹיס פוּן מַיין צִימֶער אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט פַארְשְׁטֶעלִין , אִיר פַארְשְׁטֵייט , אַז אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט זַיין קַיין גוּטֶער פְרַיינְד , גַייט אוּנ זוּכְט אַייךְ אַייעֶר גְלַייכֶען , מִיט מִיר זַייט אִיר שׁוֹין אוֹיס מְחוּתָּן , אִיךְ קֶען אַייךְ נָאר זָאגֶען , אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ קַיין שְׁלֶעכְטְס טָאן אִיךְ וֶועל אַייךְ פַארְגֶעסִין ! —

יוֹסֵף אִיז אוּפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אָן גִיהוֹיבִּין אוּם צוּא גַיין הִין אוּנ צוּרִיק , מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר אִיז אַלְס גִיזֶעסִין אוֹיף אֵיין אָרְט גִישְׁלוּנְגֶען דִי שְׁפַּייעֶכְץ , גֶעבִּיסִין דִי לִיפֶּען פוּן כַּעַס , בַּאלְד אָבֶּער הָאט עֶר דֶער זֶעהֶען דִיא שְׁווִיגֶער גַייעֶנְדִיג , עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט זִיא זָאל אִים אִין אַזוֹ נִיט לָאוְקָא פְּלָאזֶענִיֶע טְרֶעפִין , הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד אוֹיף גִיהוֹיבִּן אוּנ אַרוֹיס :

אַרוֹיס פוּן דַאנֶען דוּא שְׁלַאנְג ! הָאט דִיא שְׁווִיגֶער אַגֶעשְׁרַייא גִיטָאן אִים דֶער נָאכְגֶעהֶענְדִיג , דוּא מַיינְסְט דָאס וֶועט דִיר זַיין דִיא פְרִיעֶרְדִיגֶע ? וַוארְט נָאר , עֶס וֶועט אַלְס רֶעכְט זַיין ! . .

מֹשֶׁה שְׁנַייאֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג , אוּנ אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען דִיין וֶועגְס , אָבֶּער אִין זַיין פִינְסְטֶערֶע הַארְץ הָאט זִיךְ פַאנַאנְדֶער גִיקָאכְט אַגַאנְצֶער גִיהִנָּם פֶּעךְ אוּנ שְׁוֶועבֶּעל , עֶר הָאט זִיךְ גִישְׁוָואוִרין נְקָמָה צוּ נֶעמֶען :

---

# ט

## דִיא נַאכְט פוּן תְּנָאִים :

עֶס זַיינֶען אַרִיבֶּער נָאר עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ דֶער סְצֶענֶע אוּנ אִין פְרִידְמַאנְס הוֹיז אִיז גִיוֶועזֶען שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן , מֶען הָאט תְּנָאִים גִישְׁרִיבֶּען צְווִישֶׁען יוֹסֵפִין אוּנ רוּחָמָהן , ווִיא עֶס פִירְט זִיךְ בַּייא אַלֶע אִידֶען — גֶעסְט זַיינֶען גִיוֶועזֶען פִיל , נָאר אֵיין נָאהֶענְטֶער מְחוּתָּן , אַיין אָן גֶעלַייגְטֶער גַאסְט הָאט גֶעפֶעלְט , אַיין טְרַייעֶר

פְרַיינְד מֹשֶׁה שְׁנַייאָר הָאט גִיפֶעלְט אוּנ דִי שִׂמְחָה אִיז פוּן דֶעסְטְוֶועגִין נִיט גִישְׁטֶערְט גִיוָוען — אַיין תְּנָאִים שְׁרַייבֶּער, אַיין בֶּערִיהְמְטֶער מַכְרִיעַ צְווִישֶׁען מְחוּתָּנִים וָועלְכֶע עָס סְפְּאָרִין זִיךְ גִיוואוּנְלִיךְ פַאר דִיא תְּנָאִים — אַיין בְּרִיָּה צוּא זַאמֶענְצוּפִירֶן חָתָן כַּלָּה זָאלְן זִיךְ זֶעהֶען אוּנ רֵיידֶען פַאר דִיא תְּנָאִים, וִויא דִיא נַייעַ וֶועלְט וִויל — אֵיין מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרְקֶע דֶער מוּרִין הָאט דָא גִיפֶעהְלְט אוּנ דִיא מְחוּתָּנִים הָאבִּין זִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט גֶעקְרִיגְט אוּנ חָתָן כַּלָּה הָאבִּין גֶערֶעט! — זַיין הַארְץ הָאט אִים נִיט גִילָאזֶען זֶעהֶען דֶעם גְלִיק פוּן זַיין שְׁוֶוערְס אַקִינְד, אוֹיף וָועלְכֶע עֶר הָאט גִיזוּכְט נָאר אוּנְגְלִיק, מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין גִיקֶענְט אִים אַבִּיסְל, הָאבִּין פַאר שְׁטַאנֶען פַאר וָואס עֶר פֶעלְט, נָאר דִיא וָואס הָאבִּין אִים נָאךְ נִיט נִיקֶענְט, הָאבִּין אָן גִינוּמֶען זַיין תֵּרוּץ, אַז עֶר הָאט אִיצְט קָאפּ שְׁמֶערְצֶען, אוּנ אִין אֱמֶתֶען הָאט אִים דֶער קָאפּ אִין דִיא מִינוּט גֶענוּג וַוייא גִיטָאן, דִיא גֶעדַאנְקֶען זַיינֶע הָאבִּין אִים נִיט גִילָאזְט רוּהֶען, עֶר אִיז גִילֶעגֶען אִין בֶּעט מִיט דִיא קָאלְדְרֶע אִיבֶּערִין קָאפּ אַרִיבֶּער גִידֶעקְט, אוּנ הָאט גֶעמֵיינְט צוּא זֶעהֶען יוֹסֵפִין שׁוֹין אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה שְׁטַייעֶנְדִיג, אָט הָאט עֶר זִיא שׁוֹין מְקַדֵּשׁ גִיוָוען אוּנ יוֹסֵף אִיז שׁוֹין זַיין שְׁוָואגֶער!

נַיין! דָאס וֶועט נִיט זַיין! הָאט עֶר זִיךְ אַהֵייבּ גֶעטָאן אוּנ אִיז מִיט אַ צוּ זַאמֶען גֶעקְוֶועצְטֶען קוּלַאק אַרוֹיס אוֹיפִין גַאס גֶעלָאזֶען דִי שְׁטוּבּ אַלַיין, אוּנ פוּן צוּ הִיטְצְטֶען כַּעַס הָאט עֶר אַלַיין נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא וַוייט עֶר אִיז אַזוֹ גֶעלָאפִין

סַיין לֶעבִּין אָדֶער זַיין לֶעבִּין! הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַווִילְדֶען קוֹל, וָואס פַאר אַ נַאר בִּין אִיךְ דַאמָאלְס גִיוָוען! פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ נִיט בֶּעסֶער גֶעמַאכְט: מֶען זָאל אִים דִי קָאפּ אַרוּנְטֶער נֶעמֶען? וִויא מֶען וֶוערְט נִיט קְלוּג מִיט אַיין מָאל! דַאכְט זִיךְ, אִיצְט, אַז מִיר וָואלְט זִיךְ מַאכֶען, וָואלְט אִיךְ אָפּ טָאן אֵיין מָאל אַמַעֲשֶׂה אוּנ אַעֶק אַסוֹף! גוּט, עֶס מוּז גִיטָאן וֶוערִין, זִיצְט רַבִּי לֵייבּ סָארְקִין אִין אַסְטְרָאג, לֶעבְּט נָאךְ אָבֶּער אַ טֶעוֶועלֶע אַ זֶרַח קָאפֶּעלֶע — קַארִינָאוו אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע חֲסִידִים וְאַנְשֵׁי מַעֲשֶׂה, אִיךְ בִּין נַאטָאוו מַיין אֵיינֶענְס אַוֶועק צוּא גֶעבִּין, אוּנ אִים בַּאצָאלִין אֵיינְס אוּנ צְוַוייא אוּנ דְרַייא, אוּנ אַסוֹף!!

מִיט דִיא רֵייד הָאט עֶר זִיךְ אַטְפְּרַאוֶועט גְלַייךְ צוּא קַארִינָאוו דֶעם גַנָּב, דִיא מוּטֶער דִיא אַלְטֶע בַּארִימְטֶע גַנֶבְתֶּע, אִיז גֶעזֶעסִין בֵּעַת מַעֲשֶׂה אוּנ גֶעפַּארְבְּט אַ וַוייסֶע הוּן וָועלְכֶע זִיא הָאט נָאר וָואס פוּן קוֹרָא סַאדְנָא אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען בַּייא אִיר שָׁכֵן, דִי קְלֵיינֶע מַיידֶעל אִירֶע אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען מִיט אַזֶעקֶעל בַּיינֶער, זִיא הָאט דֶער זֶעהֶען דֶעם שְׁווַארְצֶען יוּנְגֶען מַאן מִיט דִי בְּרִילֶען אוֹיפֶען נָאז אִיז זִיא אַרוֹיס מִיט דֶעם זֶעקֶעל צוּרִיק:

וָואס דַארְפְט אִיר? הָאט אִים גִיפְרֶעגְט דִיא מוּטֶער.

אִיךְ דַארְף רַבִּי זֶרַח קָאפְּלֶען! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר.

עֶר זִיצְט גָאר אִין אַסְטְרָאג, הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט מִיט אַגְעוֹ בְּוָנָה:

אִיךְ הָאבּ אִים דָאךְ הַיינְט גֶעזֶעהֶען:

אַלְץ בִּינְט מֶען זִיךְ דָאךְ צוּ אוּנְז, אַז פַּייטֶעל פוּימַאנִיק הָאט אוּנְטֶר גִיצוּנְדֶען

אשטאל

אַשְׁטַאל הַייא הָאט מֶען דֶר וַוייל נֶענוּמֶען מַיין קָאפֶּעלֶן, זָאלֶען מַיינֶע בִּילֶער אַזוֹ זַייעֶרֶע יָארִין הָאבִּין, וִויא עֶר וַוייס פוּן וָואס צוּא זָאגִין, מַיין פַייגֶעלֶע! בַּייא דִיא רַייד הָאט זִיא זִיךְ בַּאנָאסִין מִיט טְרֶערִין:

מֹשֶׁה שְׁנַייאָר, הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיס גַיין:

אִיר קֶענְט מִיר נִיט זָאגֶען וָואס אִיר הָאט אִים בַּאדַארְפְט? הָאט גֶעפְרֶעגְט דִיא אִידִינֶע מִיט טְרֶערֶען:

עֶר אִיז מִיר גִיוֶוען זֵייעֶר נַייטְהִיג, אִיךְ הַאבּ מִיט אִים גִיוָואלְט אוֹיסְפִּירֶען אַזַאךְ אוּנ עֶר וָואלְט דַארִין פַארְדִינְט עֶטְלִיכֶע קָאפִּיקֶעס, מַיין אִיךְ אַהִיפְּשֶׁע קָאפִּיקֶע!

דִי מוּטֶר, וָואס הָאט דָא גִימַיינְט טָאמִיר שְׁטֶעלְט עֶר אִיר אָן אַנַאנְצֶע פַּאסְטְקֶע, וָוארוּם זִיא הָאט זֵייעֶר גֶעוואוּסְט וואוּ אִיר זוּן אִיז, אוּנ אִין מִיטֶען הָאט זִיא גֶערֶעכֶענְט טָאמִיר דַארְף עֶר אִים טַאקִי, וָוארוּם הָאץ דֶער שְׁוַוארְצֶר אִיז בַּייא אִיר דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל אִין שְׁטוּבּ אַרַיין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיא אִים גוּט גֶעקֶענְט, וָוארוּם וֶוען זִיא הָאט אִים נִיט גִיהַאט דִיא זְכִיָה צוּא זֶעהֶען אִין אִיר שְׁטוּבּ, דֶער פַאר הָאט זִיא אִים נִיט אַיינְמָאל דֶער וִוירְט אִין נִיט שֶׁענֶערֶע הַייזֶער וִויא אִירֶע, וואוּ זִיא פְלֶעגְט גַיין זוּכִין אִיר זוּן, אוּנ הָאץ זִיא הָאט בַּאדַארְפְט אִין דֶער רֶגַע זִיךְ דֶער שְׁרֶעקֶען פַאר אִים פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זִיא צוּרִיק פְרֵיילִיךְ גִיוָוארִין אַז זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז עֶר אִיז בַּיי אִיר אִין הַאנְט מֶער וִויא זִיא בַּייא אִים, אוּנ וַוייל זִיא הָאט נִיט גִיוָואלְט אַיין לָאזִין עֶפֶּעס פַּרְנָסָה, הָאט זִיא אִים גִיהַייסֶען גַיין צוּ לִיבֶּע רַייצֶעס אִין שְׁטָאט, אוּנ אִים גִיגֶעבִּין אַסִמָן יֶענֶער זָאל אִים גְלוֹיבִּין, זִיא הָאט גִירֶעכֶענְט, אַז זֶרַח קָאפֶּעל וֶועט בַּאלְד קוּמֶען וֶועט זִיא אִים שִׁיקֶען אַהִין צוּא:

דֶער שְׁוַוארְצֶער אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אִין שְׁטָאט צוּא לִיבֶּע רַייצֶעס, פַארְבַּייא גַייעֶנְדִיג פַאר בַּייא דֶעם שְׁוָוערְס שְׁטוּבּ הָאט עֶר גִיהֶערְט אַגֶעשְׁרֵייא אוּנ גֶעשְׁלֶעג, עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גִיוָואלְט צוּ גַיין, וַוייל עֶר הָאט פְרִיעֶר גְזָאגְט, עֶר אִיז קְרַאנְק אוּנ בּוּרְצֶענְדִיג פַאר זִיךְ "שְׁלָאגְט אַייךְ קָאפּ אָן וַואנְט, וַואנְט אָן קָאפּ!" אִיז עֶר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען וַוייטֶער:

דִיא גֶעשְׁלֶעג וָואס דָא אִיז גִיוָוארִין בַּייא פְרִידְמַאנֶען אוֹיפִין גַאס, אִיז אַרוֹיס גִיקוּמֶען דֶער פוּן: מֹשֶׁה שְׁנַייאֶר אַרוֹיסְלוֹיפֶענְדִיג פוּן שְׁטוּבּ הָאט גִילָאזֶען דִי טִיר אָפֶען אוּנ דִי שְׁטוּבּ אַלֵיין, וָוארוּם אַלֶע זַיינֶען גִיוֶוען אוֹיף תְּנָאִים, זֶרַח קָאפֶּעל, וָועלְכֶער עֶס הָאט זִיךְ צוּא דֶער שְׁטוּבּ אַסַךְ גֶעצִילְט, אַבִּיסֶעל וָואס עֶר הָאט גִיהַאט אַ כַּעַס אוֹיף פְרִידְמַאנֶען, וָואס מֶען הָאט בַּייא זַיינֶען אַשְׁוָועסְטֶער אַמָאל אָפּ גִינוּמֶען אַ מְזוּזָה, וָועלְכֶע זִיא הָאט פַארְבַּייא גֵייעֶנְדִיג מִיט אַטְעֶפֶּעל קְרוֹיט, וָואס מֶען הָאט אִיר דָא גִיגֶעבִּין — אוֹיסְפֶּעיֶעט פוּן טִיר אַרָאפּ צוּ רַייסֶען —

אוּנ אַבִּיסֶעל וָואס דְבוֹרָה בַּאבֶע דִיא שַׁיינְקֶערִין פְלֶעגְט אִים אַלְס בֶּעטִין עֶר זָאל זַייא בְּדַלוּת שְׁטֶעלִין, הָאט קוֹים דֶער הַארְט אַזוֹ אַ נַאכְט וָואס אַלֶע וָועלִין זַיין אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטוּבּ, וֶועט עֶר דֶער וַויילֶע קֶענֶען אוֹיסְלֵיידִיגֶען דִיא קְלֵיינֶע שְׁטִיבְּלֶעךְ, אוּנ בַּאלְד וִויא מֹשֶׁה שְׁנַייאָר אִיז נָאר אַרוֹיס, אִיז עֶר אַרַיין צוּם

קאמאד

קַאמְאד , אַרוֹיס נִיחַאפְּט אַקֶעסְטֶעלֶע וָואס עֶר הָאט גִירֶערְכֶענְט אַז דָא אִיז גֶעלְט , אַרָאפּ גִינוּמֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶענֶס נוּטֶען פוּטֶער אוּנ אַרוֹיס דוּרְכִין פֶענְסְטֶער אוּנ אַרִיבֶּער אִיבֶּערִין פְּלַאנְקֶען , אָבֶּער דָא הָאט אִים קוּזְמָא דֶער סְטָארָאז גִיחַאפְּט אוּנ נִימַאכְט אַגְוַואלְד , עֶר אָבֶּער הָאט אוֹיסְפֶּעיֶעט דִיא קֶעסְטֶעלֶע אַוֶועק צוּא וַוארְפֶען , אוּנ אַז מֶען אִיז אַרוֹיס פוּן שְׁטוּבּ הָאט מֶען נָאר גִיפוּנֶען וִויא קָארִינָאוו הָאט אַרוֹיף גִיוָוארְפִין דִי פוּטֶער אוֹיף דֶעם סְטָארָאז אוּנ שְׁלָאגְט אִים אָן רַחֲמָנוּת , דִיא הַאלְבּ בֶּעשְׁוָועכְטֶע מְחוּתָּנִים הָאבִּין אִים גַאנְץ גוּט אוֹיסְגֶעבּוֹיקֶערְט , עֶר הָאט אַלְס גֶעשְׁרִיעֶן : לָאזְט מִיךְ אַיין , אוֹיבּ אִיר וִוילְט נִיט וִויסֶען מִיט וָועמֶען אִיר הָאט צוּ טָאן ! חֶבְרָה הָאט אִים אָבֶּער אַרַיין גֶעשְׁלֶעפְּט אִין שְׁטוּבּ אַקוּק טָאן וָוער דָאס אִיז , דָא הָאט עֶר אַרָאפּ גִיוָוארְפִין דִי שְׁוַוארְצֶע מַאסְקֶע וָואס אוֹיף אִים אִיז גִיוֶוען , אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ דֶער שְׁרָאקֶען אַז זַייא הָאבִּין אִים דֶער קֶענְט , וָוארוּם עֶר אִיז בַּאקַאנְט גִיוֶוען אַז עֶר אִיז סְפֶּאסָאבְּנֶע אוֹיף אַלְס ; אוּנְטֶער צוּא צִינְדֶען , צוּא הַרְגְנֶען , אוּנ זִיךְ נוֹקֵם זַיין וִויא פִיל עֶר וֶועט נָאר קֶענֶען , פְרִידְמַאן הָאט זִיךְ פַאר אִים נָאךְ מֶער דֶער שְׁרָאקֶען , וַוייל בַּייא אִים אִין שְׁפַּייכְלֶער אִיז שְׁטֶענְדִיג גִיוֶוען קַאמִיסְיָאנֶע פְרֶעמְדֶע סְחוֹרָה , וֶועלְכֶע מֶען קֶען זִיא קֵיין מָאל נִיט פַאר סְטְרַאהִירְן , אוּנ הָאט דֶער פַאר זָרַח קָאפְּלֶען בַּאלְד מְחִילָה גִיבֶּעטִין : אִים אָנְגֶעטָאסֶען אַגוּטֶען סְטַאקַאן שְׁפִּירוּט , אִים אָן גִישְׁטָאפְּט אַלֶע קֶעסֶענֶעס מִיט טֵייגְלֶעךְ אוּנ טָארְט , אוּנ אִים אִין הַאנְט אַרַיין גִירוּקְט אַהִיפְּשֶׁע מַטְבֵּעַ . זָרַח קָאפִּיל אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אַהֵיים אָדֶער עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְס וואוּ , אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער אִיז גִיקוּמֶען אַהֵיים אוּנ הָאט זִיךְ דֶער וואוּסְט וָואס דָא הָאט זִיךְ גִיטָאן , אִיז אִים אַרוּף גִיקוּמֶען אַגַאנְץ נַייעֶר פְּלַאן — גוּט ! אִיךְ הָאבּ דָאס נָאךְ לַאנְג גֶעקְלֶערְט אִיצְט וֶועט שׁוֹין קֵיינֶער מֵיינֶען אוֹיף מִיר ! הָאט מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר גֶעזָאגְט , מִיר נִיט , דִיר נִיט ! ! . . .

אִין הַאלְבֶּע נַאכְט נָאךְ דֶעם אַז אַלֶע הָאבִּין גִישְׁלָאפִין פוּן סִידִיקַייט אוּנ פוּן דֶעם וַויין , הָאט דֶער סְטָארָאז מִיט אַמָאל אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ קְלַאפֶּען שְׁטַארְק בַּייא פְרִידְמַאנֶען אִין לָאדֶען , אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַגְוַואלְדִיגֶען קוֹל ; פַאזַאר ! פַאזַאר ! טוֹיט נִיט לֶעבֶּעדִיג זַיינֶען אַרוֹיס דִי מֶענְטְשִׁין הַאלְבּ נַאקֶעטֶע , דָאס הָאט גִיבְּרֶענְט דִיא שְׁטִיבָּעל וואוּ רָאזֶע הָאט גִיוואוֹנְט מִיט רוּחָמֶען , אִין דִיא שְׁטָעלְכָעל וָואס אִיז גִיוֶוען פוּן הִינְטֶען אִיז גִישְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע פֶעסְלַאךְ קַארַאשִׁין , אוּנ דִי הָאבִּין זִיךְ אִיצְט פַאנַאנְדֶער גִיבְּרֶענְט מִיט אַהֶעלִישֶׁען פְלַאם אוּנ עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ גִיוֶוען צוּ לֶעשֶׁען , דִי שְׁטִיבָּעל וואוּ דִי בֵּיידֶע הָאבְּן גִישְׁלָאפְן אִיז שׁוֹין גִיוֶוען אַרוּמְגִינוּמֶען אִין פַייעֶר , דִיא מֶענְטְשִׁין הָאבִּין נִיט גִיוואוּסְט וָואס אָן צוּ הוֹיבִּין צוּ טָאן , דִיא שְׁטוּבּ הָאט נָאךְ אֲפִילוּ נִיט גִיבְּרֶענְט , אָבֶּער דֶער פַייעֶר פוּן דִיא קַארַאשִׁין מִיט דֶעם גֶעדִיכְטֶען רוֹיךְ הָאבִּין נִיט צוּ גִילָאזְט לֶעשֶׁען , פְּלוּצְלִיךְ הָאט מֶען דֶר הֶערְט אַגֶעשְׁרֵייא פוּן שְׁטוּבּ : רַאטֶעוֶועט ! רַאטֶעוֶועט !

פוּן שְׁטוּבּ אִיז אַרוֹיס יוֹסֵף אוּנ נִיט גִיהֶערְט דֶעם רוֹיךְ אוּנ פַייעֶר אוּנ אִיז אַרַיין דוּרְךְ אַ פֶענְסְטֶער גֶעחַאפְּט רָאזֶעס קִינְדֶער אוּנ הָאט זַייא צוּזַאמֶען מִיט דֶער

מוטש

מוּטֶער אַרוּים גֶעפִירְט — עֶר הָאט נָאךְ נִיט־צַייט גֶעהַאט דִיא קִינְדֶער אִיבֶּער צוּא גֶעבִּין נָאלְדֶען, וִויא עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט, אַז רוּחָמָה אִיז גִיבְּלִיבֶּען אִין שְׁטִיבֶּעל, אוּנ מִיט אַיין שְׁפְּרוּנְג אִיז עֶר אַרַיין צוּרִיק, אוּנ זִיא גֶעחַאפְּט אוֹיף דִי הֶענְט, אוּנ אִיז נָאךְ אַרוּים, אָבֶּער דָא הָאט זִיךְ אוֹיף אִים אָנְגֶעצוּנְדֶען זַיינֶע קְלַיידֶער — עֶר אִיז פוּן צוּהִיטְצִקַייט גֶעלָאפִין בִּיזֶען טִיֶער, אוּנ דָא הָאט אִים אַיינֶער בֶּעגֶעגְנֶעט, אוּנ וִויא עֶר הָאט גִיהַאלְטֶען אִין הַאנְט אַעֶמִיר וַואסֶער הָאט עֶר מִיט אַיין מָאל אַפְּלוּךְ גִיטָאן אוֹיף אִים, יוֹסֵף אִיז אַנִידֶער גִיפַאלֶען. אִים הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ גִיסֶען בְּלוּט פוּן הַאלְז. רוּחָמָה הָאט זִיךְ פוּן דִיא קַאלְטֶע וַואסֶער אָפּ גִיחַאפְּט, אָבֶּער זִיא הָאט גֶעפִילְט אַז זִיא אִיז נִצוֹל גֶעוָוארִין פוּן פַייֶער אוּנ אַרַיין אִין וַואסֶער . . .

---

ו

## גָאט פֶערְלַאנְגְט אַקָרְבָּן:

יוֹסֵף אִיז נָאךְ דֶעם אָבֶּענְד גֶעפֶערְלִיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארִין, עֶר אִיז אַלַיין גֶעוֶועןְ אַדָאקְטָער אוּנ גֶעפִילְט, אַז עֶר וֶועט צוּם הֶעכְבְּטִין נָאךְ אִיבֶּער לֶעבִּין דֶעם זוּמֶער, וַוייל פוּן זַיין צוּ הִיטְצִקַייט וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען אִיבֶּערִין נַאטוּר, הָאט אִים דִי קַאלְטֶע וַואסֶער אִיבֶּער זַיין נַאקֶעטֶען קֶערְפֶּער, פֶערְאוּרְזַאכְט אַשְׁווִינְדְזוּכְט, אוּנ הָאט גִיפִילְט וִויא עֶר גַייט אוּנְטֶער, יֶעדֶען טָאג, רוּחָמָה אִיז אוֹיךְ נִיט מִינֶער קְרַאנְק גִיוֶוען וִויא עֶר, אָבֶּער זִיא הָאט נָאךְ גִיקֶענְט אוּם גַיין, יוֹסֵף אָבֶּער וַואר הַאלְבּ גִילַיימְט, עֶר הָאט קַיין הֶענְט גִיהַאט, דוּרְךְ פִיל הִילְף הָאט מֶען אִים פוּן זַיין גֶעלַיימְטְקַייט גִיזוּנְד גִימַאכְט, אוּנ אַלֶע דָאקְטוֹרִים הָאבִּין גֶעזָאגְט: עֶר דַארְף פָארִין אִין אִיטַאלְיֶען, יוֹסֵף אָבֶּר הָאט גִיוואוּסְט, אַז עֶר וֶועט אִין וֶועג שְׁטַארְבִּין אוּנ הָאט בֶּעסֶער גִיוָואלְט לִיגֶען אוֹיף מָאהִיבִילֶער בֵּית עוֹלָם, וָואס אוֹיף זַיין קֶבֶר וֶועלֶען הָאץ אַמָאל גַיין זַיינֶע לִיבֶּע, נָאךְ זַיין אָרוֹן וֶועלִין גַיין מֶענְטְשִׁן וָואס הָאבִּן אִים גֶעקֶענְט, אוּנ דַארִיבֶּער אִיז עֶר גֶעבְּלִיבִּין דָא אוּנ גֶעוַוארְט בִּיז דֶר טוֹיט וֶועט צוּא אִים קוּמֶען, אַיידֶער עֶר זָאל פָארִין גֶעגֶען טוֹיט!

וִויא פִיל בְּלוּט יוֹסֵף הָאט פוּן הַאלְז פֶערְלָארִין, אַזוֹ פִיל טְרֶערִין הָאט זִיךְ גֶענָאסִין אִין דֶער שְׁטוּבּ, דִיא טְרַייֶע מוּטֶער הָאט גֶעוויינְט אוּנ גֶעיָאמֶערְט, רָאזֶע הָאט אִיר לֶעבֶּען פֶערְגֶעסִן, אִיר גַאנְצֶער טְרַייסְט אוּנ לֶעבִּין אִיז יוֹסֵף גִיוֶוען, אִיצְט אַז עֶר הַאלְט אַמִינוּט פַארֶען טוֹיט, הָאט זִיא נִיט מֶער גֶעקֶענְט לֶעבֶּען, אִירֶע גַאנְצֶע לַייד אוּנ צָרוֹת וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט בִּיז אִיצְט זַיינֶען אִיר וִויא פְרַייד גִיוֶוען גֶעגֶען דִי אִיצְטִיגֶע, טָאג אוּנ נַאכְט פְלֶעגְט זִיא נִיט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן אִים, רַיידִין מִיט אִים, אוּנ אִים זֶעהֶן פְרֵיילִיךְ צוּ מַאכֶען, יוֹסֵף הָאט נִיט גֶעקֶענְט פְרֵיילִיךְ זַיין, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט וִויא עֶר לָאזְט רָאזֶען, וִויא עֶר לָאזְט זַיינֶע עֶלֶענְדֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין, וָואס הָאבִּין נָאר שְׁמֶערְצֶען פוּן אִים גִיהַאט, אוּנ וָואס הָאבִּין גֶעהָאפְּט אַז אִיצְט וֶועלִין זַיא פַאר זַייֶערֶע אוֹיסְגֶעצַייטֶע מִיהֶע אוּנ

פערנאסענע

פֶערְגָאסֶענֶע טְרֶערִין פַאר אִים , אַיין קְלַייבְּען נַחַת אוּנ טְרַייכְט , וִויא פִיל הָאט אִים דָאס אָן גִימַאכְט זָארְג אוּנ פֶערְדְרוּס ! אִים הָאט זִיךְ אִיצְט זֶעהְר גֶעוָואלט לֶעבִּין , פַאר רוּחָמֶען , וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען גֶעזוּנְד פַאר אִים , עֶר פְלֶעגְט בִּיטֶער וַויינֶען וֶוען עֶר פְלֶעגְט זִיךְ דֶער מָאנֶען אַז מִיט יֶעדֶען טָאג וֶוערִין זַיינֶע גִיצֵיילְטֶע מִינוּטֶען וַויינִיגֶער , וִויא פִיל פְלֶעגְט עֶר טְרֶערִין פֶערְגִיסֶען אַז עֶר פְלֶעגְט קוּקֶען אוֹיף זַיינֶע פַּאפִּירֶען , אוֹיף זַיינֶע אוּנְפָאלֶענְדֶעטֶע וֶוערְק וֶועלְכֶע עֶר קֶען נִיט עֶנְדִיגֶען , זַיין הַארְץ אִיז אִים פוּל גֶעוֶוען מִיט הוֹיכֶע גֶעדַאנְקֶען , זַיין קָאפּ הָאט עֶרְפוּנְדֶען פִּיל מִיטְלֶען וִויא צוּ הֵיילֶען זַיין קְרַאנְקֶע פָאלְק , עֶר הָאט גִיזֶעהֶן אָפְּרִיעֶר אַז עֶר וֶועט שְׁטַארְבִּין אוּנ זַיינֶע וִוירְדִיגֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועלֶען בֶּעגְרָאבִּין וֶוערִין מִיט אִים , דָאס הָאט אִים נָאךְ מֶער פֶערְדְרָאסִין וִויא אַלְס — „עֶס אִיז עֶרְגֶער פְלֶעגְט עֶר שְׁטֶענְדִיג צוּ זִיךְ זָאגֶען , אַז מֶען לָאזְט נִיט גֶעקָאנְצֶעטֶע וֶוערְק אִין דֶר וֶועלְט אַיידֶער נִיט עֶרְוַואקְסֶענֶע קִינְדֶער ! יֶענֶע הָאדֶעוֶועט מֶען אוֹיס , אָדֶער זֵיי הָאדֶעוֶוען זִיךְ אַלֵיין אוֹיס וִויא עֶס אִיז , אָבֶּר מַיינֶע וֶוערְק , מַיינֶע עֶרְסְט גֶעבָּארֶענֶע גִידַאנְקֶען , וֶועט מֶען מִיט מִיר צוּ זַאמֶען מְקַבֵּר זַיין אוּנ פוּן זֵיי בְּלַייבְּט קַיין שָׁאטִין קַיין אָבְּקְלַאנְג מֶער אִין דֶער וֶועלְט ! שֵׁיינְק מִיר גָאט , נָאךְ אַיין יָאר לֶעבִּין , אִיךְ וֶועל דָאס פַאר מַיין פָאלְק הֵיילִיגֶען , אִיךְ וֶועל פוּן דַיין וֶועלְט נִישְׁט גֶענִיסֶען , מֶער נִיט מַיינֶע אִידֶעיֶען אַרוֹיס זָאגֶען , גָאט אִין הִימֶעל ! הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מַיינֶע עֶלְטֶערִין ! אוֹיף רָאזֶען אוּנ רוּחָמֶען ! ...

אַזוֹ פְלֶעגְט יוֹסֵף אוֹיפְשְׁטַיין פוּן בֶּעט אוּנ אַזוֹ פְלֶעגְט עֶר זִיךְ לֵייגֶען :

רוּחָמָה , הָאט אוֹיךְ גֶעלִיטֶען , זִיא הָאט גִיוואוּסְט , אַז זִיא וֶועט שְׁטַארְבִּין , אַז יוֹסֵף וֶועט אוֹיךְ שְׁטַארְבִּין , זִיא הָאט אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט שְׁטַארְבִּין פְרִיעֶר פַר אִים , זִיא זָאל אִים קַיין שְׁמֶערְצִין אָנְמַאכִין , דִי מוּטֶער פְלֶעגְט אִיר טְרַייסְטֶן אוּנ זָאגִין : זַייא וֶועלִין נָאךְ בֵּיידֶע גִיזוּנְד זַיין , רוּחָמָה פְלֶעגְט זִיךְ בֶּעווַייזֶען אַז זִיא לָאזְט זִיךְ טְרַייסְטִין , אוּנ בֶּעוַוייזִין דִיא מוּטֶער , וִויא זִיא קְלֵיידֶעט זִיךְ , וִויא זִיא גֶענִיסְט נָאךְ יֶעדֶע זַאךְ , אָבֶּער אִין זִיךְ הָאט אִיר , אִיר הַאלְבּ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעס הֶערְץ דֶער מָאנְט אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט , אַז אִיר לֶעבִּין הַיינְגְט אוֹיף אַהָאר , זִיא הָאט גֶעפִילְט וִויא אִירֶע כֹּחוֹת שְׁוִוינְדֶען , וִויא אִירֶע יִסוּרִים וֶוערִין גְרֶעסֶער , נֶעכְטִין הָאט זִיא נָאךְ דָאס גִיקְעגְט , אוּנ הַיינְט הָאט זִיא שׁוֹין קַיין כֹּחַ צֶעהֶן קְלַאפְּטֶר אָפּ צוּ גַיין ! דֶער אַפֶּעטִיט הָאט אִיר אִין גַאנְצִין פֶערְלָאזִין , אוּנ זִיא הָאט גִילֶעבְּט נִיט מֶער וִויא פוּן מִילְךְ וָואס זִיא פְלֶעגְט טְרִינְקֶען צוּ לִיבּ צוּ טָאן דִיא מוּטֶער :

מִיט יוֹסֵפִין פְלֶעגְט זִיא זִיךְ אָפְּט זֶעהֶן , בֵּיידִין צוּ זַאמֶען אוּנ בֵּיידֶע פְלֶעגִין זִיךְ שְׁטַארְקִין , זִיךְ נִיט לָאזִין דֶר קֶענֶן , יוֹסֵף הָאט רוּחָמֶען נִיט עֶרְקֶענְט חָאץ עֶר אִיז גִיוֶוען אַדָאקְטֶער , אִירֶע שֵׁיינֶע קְרַאסְקֶעס אוֹיף אִיר שֵׁיינֶעם גִיזִיכְט הָאבִּין נָאךְ גִילוּיכְטֶען וִויא פְרִיעֶר , אִירֶע רֵייד , וַוארִין נָאךְ אִיצְט אַזוֹ לֶעבֶּעדִיג , אַזוֹ לִיבְּלִיךְ וִויא פְרִיעֶר , יוֹסֵף פְלֶעגְט הַאלְטִין אִיר הַאנְד אוּנ פִילֶען אַז אִיר פוּלְס גַייט נִיט אַזוֹ וִויא בֵּיי אַגֶעזוּנְטְלִיכֶען גִיזוּנְטִין , רוּחָמָה אָבֶּער פְלֶעגְט הָאבִּין אַתְּרוּץ , אַז זִיא קֶען גִיט רוּהִיג זַיין אִין דֶעם זִיא זֶעהְט אִים אַזוֹ לֵיידֶענְד :

ליבע

לִיבָּע רוּחָמָה ! הָאט אַמָאל יוֹסֵף צוּא אִיר גִיזָאגְט , נָאךְ דֶעם זַייא הָאבִּין זִיךְ בַּיידֶע אָן גִיקוּקְט אוּנ זַייעֶרֶע הֶערְצֶר הָאבִּין שְׁטִיל גִיוַויינְט וָואס זַייא דַארְפִין בַּיידֶע אַוֶועק לָאזִין אַזוֹ אַ וֶועלְט מִיט אַזוֹ פִיל לִיבֶּע אוּנ לִיגֶען אוּנְטֶער אַבַּארְנ עֶרְד , אִין סְמָאלֶען קֶבֶר , לִיבָּע רוּחָמָה , הָאט עֶר גִיזָאגְט מִיט אַבִּיטֶערִין זִיפְץ , אִיךְ וִויל דִיךְ עֶטְוָואס בֶּעטִין :

דוּ קֶענְסְט בֶּעטִין לִיבֶּר יוֹסֵף , הָאט אִים רוּחָמָה גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אַהֵייסִין קוּס .

אִיךְ טוּס דִיר אָבֶּער פְרִיעֶר זָאגִין , אַז אִיךְ בֶּעט פוּן דִיר נִיט אַקְלֵיינֶע זַאךְ , דָאס וֶועט דִיר זַייעֶר שְׁוֶוער זַיין , אָבֶּער אִיךְ וִויל עֶס דָאךְ , אִיךְ בִּין אַשְׁרֶעקְלִיכֶר עֶגָאִיסְט , אִיךְ וִויל פוּן אַייגֶענֶר רוּהֶע וֶועגִין דֶעם אַנְדֶערִין אוּנְרוּהִיג מַאכִין ! יוֹסֵף הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען בַּייא דִיא רֵייד !

זָעה לִיבֶּר יוֹסֵף , הָאט רוּחָמָה גִיזָאגְט אִים הַייס אַרוּמֶענְעֶמֶנְדִיג , אִיךְ שְׁוֶוער דִיר , אַז קַיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט אִיז פַאר מִיר שְׁוֶוער , וֶוען דָאס שְׁטֵייט נָאר דִיר רוּהֶע צוּ פֶערְשַׁאפִין , אֲפִילוּ נִיט דֶר טוֹיט !

רוּחָמָה ! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט אִיר הַאנְד צוּ זַיין הֶערְצִין צוּא דְרִיקֶענְד , רוּחָמָה אָבֶּער דֶר לֶעבִּין ?

יוֹסֵף ! וָואס מֵיינְסְט דוּא דֶען דֶר מִיט ?

אִיךְ מֵיין דוּא זָאלְסְט לֶעבִּין , אֲפִילוּ אַז אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין !

נָאט אִין הִימִיל ! דוּא הֶערְסְט דִיא רֵייד ?!... הָאט רוּחָמָה אַגִישְׁרַייא גִיטָאן , אוּנ אַגוּס טְרֶערִין אִיז אִיר אַרוֹיס פוּן דִי אוֹיגִין .

יוֹסֵף הָאט אִיר גִילָאזְט וַויינֶען , עֶר הָאט נִיט גֶעזוּכְט אִיר צוּ בֶּערוּהִיגֶען , אוּנ תָאט מִיט אִיר מִיט גֶעוֵויינְט , רוּחָמָה הָאט זַיין הַאנְד גֶעהַאלְטִין אוּנ נִיט גִיוָואלְט זִיא מֶער אַיין לָאזִין .

אַךְ וָואס פַאר אַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער מֶענְטְשׁ אִיךְ בִּין ! מִיר פְלֶעגְט אַמָאל דָאס הַארְץ בַּקְלֶעמְט וֶוערִין , אַז אִיךְ פְלֶעג דֶר מָאנֶען דֶעם טוֹיט פוּן אַעֶלֶענְדִין וֶועלְכֶער עֶס שְׁטַארְבְּט אַוֶועק אוּנ קֵיינֶער לָאזְט נָאךְ אִים קַיין טְרֶער פַאלֶען , אִיךְ פְלֶעג זִיךְ פַאר אַזוֹ אַטוֹיט שְׁרֶעקֶען , הַיינְט לִיבָּע רוּחָמָה , בִּין אִיךְ יֶענֶעם מְקַנֵא , אִיךְ וָואלְט וַויינִיגְסְטֶען קֶענֶען רוּהִיג שְׁטַארְבִּין , אָ וִויא בִּיטֶער אִיז דָאס אִיצְט , אַז אִיךְ וַויים , אַז מַיין טוֹיט אִיז דִיא פְרִיצִינֶע פוּן דַיינֶע יוּנְגֶע יָארִין , אַז אִיבֶּער מִיךְ זָאל פַארְוֶועלְקֶען אַזוֹ אַ שֵׁיינֶע בְּלוּם ! אַזוֹ אַלִיבֶּע רָאזֶע ! אַז אִיבֶּער מִיר , לִיבָּע רוּחָמָה זָאלִין שְׁטַארְבִּין מַיינֶע עֶלְטֶערִין טְרוֹיעֶרִיג , דָאס אִיז עֶרְגֶער וִויא צוּא שְׁטַארְבִּין אַלֵיין אָהְנֶע צוּ לָאזִין אַיין בַּאקַאנְטֶען מֶענְטְשִׁין אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט !

רוּחָמָה הָאט קַיין רֵייד גִיפוּנֶען וָואס אִים אוֹיף דִי בִּיטֶערֶע רֵייד צוּא עֶנְטְפֶערִן , עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא גִיזָאגְט :

יוֹסֵף , דוּא מוּסְט לֶעבִּין , עֶס קֶען אַנְדֶערְס נִיט זַיין ! גָאט קֶען גָאר אַזוֹ שְׁלֶעכְט נִיט זַיין ! עֶר וֶועט נִיט שְׁטְרָאפִין אַזֶעלְכֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע נָאךְ רֵיינֶע מֶענְטְשִׁין וִויא מִיר , נֶענוּג הָאט עֶר דִיךְ שׁוֹין גֶעשְׁטְרָאפְט , גֶענוּג צָרוֹת הָאסְט דוּא שׁוֹין אוֹיס גֶעלִיטֶען ! —

רוחמעס רייד האט אין אים פיל שווערע געפילן אופגעוועקט, וויא אין כעס פלעגט ער, ווערין אויף דעם שלעכטין בעל הבית, וועלכער עס הייסט טאן זיינע קנעכט זייער ארבייט, אונ זאגט זייא ניט צוא וואס דאס נוצט אים, וויא אין כעס פלעגט ער ווערין אויף יענע עלטערין וועלכע עס פירין מיט זייערע קינדער פאליטיק, אונ גיבין זייא ניט צו פערשטיין פאר וואס זייא זייגען מיט זיי ברוגז, אונ בעשטראפין זייא, ענדליך, וויא פיל פלעגט ער פיינט האבין דעם לערער וואס פלעגט אים לערנען אלס אויפין וואונק אונ לאזין אים אלס אליין טרעפין, ניט מעסטין קיין מאל דיא כחות צוא קען דאס גאר דעם יונגען קינדס קאפ בעגרייפין אזו שארפזיניגע מהרש״א? אונ פלעגט אים שטראפין אן רחמנות פר וואס ער פארשטייט דאס ניט... צו וועלכע פון דיזע אלע האט ער גיזאלט גלייכין דעם שעפפער פון אלע וועלטין צוא זיין איצטיגען ראזנאוואר מיט רוחמען?... אין זיין קאפ האבין זיך אנגיהויבין צו מישען פיל גידאנקען, אונ האט ביטער געוויינט:

יוסף, לייג אוועק דיא גידאנקען, דאס דארף איצט ניט דיין לעצטע גיזונד נעמן, האט רוחמה גיבעטין, איך געדיינק איך האב עס אמאל שוין מיט איינעם גערעט דיא איינענע רייד, אונ וויא מיר דוכט איז איין מענטש אין דער וועלט ניטא דער וואס פרעגט דאס ניט, אונ געדיינק נאר וואס יענער האט מיר גיענטפערט, ער זאגט אז — דעם וואס גאט ליבט שטראפט ער, דאס הייסט, ער זאגט אים ניט אפריער דאס גוטץ וואס ער וויל אים טאן כדי דאס גוטץ זאל דער נאך אן גענעהמער זיין, גאט וויל דען מענטשין איבער ראשען מיט זיין גוטץ וואס אונז ערווארטעט אויף יענער וועלט! יא יוסף איך האב דאמאלס גילאכט פון גאנצין הארצין איבער דעם גידאנק, היינט רופט אין מיר זיך אפ דער גילעכטער מיט שמערצין, אז איך האב מאטימאטיק גילערענט פלעגט מיר ניט פארדריסען, אז איך האב ניט גיקענט מאכין די זאדצע, נאר מיר פלעגט פארדריסען אז איך פלעג ניט וויסען וואס איך וויים דא אין איר ניט.. — עס פערדריסט נאך מער, דאס מיר ווייסען דאס ניט נאר דעם רעזולטאט ווייסען מיר ניט, וויא ארויס צו ברייגגען, מיר ווייסען איבער הויפט ניט, וואס איז אונזער אויף גאבע! אבער גענוג, איך בעט ניט בעגיב זיך מער מיט אזעלכע גידאנקען, אגיזונטער פארשטאנד טראגט דאס אלץ אריבער, דער לעבין רופט צוריק, פאר אונז צו איצטיגע צייט איז דאס שעדליך!

רוחמה, מיר טראכטין ניט וואס מיר ווילין! מיר האבין קיין דעה אויף זיך אליין, אפילו אויף אונזערע גידאנקען! וויא גוט וואלט מיר זיין, אז איך וואלט זיך קענען איצט פארגעסין אונ אזו שוין זיין מיינע עטליכע מינוטען, אבער פאר מיינע אויגען לויפין איצט מיינע אלע אבגעלעבטע טעג, מיינע אלע צרות אונ טרעפונגען, אט זעה איך וויא איך האב מיט ראזען דעם ערסטען מאל גירעט, אט זעה איך זיך מיט איר גליקליך, אונ אט בין איך אין אסטראג, אט ליג איך אין טאשער, איך בין שוין אראפ גישפרונגען פון בריק, נאר דוא, רוחמה

הָאסְט מִיךְ אַרוֹיסְגִיצְווּינְגֶען אִיבֶּער גְוַואלְד צוּרִיק , אָ גָאט , פַאר וָואס הָאסְט דוּא דַאמָאלְס מַיין מָאס צָרוֹת נִיט פוּל גִימַאכְט אוּנ מִיר נִיהַייסִין לֶעבִּין בִּיז אִיצְט כְּדֵי מַיין פוּלֶע הַארְץ נָאךְ פוּלֶער צוּ מַאכִין מִיט נַייֶע וואוּנְדֶען , אוּפְוָועקֶען אוֹיךְ דִי אַלְטֶע וואוּנְדֶען אִין מִיר ? אוּנ צוּ וָועלְכִין צִיל ? צוּ דִי פִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ ?..

אִין דִיא רֵייד אִיז דִיא מוּטֶער אַרַיין נִיקוּמֶען אוּנ גִיפוּנֶען אִירֶע בֵּיידֶע קִינְדֶער אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ זַיינֶען צוּ גַאנְגֶען פוּן וַויינֶען :

מַיינֶע לִיבֶּע אוּנ גוּטֶע קִינְדֶער ! אִיר וֶועט נָאךְ גִיזוּנְד זַיין ! אִיךְ וָועל נָאךְ נַחַת הָאבִּין פוּן אַייךְ ! הָאט דִיא מוּטֶער גִיזָאגְט אַרָאפּ שְׁלִינְגֶענְדִיג אִירֶע זִיפְצֶען אוּנ טְרֶערִין — גָאט אִיז אוּנְזֶער דָאקְטֶער , אִיךְ בֶּעט גָאט פַאר אַייךְ , אַלֶע וָואס קֶענֶען נְאר אַייךְ בֶּעטִין דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען פַאר אַייֶער טַייֶערְן לֶעבֶּען :

בֶּעט גָאט , לִיבֶּע מוּטֶר ! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט אוֹיף הוֹיבֶּענְדִיג דִיא אוֹיגִין אִין דֶער הוֹיךְ , אוֹיף זַיין בְּלַאסֶע צוּרָה אִיז אַרוֹיס אַשַׁיינֶע קְרַאסְקֶע , דָאס וַואר דֶער פַייֶער פוּן זַיין אֵיינְגִיסְטֶעס גִיבֶּעט — אוֹיבּ וָוער עֶס אִיז קֶען מִיךְ נָאךְ הֶעלְפִין , אִיז דָאס קַיין אַנְדֶערֶער וִויא גָאט , הָאט יוֹסֵף וִוידֶער גִיזָאגְט דִיא מוּטֶער דִיא הֶענְט קוּסֶענְדִיג :

קַיינֶער אַחוּץ גָאט קֶען אוּנְז קַיין מָאל הֶעלְפִין , נָאר עֶר , עֶר הָאט אוּנְז דֶעם לֶעבִּין נִיגֶעבִּין אוּנ קֶען אוּנְז דֶעם לֶעבִּין עֶרְהַאלְטִין ! הָאט גָאלְדֶע גִיזָאגְט :

יַא , הָאט רוּחָמָה גִיעֶנְטְפֶערְט , עֶר הָאט אוּנְז דֶעם לֶעבִּין גִיגֶעבִּין אוּנ עֶר הָאט פְּרַאוֶוע אִים צוּרִיק צוּא נֶעמֶען , אוּנ מִיר זַיינֶען וִויא דִיא פַארְקוֹיפְטֶע שְׁקְלַאפֶען אוּנ טָארִין נִיט פְרֶעגִין : צוּא וָואס הָאט עֶר אוּנְז דֶעם לֶעבִּין גִיגֶעבִּין וָוען מִיר הָאבִּין אִים נִיט נִיבֶּעטִין , אוּנ וָואס נֶעמְט עֶר אִים פוּן אוּנְז צוּא , אַז עֶר אִיז אוּנְז אוּנְשַׁאטְצְבַּאר טַייֶער ! ...

זֶעט , מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער , האט דִיא מוּטֶער גִיבֶּעטִן , נִיט דֶער מָאנְט דֶעם טוֹיט , אִיר זַייט נָאךְ יוּנְג , אִיר הָאט נָאךְ יָארְן , מַיינֶע קִינְדֶער , אִיר וֶועט נָאךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין !

אָ , הַלְוַאי וָואלְטֶען מִיר אִים קֶענֶען פַארְגֶעסִין ! הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט , הַלְוַאי , וָואלְט אִיךְ נִיט קֶענֶען זִיךְ דֶער מָאנֶען אַז מָארְגִין אָדֶער אִיבֶּער מָארְגִין דַארְף אִיךְ שְׁטַארְבִּין ! דֶער טוֹיט אָבֶּער שְׁטֵייט מִיר פַאר דִיא אוֹיגֶען ? מִיר גֵייעֶן מִיט אִים אוּם דָאס אִיז דִיא גַאנְצֶע קְלָלָה וָואס גָאט הָאט דֶעם מֶענְטְשִׁין גִישָׁאלְטִין אִיבֶּער זַיין עֶסִין דֶעם עֵץ הַדַעַת , דָאס הַייסְט דֶעם מֶענְטְשִׁין הָאט זִיךְ גִיוָואלְט אַלְס וִויסִין , אָט הָאט עֶר זִיךְ צְווִישִׁין אַנְדֶערֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען אוֹיךְ דֶעם טוֹיט דֶער וואוּסְט , אוּנ זָא וִויא עֶר הָאט פוּן עֵץ הַחַיִים נִיט גִיגֶעסִין , וַוייס עֶר דֶעם רֶעטֶענֶעס פוּן לֶעבִּין נִיט , עֶר וַוייס נָאר זַיין סוֹף וָואס פוּן אִים וֶועט וֶוערִין , אָבֶּר וָואס אִיז זַיין לֶעבִּין ? וָואס אִיז עֶר אַלֵיין ? וָואס פַארִיכְט עֶר מִיט זַיין יַא זַיין ? אוּנ וָואס פַארְבֶּעסֶערְט עֶר מִיט זַיין נִיט זַיין ? דָאס וַוייס עֶר נִיט ! אוּנ דָאס אִיז בִּיטֶערֶער פַאר אַלְס , פַאר קִינְדֶער אָן שֵׂכֶל אִיז אַשַׁיינֶע מַעֲשֶׂהלֶע דֶער גַן עֵדֶן מִיט דִיא בֵּיידֶע בּוֹימֶער אוּנ כִּיפְרֶעגְט נָאר נִיט , מֶען הָאט הֲנָאָה דֶער פוּן , נָאר אַגֶעפִּיל פְאלֶס קִינְד וֶוערְט

באטר·בט

באַטְרִיבְּט . אַז עֶר דֶער מָאנְט זִיךְ וָואס אָדָם הָאט נֶעבִּיךְ גִילִיטְן , אָבֶּער אַזוֹמָען וֶוערְט אַמָענְטְשׁ מֶען הַייבְּט אָן צוּ לֶעבִּין , דַאן קוּמֶען פָאר דִיא בֵּיידֶע בּוֹימֶער וִויא אַ אִירְלִיכְט , וָואס מֶען קֶען נָאר פַארְקְרִיכִין אִין גְרֶעסֶערֶע סְפֵיקוֹת , אוּנ דִי אַמָאלִיגֶע אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע מֶעשֶׂהלֶע פַארְקֶערְט זִיךְ צוּא אַ פַּיין פַאר דֶער זֶעלֶע , וָוארוּם מֶען פִּילְט אַז מֶען פַארְשְׁטֵייט אִין אִיר אוֹיךְ נִישְׁט מֶער וִויא אַבִּיטֶערִין צְווייפִיל אִין דִיא לֶעבֶּענְס פְּרַאגִין :

דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע גִיזֶעלְשַׁאפְט הָאבִּין נָאךְ וַוייטֶער גִירֶעט , בִּיז עֶס אִיז שְׁפֶּעט גִיוָוארִין , דַאן הָאט דִיא מוּטֶער קוּים רוּחָמֶען אָבְּגֶערִיסֶען וּפוּן אִים אוּנ אַז זֵייא הָאבִּין זִיךְ צוּ זֶעגֶענְט הָאט יוֹסֵף גִיבֶּעטִין גָאלְדֶען זִיא זָאל דִי נַאכְט נֶעכְטִיגֶען אִין זַיין צִימֶער , וַוייל עֶר פִּילְט זִיךְ זֵייעֶר שְׁוַואךְ :

אַשְׁוָוערֶע בִּיטֶערֶע נַאכְט הָאט יוֹסֵף גִיהַאט נָאךְ דֶעם רַאזְגַאוָואר , דָאס הָאט אִים צוּ גִיגֶעבִּין הִיץ , אוּנ עֶר הָאט גִיהַאט זֵייעֶר אַאוּנְרוּהִיגֶען שְׁלָאף , גָאלְדֶע הָאט קוּים טָאג דֶער לֶעבְּט , אוּנ גִישִׁיקְט בַּאלְד נָאךְ שְׁמַעְיָהוּ דֶעם בַּטְלָן : עֶר זָאל צוּא נוֹיף קְלַייבִּין אַ מִנְיָן אִידֶען וָואס זָאלִין זָאגִין תְּהִלִּים פַּאר יוֹסֵפִין , אוּנ אִים מְשַׁנֶּה הַשֵּׁם זַיין , שְׁמַעְיָהוּ וָואס הָאט אַיאֵר נָאךְ יוֹסֵפִין . שׁוֹין קַדִּישׁ גִיזָאגְט , גִילֶערִינְט מִשְׁנָיוֹת אוּנ גִיפַאסְט פַּאר אִים ע״ב תַּעֲנִיתִים כְּמִסְפַּר גִלְגוּל — כְּדֵי יוֹסֵף , וָועלְכִין עֶר פְּלֶעגְט זֶעהֶען כִּמְעַט אַלֶע נַאכְט אִין חָלוֹם וִויא עֶר הָאט קַיין תְּקוּמָה נִיט אִיבֶּר זַיין דֶער טְרִינְקֶען זִיךְ — זָאל מְגוּלְגָל וָוערִין , הָאט גָאר נִיט גִיקֶענְט גְלוֹיבִּין אַז יוֹסֵף לֶעבְּט נָאךְ , בַּייא אִים אִיז גִיוִוים גִיוָועזֶען , אַז יוֹסֵף אִיז מְגוּלְגָל גִיוָוארִין אִין אֲדָאקְטֶער אוּנ דָאס הָאט גִיהָאלְפִין זַיינֶע תְּפִלּוֹת , אַז יוֹסֵף הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיזֶעהֶען דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל אִיז שְׁמַעְיָהוּ צוּא מִיט שִׂמְחָה אוּנ הָאט אִים אַקוּק גִיטָאן אוּנְטֶערִין פָּאלֶע , וַוייל עֶר הָאט גִיקְלֶערְט : עֶר וָועט אִים גִיפִינֶען אָן גִיטָאן אִין תַּכְרִיכִים וִויא מֶען טְרֶעפְט אָן אַלֶע גִלְגוּלִים , אוּנ הָאט גִיהָאפְט צוּ בָּאוַוייזִין אַ וואוּנְדֶער וִויא עֶר וָועט דֶעם דֶער טְרוּנְקֶענֶעם יוֹסֵפִין מְתַקֵּן זַיין אוּנ פוּן אַדְקְטָער וָועט וָוערִין אַ גַל שֶׁל עֲצָמוֹת — אַהוֹיפִין בֵּיינֶער — אוּנ הָאן דָאס הָאט אִים זִיךְ נִיט אַיינְגֶעגֶעבִּין , וָוארוּם אוּנְטֶער יוֹסֵפְס פָּאלֶע הָאט עֶר גָאר דֶער זֶעהֶען אַפָּאר פַּיינֶע הוֹיזֶען , פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאט עֶר נִיט אוֹיךְ גִיהֶערְט צוּא גְלוֹיבִּין , אַז דָאס אִיז פָּארְט אַזוֹי , אַי , דָאס וָואס עֶר הָאט גִיפוּנֶען אָן שְׁטָאט תַּכְרִיכִים אַפָּאר הוֹיזִין ? אִיז אוֹיךְ קַיין קֻשְׁיָא נִיט , וָוארוּם יוֹסֵף אִיז דָאךְ דֶר טְרוּנְקֶן גִוָוארְן , אוּנ נִיט גִיקוּמֶן צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל , הָאט מֶען אִים גָאר נִיט אָן גִיטָאן אִין תַּכְרִיכִים , אוּנ וִוי הָאט עֶר זִיךְ הַיינְט דֶער פְּרַייט , אַז עֶר הָאט דֶער הֶערְט פוּן גָאלְדֶען , אַז יוֹסֵף אִיז שְׁטַארְק קְרַאנְק אוּנ מֶען דַארְף פַּאר אִים תְּהִלִּים זָאגִין , שְׁמַעְיָהוּ אִיז בַּאלְד אַוֶועק אִין מִקְוֶה גִיפְּרַאוֶועט צ״ה טְבִילוֹת מִיט דִיא כַּוָּנוֹת הַמִּקְוֶה , אַוֶועק אַהֵיים אוּנ גִינוּמֶען זִיךְ פַּאר דֶעם פַּאשְׁמַיילֶעטִין סֵפֶר רָזִיאֵל , וֶועלְכִין עֶר הָאט גִיפְּרוּבְט אַרַיין וַוארְפִין אִין פַייעֶר כְּדֵי אַיזְן צוּלֶעשִׁין מִיט אִים דִי שְׂרֵפָה , וָואס אִיז גִיוֶועזְן בַּייא פְּרִידְמַאנֶען , אוּנ אַרַאנְק דֶעם פַּאזַארְנֶעם קָאלְדַאט וָואס הָאט גִימֵיינְט : דָאס אִיז עֶפֶּעס אָרֶעבְּטֶע זַאךְ אוּנ הָאט

הָאט אִים מַצִיל גִיוֶועֶן, כְּדֵי צוּא פַאר קוֹיפִין דֶער נָאךְ פַאר אַ טְרוּנְק בְּרַאנְפְּין וּ, וֶועֶן נִיט דֶעם סָאלְדַאטְס זְכוּת, וָואלְט דֶער אָרֶעמֶער רָזִיאֵל גֶעוִויס פַארְבְּרֶענְט גִיוָוארִין אוֹיף אַשׁ, אוּנ וֶוען נִיט דְבוֹרָה בַּאסֶע דִי שַׁיינְקֶערִין וָואס הָאט אִים בַּייא דֶעם סָאלְדַאט אָפּ גִיקוֹיפְט פַאר אַקְוַואטִירִיל בְּרַאנְפִּין, אוּנ שְׁמַעְיָהוּ אַוֶועק גִיגֶעבִּן פַאר אַפֶּערְטִיל זְמַן שְׂכַר לִמוּד גֶעלְט פַארְגּ אִיר אִינְגִיל, וֶוען נִיט זֵייעֶרֶע בֵּיידֶענְס : דֶעם סָאלְדַאטְס מִיט דְבוֹרָה בַּאסֶעס זְכוּת, וָואלְט גֶעוִויס אִיצְט אוּנְזֶער בַּעַל מְקוּבָּל נִיט גִיהַאט אִין וָואס נָאךְ צוּ׳ זֶעהֶען וִויא מְתַקֵן צוּ זַיין דֶעם גִלְגוּל, אָבֶּער זֵייעֶר גְרוֹיסֶער זְכוּת הָאט מַגִין גִיוֶועֶן אוֹיף דֶעם סֵפֶר רָזִיאֵל אוּנ אַז דִיא וַואסֶר פוּן דֶער פָאזַארְנֶער קִיסֶקֶע הָאט אוֹיף אִים גִיגָאסִין עֶמֶער וַוייס הָאט אִין אִים דֶער פַייֶער נִיט שׁוֹלֵט גִיוֶועֶן, אוּנ הָאט אִיצְט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא גְרֶאבִּין זִיךְ אִין אִים אוּנ אִין סֵפֶר עֵץ חַיִים, אִין שַׁעַר הַגִלְגוּלִים אוּנ הָאט פוּן דִיא בֵּיידֶע סְפָרִים אַרוֹיס גִישְׁלֶעפְּט דִיא בֶּעסְטֶע תִּקוּנִים אַלְס פַאר יוֹסֶפִּין, שְׁמַעְיָהוּ הָאט פַאר אִים אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע וִויכְטִיגֶע תִּקוּנִים נִיט גִיזַאלִיוֶועט, אוּנ הָאט פַארְשְׁוֶוענְדֶעט גַאנְצֶע צְוַוייא, חָאץ אוֹיף אִיטְלִיכִין פוּן זַייא אִיז גִישְׁטַאנֶען, אַז יֶדֶער תִּקוּן אַלַיין קֶען מְתַקֵן זַיין דֶעם עָרְגְסְטִין רָשָׁע, נָאךְ דֶעם, אַז עֶר הָאט אַלַיין מְהַרְהֵר בִּתְשׁוּבָה גִיוֶועֶן אוּנ פַארְבִּיסֶען מִיט אַיינֶעם פוּן דִי שְׁטַארְקְסְטֶע כִּנוּפִים, אִיז עֶר אַוֶועק אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ צוּא זַאמֶען גִיקְלִיבִּין אַמִנְיָן מֶענְטְשִׁין, אוּנ זַייא גִיהַייסִין זָאגִין תְּהִלִים, עֶר הָאט גִיוַוייְלְט אַלְס אַזֶעלְכֶע קַאפִּיטְלִין מִיט יְהִי רָצוֹנְס וָואס דִיא אוּנְגֶעאִיבְּטֶע זָאגֶער הָאבִּין אוֹיף זַייא דִי צַיינֶער צוּ בְּרָאכִין, אַלֶע הָאבִּין פוּן דֶעסְטְוֶועגִין גִיזָאגְט מִיט הָאֶרֶץ, וָוארוּם יוֹסֵף וָואר בַּייא אַלֶעמֶען בַּאלִיבְּט אוּנ הָאץ מֶען הָאט דָא גִינוּג גִיקֶענְט לַאכִין פוּן שְׁמַעְיָהוּס וַוארְפִּין זִיךְ מִיט זַיינֶע גִישְׁרַייעֶן אוּנ טֶערְקֶעסֶע נֶעמִין אוּנ רֵייד, וָואס עֶר פְלֶעגְט דָא אִיטְלִיכֶע מִינוּט אוֹיס שְׁרַייעֶן, פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאבִּין כִּמְעַט אַלֶע גִיוַויינְט, אִין דֶער מִינוּט אִיז גָאלְדֶע אַרַיין אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ צוּם אָרוֹן הַקוֹדֶשׁ אוּנ דִיא קָאפּ אָן אַסֵפֶר תּוֹרָה צוּ גִישְׁפַּארְט הָאט זִיא גִיזָאגְט אִיר נִיבָּעט : ״פָאטֶער פוּן אַלֶער וֶועלְטִין! הָאט זִיא גִישְׁרִיעֶן, דוּא הָאסְט מִיר קִינְדֶער בַּאשַׁאפִין, אִיךְ הָאבּ זַייא עֶרְצוֹיגִין מִיט יְסוּרִים אוּנ פַּיין, דוּא הָאסְט מִיר גֶעלְט גִיגֶעבִּין, אִיךְ הָאבּ זַייא חָלִילָה נִיט אוֹיף שְׁלֶעכְטְס פַארְבְּרַאכְט. אָ, פַאר וָואס לָאזְט דוּא מִיר מַיין גֶעלְט אוּנ נֶעמְסְט בַּיי מִיר מַיינֶע קִינְדֶער? הֶער מַיין גִיבֶּעט, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע! דוּא זֶעסְט דָאךְ אַלְס, אוּנ זֶעסְט אִיצְט דִיא צוּ בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער פוּן יוֹסֶפְס אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין, זַייא אִיז נָאךְ עֶרְגֶער פַר מִיר, הָאבּ רַחֲמָנוּת, נֶעם דַיין הַאנְט אַרוּנְטֶער, מִיר זַיינֶען נִיט מֶער וִויא מֶענְטְשִׁין אוּנ שְׁטְרָאף אוּנְז וִויא אַמֶענְטְשׁ קֶען אַרִיבֶּער טְרָאגִין, נִיט לַייג אָן צוּ פִיל שְׁוֶוערֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיף מַיין הַארְצִין, אָ גָאט הָאבּ רַחֲמָנוּת, לָאז מִיר נִיט פַאלִין אוּנְטֶער דַיין שְׁוֶוערִין לַאסְט וֶועלְכֶען דוּא דְרִיקְסְט נָאךְ צוּ מִיט דַיין שְׁטְרַיינְגֶע הַאנְט! אִיךְ בַּארְף נָאךְ לֶעבִּין, אִיךְ הָאבּ נָאךְ קִינְדֶער אוּנ אֵיינִיקְלִיךְ, וֶועלְכֶע עֶס דַארְפִין נָאךְ מַיין לֶעבִּין! אָ, נִיט נֶעם בַּייא מִיר מַיינֶע קִינְדֶער, מַיין יוֹסֶפִין מִיט רוּחָמֶען דֶען זַייא זַיינֶען מַיין לֶעבִּין! נִיט רַייס אוֹיס, פוּן צוּא בְּרָאכֶענֶעם הֶערְץ דִיא שְׁטִיקֶעל

אמונה

אֶמוּנָה אונ הָאפֶנוּנְג, וָואס איךְ טְרָאג נָאךְ צוּא דִיר . . . גָאלְדָע הָאט נָאךְ וַוייטְער בִּיטֶער גִיוַויינְט, אִין דָער מִינוּט הָאט זִיךְ גִיהֶערְט דָער פָּסוּק : יַעַנְךָ ה' בְּיוֹם צָרָה יְשַׂגֶּבְךָ שֵׁם אֱלֹהֵי יַעֲקֹב ! — גָאלְדֶע הָאט דֶעם פָּסוּק פַארְשְׁטַאנֶען : אונ אִיז בַּייא זִיךְ אַבִּיסִיל גִישְׁטַארְקְט גִיוָוארִין . דֶער מִנְיָן מֶענְטְשִׁין הָאט נָאךְ אָן גִיהוֹיבִּין שְׁטַארְקֶער צוּא זָאגִין זַייעָרֶע תְּהִלִים, אַלֶע הָאבִּין גִיבֶּעטִין עֶר זָאל לֶעבִּין בְּלַייבִּין נָאר שְׁמַעְיָהוּ הָאט הַיים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין, וָואס דוּרְךְ דֶעם וָועט עֶר קוּמֶען צוּא אַ תְּקוּמָה, פִּיסְקְלַאנִיק דֶער מְלַמֵד, וָואס הָאט בִּיטֶער גִיוַויינְט אִין זַיין תְּפִלָה אִיז צוּ גִינַאנְגֶען צוּ גָאלְדֶען אונ גִיזָאגְט :

זַייט מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה, פָאלְגְט מִיר, גָאט וִויל אַ קָרְבָּן הָאבִּין, גִיט אִים ! . . . לָאז עֶר זִיךְ נֶעמֶען ! . . . אַבְרָהָם הָאט אִים זַיין אֵיינְצִיג קִינְד אוֹיךְ פַאר אַקָרְבָּן גִיבְּרַאכְט אונ הָאט זִיךְ נִיט גִישְׁפָּארֶעט, גִיט אִים לָאז עֶר זִיךְ נֶעמֶען ! . . .

אָ, אַקָרְבָּן פֶערְלַאנְגְט עֶר? עֶר גְלַייכְט מִיךְ צוּ אַבְרָהָמֶען, אַבְרָהָם אִיז גִיוֶוען אִין דִיא וואוּנְדֶער צַייט, גָאט אַלֵיין הָאט מִיט אִים גִירֶעט, אַגְרוֹיסֶער חִדוּשׁ אִיז דָאס, אַז עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִיסְפָּארֶעט ! אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹ אַ צַדֶקֶת וִויא שָׂרָה אִיז גִיוָען, אונ פוּן דֶעסְטְווֶעגִין אִיז זִיא גִישְׁטָארְבִּין פוּן שְׁרֶעק, אַז מֶען הָאט אִיר אָן גִיזָאגְט מֶען הָאט יִצְחָקִין גִיקוֹילֶעט; גָאט אַלֵיין הָאט דָאסאִיר נִיט גִיהַייסֶען, וַוייל עֶר וַוייס אַז אַמוּטָער קֶען דָאס גָאר נִיט טָאן ! — אָ גָאט, פַאר וָואס הָאסְט דוּ אִין דַיין תּוֹרָה אוּנְז נִיט גִילֶערִינְט, מִיר זָאלִין אוֹיף אַלֶם אַטְרֵייסְט קֶענֶען גֶעפִינֶען ? —

גָאלְדָע הָאט דָאס גִירֶעט פַאר זִיךְ, אונ אִיז אַזוֹ אַהֵיים גֶעקוּמֶען, בַּאלְד אַרַיין צוּ יוֹסֵפִין זִיא הָאט אִים גִיפוּנֶען, עֶר שְׁלָאפְט נָאךְ אונ שְׁווִיצְט, אוֹיף זַיין גִיזִיכְט הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען אַ אָנְגֶענֶעמֶע רוּהֶע — אִיךְ דַאנְק דִיךְ גָאט ! שְׁטֶעל אִים אוֹיף פוּן זַיין בֶּעט אונ טְרֵייסְט מִיר שׁוֹין — אִיךְ בִּין וֶוערְט אֶפְשַׁר פַאר מַיינֶע זִינְד. אִיךְ לַייד שׁוֹין אָבֶּער מֶעהְר וִויא צְוָועלְף חֳדָשִׁים, שׁוֹין זִיבִּין פִינְסְטֶערֶע יָאר זַיינֶען אַרִיבֶּער. גֶענוּג שׁוֹין הַארְצִינֶער פָאטֶער ! גָאלְדָען הָאט אִיר גִיבֶּעט לַייכְטֶער גִימַאכְט צוּם הַארְצֶען, אונ זִיא הָאט גֶעהָאפְט ! .

---

## יא

## דִיא גוּטֶע מְצִיאָה

רוּחָמָה הָאט אוֹיךְ אִירֶע טְרֶערִין אָבְּגֶעווִישְׁט, זִיא הָאט אוֹיךְ גִיבֶּעטֶען, נִיבֶּעטָן נִיט מִיט וָוערְטֶער, וָוערְטֶר קֶענֶען גָאר אַזוֹ אִינְנִיגְסְטֶע גֶעבֶּעט נִיט אַרוֹיס רֵיידִן— זִיא הָאט מִיט אִיר הַארְצִין גִיבֶּעטִין, דָאס וַוארֶען אִירֶע טְרֶערְן, זִיא הָאט מִיט אִיר גַאנְצִין מוֹחַ אונ גֶעדַאנְק גִיבֶּעטִין דָאס וַואר אִיר אַנְדַאכְט, אונ דִיזֶע אַנְדַאכְט אִין דִיזֶעס בֶּעטִין וַואר עֶס דֶען אוֹיךְ נוּר אַייטֶעלֶע לוּיטֶען, וָועלְכֶע עֶס פֶערְקְלִינְגְט אִין בְּרֵייטֶען רוֹים דֶעם הֶערְן — אונ צְוָועקְלָאזֶע אוּנֶענְדְלִיכְקֵייט ? . . . רוּחָמָה הָאט עֶס נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אונ דָאס בֶּעטֶען הָאט אִיר לַייכְטֶער גֶעמַאכְט —

רָאזֶע אִיז שׁוֹין מִיטָן בֶּענִינֶען גִישְׁטַאנֶען בַּייא יוֹסֵפֶס טִיר, אונ הָאט אֶפְשַׁר

מער

מער גיגעבן פאר אלעמען — יוסף האט זיך אויף געהאפט אונ זיא ארוף גיטאן, גיגעבן די פענסטער עפענען. די לופט וואר פריש אונ ערקוויקענד — ראזע איז אריין מיט אליפגען שמייכעל. אז זיא האט יוספין גיפונען אביסעל מונטער — אין האנט האט זיא געהאלטען עטוואס.

זעה יוסף, האט זיא גיזאגט אים דיא האנד געבענדיג. זעה, איך האב דאס גיפונען אונטער די ברעטער, אן דיר האב איך דאס ניט גיוואלט עפענען יוסף. וואס דא ועט זיין שיינק איך דיר, ניין, מיר שיינקען בעסער ארעמע לייט דוא זאלסט נאר גיזונד זיין!

מען האט דאס גיעפינט, דאס איז גיוועזען משה שנייארס קעסטעל, וועלכע קארינאוו האט אונטער דיא ברעטער ארונטער גיווארפען, בעת דער סטאראז האט אים געהאפט — אין קעסטעל וואר אבער ניט געלט, עס זוארן נור ראזעס אונ יוספס בריף וואס דער שווארצער האט איבער גינומען, זייא האבין אנדערע גילעזין אונ זייא האט זיך אויפגעקלערט דיא גאנצע טראגישע געשיכטע, ענדליך זיינען זייא געקומען צוא ראזעס לעצטען בריף, ראזע האט אים גיטוסט לייענען הייך פאר יוספין —

יוסף, ליבער יוסף!!

דו אליין קענסט מיר דאס ענטפערן, פאר וואס האבן זיך שוין אויס גישעפט מיינע קוואלען טרערען? פאר וואס שעפען זיך אויס מיינע אלע כחות? אונ פאר וואס בלייבט מיין הארץ שטענדיג פול? א! אזו פול, אזו פערפרעסט!!

גליקליך פלעג איך זיין, אז איך האב נאך גיקענט וויינען, אז מיינע אויגען האבין נאך גיהאט אטרער אין זיך, איך האב דאמאלס, יעדען הארטען געפיל מיט מיינע טרערן ווייך געמאכט, אונ זיך בערוהיגט, איצט? א, איצט בין איך עלענד. אפערשמיינערטער מענטש, מיט אלעבעדיגעס הערץ! איך האר אונ פיל, זעה אונ לייד, אונ ריידען קען איך ניט, איך קען ניט וויינען! — איך בין ניט ראזע, גאט, איך בין דיין ראזע יוסף! דוא וועסט מיך ניט דר קענען, דוא וועסט ציטערן מיט מיר צוא ריידען, איך פיל וויא ווילד איך וואלט זיין אז איך וואלט נאך דיך אמאל זעהן, יוסף! ווער האט מיך אזו אונגליקליך גימאכט? ווער האט דיך אזו אונגליקליך געמאכט? איך וויל ניט גלויבען דיינע שונאים, וואס זאגען דוא ביזט פאלש געוועזען! איך וויל מיינע אייגענע אויגען נים גלויבען, וואס האבען דיינע בריף — צוא פרעמדע געשריבען — געלייענט, איך וויל דיא גאנצע וועלט ניט גלויבען, וואס וועלען צו זאגען אויף דיר, יוסף, מיין הארץ איז נאך דיינע, דוא האסט זיך ביא זיך! גאט, פאר וואס פייניגסט דוא מיך אזו פיל? א, איך שרייא טאג אונ נאכט, מיין הערץ שרייט צו דיר יוסף, מיין גלוט איז מיינע טרערן, אונ דוא הערסט ניט, דו פילסט ניט מיינע ליידען! אבער איך וויים דוא ביזט אונשולדיג, דוא שרייבסט מיר געוויס, דו ענטפערסט מיר געוויס, אונ אונזערע בריף אינ אונזער אויסגינאסענעס הארץ בעגעגענען זיך

קין

קַיין מָאל , מִיר וַוארְפֶן אוּנְזֶער הַארְץ אִין װִילְדֶען יַם , אוּנ דִיא בֵּייזֶע וַואלֶען פֶערְשְׁלִינְגֶען עֶס !

נִיט אוּמְזִיסְט הָאט זִיךְ מִיר פַאר דַיין אַװֶעק פָארֶען אִין הַארְצֶען אָפּ גֶערִיסֶן , אַז דוּ הָאסְט גִיזָאגְט ״מִיר מוּזֶען זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען״ נִיט אוּמְזִיסְט , הָאבּ אִיךְ גִיוַויינְט טָאג אוּנ נַאכְט ! אָ , װָאלְט אִיךְ דַאמָאלְסְט גֶעװאוּסְט , אַז אַזוֹ װֶעט זַיין מִיט אוּנְז , אִיךְ װָאלְט אוֹיף דַיין הַארְצֶען בֵּיזֶען טוֹיט גֶעװֵיינְט , אִיךְ װָאלְט דִיךְ נִיט לָאזֶען פָארֶען , װִיא לַאנְג אִיךְ לֶעבּ נָאךְ , אִיךְ װָאלְט פְרִיעֶר װֶעלֶן שְׁטַארְבֶּען , אוּנ דֶער נָאךְ יוֹסֵף , װָאלְסְט דוּא פְרַייא זַיין ! אוּנ זִיךְ פָארֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג אוּנ דָארְטִין פֶערְגֶעסֶען דַיין רָאזֶען , דָארְטֶען אִין דִיא שׁוּמֶעדִינֶע פְרֵיילִיכֶע גַאסֶען װָאלְסְט דוּא נִיט דֶער מָאנֶען דֶעם אַיינְזַאמֶען בֶּערְגֶעל עֶרְד , װֶעלְכֶער עֶס װָאלְט גִילֶעגֶען אוֹיף מִיר אוֹיף מָאהִיבִילֶער בֵּית עוֹלָם , וַוייט פוּן שְׁטָאט , אוּנְטֶער דִי הוֹיכֶע בֵּית עוֹלָם גְרָאז װֶעלְכֶע עֶס װָאלְטֶען פוּן טְרוֹיעֶרִיגֶען װִינְט , װָאס נַייט פֶערְבַּייא דֶעם טוֹיטֶען פְּלַאטְץ זִיךְ װִיגֶען אוּנ בֵּייגֶען װֵיינֶענְדִיג װִיא אוֹיף אַנְדֶערֶע קְבָרִים ! יוֹסֵף , אִיךְ װָאלְט דַאמָאלְסְט גְלִיקְלִיךְ גִיװֶען , אִיצְט קֶען אִיךְ נִיט שְׁטַארְבֶּן ! מַיין הַארְץ װָאס עֶס לֶעבְּט בַּייא דִיר זָאגְט מִיר נָאךְ צוּ הָאפְּפֶענוּנְג , אִיךְ װִיל דִיר נָאךְ זֶעהֶן , אוּנ פְרֶעגֶען דִיר : צוּ הָאסְט דוּא דַיין רָאזֶען נָאךְ נִיט פֶערְגֶעסֶען ? אִיךְ װָאלְט װֶעלֶען , פוּן דַיין אַיינֶענֶער הַאנְט מַיין טוֹיט עֶרְהַאלְטֶען ! יוֹסֵף , נָאךְ אַיין װָארְט מִיט דִיר רֵיידֶען , אוּנ מִיט אַיין קוּס דִיר מַיין זֶעלֶע אַװֶעק גֶעבֶּען , אוּנ דוּ װָאלְסְט מְחוּיָב זַיין זִיא פַאר גָאט צוּא בְּרֵיינְגֶען , אוּנ עֶנְטְפֶערִין פַאר אִיר , פַאר אִיר צוּרִיק קֶערִין פַאר דֶער צַייט !

אִיךְ בִּין עֶלֶענְד ! אָ , אִין אַזוֹ אַשְׁטַאנְד אַזוֹ עֶלֶענְד ! ... אִיךְ וַוייס , אַז דוּא שְׁרַייבְּסְט מִיר , דוּ הָאסְט מִיךְ נִיט פֶערְגֶעסֶען , דוּא וַויינְסְט אוֹיךְ , אוּנ בֶּעטְסְט בַּייא גָאט מִיר זָאלֶען זִיךְ נָאךְ זֶעהֶן , נָאךְ אַװָארְט אוֹיס רֵיידֶען , אוּנ װֶער זֶע שְׁטֶערְט אוּנְז ? קוּם אַהֵיים , יוֹסֵף נִיט זַייא מֶער אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג ! װָאס דַארְפְסְט דוּ דָארְטֶען דִי קַאנְטָארֶען ? דוּ װֶעסְט דָא הִיא אוֹיךְ קְרִיגֶען אַשְׁטֶעלֶע , װִיא פִיל בַּארְפְסְט דוּא פַאר אוּנְזֶער לֶעבֶּען ? אָ , אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט אַז דוּא בִּיזְט גִיזוּנְד , יֶעדֶע נַאכְט פְלֶעג אִיךְ קוּים אַלֶעבֶּעדִיגֶע אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע חֲלוֹמוֹת , װָאס מַיינֶע שְׁװֶערֶע גִידַאנְקֶען פְלֶעגֶען אוֹיסְװֶעבֶּען , הַיינְט שְׁלָאף אִיךְ שׁוֹין מֶער נִיט , מִיר אִיז דֶער קָאפּ גִידִירְט ! אִיךְ בִּין הַאלְבּ שְׁטוּם , אִיךְ הֶער װָאס מֶען רֶעט צוּ מִיר אוּנ וַוייס נִיט װָאס , אִיךְ פִיל אַז אִיךְ קוּק אוֹיף עֶפֶּעס אוּנ וַוייס נִיט װָאס אִיךְ זֶעה , יוֹסֵף , מַיין קָאפּ אִיז צוּ שְׁװַאךְ דָאס אַרִיבֶּר צוּ טְרָאגֶען ! אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ פִילֶען װִיא עֶס שְׁװִינְדֶען מַיינֶע כֹּחוֹת , װִיא יֶעדֶער הוֹש װֶערְט שְׁװַאכֶער , אוּנ צוּ מִישְׁט , אוּנ אַזוֹ קֶען אִיךְ אִיבֶּער לֶעזֶען אַיין שׁוּרָה טוֹיזֶענְד מָאל אוּנ וַוייס נִיט װָאס אִיךְ לֶעז , אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט אִין זִיךְ צוּ גְלוֹיבֶּען , אִיךְ מַאךְ מִיר סִמָנִים זֶעהֶן צוּא בִּין אִיךְ נָאךְ בַּייא מַיין שֵׂכֶל , אָ , װִיא בִּיטֶער אִיז דָאס , אַז מֶען פִילְט אַלֵיין װִיא מֶען גֵייט אוּנְטֶער אוּנ אוּנְטֶער , אוּנ גָאט וַוייס װִיא פִיל װֶעל אִיךְ הָאבּין נָאךְ קֶענֶען שְׁרַייבֶּען עֶפֶּעס צוּ דִיר ?

אִיךְ וָועל עֶס נִיט עֶרְהַאלְטֶען ! אִין שְׁטוּב בַּייא אוּנְז אִיז טָאג אוּנ נַאכְט פוּל מִיט שַׁדְכָנִים, אוּנ מְחוּתָּנִים, אִיךְ הָאבּ קַיין וָוערְטֶער פַארִין פָּאטֶער וָואס אִים גֶעגִין צוּ זָאגֶען, עֶר הָאט בְּרִיף וָואס עֶר גְלוֹיבְּט,אַז זַייא זַיינֶען דַיינֶע, אָ אִיךְ קֶען וַוייטֶער נִיט רֵיידֶען ! וָואס אִיךְ שְׁטֵייא אוֹיס, וָואס אִיךְ הֶער זִיךְ אָן פַאר אָטָאג, שְׁנֵייאָרְקֶע קְלָאגְט זִיךְ אוֹיךְ וָואס דוּא שְׁרַייבְּסְט אִים נִיט, אִיךְ הָאבּ נִיט פַאר נֶועמֶען מַיין הַארְץ אוֹיס צוּ גִיסֶען · אִיךְ בִּין עֶלֶענְד, דִיא מוּטֶער אִיז קְרַאנְק, יוֹסֵף, אִין אַזוֹ אַצַייט נִיט שְׁטֵייא פוּן ווַייטֶען, בְּרָאסֶע דַיין קַאנְטָאר, אִיךְ וֶועל זָארְגִין דוּא זָאלְסְט קַיין חֲרָטָה נִיט הָאבֶּען, קוּם אוּנ זַייא מִיךְ מַצִיל ! עֶס קְלַייבֶּען זִיךְ אַרוּם מִיר ווִילְדֶע וָועלְף, מַיין שֵׂכֶל קֶען מִיר נִיט לַאנְג דִינֶען, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז מֶען וֶועט מִיךְ נִיט וָועלֶען דֶער קֶענֶען, אַז אִיךְ בִּין אַרָאפּ פוּן זִינֶען, אוּנ נִיט וָועלֶענְדִיג אוּנ נִיט ווִיסֶענְדִיג וֶועט מֶען מִיךְ פֶערְקוֹיפֶען, דוּא יוֹסֵף וֶועסְט שׁוּלְדִיג זַיין, אוֹיבּ דָאס וֶועט חָלִילָה אַזוֹ זַיין ! אִיךְ בִּין נִיט אִין מַיין הַאנְד, אִיךְ בִּין דַיינֶע ווִיא לַאנְג אִיךְ לֶעבּ, ווִיא לַאנְג מַיין שֵׂכֶל אִיז נָאךְ בַּייא מִיר, וָואס עֶס וֶועט זַיין דַאמָאלְס, אַז מַיין שֵׂכֶל וֶועט מִיךְ פֶערְלָאזִין ווַייס אִיךְ אִיצְט נִיט, אָבֶּער שׁוּלְדִיג וֶועסְט דוּא זַיין ! . . . אָ, דַאמָאלְס, אַז דוּרְךְ מַיינֶע עֶלְטֶערְנְס טְרַייהַייט וֶועלֶען זַייא זִיךְ לָאזֶען קָאסְטֶען, מִיךְ גֶעזוּנְד צוּ מַאכֶען, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ אָפְּחַאפֶּען אוּנ זִיךְ גִיפִינֶען אִין פְרֶעמְדֶע הֶענְט, אוּנ זַיין גֶעשֵׁיידֶען פוּן דִיר אוֹיף אֵייבִּיג, יוֹסֵף, אָט דַאן זָאלְסְט דוּא פְרֶעגֶען בַּייא דַיין סָאוֶועסְט, וָוער עֶס אִיז דַארִין שׁוּלְדִיג ? דַאן יוֹסֵף, זָאלְסְטוּ מִיר חָאץ אֵיין מָאל עֶרְלוֹיבֶּען ווֵיינֶען פַאר דִיר, אוֹיבּ דוּא בִּיזְט אִין מַיין אוּנְגְלִיק אוּנְשׁוּלְדִיג ! דוּא בִּיזְט עֶס גֶעווִיס ! דוּא קֶענְסְט גָאר נִיט שׁוּלְדִיג זַיין, אוּנ דוּא רֶעדְסְט דִיא אֵיינָענֶע רֵייד אַזוֹ צוּ מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיר, קוּם וָואס צוּם גִיכְטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט וַוארְטֶען בִּיז אִיךְ וָועל דִיךְ שׁוֹין מֶער נִיט דֶער קֶענֶען ! קוּם יוֹסֵף, כָּל זְמַן אִיךְ בִּין נָאךְ דַיינֶע ! כָּל זְמַן אִיךְ הָאבּ נָאךְ מִיט וָואס זִיךְ פוּן דִיא וֶועלְף אָפּ צוּא בְּארֶען, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער מוֹרָא, אַז מַיינֶע גִיוֶוער וֶועלִן זִיךְ בַּאלְד צוּ בְּרֶעכֶען ! . . .

יוֹסֵף, אִיךְ בִּין ווִידֶער דַיינֶע ! אוּנ מוּז נָאךְ גִיזֶענְד זַיין עֶס הָאבִּין זִיךְ אִין מַיינֶע אוֹיגִין פְרֶערִין גֶעעַנְדֶערְט, מִיר אִיז אִיצְט לַייכְטֶער אוֹיפִין הַארְצִין, אוּנ אִיךְ ווֵיין אִיצְט ווִיא אַקְלַיין קִינְד ! גָאט זָאל גֶעבִּין אִיךְ זָאל אַלֶע מַיינֶע בִּיטֶערְקַייט אוֹיס ווַיינֶען קֶענֶען ! עֶנְטְפֶער מִיר, יוֹסֵף, דוּא מוּזְט דֶעם בְּרִיף אַלֵיין עֶרְהַאלְטִין חָאץ אֵיינְמָאל עֶנְטְפֶער מִיר ! מָארְגִין, דָאס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ מָארְגִין דַארְפִין קוּמֶען מְחוּתָּנִים מִיט אַחָתָן מִיךְ זֶעהֶן, גָאט, פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ קַיין פְלִיגְלִין נִיט ? פַאר וָואס ווַייס אִיךְ נִיט אַלְס וָואס עֶס טוּט זִיךְ ? אִיךְ שְׁווֶערֶעם אוּנ הֶער מַיין קָאפּ הֵייבְּט זִיךְ אָן צוּא דְרֵייעֶן, יוֹסֵף דֶער מָאן דַיין רָאזֶען ווִיא לַאנְג זִיא אִיז נָאךְ דַיינֶע ! ווִיא לַאנְג אִיךְ מָאג גָאךְ! זִיךְ אוּנְטֶער שְׁרַייבִּין · "דַיין רָאזֶען" ! . . .

רָאזֶע · הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט צוּרִיק הַאלְטִין אוּנ הָאט אִים דוּרְךְ גִילֶעזִין בִּיזִין סוֹף — אִיר הַארְץ אִיז אִיר צוּא גַאנְגֶען, אוּנ הָאט מֶער נִיט זִיךְ בַּארָעבֶענְט

וואס

וָאס זיא טוט אונ איז אַרויף גיפַאלֶין יוֹסֵף אויפֿין הַארְצִין אונ גיוויינְט אָן אַ אויפֿהֶער.

אָ, אַז דִיא מִינוּט פַאר וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גִיצִיטָערְט אִיז מִיר גִיקוּמֶען, גִיקוּמֶען מִיט אִיהְרֶע אַלֶע שְׁוַוארְצֶע פַארְבִּין! — יוֹסֵף, לָאז מִיךְ וַויינֶען אויף דַיין הַארְצִין, עֶס וַוייס קֵיינֶער מַיינֶע לֵיידִין נִיט — אָ גָאט, זָעלְבְּסְט דֶעם וואונְשׁ הָאסְט דוּא מִיר נִיט פַאר גִינְט אָהְנֶע זִיךְ צוּא פַארְגִיפְטִין פוּן אִים! — גָא, עֶס אִיז אַ טְרוֹיעֶרִיגֶע גִישִׁיכְטֶע! — דִיא וָועלְט לֶעבְּט מֶען נוּר אֵיין מָאל, מֶען גֵייט דֶעם וֶועג אַרִיבֶּער נָאר אֵיין מָאל, אונ מֶען קֶען זִיךְ נִיט אוּם קֶערִין אויף הוֹיבִּין אֲפִילוּ דִיא טַייעֶרְסְטֶע זַאךְ פוּן אוּנְזֶער לֶעבִּין וָוען מִיר הָאבִּין דָאס פַארְלָארִין! —

יאַ, עֶר הָאט אוֹיסְגִיפִירְט, דֶער אַכְזָר, וָואס עֶר הָאט גִיוָואלְט! — הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט — צוּא וָואס מִיר הָאבִּין דֶער לֶעבְּט! — מֶען הָאט מִיךְ פוּן דִיר גִירוֹיבְּט אונ מִיךְ לֶעבִּין גִילָאזְט. גָאט הָאט מִיר דַיין בְּרִיף נָאךְ גִיוָואלְט לָעזִין לָאזִין — אָ רָאזֶע, אִיךְ פִיל אונ וַוייס, אַז דָאס אִיז שׁוֹין דִיא לֶעצְטֶע, מִיר קֶען אִין מַיין קוּרְצֶע לֶעבֶּענְס צַייט שׁוֹין נִיט בֶּעזֶעס בַּאגֶעגְנִין! — גָאט שְׁוַוייגְט דֶעם מֶערְדֶער, זַיין גִיוִויסִין שְׁלָאפְט, אַךְ, וִויא זִיס, וִויא לַייבְט מִיר וֵויינְט זִיךְ אִיצְט! אִיךְ הָער וִויא מַיין גַאנְצֶעס הַארְץ אונ גִיזוּנְד גִיסִין זִיךְ אוֹיס אִין מַיינֶע טְרֶערִין אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט שְׁטִילִין, אַלְטֶע וואוּנְדִין זַיינֶען פִירְכְטֶערְלִיכֶער, זַייא שְׁטֵייעֶן מִיר אִיצְט אָפִין, זַייא הַייסִין אַלֶע: "מֹשֶׁה שְׁנֵייאֶר" . . .

עֶפִין מִיר דִיא פֶענְסְטֶער, לִיבֶּע רָאזֶע, אִיךְ וִויל נָאךְ דֶעם לֶעצְטִין מָאל דִיא זָאנֶגֶע זֶעהֶען — דֶעם לֶעצְטִין מָאל דִיא שֵׁיינֶע וָועלְט זֶעהֶען! . . . עֶס וֶועט בַּאלְד קֵיין צַייט זַיין! . .

יוֹסֵף, דוּא וֶועסְט גִיזוּנְד זַיין! דוּא מוּזְט גִיזוּנְד זַיין, דוּא הָאסְט הַיינְט גִישְׁוִויצְט, אונ דֶער פַאר בִּיזְט דוּא שְׁוַואךְ, זֶעה מַיין לֶעבִּין, נִיט רֵייד מֶער פוּן טוֹיט, נַא קוּק אויף דִיא וָועלְט אונ זֶעה, וִויא אִיטְלִיכֶער וִויל לֶעבִּין, זֶעה וִויא לִיבּ דִיא פֵיינֶעלֶעךְ זִינְגֶען, וִויא לוּסְטִיג אִיז יֶעדֶעס לֶעבְּדִיגֶע וֶועזִין, קוּם צוּם פֶענְסְטֶער, לִיבֶּער יוֹסֵף, עֶס אִיז הַיינְט גִיוָועזֶען אַבְּרִיף פוּן דַיינֶע עֶלְטֶערִין, זַייא שְׁרַייבִּין זַייא וֶועלִין נָאךְ שַׁבָּת אַרוֹיס פָארִין, אונ דֶער נָאךְ וֶועסְט דוּא, רוּחָמָה אונ אִיךְ אונ דִיא מוּטֶער, אַלֶע וָועלִין מִיר אַרוֹיס פָארִין צוּם לַאנְד, מִיר הָאבִּין שׁוֹין גִידוּנְגֶען אַ דַאצֶע אונ דָארְטִין וֶועסְט דוּא זִיךְ שְׁטַארְקֶען, דָארְטִין וָועלִין מִיר וָוערִין צוּרִיק, קִינְדֶער פוּן דֶער נַאטוּר, מִיר וָועלִין אוּמְלוֹיפִין שְׁפְּרִינְגֶען אונ נִיט זָאגִין דָאס פַּאסְט נִיט פַאר אוּנְז: נַא דִיר אַהַאנְד, אַז דוּא וֶועסְט לֶעבִּין, אִיךְ זָאל אַזוֹא לֶעבִּין!

רָאזֶע הָאט מִיט אַכִּוָון אַזוֹ גִישְׁוָוארִין, הָאץ זִיא הָאט נִיט גִיגְלוֹיבְּט אַז עֶר וֶועט לֶעבִּין בְּלַייבִּין, אָבֶּער זִיא, וָואס וָואלְט אִיר גַאנְצִין לֶעבִּין פַאר אִים אַוֶועק גִיגֶעבִּין, הָאט זִיךְ פַאר דֶעם וָוארְט גָאר נִישְׁט גִישְׁרָאקֶען, נָאר אִים צוּא בַּארוּהִיגֶען!

גוּטֶע, רָאזֶע! גִינוּג אוּנְז זַיין פַאר נַארְט. וָואס עֶס מוּז קוּמֶען וֶועט קוּמֶען, אִיךְ וַוייס, אַז נָאךְ אָמָארְגִין וָועל אִיךְ נִיט זֶעהֶען, אונ צוּא וָואס זָאלְסְט דוּא

מיר

מִיר נָאךְ טְרֵייסְטִין ? אִיךְ הָער וִויא מַיין בְּלוּט וָוערְט קָעלְטָער , מַיינֶע פִּיס זַיינֶען שׁוֹין קַאלְט , אָ דָער טוֹיט אִיז נִיטוּ וַוייט ! זַייא רוּהִיג , אִיךְ בִּין עֶס אוֹיךְ , אִיךְ בֶּעט דִיר מֶען זָאל צוּא מַיינֶע עֶלְטֶערִין נִיט שְׁרַייבִּין , שְׁרַייבְּט זַייא בֶּעסֶער אַז זַייא זָאלִין נִיט קוּמֶען , צוּ וָואס דַארְף אִיךְ זַייעָרֶע יִסוּרִים אוּנ טְרוּ׳עָר , דָא אִין דָער פְּרֶעמְד וָועט זַייעָר שְׁמֶערְץ שְׁטַארְקֶער אוֹיס וַוייזִין , זַייא קֶענֶען נָאךְ דִיךְ נִיט , זַייא וַוייסִין נָאךְ רוּהֶמֶען נִיט , אוּנ וַוייסִין נִיט דִי גַאנְצֶע פְּרִיצִינֶע פוּן מַיין טוֹיט , צוּא וָואס זָאלִין מִיר זַייא דָא מַאכִין נַייֶע וואוּנְדִין ? דָער וָועקִין נַייֶע לִיבֶּע מִיט נַייֶע שִׂנְאָה ? דָאס אִיז אִיבֶּערִיג , לִיבֶּע רָאזֶע , מִיר וֶועלִין זִיךְ דָער מִיט נִיט הַיילִין , נָאר זַייא מֶער שְׁמֶערְצִין אָנְמַאכִין , אִיךְ בֶּעט דִיר בַּאלְד נָאךְ מַיין טוֹיט זָאל מֶען זַייא מוֹדִיעַ זַיין , אוּנ נִיט בֶּעטִין קוּמֶען אַהֶערְצוּ , זַייא וֶועלִין זַייעָרֶע בִּיטֶערֶע הַארְץ זִיךְ אוֹיסְוַויינֶען אִין זַייעָר שְׁטִילֶע שְׁטִיבֶּעלֶע , אוּנ וָואס פְּרִיעֶר מֶען וָועט זַייא אָנְזָאגִין , דָאס פְּרִיעֶר וֶועלִין זַייא אוֹפְהֶערִין צוּא וַויינֶען , שְׁרַייבּ זַייא דוּא , אַז אִיךְ בֶּעט זַייא , זַייא זָאלִין זִיךְ פִיל דֶעם לֶעבִּין נִיט נֶעמֶען אִיבֶּר מִיר . דָאס אִיז מַיין לֶעצְטֶע בִּיטֶע , גִיבּ מִיר אַפֶּעדֶער אִיךְ וֶועל זַייא אַלֵיין אוֹיף שְׁרַייבִּין עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער , אוּנ דוּא זָאלְסְט צוּ שְׁרַייבִּין דָער צוּ וָואס דוּא וֶועסְט וֶועלִין :

יוֹסֵף , זֶעה לִיבֶּענְקֶער , קֶען אִיךְ דֶען הֶערִין אַזֶעלְכֶע רַייד פוּן דִיר ? לֶעבּ בֶּעסֶער אוּנ זַייא גִיזוּנְד !

נוּא וָואס וֶועט דֶען שְׁפֶּעטֶער זַיין ? הָאט יוֹסֵף גִיעֶנְטְפֶערְט , צוּ דֶען דַארִיבֶּער אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ אִיצְט אַיין רַיידִין : אִיךְ וֶועל לֶעבִּין , וֶועט דֶען דָער טוֹיט נִיט טָאן זַיינֶעס ? נַיין , מִיר אִיז בֶּעסֶער אַז אִיךְ רַייד זִיךְ אִיצְט אוֹיס , אֵיידֶער אַזוֹ מִיט אַפֶּערְשְׁלָאסֶענֶעס הֶערְץ צוּא שְׁטַארְבִּין , אִיךְ זָאג דִיר אָפִין מִיר פַארְדְרִיסְט זַייעָר וָואס אִיךְ לָאז אַזוֹ אַ וֶועלְט , אַזוֹ פִיל לִיבֶּע , אַזוֹ פִיל גְלִיק פוּן לֶעבִּין , רָאזֶע , וָואס אִיךְ לָאז דִיךְ מִיט דַיינֶע קִינְדֶער אַזוֹא עֶלֶענְד , וָואס אִיךְ לָאז מַיין רוּהָמֶען מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אַזוֹ אוּנְגִיטְרַייסְטֶעט , מַיין הַארְץ וָועט דָאס פִילִין בִּיז דִיא לֶעצְטֶע סֶעקוּנְדֶע אוּנ אִיךְ וָועל מִיט דֶעם בִּיטֶערִין גִיפִיל שְׁטַארְבִּין , אָ אַזוֹ אַוֶועלְט , אַזוֹ אַלִיבֶּע שַׁיינֶע וֶועלְט , אַזוֹ יוּנְג , מִיט אַזוֹ נָאךְ הַייסֶע יוּנְגֶעס הֶערְץ פַארְלָאזִין אוּנ נַיין אִין פִינְסְטֶערִין קֶבֶר , אוּנ זִיךְ נָאךְ דַארְפִין זָאגִין : יאָט בַּאלְד אִיז אוֹיס מִיט מִיר ! אָט בַּאלְד בִּיזְטוּ וִויא נִיט גִיוֶועזְן ! וֶוער פִילְט דָאס אַזוֹ וִויא אִיךְ אִיצְט ! קוּק , וִויא דִיא זָאנֶע שְׁפִּילְט נָאךְ מִיט מִיר . אָ דָאס אִיז אַכְזָרִיוּת פוּן דָער נַאטוּר נָאךְ קָאקֶעטִירִיצֶען מִיט לִיבְּקַייט מִיט מִיר אִין דָער מִינוּט וָואס אִיךְ קֶען שׁוֹין אִירֶע לִיבֶּע נִיט מֶער גִינִיסֶען ! פַאר וָואס אִיז הַיינְט נִיט אַוָואלְקֶענְדִיגֶער פִינְסְטֶערָער טָאג ? אָ נָאט אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט פַארְדִינְט !

רָאזֶע הָאט גִיוַויינְט , יוֹסֵף הָאט גִיהַאלְטִין אִיר הַאנְט אוֹיף זַיין הַארְצִין :

זֶעה רָאזֶע שְׁטֶעל אַפּ דֶעם זַיינֶער ! הָאט יוֹסֵף גִיבֶּעטִין , אָ וֶוער וָואלְט מִיר קֶענֶען דִי זָאנֶע אִין הִימֶל אָפְּשְׁטֶעלִין , אִיךְ זָאל נָאךְ הָאבְּן קֶענֶען אַיין גַאנְצִין לַאנְגֶען טָאג לֶעבִּין אוּנ קָאנְצִין הָאבְּן עֶטְלִיכֶע פוּן מַיינֶע כְּתָבִים ! אִיךְ שֶׁענְק זַייא דִיר , לִיבֶּע רָאזֶע , לֶעזֶע זַייא , דָאס וֶועט מִיר טְרַייסְטִין , דַיין נֶעפִילְפְּאלֶעס הֶערְץ

טעלכע

וָועלְכֶע עֶס קֶען מַיין הֶערְץ, וָועט פִילִין, וָואס אִיךְ הָאבּ גִיוָאלְט נָאךְ שְׁרַייבִּין, גִיבּ מִיר אַטִינְט אוּנ פֶּען, אִיךְ מוּז צוּ מַיינֶע עֶלְטֶערִין נָאךְ שְׁרַייבִּין:

רָאזֶע הָאט אִים דֶער לַאנְגְט אַטִינְט אוּנ פֶּעדֶער, יוֹסֵף הָאט מִיט אַצִיטֶערְנְדֶע הַאנְד גִישְׁרִיבִּין:

„לִיבְּסְטֶער פָּאטֶער אוּנ טַייעֶרְסְטֶע טְרַייעֶסְטֶע מוּטֶער! בַּארוּהִיגְט זִיךְ אַפְּרִיעֶר, אוּנ דָר נָאךְ לֶעזֶעט. אִיךְ אַלֵיין וִויל אַייךְ זָאגִין, אַז אִיךְ בִּין גִישְׁטָארְבִּין! אָ גָאט, דָאס אִיז אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער וָוארְט! אָבֶּער עֶס אִיז פָּארְט אַזוֹי, אִיךְ שְׁרַייבּ אַייךְ אַלֵיין מִיט מַיין אַייגֶענֶער הַאנְד, אוּנ לָאז דָא דֶעם בְּרִיף, מֶען זָאל אִים צוּ אַייךְ אָפּ שִׁיקֶען בַּאלְד וִוִיא אִיךְ וֶועל דֶעם לֶעצְטִין אָטְהֶעם טָאן, מַיין לֶעצְטֶער גֶעדַאנְק זַייט אִיר, מַיין לֶעצְטֶער וואוּנְשׁ אִיז אַייךְ צוּ בֶּערוּהִיגֶן, אִיךְ בֶּעט אַייךְ! — אִיךְ שְׁטַארְבּ, וַוייל אִיךְ קֶען מֶער נִיט לֶעבִּין, זַייט גִיזוּנְד, אִיךְ שְׁטַארְבּ, חָלִילָה נִיט עֶלֶענְד, אוּנְטֶער טְרַייעֶ הֶענְט, מִיךְ בֶּעגְלֵייטִין בִּיזִין גְרוּבּ מַייכִין טְרֶערִין, מֶען הָאט אַלֶע הִילְף אָנְגִיוֶוענְדֶעט, אָבֶּער גָאט וִויל אַזוֹי, אוּנ בַּייא אִים פְרֶעגְט צוּא וָואס הָאט עֶר מִיךְ אַייךְ גִיגֶעבִּין אוּנ צוּ וָואס גֶעמְט עֶר מִיךְ צוּרִיק צוּא? אִיךְ וַויים עֶס נִיט! — פָּאטֶער, אִיךְ זָאג דִיר הַיינְט אִין מַיין לֶעצְטִין מָאל רֵיידִין מִיט דִיר, אַז אִיךְ בִּין נָאךְ אַעֶהְרְלִיךְ, אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס קִינְד, וִוִיא דוּא הָאסְט גִיוָואלְט, אוּנ אוֹיבּ דָאס אִיז דִיר אַטְרַייסְט, וָואס אִיךְ שְׁטַארְבּ אַעֶהְרְלִיכֶער אִיד, טָא זַייא זֶע זִיכֶער דֶער מִיט, אוּנ אַזוֹ וֶועל אִיךְ צוּא גָאט קוּמֶען! — נִיט וַויינְט פִיל נָאךְ מִיר, אִיךְ בִּין נַאנְץ צוּא פְרִידֶען, פָּאטֶער, זֶעגְנֶע מִיךְ חָאטְשׁ נָאךְ מַיין טוֹיט, גָאט וֶועט דַיין שְׁטִימֶע הֶערִין, זֶעגְנֶע מַיינֶע לִיבֶּע, וָואס וֶועלִין קְלָאגִין נָאךְ מִיר! — אִיךְ קֶען מֶער נִיט שְׁרַייבִּין, זַייט גִיזוּנְד, מַיינֶע עֶלְטֶערִין! — אִיךְ נִירִיס אַלֶעמֶען אוּנ פַארְגֶעס אִיצְט אוֹיף קֵיינֶעם, מִיר וִוילְט זִיךְ נָאךְ שְׁרַייבִּין צוּא אַייךְ, דִי צַייט אִיז אָבֶּער קוּרְץ. מַיין פֶעדֶער גֵייט צוּא שְׁוֶוער — אָ בַּאלְד בִּין אִיךְ אוֹיס! עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! אִיךְ הָאבּ קֵיין וֶוערְטֶער פַאר דֶעם גִידַאנְק! עֶס וִוינְשְׁט אַייךְ רוּהֶע אוּנ גְלִיק, אַייעֶר פַארְשְׁטָארְבֶּענֶער יוֹסֵף“:

יוֹסֵף הָאט דֶעם בְּרִיף גִיעֶנְדִיגְט, אַקוּק גִיטָאן אוֹיפִין זַייגֶער עֶס הָאט שׁוֹין גִיהַאלְטִין הַאלְבּ צְווֶעלְף, עֶר הָאט זִיךְ אַוֶועקְגִיטָאן צוּרִיק אוֹיפִין קִיסִין, רָאזֶע אִיז גִיזֶעסִין אוּנ גִיוַויינְט

רָאזֶע נַא דִיר דֶעם בְּרִיף, הָאט יוֹסֵף גִיזָאגְט. אוּנ דוּא מָאגְסְט צוּא שְׁרַייבִּין וָואס דוּא ווִילְסְט, אִיךְ בֶּעט דִיר רוּף מִיר אַרֵיין דַיינֶע קִינְדֶער לָאם אִיךְ מִיט זַייא זִיךְ צוּא זֶעגְנֶען, רָאזֶע אִיז אַרוֹיס, אוּנ צוּרִיק אַרֵיין מִיט אִירֶע קִינְדֶערְלִיךְ אוּנ מִיט דֶער מוּטֶער, רוּחֶמֶען הָאט מֶען נִיט גִילָאזִין גֵיין צוּא אִים, יוֹסֵף הָאט זַייא אַלֶעמֶען צוּא קוּשְׁט אוּנ זַייא אַוֶועק גִיגֶעבִּין דֶער מוּטֶער צוּרִיק, דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיבֶּעטִין אַרוֹיס נֶעמֶען פוּן זַיין קֶעסְטֶעל זַיין אַייסֶע זַיידֶענֶע טוּךְ אוּנ הָאט אִיר אָן גִיטָאן רִיוֶועצְקֶען אוֹיפִין הַאלְז אוּנ גִיזָאגְט:

אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַמָאל גִיוואוּנְצִין מֶען זָאל מִיךְ מְקַבֵּר זַיין מִיט דֶער טוּךְ אוֹיפִין הַאלְז, אָבֶּער בַּייא אוּנְז אִידִין אִיז אִין אַלֶע צַייטִין דָא אַפְּרֶעבַּיאַמְסְטְווֶע, חֶבְרָה

לייט

לייט וועלין שיקען פרעגין שאלות ביא דעם רב , אונ עס וועט הערין אגאנצע רייד , לאז זיין אזו , נא ריוועצקע , גידיינק , אז עס האט אמאל גילעבט א יוסף וועלכער עס האט דאס וויא זיין אויג גיהאלטין אז ער האט גילעבט , אונ שיינקט דיר דאס איצט פאר זיין טויט !

גינוג ליבער יוסף ! האט גאלדע גיבעטין לאזט אים איצט אליין , זער וועט רוהיגער ווערין .

אלע זיינען ארויס גיגאנגען , איטליכער באזונדער האט גיוויינט אין זיין ווינקעל , יוסף איז גיבליבין אליין מיט גאלדען , אונ איז ענטשלאפין גיווארין , גאלדע האט גיזעהען דעם קאלטין שוויס אויף זיין שטערין אונ גיזעהען אז ער וועט באלד אויס גיין :

אז דיא זאנע האט שוין גיהאלטין ביא אברעג הימיל האט ער זיך אויף גיחאפט גיעפינט די אויגין , אונ גיוועזן האלב צוא מישט , ער האט זיך אבער באלד דער מאנט אונ גיזעהען לעבין זיך גאלדען :

גוטע מוטער! האט יוסף קוים הערבאר ארויס גירעט , איך וויל נאך זעהען רוחמען , א פארגינט עס מיר !

דיא מוטער איז ארויס גיגאנגען , אונ מען האט איר קוים אלעבעדיגע אריין גיפירט אין שטוב , זיא האט זיך אבער גובר גיוועזן אונ גיבעטין מען זאל איר מיט רוחמען צוריק אריין פירין צו יוסעפין :

יוסף ! האט רוחמה אגישרייא גיטאן . מיט אהערצערדייסענד שטימע — א מיין יוסף ! דוא לעבסט נאך ! . . . דוא מוזט נאך לעבין ! !

יוסף האט גיעפענט דיא אויגין אונ קוים ארויס גירעט :

רוחמה ! א קום צוא נעהענטער !

מען האט איר צוא גיפירט נעהענטער :

גיב אהאנט , האט ער קוים ווייטער ארויס גיזאגט . . . רוחמה האט אים איר האנד דער לאנגט אונ ציטערנד גיזאגט :

יוסף , זייא מיר מוחל , איך האב דיר זעקס יאר לייד אונ פיין פריבאוועט , דוא וואלסט שוין איצט פרייא גיוועזן , א , איך האב עס ניט גימיינט ! . . .

רוחמה ! האט יוסף גיענטפערט מיט אשטארקייט , דוא רייד ניט פון דיא אלטע זאכין , איך שייד זיך באלד פון דיר אויף אייביג , זאג מיר צוא , אז דוא וועסט זיך ניט דיין גיזונד נעמען נאך מיר , אונ זאלסט גליקליך זיין פאר דיין באסערטין , רוחמה , פארשפרעך מיר דאס אויב דוא קענסט , איך פארבינד דיך ניט מיט אשבועה , זייא פרייא , נאר וויים , אז דאס איז מיין לעצטער וואונש !

יוסף , אויב איך וועל קענען זאגסט דוא ? איך פארשפרעך דיר דאס , האט רוחמה גיענטפערט דורך טרערין .

יוסף האט רוהיג אראפ גילאזין דעם קאפף .

אין שטוב האט גיהערשט אדונקעלע טרויעריגע שטילהייט , אלע הערצער האבין גיוויינט , דיא טרערין האבין זיך שטיל גיגאסין , אונ יוספס לעבין איז אויס

גיגאנגען

גִינַאנְגֶען ווִיא דֶער לֶעצְטֶער פוּנְק פַייעֶר פוּן קַאמִין וָואס הָאט זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג גִיהַייצְט דֶעם לוּפְט צוּא פַארְפְרִישֶׁערִין :

רוּחָמָה הָאט זִיךְ צוּא גִיבּוּיגִין צוּא אִים, אִים אָן גִיהוֹיבִּין צוּא קוּשֶׁען, זַיינֶע לִיפִּין וַוארִין קַאלְט ווִיא דֶער טוֹיט זֶעלְבְּסְט, יוֹסֵף הָאט נָאךְ אַמָאל דִיא אוֹיגִין גִיעֶפֶענְט, אַרוּסְגֶעוָוארְפִין אַיין פְרַיינְדְלִיכֶען לִיבִּין בְּלִיק אוֹיף אַלֶע אַרוּמִיגֶע פַאר זַיין לֶעצְטִין אָבְּשֵׁייד :

זַייט גִיזוּנְד אוּנ גְלִיקְלִיךְ, מוּטֶער, רוּחָמָה, אוּנ דוּא אָ רָאזֶע! הָאט עֶר נָאךְ גִיזָאגְט, אוּנ פַארְמַאכְט דִיא אוֹיגִין :

בַּייא אַבְּרֶעג הִימֶעל הָאט זִיךְ פַארְלָאשִׁין דֶער לֶעצְטֶער גָאלְדֶענֶער שְׁטְרַאהְל פוּן דֶער לִיבֶּע זָאנֶע, אוּנ דָא אִין שְׁטוּב הָאט זִיךְ פַארלָאשִׁין דֶער לֶעצְטֶער פוּנְק פוּן אַזוֹ אַ טַייעֶרִין לֶעבִּין — אוֹיס!...

עֶר אִיז גִישְׁטָארְבִּין, הָאט דִיא מוּטֶער גִיזָאגְט שְׁטִילֶערְהֵייט, אָט עֶרְשְׁט הָאט זִיךְ אוֹיפִין גַאס אָן גִיהוֹיבִּין אַשְׁטוּרֶעם ווִינְט מִיט אַקְלֶעגְלִיכִין פַייפֶען, אוּנ אִין שְׁטוּבּ הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין אַקְלֶעגְלִיכֶער גֶעוַואמֶער, עֶס זַיינֶען גִיקוּמֶען פוּן שְׁטוּב מֶענְטְשִׁין אוּנ מֶען הָאט זַייא קוֹים לֶעבֶּעדִיגֶע אַרוֹיס גִיטְרָאגִין, רָאזֶע הָאט גִירִיסִין דִיא הָאר אוֹיף זִיךְ אוּנ גִישְׁרִיעֶן פַארְצְווַייפֶעלְט, רוּחָמָה אוּנ דִיא מוּטֶער הָאבִּין שְׁטִיל גִיוַויינְט :

חֶבְרָה לַייט זַיינֶען גִיקוּמֶען, מֶען הָאט אִים אָבְּגֶעהוֹיבִּין, אוּנ אִין נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט אָן גִיטָאן מִיט זַיינֶע אַייבִּיגֶע קְלֵיידֶר, פוּן דִיא חֶבְרֶע ווַייבֶּער אִיז מִסְתָּמָא סְטֶערְנֶע גוּטֶע אוֹיךְ גִיוֶועזֶען, אוּנ נַייעֶנְדִיג דִי תַּכְרִיכִים הָאט זִיא נָאךְ גִיזָאגְט זַיינֶע שְׁבָחִים, וָואס פַר אַ צַדִיקֶער אִיז גִיוֶועזֶען, וָואס פַאר אַ וואוֹל קִינְד דָאס אִיז גִיוֶועזֶען, אוּנ דֶער בַּייא הָאט זִיא מִסְתָּמָא גִיווַיינְט אוֹיךְ גִינוּג :

אַז מֶען הָאט יוֹסֵפִין גִינוּמֶען אַרוֹיס טְרָאגִין, אוּנ ווִיא מֶען הָאט אִיבֶּערִין אָרוֹן גִינוּמֶען צוּ רַייסִין דִי תְּנָאִים, אוּנ אַז רוּחָמָה הָאט דֶער הֶערְט דֶעם עֶרְשְׁטִין קְלַאפּ „צְדָקָה תַּצִיל מִמָּוֶת!" אִיז זִיא ווִיא אַווִילְדֶע אוֹיפִין גַאס אַרוֹיס, מֶען הָאט אִיר נִיט גִיקֶענְט אַיין הַאלְטִין, אוּנ גִישְׁרִיעֶן :

יוֹסֵף, מַיין יוֹסֵף! אִיךְ קוּם דִיר בַּאלְד נָאךְ! דוּא וֶועסְט נִיט לַאנְג וַוארְטִין אוֹיף מִיר!...

---

צְווַייא וָואכִין זַיינֶען אַרִיבֶּער, עֶס זַיינֶען נָאךְ נִיט פַאר הֵיילְט גִיוָוארִין דִיא שְׁוֶוערֶע וואוּנְדִין פוּן דֶעם טָאג, אוּנ נַייעֶ קְלָאג הָאט זִיךְ גֶעוַיאוֶועט, עֶס וַואר אוֹיךְ אַזוֹ אַשֵׁיינֶער טָאג, רוּחָמָה הָאט זִיךְ אִין דֶער פְרִיא אָן גִיטָאן מִיט אִיר קְלֵייד, וָואס זִיא אִיז גִיוֶועזֶען אָן גִיטָאן, אַז יוֹסֵף אִיז גִיקוּמֶען, אוּנ אַז מֶען הָאט אִיר גִיפְרֶעגְט וָואס זִיא טוּט דָאס, הָאט זִיא גִיזָאגְט : בַּאלְד וֶועל אִיךְ פָארִין צוּא יוֹסֵפִין — הָאץ מֶען הָאט זִיךְ אוֹיף אִיר טוֹיט גִירִיכְט פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאט מֶען זִיךְ פַאר דֶעם עֶנְטְפֶער נִיט אַזוֹ דֶער שְׁרָאקֶען, ווַייל אוֹיף אִיר צָרָה אִיז נִישְׁט נִבְרָ גִיוֶוען פוּן זָאגֶען עֶס הָאט זִיךְ אִין אִיר דֶער גִידַאנְק גִינוּמֶען, דִיא טְרַייעֶ מוּטֶער אָבֶּער הָאט

שׁוֹין

שׁוֹין נִיט גִיקֶענְט רוּעֶן אוּנ אָן גִיהוֹיבִּין צוּא רֵיידִין מִיט אִיר, אָבֶּער עֶס וַואר אוּמְזִיסְט, בִּיסְלִיךְ וַויים הָאט זִיא עֶרְקֶענְט, אַז רוּחָמֶעס בְּלִיהֶענְדֶע קְרַאסְקֶע אוֹיפִּין צוּרָה אִיז נִיט וִויא גְוואוֹנְטְלִיךְ, רוּחָמָה הָאט זִיךְ אַזוֹ אָנְגִיטָאנֶענֶערְהַייט אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין בֶּעט, נָאלְדָע הָאט שׁוֹין מִכְּתָּבָא נִיט אָפּ גִיטְרָאכְטִין, בֶּעהַאלְטִין אִידֶע טְרֶערִין, רוּחָמָה הָאט נָאךְ גִילֵייעֶנְט יוֹסֵפְס בְּרִיף צוּ רָאזֶען, אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט טְרִינְקֶען, וָואס עֶר הָאט אִיר אִין הַאנְט גִינֶעבִּין — זֶעה מוּטֶער הָאט זִיא גִיזָאגְט, יוֹסֵף שְׁרַייבְּט מִיר, אִיךְ זָאל זִיךְ הִיטִין פַאר מֹשֶׁה שְׁנֵייאָרִין עֶר זָאל מַיין גִילִיבְּטִין נִיט טָאן דָאס אֵיינֶענֶעוָואס עֶר הָאט אִים גִיטָאן — „אָ גָאט, צוּא. וָואס הָאסְטוּ דֶעם שְׁלַאנְג אוֹיף אוּנְז אָן גִירַייצְט? נִיט שׁוֹין זֶע, אִיז דָאס טַאקֶע אַ אֶמֶת וָואס יוֹסֵף הָאט אַמָאל גִיזָאגְט, אַז דִיא מַעֲשֶׂה פוּן גַן עֵדֶן זֶעהֶען מִיר נָאךְ עַד הַיּוֹם אִין יֶעדֶען גְלִיקְלִיכִין לֶעבִּין, מֶען וֶוערְט נָאר פוּן דֶעם גַן עֵדֶן אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין אַז עֶס מִישְׁט זִיךְ דֶער שְׁלַאנְג אַרַיין! — מוּטֶער, מִיר הָאבִּין אוֹיךְ אַמָאל אִין אַ גַן עֵדֶן גִילֶעבְּט, אִיךְ גִידַיינְק וָואס פַאר אַפְרַיילִיכֶער לֶעבִּין בַּייא אוּנְז אִיז גִיוֶוען, וִויא גְלִיקְלִיךְ פְלֶעגִין מִיר זַיין, אַז דוּא, מִיט דַיינֶע מוּטֶערְלִיכֶע טְרַייהַייט אוּנ לִיבֶּע פְלֶעגְסְט מִיט מִיר אוּנ מִיט רָאזֶען שְׁפַּאצִירִין אוּנְז בַּאוַוייזִין אַלְס, אוּנ וִויא פְרֵיילִיךְ פְלֶעגְט זִיךְ מִיר זִינְגֶען, גִידַיינְקְסְטוּ, אַז מֶען פְלֶעגְט אוֹיף מִיר זָאגִין אִיךְ בִּין אַלַאבֶּעדִיגֶע גִיבָּארִין, וִויא פִיל גִינָאנְג אוּנ פֶערְגֶענִינֶען אִיז אִין אוּנְזֶער שְׁטוּבּ גִיוֶוען, אִיז דָאס נִיט אַ וַוארֶער גַן עֵדֶן גִיוֶוען? אוּנ צַייט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ הָאט זִיךְ נֶעיַאוֶועט דֶער שְׁלַאנְג מֹשֶׁה שְׁנֵייאָר, אָ פוּן דַאמָאלְס אָן וִויא פִיל טְרֶערִין, וִויא פִיל זִיפְצִין, אוּנ לֵייד אוּנ פַּיין הָאט עֶר אִין אוּנְזֶער שְׁטוּבּ אָן גִימַאכְט, אָט אִיז דֶער שְׁלַאנְג, יוֹסֵף דַיינֶע רֵייד זַיינֶען אֶמֶת, וִויא דוּא זֶעלְבְּסְט, אִיךְ זֶעה דִיךְ אִיצְט אִין דֶעם אֶמְתֶן גַן עֵדֶן, גִיבּ מִיר דַיין הַאנְד פוּן דַיין הוֹיכִין וואוֹנוּנְג אוּנ נֶעם מִיךְ צוּא דִיר! דוּא זֶעהֶסְט דָאךְ שׁוֹין מַיינֶע וואוּנְדִין, אָ, יוֹסֵף יוֹסֵף, בֶּעט גָאט פַאר מַיינֶע עֶלְטֶערִין!...

רוּחָמָה! מַיין לֶעצְטֶער טְרַייסְט פוּן מַיין לֶעבִּין הָאט דִי מוּטֶער גִיזָאגְט, מַיין בִּילְד, מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ! זֶעה, נִיט מַאךְ מִיר אָן שְׁמֶערְצִין, אָ גָאט, פַאר וָואס בִּין אִיךְ אַזוֹא אַ אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער? פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ דָאס פַארְדִינְט, מַיין קְרוֹין?

מַאמִינְקֶע! הָאט רוּחָמָה גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ וֶועל דָאס בַּייא גָאט בַּאלְד פְרֶעגִין, אָ אִיךְ פִיר צוּא אִים אַגַאנְצֶען קַאסְטִין מִיט פְרַאגִין, מַיין יוֹסֵף אִיז שׁוֹין אִיצְט גְלִיקְלִיךְ, עֶר וַוייס שׁוֹין אַלְס אוּנ בַּארוּהִיגְט זִיךְ. אִיךְ וֶועל דָאךְ דָאס אוֹיךְ בַּאלְד וִויסִין אוּנ רוּהִיג זַיין! מַאמִינְקֶע, אִיךְ וֶועל דָאס עֶרְשְׁטֶע זַאךְ בֶּעטִין בַּייא אִים פַאר דִיר עֶר זָאל דִיךְ טְרַייסְטִין!

מַיין קִינְד, מַיין קִינְד, מַיין לִיבֶּער לֶעבִּין? הָאט גָאלְדָע נִישְׁרִיעֶן פֶערְצְוַוייפֶלְט, אָ בֶּעסֶר וָואלְט מִיךְ שׁוֹין גָאט צוּא נֶעמֶען אָנְשְׁטָאט אַזוֹ אַבְּרִילְיַאנְט, אָנְשְׁטָאט אַזוֹ אַלִיבּ קִינְד!

נִיין מַאמִינְקֶע! הָאט רוּחָמָה מִיט טְרֶערִן גִיעֶנְטְפֶערְט, דוּא דַארְפְסְט נָאךְ לֶעבִּין, דוּא

דוּא

דוא האסט קינדער, וועלכע עס היינען אפ פון דיין לעבין; גאט האט דיך צו א העכערן צוועק בעשאפען, דוא זאלסט זיין וועלט אים העלפען בויען, דוא ביסט אבוים אין דער וועלט, אונ דיין לעבענסצייט איז גרעסער פאר ביינעם, איך בין מער ניט וויא אבלום, איך האב געבליט אונ גיוואקסען פר דעם אנדערן, מוטער. אפשר דיר אונ דעם פאטער פערגניגען צו מאכען, נון איז מיין זומער אריבער, א אונ איך מוז וועלקען! אזעלכע בלומען קענען מעהר וויא איין זומער ניט לעבען! —

א מיין שיינער בלום, מיין ליכטיגער לעבין! האט דיא מוטער געזאגט איר צום הארצען צו דריקענדיג, ניין מיין קינד, דוא קענסט נאך ניט וועלקען, דיין זומער הייבט זיך ערסט אן!

מאמינקע, איז דען דיר בעסער אז איך וועל דיר זאגען אז איך בין איין אבגעריסענער בלום פאר דער צייט? איך פלעג אויך אמאל אזוי שלעכט זיין, אונטער רייסען יונגע בלומעלעך, אונ זייא דער נאך וועלן דר האלטן זייער לעבין, זייא פלעגין מיר אונטער דיא הענט צו וויאגען, וואס האט זייא גיקענט העלפען דיא פרישע וואסער אין דעם שיינעם בלומען האלטער, אז מען האט זיי פון זייער ווארצעל אבגעריסען? מוטער וואס קענען מיר דען שיין דיא גאנצע וועלט זיין, אונ אלע רפואות וואס קען מיר שוין העלפען, אז איך האב שוין קיין הארץ ניט? א אז מיין יוסף איז דארטען, מוטער, זייא מיר מוחל, איך מוז שטארבען, זעה וויא קאלט מיינע הענט זיינען שוין!...

גאלדע האט גיחאפט אירע קאלטע הענט אונ אנגיהויבין צוא קושען, זיא גיפרובט ווארעמען, אונ פון צו מישטקיים גישריען: גוואלד ראטעוועט!

מאמינקע, איך בעט דיר, זייא דאך איצט גיטרייסט דער מיט אז גאט האט מיך פון אנהייב אן ניט בעשאפען מיט מער יארין, איך בין אבלום גיוועזן אין דר וועלט, איך האב נאך פון זיין וועלט ניט גענאסען, איך לאז די וועלט אזוי שטיל אוועק, אונ קום צו גאט וויא אבלום!...

גאלדע האט ניט גיקענט מער ריידן, נאר גילעגין איבער איר אונ גיברומט פון בעקלעמונג, ענדליך האט איר רוחמה אביסיל בערוהיגט דורך אירע ליבע קלונגע רייד:

מאמינקע, האט זיא גיזאגט זעה רוף מיר באלד דעם פאטר, א פאר וואס איז ער איצט ניט בייא מיר?

פרידמאן איז ארין גיקומען מיט אגיוויין, רוחמה האט פון זיינע טרערן אויך אנגיהויבין צו וויינען:

פאטר! טייער פאטער! האט רוחמה גיזאגט זיין האנט אן נעמענדיג, זייא מיר מוחל, איך האב דיר פילייכט עטוואס לייד אנגיטאן אין לעבען!

ניין מיין קינד, דוא האסט מיר נאר פערגעניגען גימאכט אונ פערזיסט שטענדיג מיין לעבין, האט דר אלטער מאן גיזאגט מיט טרערן, מיר איז נאר איצט מיין לעבין פערגיפטעט, אז דוא פערלאזט מיך, מיין ליב קינד!

גאט וויל אזוי, ליבער פאטער, מסתמא איז ער גירעכט, ער האט מיין יוסף'ין

צו זיך פריער גינומען , אקוראט היינט צוויא וואכען , איצט רופט ער מיך – א בעט פאר אונז ! גאט זעהט די טרערען פון דעם אלטען מאן !

מיין קינד ! האט זיך פרידמאן גיזאגט , טאמיר ווילסט דו וידוי זאגען ? זאג נאך מיר נאך , איך וועל דיר פארזאגען :

רוחמה האט גישוויגען , דיא האט נאר אויפגעהויבען אירע נאך לעבעדיגע בלאע שיינע אויגען צום הימעל , אונ גיזאגט :

גאט , דוא אליין ווייסט מיין רעכט אונ אונרעכט , דוא זאלסט זמיר מיין וידוי פארזאגען ! פאטער , איך האב נישט געזינדיגט געגען אים , ער ווייס עס , מענטשין האב איך קיין שלעכטעס גיטאן , איך בעט אלעמען מחילה :

ראזע , האט רוחמה גיזאגט , אין דעם יענע האט נאר דיא מיר גיעפינט , וואס גירוכט דוא דיין יוסעפין אונ מיין יוסעפקען ? — מיין ליבע שוועסטער , האט יענע גיענטפערט , א גאט זאל שוין פון מיין לעבין אויך א סוף מאכען !

אך , איך וועל אים דאך אלס ערציילען , האט רוחמה גיזאגט , אונ מיר ביידע וועלין גיין צו גאט אונ פרעגן , אונ בעטן פאר דיר ! לאזען אלע אריינקומען באלד וועט קיין צייט ניט זיין ! מען האט אריינגערופען אלעמען , רוחמה האט זיך מיט יעדען איינציגען צו קוסט , אונ טרערן האבין זיך גיגאסען פון אלעמען , זיא האט איר קאפ אויפן קיסען אנידר גילייגט , נאך גיזאגט : זייט געזונט אלע , אונ נאך דעם זיא האט גיזאגט : "יוסף דוא וועסט מיר דאך ענטגעגן קומען ! . . . האט זיא צו גישלאסען אירע אויגען אונ געבליבן שטיל , איר אטהעם איז געווארין שווער , דאס הארץ האט זיך גיהייבין , נאך אמינוט האט גיווערט , אונ אויף איר ליידענדעם געזיכט האט זיך בעוויזען אצופרידענער שטראהל , אונ איידער מען האט נאך אנגעצונדען אליכט אין דעם צימער איז אויסגיגאנגען דאס ליבע ליכט פון דעם אונשאצבאר טייערן לעבן ! מען האט מטהר גיווען איר ריינעם קערפער אנגיצויגין אין דיא טרויעריגע ווייסע קליידר , אונ אלע האבין שטארק גיוויינט , א ! אונ אויך דעם בלום האט מען אין קבר אראפ גילאזין , אויף אירע ריינע שיינע אויגין אונ אויף אירע שמייכלענדע זיסע ליפין האט מען מיט שערבלעך — אונ איר צארטין קערפער מיט : קאלטע ערד באדעקט ! דיא מוטער האט דאס אלס צוא גיזעהען , אונ גאר אראפ גייענדיג פון בית עולם , האט זיא גיזאגט : אלע גייען אוועק , נאר מיין הארץ בלייבט דא מיט אייך , א מיינע קינדער , מיינע יונגע בלומען , אונ האב עס אלס גיקענט אריבער טראגין , אזעלכע פערלען אין דער ערד ! . . . דיא וואס באזוכין מאהיבילער בית עולם באמערקען ניט דיא צוויא נייע קברים וועלכע עס שטייען אביסעלע אן אזייט פון אנדערע קברים אזוי רעכענען גיווים אז דא ליגין ניט אזעלכע צדיקים , נאר דיא וואס ווייסין , וועלכע צוויא טייערע הייליגע קערפער דא ליגין אונטער דיא בערגלעך , קענען זיך ניט אפרייסן פון דעם ארט איידער זייא לאזין דא איבער עטליכע שווערע זיפצין אונ ביטערע טרערין !

פרייליך אויף דעם קבר קומט נאר שמעיה דער בטלן וועלכער עס האפט דעם

טויטין

מיטין איצט מיט זיין קדיש אריין צוא ברענגען אין גן עדן, אזו וויא ער האט אים מתקן געוועזן מיט זיינע תפלות ער זאל מגולגל ווערין דורך דעם צו אתקוסה צו קומען, אונ האט זיך זייערגיפרייט, אז גאט האט אים גיהאלפין אזו ווייט צוא ברענגען, ווידער איז ער בטוח, אז יוסף וועט ניט פארלאנגען זיין טרחה אומזיסט אונ וועט איך מסתמא מסלק זיין בידי נדיבה אויף יענער וועלט — נאך פרייליכער פאר אים ניט זיך איצט אום אין מאהיבילר גאסין שטאלץ איבער זיין גוטע קאפ וואס פאלט שטענדיג אויף דיא בעסטע עצה, אונ גליקליך מיט זיין נצחון אשווארצע יונגערמאנציג מיט א אונטער גישוארצע בארד אונ מיט א אבגעקירצטין סורדוק מיט אפאר ברילין איבער זיינע פיקסיקע אויגין, גייט מיט אשטאק אין האנט, ויט מיט הארטע טריט אזו וויא דיא ערד אונטער אים וואלט טאנצין פאר פרייד וואס אזו א וואזנער מענטש גייט אויף איר -- אונ אין אמת מאג ער זיין פריילך, קומענדיג אהיים וועט ער מער שוין קיין דערנער אין דיא אויגין, אלס איזאין זיין האנט, אונ איז א שיינער מענטש, אגבאי אין בית המדרש, הופט זיך אויף הרב רבי משה שניאר, אונ קריגט דיא בעסטע עליה אונ די פעטסטע הקפה, דער צוא נאך איז ער דער פיליזאף, דער פאליטיקאנט, אסטראנאם, ראקטאר, יועץ, אונ נאמן, אונ קיינעם קומט ארויף אויפן זינען אז דעם שווארצענס הארץ איז נאך טויזענט מאל שווארצער פאר זיין צורה, דאס יענע ביידע קברים האט ער מיט זיינע הענט גיגראבין, דאס ער האט גיוואלט אונ וויל נאך איצט זיין שווערס אלע קינדער אוועק שיקען אויף יענער וועלט, כדי זיך צוא נעמען דיא וועלט!

קיינער האט ניט אקלער גיטאן, בעת מען איז נאך געלאפין נאך קארינגאוו דעם גנב, אז מען האט אים גיפירט אויף דעם שאפאט אז גראד היינטיגין מאל איז ער אונשולדיג אונ ווערט פארשיקט איבער דעם שווארצין וועלכער עס שמייכעלט זיך אינערליך וויא דיא וועלט איז פארנארט! קלאגין מער פאר אלעמען נאך יוספין אי איצט, קלאגט נעביך דיא עלענדע ראזע, זיא וועט איר שפין אויפין האלז יעדע מינוט אונ מוז נעביך שווייגין, זיא זעהט איר שוחט, וואס האט איר מיט א טופין מעסער ניקוילעט אונ ניט דער קוילעט, איטליכע רגע, אונ מוז זיך נאך נייגען צוא אים, ווייל ער איז איצט דער פירער אין פרידמאנס גישעפט, איר מאן קען ניט פארדינען, אירע ליבע קינדערליך בעטין עסין, אונ זיא מוז צוא אים אן קומען, גאלדע זעהט דאס, אבער זיא קען איר הארץ ניט קילין אויף אים, ער איז איר טאכטערס מאן, דער פאטער פון אירע אין הארצין איינגעבאקענע איניקלעך — ער האט דעם גישעפט אזו ווייט אויסגעוועט אין זיין האנט אריין גיקריגען אז פרידמאן מוז אויך פארבייסין די ליפין אונ ניט רידין — ער גלויבט שוין איצט גאלדען וואס זיא שרייט: „דער שלאנג האט פון אונזער שטוב ארויס געטריבען אלע נחת אונ פרייד, אונזערע יונגע בליהענדע קינדער אריינגילייגט יונגערהייט אין דר ערד, אונזער גראזען ארעם אונ אונגליקליך גימאכט, באלד וועט ער זיך שוין נעמען פאר אונזער גראָע קאפ, גאט ווייס וואס ער וועט

נאך

